# משה קנאפהייס

# א ייִנגל פון ווארשע

נאָמען פון מחבר געצייכנט:
**שאָול ראַסקין, ניו־יאָרק**

●

שער־בלאַט און אילוסטראַציעס:
**יוסף ראַטנער ־ מירסקי, ב.־איירעס**

●

קעפּלעך פון די ריגנען:
**וואָלף באַנדורעק, ב.־איירעס**

●

**יוביליי־אויסגאַבע**

●

אַרויסגעגעבן דורכן
**יובל־און בוך־קאָמיטעט**
צום 50סטן געבורנטאָג און 30 יאָר
ליטעראַרישן שאַפן פון מחבר

●

געדרוקט אין טויזנט פינפהונדערט עקזעמפלאַרן
אויף אָפסעט־פּאַפּיר

●

דרוקעריי פון כוליאָ קויפמאַן ס. ר. ל.
אַ וו. קאָריענטעס 1976

# משה קנאַפּהייס






ראָמאַן • אין צוויי טיילן • אַכט רינגען • צוויי בענד



תש״ך 1960

MOISES KNAPHAIS

# MUCHACHO DE VARSOVIA

NOVELA

Tapa y Dibujos:
**JOSE RATNER - MIRSKI**

Títulos:
**WOLF BANDUREK**

IMPRESO EN LA ARGENTINA



EDITORIAL:
"Hojas Literarias Ilustradas"

BUENOS AIRES
1 9 6 0

Este libro se terminó de imprimir en el mes de Julio de 1960, en los Tall. Graf. de JULIO KAUFMAN S.R.L., Corrientes 1976, Buenos Aires, Rep. Argentina.

# יובל און בוך קאמיטעט

**ע ק ז ע ק ו ט י ו :**

**ערן־פרעזידענט** — — מרדכי יאַליס
**פרעזידענט** — — — דוד אײַזענבערג
**וו.־פרעזידענט** — — מאַקסימאַ קופּפערשמידט
„ לויס אַלטמאַן
„ ב. טשאַרנאַגובסקי
**סעקרעטאַר** — — — נחום קריטשמאַר
**פראָ־סעקרעטאַר** — — חיים גאָטעסדינער
„ ד״ר א. מיזשעריצקי
**קאַסירער** — — — — מ. ב. לעדערמאַן
**פראָ־קאַסירער** — — אהרן פאַטליס
„ יחיאל שוואַנדער
**רעוו.־קאָמיסיע** — — ברוך ישמח
„ אל. גאָראַלי
„ ישעיה גראַדזשיצקי
**עקז.־מיטגלידער** — — ד״ר טוביה קאַמענשטיין
„ פּראָפ׳ ל. שאַלמאַן
„ דוד גרויסמאַן
„ אברהם אַשענדאָרף
„ ישראל מאַרמורעק
„ יעקב זילבערמאַן
„ מאיר אַלבוס
„ שלוט אַנט
„ יהודה אַלבערט

**פולע רשימה פון קאָמיטעט — אין צווייטן באַנד**

דער איבערגעגעבענער פֿרײַנד
פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור

**מאַקסימאָ קופּפערשמידט**

סובסידירט דאָס בוך
אין אײביקן אָנדענק
פֿון זײַן לאַנדסמאַן

**אהרן וועלבער**

# אינהאַלט פון באַנד איינס:

## ערשטער רינג: צוריק אין דער היים



## צווייטער רינג: אַן אורח אויף שבת

## דריטער רינג: נאָכן רוף פונעם בלוט



## פערטער רינג: צווישן ענגע מויערן

ק אַ פּ י ט ל  א יי נ ס

# צומאָרגנס נאָך דער מילחמה

די לעצטע שפּעטזומערדיקע טעג זענען אויסגעפאַלן הייסע, איבער־געצייטיקטע און זיסלעך־רײַפע ווי פּירות וואָס שטייען לאַנג אויס אויפן בוים. אויף די גרינע הילצערנע סטראַגאַנעס אין ראָג גאַס און אויף די האַנט־וועגעלעך, אויס־געשפּרייטע מיט צײַטונג־פּאַפּיר, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע עפּל און ווײַנטרויבן אויף צו מאַכן אַ שהחיינו. די קליאַנגען און קאַשטאַנביימער אין קראַשינסקיס גאָרטן און די איינצלנע אַקאַציע־ביימלעך אין טייל הייף זענען נאָך געווען זאַפ־טיק גרין, מיט ערשטע סימנים פון וועלקונג. אין די ספרים־געשעפטן און בוכ־האַנדלונגען זענען די לשנה־טובה־קאַרטן געלעגן פאַרגעלטע. זיי האָבן געכאַפּט אַ פרײַען סמאָל פון דער זון און אויסגעזען ווי פאַראַיאָריקע. די ייִדישע גאַס איז געווען פאַרהאַוועט, דענערווירט, פול מיט דערוואַרטונג וועגן אויסגאַנג פון דער מילחמה, און מ׳האָט זיך רעכט נישט באַוויזן אַרומצוקוקן ווי ס׳האָט אָנגערוקט דער ראָש־השנה.

דער הייסער יום־טוב־נאָכמיטאָג האָט אומבאַמערקט אַראָפּגעוויקלט דאָס זוניקע גאָלד פון די בלענדיק־צעלויכטענע וואַרשעווער גאַסן. די פאַרוואָרלאָזטע הײַזער מיט פלעקן פון אָפּגעשיילטן טינק, נאָרוואָס נאָך באַלעבטע מיטן זונשײַן און מיט די זונפלאַמענדיקע פענצטער, האָבן זיך לאַנגזאַם גענומען לעשן. זיי האָבן צוריק אָנגעהויבן באַקומען זייער נאַטירלעכן אויסזען פון גראָע געוויינט־לעכע ייִדישע הײַזער אויף גראָע געוויינטלעכע ייִדישע גאַסן. אַלע געשעפטן זענען איצט יום־טובדיק געשלאָסן, און מענטשן — פוילבלעך זאַט נאָך דער יום־טוב־סעודה — שפּאַצירן געמיטלעך־אײַנגעמאַטערטע פון דער פאַרנער היץ וואָס שלאָגט אויף זיי פון די מויערן און שטיינער.

די דזשיקע־גאַס איז געלעגן אַ פרײַכנדיקע, אַ זשומענדיקע, פאַרפולט מיט מענטשן ביז איבער די ברעגן פון ביידע זײַטן טראָטואַר. יונגע פאָרלעך מיט אָפּגעברענטע פּנימער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַווײַזן פון די נידעריקע גאַסן, וואָס פירן פונעם ווײַסלברעג — צוריק פון די פלאַזשעס, און חסידישע פאַרפעל־קער — צוריק פון תשליך. עלטערע ייִדן גייען נישט־געאײַלט צו מינחה אין די

חסידים־שטיבלעך. די אַראָפּגערוקטע קאַפּלען, וואָס ליגן זיי אויפן קאַרק, קוקן שפּאָר אַפּער פון אונטער די גרינלעך־שוואַרצע סאַמעטענע און טוכענע היטלען מיט די נידעריקע דענקעס און קורצע דאַשיקלעך. זיי טרעטן־אָפּ דעם וועג די אַנטקעגנקומענדיקע חסידישע ווײַבער, די מאַנופאַקטור־סוחרטעס, די מעקלערינס פון הײַזער און שטוביזיצערינס. די ווײַבער בלײַבן שטיין אין מיטן גאַס — נישט אַהין און נישט אַהער — בײַם באַגעגענען זיך מיט אַנדערע פרויען, פון דער לעדער־בראַנזשע, צי פון די גאַלאַנטעריע־געשעפטן. מע זאָגט זיך גוט־יום־טוב, מע באַקוקט זיך פון אַלע זײַטן מיט אַנטציקונג און הנאה, און צווינטשנדיק זיך: מע זאָל עס דערלעבן איבעראיאָר מיט אַ גרינג געמיט — גייט מען זיך ווײַטער, נאָך אַמאָל זיך נאָכקוקנדיק איינע די אַנדערע.

דאָס אָנטועכץ שפּילט נישט בײַ זיי אַזוי קיין ראָלע ווי די פריזורע, דער קאָפּ. זייערע גלאַטיק־אויפגעקעמטע שייטלען, באַשמירט מיט שמעקעדיקן ברי־לאַנטינע־שמירעכץ, גלאַנצן ווי אייגענע האָר. לכבוד יום־טוב גייען זיי הײַנט פאַרשטעקט בײַ די זײַטן מיט הויכע ביינערנע קאַמען, אויסגעזעצט מיט ברי־לאַנטלעך, וואָס שוויטשען און בלינצלען מיט לילע־בלאָ־גרינע פלעמעלעך אַזש ס׳פאַרכאַפּט דאָס אויג.

די שיינע מאַדאַמען גייען עס איצט צו געסט — צו פיר און צו פינף איבער דער גאַנצער ברייט פון טראָטואַר, נישט דורכצוקריגן זיך דורך זיי, ווי די גאַס וואָלט געווען זייערע. די קינדער שטופּן זיך און פּלאָנטערן זיך פאַר זיי און הינטער זיי, באַהאַלטן זיך איינס פאַר ס׳אַנדערע אין די ברייטע, געפּאַלדעוועטע מאַמע־קליידער פאַרפולנדיק דעם אַרום מיט קינדערשן טומל און קוויטשיקע געלעכ־טערס...

אין דער הייך פוןביידע זײַטן גאַס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן די באַלקאָנען אויף די אייבערשטע שטאָקן מיט די עלטערע ייִדן וואָס זענען געזעסן באַלעבאַטיש־צעשפּרייט אין די לעזשאַקעס מיט נאָכלעסיק־נאָכהענגענדיקע פּאָ־לעס פון די ברייטע שווערע שלאָפראָקן — שוין נאָכן יום־טובדיקן נאָכמיטאָג־דרעמל צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. פון די אָפענע ווײַסע העמדער האָט זיי אָפּערגעקוקט אַ געדיכטהאָריקע ברוסט וואָס איז זיך צונויפגעגאַנגען — איינס — מיט דער ברייטער צעקעמטער באָרד.

דער יום־טוב האָט פאַרלעך אַראָפּגעקוקט פון אַלע פענצטער מיט די שפּיגל־דיקע געפּוצטע שויבן אויף דער גאַס אַראָפּ. די ראָגן האָבן כמעט ווי געפּוסטע־וועט, געווען ליידיקלעך פון מענטשן וואָס זאָלן וואַרטן אויפן אָנקום פון אַ טראַמוויי. נאָך צו־פרי געווען און צו־ליכטיק, אַז מע זאָל זיך זאַמלען אַרום די רויטלאַקירטע טראַמווײַ־סלופּיקלעך בײַם ראַנד טראָטואַר. די קלינגענדיק־פאַר־בײַפאָרנדיקע טראַמווייען האָבן זיך אויף די סטאַציעס אָפּגעשטעלט ווי פון יוצא־

וועגן, זעלטן ווער ס׳האָט זיך געגעבן אומבאַמערקט אַ כאַפּ־אַרויף ווען דער טראַמוויי האָט גענומען רירן פון אָרט. די ייִדישע יונגעלײַט, מיט די פּילצענע קאַפּעלושן עטוואָס אַראָפּגערוקט פון פאָרנט, — מע זאָל נישט דערקענען אַז ס׳פאָרט אַ ייִד, — וואָס האָבן באַדאַרפט דאָ אַראָפּגיין, זענען באַדײַ געפאָרן אַ ראָג ווײַטער און ווען דער טראַמוויי האָט זיך אַרײַנגעדרייט אינעם שטילן דזשעל־נע־גאַסל, זענען זיי אויסגעשטיגן אויך אַזוי אומבאַמערקט און זיך גלײַך אויס־געמישט מיטן שפּאַצירנדיקן עולם.

דער געדרענג אויף דער גאַס איז געוואָרן וואָס אַמאָל ענגער, געדיכטער. יונגע ווײַבלעך האָבן זיך געשטופּט מיוחסדיק אין דער געדיכטעניש מיט זייערע נײַע גלאַנצעדיקע וועגעלעך מיט די קליינע צוציקעס. טייל קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט די קלעפּערלעך פאַרשטעקט אין די ראָזע הענטלעך, אַנדערע האָבן זיך געריסן דעם האַלדז, געשריגן, נאָר פאַרטייבט צו ווערן, מ׳האָט זיי גאַרנישט געקאָנט אײַננעמען. כאַפּטעס אָפּגעריסענע גאַסנקינדער, ווי טשאַטעס הונגעריקע פייגל, האָבן געקליבן פון די טראָטואַרן און רינשטאָקן קערלעך פון פלוימען און שרובקעס פון פּאַפּיראָסן. איבער אַלעם האָט זיך געשפּרייט אַ יום־טובדיק־געמיט־לעכער טומל פון ווײַבעריש גערייד און נאָכאַנאַנד־שאָרכנדיקע, רויק־זיכערע, ווייכע און סקריפּנדיקע טריט פון דאַמען־לעטשלעך, הויכע שיך אויף שנאָרוואַד־לעס, געמזענע קאַמאַשן, לאַקערקעס און שטיוול.

* * *

אָט אַזאַ האָט משה מעט געטראָפן די היימישע דזשיקע־גאַס נאָכן אומקערן זיך פון פראָנט, — אַ דעמאָביליזירטער פון דער פּוילישער אַרמיי, — ווען ער איז אָנגעקומען פון דאַנציקער וואָקזאַל אין די זעלנערשע פראַנטקליידער, ווי נאָר־וואָס פון די אָקאָפּעס אַרויס — אָן אויסגעשמירטער, אַ פאַרסאַזשעטער, אין אַ צעלעכערטן אָפּגעטראָגענעם שינעל וואָס ער האָט אַראָפּגעצויגן פון אַ געהרגעטן זעלנער; אין די צעפּאַרענע באַטשוועקעטע זעלנערשע שיך מיט די גרינע וויקלעס — צומאָרגנס נאָך דער מילחמה.

# ק אַ פּ י ט ל  צ וו יי

# צוויי ייִדישע סאָלדאַטן

די לעצטע שטרייפן גאָלד פון דער אונטערגייענדיקער זון האָבן זיך געגומען טונקלען אין אַ לײַכטן דינעם נעפּל־שלײַער אַרויפצו אויפן אַנדערן עק גאַס. אַזוי גייענדיק פון וואָקזאַל אַ באַגאָסענער מיט שווייס איז משה מעטן מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן דער גאַנצער דורכגעמאַכטער וועג זײַנער — זינט ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס ציווילע אָנטועכץ און צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן גענומען אַ ביקס אין דער האַנט: ער איז אויסגעוועזן אויף אַלע פראָנטן און אַרויס אַ גאַנצער, מיט גאַנצע ביינער, ווי ער וואָלט דאָס לעבן געווונען אויף דער לאָטעריע.

אָט דאָ דורך די גאַסן האָט מען אים — מיטן זעקל אויף דער פּלייצע, פאַרלייגט מיט צוויי רימענס — געפירט מיט דער פּאַרטיע צו דער באַן. מיט אַ טאָג פריִער — נאָכן אָפּלייגן תּפֿילין (וואָס ס׳איז שוין געווען אַ זעלטנקייט בײַ אים) — האָט ער זיך אַליין צוגעשטעלט צו דער לאַנגער ריי מאָביליזירטע, וואָס האָבן זיך אומגעדולדיק געשטופּט דענערווירטע וואָס־גיכער אָנצוקומען צום פענצטערל, ווו עס איז געזעסן אַ גלײַכגילטיקער באַאַמטער אין ציוויל און לאַנגזאַם פאַרשריבן אַ נאָמען נאָך אַ נאָמען.

פון אַלעמענס אויגן אין דער לאַנגער ריי פאַרן פענצטערל האָט אַרויסגעקוקט שרעק און צעטומלונג. די פײַער־רויטע שטעכיקע אותיות פון די פונאַנדערגעקלעפּטע פּלאַקאַטן אין גאַס האָבן געבריט און געגליט אין צעהיצטן מוח. ווי אַ מחנה זשומענדיקע בינען זענען זיי אַנגעפלויגן און אָפּגעפלויגן און ווידער זיך געיאָוועט מיטן זידנדיקן געזשום: — „דער לעצטער טאָג... דער לעצטער שאַנס... פאַר נישט צושטעלן זיך דראָעט טויט־שטראָף... שטאַנדגעריכט... ביקסן־סאַלוועס"... און מיט יעדער שעה איז דער געדראַנג און געשפּאַר בײַם פענצטערל געוואָרן פיבערדיקער און געשפּאַנטער.

ער, משה מעט, און וועלוול מאַגיד, וואָס איז געשטאַנען הינטער אים, אַ פריילעכער, אַ צעשמייכלטער, גלײַך ווי זײַן לעבן וואָלט נישט געהאָנגען אויף קיין האָר, פונקט ווי זייער אַלעמענס דאָ אין דער ריי, — זיי ביידע זענען געווען די לעצטע, וואָס מ׳האָט אָנגענומען. אַלע איבעריקע, וואָס זענען געשטאַנען נאָך זיי, זענען גלײַך אָפּגעטיילט געוואָרן, כאָטש ס׳האָט נאָך געפעלט אַ פּאָר מינוט צו פיר, ווען ס׳ענדיקן זיך די אַמט־שעהען... דער טאָג, הייסט עס, איז שוין געווען פאַרענדיקט, און די אָפּגעטיילטע האָבן זיך פון דער מינוט אָן גערעכנט פאַר דעזערטירן.

צווישן די אָפּגעטיילטע האָט משה מעט דערקענט אַ באַקאַנט פּנים פון איינעם פון די פּוילישע יינגלעך פון טאַרגאָנסקיס פאַרבערײַ, ווו ער, משה מעט, האָט געאַרבעט. מיט אַ פאַרשפּאַרטן אָטעם, גלײַך ווי ס׳גאַנצע בלוט וואָלט מיט אַמאָל אָנגעלאָפן צום האַרץ, האָט ער אויך דערזען דאָרט שמעון לייטאַײַזן פון דער פראַנטשישקאַנער־גאַס — אַ בן־יחיד, וואָס האָט פרי פאַרלאָזט טאַטע־מאַמע און דעם גרויסן ווילטאָג פון אַ רײַכער שטוב, און אַוועק אַרבעטן אין דער פאַרבערײַ, בכדי צו קאָנען ווערן זעלבסטשטענדיק און לעבן ווי ע ר וויל, און נישט ווי ז יי ווילן. אַ שטילער און ערנסטער בחור געווען, שטענדיק אַרײַנגעטון אין ביכלעך און העפטן... מ׳האָט זיי אַלע — די אָפּגעטיילטע — אַוועקגעפירט שפּע־טער הינטער דער שטאָט — אין ציטאַדעל אַריין און דאָרט אין אַ פּײַכטלעכן גראָען פאַרטאָג געשאָסן.

דאָס גוטע מזל האָט אים, משה מעטן, צוגעשפּילט, אים און וועלוול מאַגידן, דעם קליינטשיקן און זשוואַווען בחורל מיט די גוטע ברוינע הירשן־אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף אַלעמען מיט אַן אומעט, ווי דורך אַ נעפּל — בעת ער איז געווען אַליין, אין דער אָפּגעזונדערטקייט, און ווען ער האָט זיך געפינען צווישן מענטשן איז זײַן בליק פול געווען מיט קינדערישער תמימותדיקער פרייד און גלײַכצײַטיק מיט אַזאַ פאַרוווּנדערונג, ווי ער וואָלט דאָס אַלץ אַרום זיך געווען געזען צום ערשטן מאָל ווי אַ קינד וואָס זעט אַ נײַ שפּילצײַג.

מאַגיד האָט מען אים גערופן דערפאַר, ווײַל ער האָט שטענדיק, בײַ דער אַרבעט אין דער געדיכטער פאַרע, צי בײַ אַ קערטל אין שרהלע דער חזנטעס פאַר־קאָפּטשעטער שענק, אָדער סתם אַזוי אין גאַס גייענדיק — שטענדיק האָט ער ליב געהאַט אונטערצוברומען אַ ימים־נוראימדיק שטיקל דאַווענען מיט אַלע בעל־תפילהשע פּיטשעווקעס. אַפילו ווען ער איז אָפטמאָל אין די פרײַע טעג געגאַנגען מיט דער הויכער גראָבער שיקסע — די, וואָס שרײַבט אויס די טאַלאָנען אויף די פרישגעפאַרבטע סחורות אין דער זײַטיקער סקלאַד־שטוב, — איז ווען ער איז געגאַנגען מיט איר פאַרברענגען אין פראַגער וועלדל — האָט ער איר געפלעגט זינגען אַזעלכע חזנישע שטיקלעך, אַז דער שיקסע האָבן זיך אַזש געשטעלט טרערן אין די אויגן פון גרויס מתיקות און באַנעמעניש.

אויך דאָ אויפן גרויסן פולן הויף פון זאַמלפּונקט מיט דער מיליטערישער וואַכבודקע בײַם טויער, ווו ס׳איז זיי אויסגעקומען איבערצונעכטיקן יעדן אויף זײַן פּעקל און קלומעקל, האָט זיך וועלוול מאַגיד אַרומגעטראָגן אַן אומעטיק־צעטומלטער, כאָטש ער האָט אין ציוויל גאָרנישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, אַ חוץ דער שיטערער זופּקע בײַ שרהלע אין שענק... ער האָט כסדר אונטערגע־ברומט האַרצרײַסנדיק אָדם יסודו מעפר... איבערחזרנדיק אַ צענדלינג מאָל נאָכאַ־נאַנד דעם אָדם. ער איז גלײַכצײַטיק אַרומגעלאָפן פון איינעם צום צווייטן מיט

אַן עצה און גוט וואָרט, ווי ער וואָלט שוין יאָרן געווען אין מיליטער, און בעת־מעשה געוואָרן אויסגעבונדן מיט יעדן איינעם. בײַ ווען ער האָט געכאַפּט אַ שטיקל פּאַפּיראָסל, בײַ ווען אַ קאַסקע־צוקער, צי אַ ציבעלקעלע, און זיך גלײַך געטיילט מיט משה מעטן — אויס דאַנקבאַרקייט פאַרן אַרײַננעמען אים אין דער פאַרברײַ.

משה מעט האָט זיך נישט געפינען קײַן אָרט. ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן אין דעם לייטאַנצײַזענען, וואָס האָט צו אים, ווי ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, געקוקט מיט אַזעלכע פאַרדראָסיק־מאָנענדיקע אויגן, ווי ער וואָלט זיך אַן אומבאַהאָלפענער בײַ אים געבעטן:

— כ'האָב דאָך דיר אַלע מאָל געטון טובות, געבאָרגט ביכער צו לייענען, דיך באַקענט מיט חברים, מיט מיידלעך... פאַרוואָס אַרט עס דיך גאָרנישט?... וואָס שרײַסטו נישט ביזן הימל אַרײַן?... כ'האָב זיך דאָך צוגעשטעלט צו דער צײַט... אַבי דו האָסט זיך געראַטעוועט... אַלדאָס איבעריקע גייט דיך אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי...

און ווען מ'האָט זיי דאָרט, די אַרומגערינגלטע, גלײַך מיט געהויבענער שטרענגקייט גענומען אונטערטרײַבן צום גיין, האָט ער אַלץ נאָך דעם קאָפּ אַהער־געקערעוועט, געקוקט צו אים הינטערווײַלעכץ, צו משה מעטן, וואָס האָט אַפילו נישט געהאַט קײַן וואָרט וואָס אים צו ענטפערן אויף די אַלע שטומע טענות, ווײַל ס'האָט נישט געפעלט קיין האָר, אַז ער אַליין זאָל אויך שיִער נישט טיילן דעם גורל פון לייטאַנצײַזענען מיט די אַלע אַנדערע דאָרט צעתמטע, ווי די קעלבער וואָס מע פירט צו דער שחיטה.

נאָר אַז משה מעט וויל אַ רעד־טון וועגן דעם מיט מאַגידן, לאָזט ער נישט, וועלוול. ער האָט דערויף איין ענטפער, אויף אַלעמדינג — איין און דעם זעלבן ענטפער:

— איי־איי־איי, אַ־ד־ם, אַ־ד־ם, י־ס־ו־ד־ו מ־ע־פ־ר... איז דעריבער זענען מיר סאָלדאַטן, דעריבער דאַרפן מיר זיך גיין שלאָגן, שלאָגן, נאָר שלאָגן... פאַר אַלע זיך שלאָגן... פאַר פאָניע־גנבֿ, פאַר יעקע־דײַטש, פאַר אַנטעקן, פאַר יעדן קנעפּל לייגן דעם קאָפּ... גיין פאַר עשוון אין פײַער אַרײַן, אײַנשטעלן דאָס לעבן פאַרן טײַוולס וועגן, ווערן אויסגעריסן פאַר כל־ישמעאלים, כלעפּטשען שיטערן קאַפּושניאַק, כאַפּן אַ ציגאַרל ווו ס'לאָזט זיך און פײַפן אויף דער וועלט...

אָט אַזאַ מיזמור גיט ער זיך אַ זאָג אָפּ, מאַגיד, און ער איז שוין נישטאָ. ער האָט זיך שוין ערגעץ־ווו אין הויף צוגעשאַרט צו עפּעס אַ רײַך זינדל פון דער נאַלעווקעס, און יענער האָט אים שוין אָפּגעטרעטן אַ שטיקל פלאַץ אויפן אויס־געשפּרייטן פּאַלטן, וואָס ער האָט זיך אונטערגעלייגט, ס'זאָל אים זײַן ווייכער צום שלאָפן.

צומארגנס האָבן זיי — אונטער זעלנערשע פאַרכריפּעטע געשרייען און אָפּגעהאַקטע באַפעלן — אַרויסמאַרשירט אין פאַרנעפּלטן באַגינען פון לאַנגן הויף אַרויס מיט נאָך אַנדערע אַזעלכע „גליקלעכע״, ווי זיי — אין צעריסענע רעקלעך און געלאַטעטע הויזן... מיט די זעקלעך און קלומיקעס האָבן זיי זיך געפּלאָנטערט צעשויבערטע אין די נאָכלעסיק־לויזע רייען, וואָס האָבן זיך אין טונקעלן טויער־געוועלב ענגער צונויפגעדריקט, קוים אדורכשטופנדיק זיך דורכן ברייט־צעעפנטן טויער.

נאָכן אָפּגיין עטלעכע טריט האָבן זיי נישט ווײַט פון דער דרויסנדיקער וואַכבודקע דערשטוינטע געטראָפן שטיין די שיקסע פון דער פּאַרבערײַ. אויף דער אַנדערער זײַט טראָטואַר איז געשטאַנען די פאַנגע סטעפע מיטן ברוינעם דערעלע אויפן קאָפּ און מיט אַ פּעקל עסנוואַרג אין אַ פאַרנייט ווײַס זעקעלע אונטערן אָרעם.

משה מעטן האָט זי גלײַך דערקענט צווישן געזעמל בלייכע פּרויען, וואָס האָבן זיך געשטופּט נענטער צו די מאָביליזירטע. אין זײַן שמייכלען צו איר האָט זיך געפילט די רירנדיקע דאַנקבאַרקייט פון אַ הילפלאָז־קראַנקן, וואָס האָט נישט עפּעס אַנדערש, אַ חוצן שמייכל, מיט וואָס אָפּצודאַנקען... וועלוול מאַגיד האָט געקריגן אַלע קאָלירן אין פּנים, געכאַפּט אַ בליק רעכטס און לינקס און זיך גע־געבן פלינק אַ שאַר אַרויס פון דער ריי און שוין איז ער געווען אויפן טראָטואַר־לעבן דער פאַנגע סטעפע.

דאָס פאַבריק־מיידל האָט זיך נישט פאַרלוירן זעענדיק לעבן זיך מאַגידן. זי האָט אים אויסגעשטרעקט אַ פולכנע וואַרעמע האַנט. מיטן פעסטן האַנטדרוק האָט זי אים אי באַגריסט אי געזעגנט. באַלד האָט זי מאַגידן דערלאַנגט דאָס פּעקל עסנוואַרג, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז ער זאָל אַמאָל נישט קאָנען באַווײַזן עס צו נעמען פון איר ווען עמעצער פון די וואַכזעלנער וועט אים באַ־מערקן אַן אַרויסגעטרעטענעם פון דער ריי:

— צעטיילט זיך דערמיט! — האָט זי געזאָגט מיט אַ געהעכערטער שטים צו מאַגידן און צוריקגעשמייכלט צו משה מעטן — ס׳עט אײַך צונוץ קומען אויפן וועג ביז צום פראָנט.

אירע אויגן האָבן געגלאַנצט פון אַנגעלאָפענע טרערן. זי האָט אַ פאַר טריט מיטגעהאַלטן מיטן זעלנערישן מאַרש־טראָט, און ווען מאַגיד איז מיטן פּעקעלע צוריק אַרײַן אין דער ריי, איז זי בײַם ראָג געבליבן שטיין זיך רעכט נישט־געזע־גענענדיק מיט זיי, געוואָרן אויסגעמישט מיט די אונטערלויפנדיקע צעטראָגענע פרויען, וואָס עס איז זיי יעדע מינוט אַ שאָד געווען פאַר דער צעשיידונג, און האָבן געוואָלט נאָך אַ ווײַל זײַן נאָענט, צוזאַמען מיט זייערע ליבסטע, און אַזוי פאַרסאָפּעטע צובאַגלייט די פּאַרטיע צו דער באַן.

## ק אַ פּ י ט ל   ד ר יי

# „זשידאָווסקי פּולק טאָ יאַבלאָניאַצי"...

פון וואַרשע ביז יאַבלאָנע פאָרט מען, געוויינטלעך אין פרידנצײַט, עפּעס מער ווי אַ האַלבע שעה מיט דער באַן. נאָך איידער מע באַוועגט זיך רעכט צו באַזעצן אויפן פּלאַץ דאַרף מען זיך שוין גרייטן צום אויסשטײַגן. ס'איז אויך מיר אַ רײַזע! יונגעלײַט, וואָס האָבן זיך געצערט, מע זאָל זיי נישט נעמען אַזוי יונג אין מיליטער אַרײַן — צומיינסט ישיבה־בחורים, אַנאַרכיסטן און פאַרליבטע — האָבן געפּלעגט אין די זומערנעכט מאַכן אַ שפּאַציר צופוס די עטלעכע דרײַסיק קילאָמעטער קײַן יאַבלאָנע.

אין מילחמה־צײַט אָבער ווערט אַלץ איבערגעקערט און צעדרייט. אויך די באַנען ווערן אומבאַהאָלפן־שווער אויפן פראָנט, נאַרישוואַטע־פאַרלוירן, פּונקט ווי די מענטשן, וואָס ווייסן נישט דעמאָלט וואָס מיט זיך צו טון. זיי באַוועגן זיך, די צוגן, אומגעלומפּערט, שלעפּן זיך אַרום, פאַרקריכן אויף זײַטיקע אָפּגעלעגענע ליניעס וואָס פירן אין ערגעץ נישט; קערן זיך אום אויף הינטערווײַלעכץ, קאָנען נישט גיין פאָרויס און קאָנען אויך נישט דערגיין צוריק צו דער סטאַציע. די סעמאַפאָרן פונקציאָנירן שלעכט און פאַרפירן; די סיגנאַלן בלײַבן פאַרלוירן אינעם דריקנדיקן אַרום; די געל־גרין־רויטע פײַערלעך בלאָנדזשען אומזיכערע און פאַרזינקען ווו מיט די באַנוועכטערישע פײַפלעך — נישט דערהערט און נישט דערזען דורך קיינעם. די געפּאַנצערטע לאָקאָמאָטיוון מיטן אויסזען פון מעכטיקע פאַרצײַטיקע חיות שטייען אָנגעפּוישטע אויף די באַנסטאַציעס, סאָפּען ווי מיט די לעצטע כוחות, פּײַפן אויסגעצויגן, יאָמערלעך, ווי זיי וואָלטן געבעטן הילף פון ערגעץ; טומלען און שטייען ווי געליימט, זיך נישט צו רירן פון אָרט.

ועלוול מאַגיד — אַ קליינטשיקער און פלינקער — אין גרויסן זעלנערישן שינעל, פון וואַנען מ'האָט נישט אַרויסגעזען נישט קיין הענט און נישט קיין פיס — האָט גלײַך באַוויזן צו פאַרכאַפּן אַ ווינקל אין וואַגאָן. אַז ער האָט זיך שוין אײַנגעמאָסטעט, געזעסן פעסט און זיכער, האָט ער גענומען אַרומאַרבעטן, זיך דרייען ווי אַ קנויל, און נישט אײַנגעזעסן אויף קיין אָרט ביז ער האָט נישט געמאַכט קיין פּלאַץ פאַר משה מעטן, אַז יענער זאָל אויך האָבן ווו זיך צוצושפּאַרן, און דער עיקר — זיי זאָלן קאָנען זײַן צוזאַמען, זיך האַלטן אין איינעם. ערשטנס דאַרף אים מאַגיד לעבן זיך, אַז ער זאָל זיך שפּעטער קאָנען פרײַ באַוועגן איבער די וואַגאָנען און שטענדיק קריגן צוריק זײַן אָרט אָן רײַסערײַען, און צווייטנס — אין צווייען איז היימלעכער. ס'איז אַ סך לײַכטער אַז מ'האָט לעבן זיך אַן אָח־לצרה.

נאָכן אַרומוואַלגערן זיך אַ גאַנצע נאַכט מיטן פּראַכטצוג איבער זײַטיקע בלינדע וועגן און באַנקנופּן — זיך שלעפּנדיק הין און צוריק מיט לאַנגע איבער־רײַסן — זענען זיי אויפן אַנדערן טאָג אָנגעקומען אין דעם שטילן געמיטלעכן דאַטשע־שטעטעלע, וואָס האָט זיך געטונקען אין גרינס פון אַקאַציעס און ליפּעס אַרומבאַזיימט מיט יאָדלאָוון וואַלד, אינעם ראָמאַנטישן פאַרחלומטן יאַבלאָנע.

אײַ, איז דאָס געווען אַ יאַבלאָנע! שטענדיק, ווען משה מעט דערמאָנט זיך אין יענעם מיליטערישן לאַגער, דערפילט ער גלײַך דאָס בויכגרימעניש פון יענע הונגעריקע טעג; ווי מ׳האָט עס געקליבן די קרישקעס, די לעפל אָפּגעלעקט און אויסגעקראַצט די טעפּלעך... די נאַרישע מאַמעס האָבן ריזיקירט מיטן לעבן און געברענגט דאָס ביסל עסן אַהער צו די דראָטן, אונטערן אָפענעם הימל, ווו מ׳האָט די ערשטע צײַט געהאַלטן די ייִדישע זעלנער אַזוי ווי געפאַנגענע בײַ זיך אין דער היים. די פּוילישע מאַכט האָט נישט געהאַט צו זיי קיין איבעריק גרויסן צוטרוי. זי האָט זיי מורא געהאַט צו שיקן אויפן פראָנט, נישט געטרויט זייער פּאַטריאָטישקייט, זיי זאָלן זיך נישט איבערגעבן די באָלשעוויקעס, און דאָ זיי דערווײַל געהאַלטן ווי אין אַ קלאַטקע און אויסגעהונגערט ביז צום פאַלן... די מאַמעס האָבן נישט געקאָנט אײַנזיצן רויק אין די היימען. אַז ס׳זענען נישט געווען קײַן באַנען זענען זיי אַרויס פון וואַרשע צופוס. צענדליקער קילאָמעטערס זענען זיי געגאַנגען אונטער קוילן פון אייראָפּלאַנען און געבראַכט דאָס טעפּל געקעכץ קיין יאַבלאָנע, די קינדער — זעכצן־זיבעצניעריקע — זאָלן זיך האָבן דאָס האַרץ צו דערכאַפּן, זיי זאָלן נישט אויסגיין חס־ושלום אינגאַנצן...

די ייִדישע רעקרוטן מיט די פאַרברויִנטע ייִנגלשע פּנימער האָבן זיך אַרומ־געדרייט, ווי די קעלבלעך וואָס מע טרײַבט צונויף אויף אָפּצוקלײַבן: מי לחיים ומי למות — אַליין נישט־וויסנדיק וואָס אַזוינס מע וויל פון זיי, צו וואָס דאַרף מען זיי און נאָך וואָס האַלט מען זיי דאָ? ס׳איז דאָך עפּעס אַ מילחמה אויף דער וועלט, און אַ קריג ברויכט זעלנער — האַרמאַטנפלייש... אויף די פראָנטן ווערט פון טאָג־צו־טאָג ערגער. און זיי דאָ דרייען זיך אַרום הפקר־פּיעטרושקע — אָן געווער, אָן נוצן, אומנייטיקע און איבעריקע. טאָ וואָס איז געווען די גאַנצע מאָ־ביליזאַציע, מיט די דראָונגען, טויטשטראָפן און צעשיסונגען — אַז אויפן פראָנט שיקט מען נישט, שלאָגן שלאָגט מען זיך נישט און טוען טוט מען אויך גאָרנישט.

ערשט שפּעטער איז זיי קלאָר געוואָרן די גאַנצע מעשה מיטן האַלטן זיי דאָ הינטערן שטעכלדראָט. זיי זענען פּאַר איין וועגס שוין אויך דערגאַנגען, אַז דעם שיטערן קאַפּושניאַק האָט מען זיי אויך נישט געגעבן אומזיסט, — אין פּוילישן מיליטער איז נישטאָ קיין אומזיסטע קעסט. פּאַר אַלץ מוז מען צאָלן אַ גוטן פּרײַז. בײַם גרויסן אָנגריף בײַ דער ווײַסל האָט מען זיי הענדום־פּענדום גע־געבן אַ נעם צונויף און אַ שיק אָפּ אויפן פראָנט. ס׳איז געווען דער קאָפּשווינדל־

דיקער אויפמאַרש פון פוילישן מיליטער, וואָס האָט געטריבן די באָלשעוויקעס ביז מינסק און נאָך ווײַטער אַרײַן. אײַנגעשלאָסענע אין די אויף־גיך־צונויפגע־קלאַפּטע נײַע פראָנט־איינהייטן האָבן זיך די ייִדישע יינגלעך געשלאָגן פאַר כע־לעם, פאַר ראָדעם, פאַר טאַרנאָפּאָל, פאַר פולטוסק — פאַר פוילנס פרײַהייט און אומאָפּהענגיקייט, פאַר פוילנס לעבן.

אומעטום ווו זיי זענען נאָר געקומען — האָט מען גלײַך געוווסט אַז דאָס איז: — „זשידאָווסקי פולק — טאָ יאַבלאָניאַצי!"... און די יאַבלאָניאַקעס האָט מען געשיקט אויפן ערשטן פײַער, אויף די געפערלעכע פאָדערשטע פּאָזיציעס. אַלע ענגע לעכער האָט מען מיט זיי פאַרשטאָפּט... כאָטש געשלאָגן האָבן זיי זיך ווי די לייבן פאַר יעדן שפּאַן פּוילישע ערד.

אין יעדער שטאָט און שטעטל, ווי נאָר די פּוילישע אַרמיי איז אַרײַן, זענען די אויסגעסטרויעטע פּוילישע אָפיצירן אַליין געלאָפן מיט די רעוואָלווערן אין די הענט איבער די ייִדישע הײַזער אויסכאַפּן די באַהאַלטענע באָלשעוויקעס, די „קאָפּטשוכעס", ווי מ'האָט זיי גערופן, און פאַר איין פאַר וועגס זיך אָפּרעכענען מיט די ייִדן. מיט צעיושעטער רוגזה זענען זיי איבערגעפאַלן די שטובן און אַרויס־געשלעפּט די איבערגעשראָקענע רויטאַרמייער פון די קליידערשענק, אָפּערגע־שלעפּט זיי פון אונטער די בעטן אָפּער — באַוואָקסענע, מיט פאַרחושכטע פּנימער, אין פאַרבלאָטיקטע שינעלן, די פיס פאַרוויקלט אין שמאַטעס און פאַרבינדן מיט שטריקלעך. מ'האָט זיי געפירט שוויַיגנדיקע, פאַרשטשעמעטע איבער די פוסטע פרימאָרגנדיקע גאַסן פון דער אײַנגענומענער שטאָט — מיט אויסגעשטרעקטע קורצע פּוילישע ביקסלעך — אין שטאָב אַרײַן אויף אַן אויספאַרשונג. פון דאָרט וועט מען זיי איבערשיקן אין געפאַנגען־לאַגער — צו טאַפּן אַ וואַנט, אָדער אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, דאָס הייסט, צום ווענטל, צום צעשיסן — אויב זיי וועלן אויף דער אויספאָרשונג האַלטן די צונג, נישט וועלן געבן קיין לשון.

די איינצלנע דרייסטע פון דער ציווילער באַפעלקערונג, וואָס האָבן זיך געפינען אין גאַס, האָבן זיי נאָכגעקוקט די „גאַנצע צעלייגערס" אי מיט באַ־דויערן, אי מיט אַ חוזק־בלישטשל אין אויג, וואָס אין איינעם האָט עס געמאַכט:

— אַ שיינע ריינע כפּרה... נאָך אַמאָל קריכט מען נישט ווו מע דאַרף נישט...

דער פראָנט איז געוואָרן הייסער און די שלאַכטן־צעיושעטקייט פאַרביסע־נער און עקשנותדיקער. מ'האָט זיך זעלטן ווו אָפּגעשטעלט אויף לאַנג. די פראָנט־ליניע האָט זיך כסדר געהאַלטן אין איין איבעררוקן אויף פאַרויס, אַלץ טיפער אויף מיזרח. ערגעץ הינטער ראָדעם האָט משה מעט פאַרלוירן וועלוול מאַגידן. ס'איז געווען נאָך איינער פון די דעצידירנדיקע שלאַכטן פאַר דער שטאָט. די קאָמפּן האָבן אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אָן איבעררײַס... אַרום האָבן געברענט די טאָרפפעלדער. די גאַנצע פאָרשטאָט איז געווען אײַנגעהילט אין געדיכטע

וואָלקנס שטויב און רויך. ס'האָט געמוזט געשען בשעתן שטורעם־איבערלויף אונ־טערן געסווישטש פון קוילן. די פּולעמיאָטן האָבן סקריעסוויַז געשטעפּט פון אַלע זיַטן און דורכגעקעמט מיט קוילן דעם גאַנצן פּאָדערשטן פּאַס. ווען משה מעט איז אַריַנגעשפּרונגען אין שונאס אָקאָפּע האָט ער אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן אין מאַגידן. ער איז געווען זיכער אַז מאַגיד געפינט זיך בשכנות פון אים. ס'האָט זיך אים געדאַכט, משה מעטן, אַז ער האָט אים געזען בײַם איבערשפּרונגען די קאַנאַווע. אַ נאָענטער שאַרפער פיַיף פון אַ קויל האָט געגעבן אַ שניט פאַרביַי פאַרן אויער. משה מעט האָט זיך אויסגעצויגן, און מיט איין צי מיטן קערפּער איז ער געווען אין דער אָקאָפּע...

פאַרנאַכט־צו, ווען די באַנליניע האָט זיך שוין געפינען אין די פּוילישע הענט און דער שונא איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן וויַיט אַוועק פון קאַמפּפּלאַץ, האָט זיך ענדלעך איַינגעשטילט דאָס פיַיער. משה מעט מיט אַלע אַנדערע זעלנער זענען פאַרקאָפּטשעטע, פאַרבלאָטיקטע אַרויסגעקראָכן פון די אָקאָפּעס. אַרום זענען גע־לעגן געהרגעטע, צעגהרגטע און צעמזיקטע. דער קליינער וועלוול איז נישט גע־ווען. משה מעט האָט אים געזוכט צווישן די הרוגים, אויפגעהויבן איינעם פאַר אַ האַנט, איבערגעדרייט גופים, וואָס זענען געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ, געקוקט אין די אויסגעקרומטע פּרצופים אַריַין ביז ער איז מיד געוואָרן צו זוכן. קיינער האָט נישט געוווּסט ווו ער איז אַהינגעקומען, מאַגיד. ס'קאָן זיַין מ'האָט אים אַוועקגענומען אַ פאַרוווּנדעטן. מ'האָט עס ביַי קיינעם נישט געקאָנט דערגיין. יע־דער האָט אין זינען געהאַט זיך, זיַין אייגן שטיקל לעבן און מער גאָרנישט און מאַגידס פאַרשווינדן ווערן איז געבליבן אַ רעטעניש אויף נישט צום אויפקלערן — נישט פאַר זיַין בעסטן חבר און נישט פאַרן שטאַב, וואָס האָט אים אַרויפגענומען אויף דער רשימה פון די „פאַרפאַלנגעגאַנגענע אָן שפּורן".

פון דעמאָלט אָן זענען צוזאַמען מיט מאַגידן אַנטשוויגן געוואָרן די ימים־נוראימדיקע תּפילות. משה מעט האָט זיך שוין געהאַט צו זיי צוגעוווינט ווי צום נאָכנאַנאַנדיקן געוואָי פון פונעם ווינט אין אָפענעם פעלד... ווי אין אַ שוצמאַנטל האָט זיך מאַגיד געפּלעגט אין זיי הילן בעתן אָנקום פון אַ סכנה. די דאָזיקע תּפילות־זאָגעכצער, מאַגידס, זענען פאַר זיי ביידן געוואָרן ווי עפּעס אַ טרייסטווינקעלע, וווהין מ'האָט געקאָנט איבערענטפערן די צעווייטיקטע נשמה אין די שווערע מי־נוטן ווען דער טויט האָט אַריַינגעקוקט אין די אויגן אַריַין. די וויינענדיקע גע־בעט־ניגונים האָבן משה מעטן מער נישט באַגלייט אינעם וויַיטערדיקן שווערן זעלנערישן וועג, אין די ליימיק־פיַיכטע אָקאָפּעס, בעתן שלעפּן זיך אויף די פאַר־וויסטע וועגן פון דער מילחמה, בײַם ווערן אַריבערגעוואָרפן פון איין שלאַכט־פּאָזיציע אויף דער אַנדערער... איצט איז שוין נישט געווען אָן וואָס זיך אָנצו־האַלטן. משה מעט איז געבליבן אַליין, איינער אַליין אין אַ וועלט פון מאָרד און פאַרניכטונג, אין אַ וועלט אָן טרייסט.

## קאַפּיטל פיר

# דער העלד פון הינטער ווילנע

פוילנס פרייהייט איז אויסגעטרעטן געוואָרן בלוטנדיק דורכן פוילישן, פונקט ווי דורכן יידישן זעלנער. ווי לייבלעכע ברידער האָבן די יידישע זעלנער געטיילט דעם צער און פּיין פון די פּאָלאַקן נאָך זייערע חברים, די פּוילישע סאָל־דאַטן, וואָס זענען געפאַלן העלדיש אויפן שלאַכטפעלד. ביים פוילישן סאָלדאַט אָבער איז דער יידישער זעלנערישער טויט באַגלייט געוואָרן מיט חוזק און שטעכווערטלעך, וואָס האָבן געצילט צונישט צו מאַכן די יידישע געוואַגטקייט און העלדישקייט. בלויז איין וועלוול מאַגידן — דעם „וועסאָלי זשידעק" [1] — האָבן אַלע באַדויערט:

— אַ וווּיל יינגל געווען... אַן אייגענער יאַט... אַ שאָד... מיט אים האָט מען זיך נאָך געפילט אַ שטיקל מענטש... און אַז ער האָט אויפגעזונגען אַן אַריע פון אַן אָפּערע, צי אַזוי אַ יידיש שטיקל האָט מען טאַקע געקריגן אין זיך אַ נייע נשמה... אַ פריילעך יידל געווען, דער וועלוועלע מאַגיד...

קיינער האָט אָבער אַזוי נישט געפילט דעם ווייטיק פון דער אבידה ווי משה מעט. ער איז געוואָרן שווייגעדיק און פאַרביסן. אין זיינע צעגליטע טראַכטענישן אויפן זעלנערישן געלעגער האָט ער אויסקאָמבינירט שלאַכטן פון נקמה, דער עיקר צו ווייזן די פּאָלאַקן, אַז אַ יידישער זעלנער איז נישט קיין „פּאַרכול", נאָר אַז פּאַרכעס זענען זיי, די נישט־פאַרגינערס, די פחדנים...

ווי וועג־סלופּעס זענען די שטעט געלאָפן אויף הינטערווייַלעכץ און פרישע זענען אָנגעלאָפן. מ'האָט זיך רעכט נישט אָפּגערוט און ווייטער אין אויפמאַרש דורך רויך און פייער און בלוט און אויפגעשפּילטע טענער פון פוילישן הימען „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינענלאַ"... [2]

אין איין פולטוסק האָט מען זיך לענגער פאַרהאַלטן נאָכן איינגעמען די שטאָט. ס'איז געווען אַ שווערער ביסן אַפילו פאַר די שאַרפע געזונטע פוילישע ציין. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד זענען דאָ אָנגעגאַנגען די פאַרביסענע שלאַכטן.

[1] פריילעך יידל.

[2] ס'איז נאָך פוילן נישט פאַרלוירן...

ריי נאָך ריי האָבן די זעלנער פוןביידע צדדים געלייגט די קעפּ אויף די פאַרשטאָטישע פּאָזיציעס נישט ווײַט פון די ווינטמילן מיט די וויאַטראַקעס. נאָך פאַרעקשנטע און פאַרביטערטע קאַמפן האָבן זיך די פּאָלאַקן אַ רוק־געטון פאָרויס — נענטער צו די נידעריקע הײַזלעך ווו ס'האָבן געוווינט די קאָוואַלעס. און איידער דער שונא האָט באַוויזן צוצוקריגן פאַרשטאַרקונג איז געפאַלן דער אומדערשראָקענער באַפעל „נאַ באַגנעטי!", וואָס האָט אַרויסגעריסן די באַהעלמטע פּוילישע זעלנער פון די אָקאָפּעס און זיי געוואָרפן אין פּנים־אל־פּנימדיקן געשלעג מיט די „באָרוועסע", מיט די „האָלעדראַנצעס". ווי אַלע מאָל האָבן אויך איצט די פּאָלאַקן אַרויסגעוויזן גרויס בריהשאַפט און העלדישקייט בײַם שלאָגן זיך „אויף באַגנעטן". דער פלינקער אָנגריף פון די פּוילישע צווייש־אַרפיקע מעסערס קעגן די רוסישע שטיקעס האָט דעצידירט דעם גורל פון דער שטאָט. פאַרנאַכט־צו איז שוין דורכן פּוילישן מיליטער געווען פאַרנומען דער גאַנצער שטח אַרומען אַרײַנפאַר־הויז פון די קאָלבעס מיטן ברונעם פון פאָרנט, ווו די צעשאַרפּעטע פאַרבלאָטיקטע פּוילישע זעלנער זענען מיט פאַרברענטע ליפּן צוגעפאַלן שטילן דעם דאָרשט. דער וועג צו דער שטאָט איז געשטאַנען פרײַ און אָפן. פּולטוסק איז שוין געווען אַזוי גוט ווי גענומען.

פאַרן זעלנערישן אויג האָט איצט אַ שימער־געטון אַ פרישע ליכטיקע אויפגעפריילינגטע וועלט, וואָס איז אויפגעשטאַנען פון אַ לאַנגן שלאָף פול מיט קאָשמאַרן. די רייען ביימער האָבן געצוויט. דאָס צעקנאָספּעטע בלעכץ האָט געווײַסט און געראָזט אויף די צווײַגן פון די פּוילישע אַקאַציע־און־בעזביימער. משה מעט האָט אָנגעטראָפן אויף אַ יידישער שטוב און געוואָרן דאָרט אַן אײַנגייער. גאַסטפרײַנדלעכע, האַרציקע מענטשן געווען. ער האָט דאָ טאַקע געהאַלטן פּסח... ס'איז געווען אַ פולע שטוב מיט מיידלעך. ווילדע מיידלעך, קליינשטעטלדיקע, שעמעוודיקע, צוריקגעהאַלטענע. איינע, פון די יינגערע — אַ קרענקלעך־בלייכע, מיט גאָלד־געלע צעפּלעך פאַרלייגט ווי אַ קרענצל אַרום קאָפּ — האָט זיך צו אים אַפילו געשדכנט... ער האָט עפּעס נישט געהאַט דעם קאָפּ צו דעם... אַ זעלנער אויפן פראָנט... נעמען פאַרדרייען אַ מיידל דעם קאָפּ... צו דער מלחמה נעמט נישט קיין סוף... ווער ווייסט וואָס ס'קאָן געשען מיט אים... נאָך דאָס פעלט אים צו — זיך איצט צו פאַרליבן, אַרומגיין אַ נישט־היגער, בענקען, חלומען, פאַרלירן די וואַכזאַמקייט און באַצאָלן מיטן קאָפּ...

ס'איז אַ שיין שטעטעלע געווען דאָס פּולטוסק... דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז אַרויס פון טויער עפּעס אַרײַנברענגען פון געוועלבל, וואָס האָט זיך געפינען אויפן צווייטן ראָג גאַס, האָט ער בשום־אופן נישט געקאָנט טרעפן צוריק, זיך געדרייט אַהין־אַהער, געבלאָנדזשעט, געזוכט... דאָס גרינלעכע געמעל מיט די אויסשניצעכצער, וואָס ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ סימן, האָט זיך אַרויסגעוויזן פון

זעלבן פֿאַסאָן בײַ אַלע טױערלעך. די מײדלעך האָבן געלאַכט, װען זײ האָבן אים געזען דורכן פֿענצטער קעגנאיבער דעם טױער, װי ער שטײט אַ צעטומלטער און דערקענט נישט, אַז דאָ איז עס... ער האָט זיך פֿאַרלױרן און רױט געװאָרן, װען ער האָט זײ באַמערקט לאַכנדיקע. נאָר דאָס גלעלע מײדל, די מיט די פֿאַרלײגטע צעפּלעך... די מירל... זי איז אַרױסגעלאָפֿן, אים גענומען אונטערן אָרעם און אַרײַנגעפֿירט אין שטוב אַרײַן.

זײ זענען שפּעטער נאָכן עסן אַרױס אין צװײען זיך איבערגײן אַ ביסל אין שטאָט. אַזעלכע שײנע מאַלערישע געסלעך אין דעם פּולטוסק, אַזאַ פֿאַרבלױטע חלומדיקע רו, אַז מע דערקענט גאָרנישט, ס׳זאָל דאָ האָבן געװען אַ פּראַנטלינע מיט אַזעלכע פֿאַרביסענע שלאַכטן. אַלץ אַרום, האָט זיך אים אױסגעװיזן, איז װי פֿאַרכישופֿט, פֿול מיט באַװוּנדערונג פֿאַר זיך אַלײן, פֿאַר דער אײגענער שײנקײט, אין װאָס ער האָט שױן בכלל מער נישט געגלײבט אַז עס עקזיסטירט נאָך אַזױנס אױף דער װעלט. ער האָט זיך אױף אַ װײַל צוריק דערפֿילט װי אַ מענטש, װאָס איז פֿאַרװעבט אין לעבן, און אַז אַט דאָס לעבן איז נישט אָפּצושאַצן, כדאַי אַפֿילו צו גײן אין פֿײַער אַרײַן פֿאַרן דאָזיקן לעבן, נישטאָ קײן טײַערערס װי אַ זעלבסטשטענדיק אײגן פֿרײַ לעבן אױף אַן אײגענער אױסגעקעמפּטער ערד.

פֿונעם זײַטנגעסל האָט אַרױסגעװוּנקען דאָס קלױסטערל מיט די פֿאַרביקבאַמאָלענע פֿענצטערלעך און טירלעך... ס׳איז געװען גוט זיך אײַנצוהערן אינעם בלעטערדיקן שעפּטשען פֿון די בײמער לענג־אױס די גאַסן. אָט גיט אַ לײַכט־אױף דאָס בריקל װאָס הענגט אין מיט שטאָט און בינדט צונױף בײדע צעריסענע שטאָטטײלן װאָס דאָס װאַסער, דער נאַרעװ, האַלט זײ צעשײדט און װעט זײ שױן קײנמאָל נישט לאָזן צונױפֿגײן...

לאַנג אָבער איז משה מעטן נישט אױסגעקומען צו געניסן פֿון די אַלע באַקװעמלעכקײטן און רחבותן, װאָס זענען אַזױ זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אינעם לעבן פֿונעם ציװילן מענטש. ס׳איז געװען בלױז אױף צו פּילן דעם טעם אױפֿן גומען. ער האָט זיך גיך געמוזט געזעגענען מיט דעם שײנעם פּולטוסק. איבערלאָזן די פֿולע שטוב מיט מײדלעך, מיט די הײמיש־געקאָכטע מאכלים און פֿריסמאַטשקעס, נעמען צוריק די ביקס אױפֿן אַקסל און װידער זיך לאָזן אין שטױביקן װעג אַרײַן, אין לאַנגע אומענדלעכע זעלנערשע מאַרשן.

דאָס איז געװען בלױז אַ ליכטיק פּינטעלע אינעם טראַנטלעבן. באַלד האָט זיך משה מעט װידער דערזען פֿאַר דער פֿײַערװאַנט. עס האָבן זיך דערנענטערט די קאַמפֿן פֿאַר װילנע. די באָלשעװיקעס איז געגאַנגען אין לעבן צו דערהאַלטן די דאָזיקע שטאָט פֿאַר זיך, צו האָבן אָט דעם סטראַטעגישן פּונקט, װאָס זאָל זײ דינען װי אַ קלין צװישן פּױלן און ליטע. זײ האָבן דאָ געשטעלט אַ פֿאַרביטערטן און פֿאַרצװײפֿלטן װידערשטאַנד. אַרום און אַרום האָבן זיך געװאַלגערט געהרגעטע

און פאַרוואונדעטע פוןביידע צדדים. די שטאָט איז שוין עטלעכע מאָל איבערגע־גאַנגען פון האַנט צו האַנט. זעלנער זענען געפאַלן ווי די פליגן. וואָס פאַרע ראָלע שפּילן דאָ זעלנער אַז אין קאָן שטייט ווילנע... די באָלשעוויקעס באַקומען כסדר פאַרשטאַרקונג. אַט־אָט און מע ווערט מוזן אָפּטרעטן אינגאַנצן... און שטעלן אַ טריט צוריק איז אַ זיכערער טויט — פון דער אַרמיי, פון פּוילנס פרײַהייט און פון יעדן איינעם באַזונדער. ווילנע דאַרף דעצידירן וועגן גורל פון דער גאַנצער אומאָפּהענגיקייט, פון גאַנץ פּוילן.

אַט זעט ער, משה מעט, ווי דער פאָדערשטער טאַנק־פירער גיט אַ שפּרונג אַרויס פונעם טאַנק און לאָזט זיך לויפן פאַרצווייפלט, ווי חסר־דעה, אַליין נישט וויסנדיק וווּ... אין דער רגע האָט משה מעט נישט געוווּסט, וואָס עס האָט זיך מיט אים געטון; נישט געוווּסט ווי אַזוי ער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין הפקר־געלאָזענעם טאַנק, און מיט אומבייגעוודיקער עקשנות, מיט דער עקשנות פון די מעטן, האָט ער אָפּגעשלאָגן איין אַטאַקע נאָך דער אַנדערער. ער איינער אַליין — אַן אַרויסגערוקטער ווײַט אויף פאָרויס. און ווען ס'האָבן זיך באַוויזן די אייגענע פאַרשטאַרקונגען האָט ער זיך דער ערשטער אַרײַנגעריסן אין ווילנע. מ'האָט אים שפּעטער אָפּגעשיקט אין גענעראַל־שטאַב און פײַערלעך צוגעזאָגט צוצושטעלן צום באַלוינען. ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַן אמתער העלד. זײַן נאָמען וועט ווערן אַרײַנגעשריבן אינעם גאָלדענעם בלאַט פון די אומדערשראָקענע קעמפער פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט און פרײַהייט.

יעדעס מאָל, ווען אין דער קאַזאַרמע איז אָנגעקומען די פעלדפּאָסט, האָט ער געוואַרט מיט אומגעדולד, מע זאָל שוין אויסרופן זײַן נאָמען, אַז ער, משה מעט, דער העלד פון הינטער ווילנע, ווערט אַרויסגערופן אין בעלוועדער, אין דער רע־זידענץ, אין דער קאַנצעלאַריע פון מלוכה־פּרעזידענט. נאָר ביזן טאָג פון אַהיים־גיין פון מיליטער איז אַלץ נישט געקומען קיין ענטפער. און אַזוי קערט ער זיך אום, משה מעט, דער העלד פון פּראָגע — אַ פּראָסטער זעלנער, אַ שערעגאָוויעץ, מיט אַ צעלעכערטן שינעל, אין צעריסענע שיך, מיט אַ נאָגנדיקן אומגעשטילטן פאַרדראָס און חשד אין האַרץ אַז אין נײַעם פּוילן, וואָס שטייט איצט אויף צו אַן אייגן זעלבסטשטענדיק לעבן אויף דעמאָקראַטישע יסודות, פעלט דאָס עלעמענ־טאַרע און פונדאַמענטאַלע וואָס כאַראַקטעריזירט די דעמאָקראַטיע — דער יושר.

ווען וועלוול מאַגיד וואָלט געלעבט, וואָלט ער משה מעטן זיכער געווען פאַר־מאַטערט מיט די אייביקע קשיות זײַנע, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט קריגן קיין ענטפער אויף זיי:

— פאַר וועמען?... זאָג, משה מעט, ביסט דאָך יאָ נישט קיין נאַר, פאַר וועמען? פאַר וועמען שלאָגן מיר זיך? פאַר וועלכע גליקן לייגן מיר דעם קאָפּ? וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט אונדז, מיט אונדזער אייגענער מערכה?

„ניע מױ קון אי ניע מױ וווז”...¹ ס'איז נישט אונדזער ערד... וואָס פאַר אַ היים איז עס, מישטיינס געזאָגט, דאָס פּוילן פאַר אונדז? מע וועט דאָ אײביק אויף אונדז קוקן ווי אויף פרעמדע, איבעריקע און אומגעוווּנטשענע... פאַר וועמען אײַנ־רײַסן דעם ספּאָדיק? ברענגען קרבנות, פּטרן אַ לעבן... כאָטש אַליין איז ער ווײַטער געגאַנגען אין די גרעסטע סכנות, און אויף יעדן רוף דורכצופירן אַ געפערלעך שטיקל אַרבעט, צי גיין אויף אויסשפּירונג אין שונאס לאַגער — האָט ער זיך אַרויסגערוקט דער ערשטער: — ער איז גרייט! ער וועט עס מאַכן! און ערשט נאָך אים האָבן זיך אָפּגערופן די אַנדערע, די פּוילישע... איינס מיטן דריטן איז נישט קיין מחותן. האָט ער שטענדיק געפלעגט זאָגן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט עפּעס פאַרענטפערן פאַר אים, פאַר זיך אַליין...

ער זעט ערשט, משה מעט, אַז מאַגיד איז געווען גערעכט, גערעכט ווי דער טאָג:

— ווו ביסטו, וועלוול מאַגיד? וואָלסט זיך געווען פאַרשפּאָרט צו פאַרענט־פערן, פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר דער וועלט.

---

1 נישט מײַן פערד און נישט מײַן וואָגן.

ק א פ י ט ל פ י נ ף

# דער ערשטער באַפרייַטער זעלנער

דער גאַנצער בלוטיקער קאַשמאַריקער קנויל איז שוין איצט געווען ווייַט פון משה מעטן, כאָטש די שפורן פון די מילחמה־גרוילן האָבן זיך נאָך געפּאָלדעוועט אין צעקנייטשטן פּראָנט־שינעל. די גאַס איז איצט געלעגן אַ באַרויקטע און רחבותדיקע — אַ באַפרייַטע... מיטן געשלאָסענעם שלום־אָפּמאַך אין בריסק איז אָפּגעטרעטן די פּיבערדיקע געשפּאַנטקייט ווי אַרום אַ שווערקראַנקן. פּוילן איז איצט פרייַ און אומאָפּהענגיק. אירע גרענעצן זענען אויסגעשפּרייט פון דאַנציק ביז אַריבער די מיזרח־קרעסן פון ווייַסרוסלאַנד און אוקראַינע.

די שלום־בשורה האָט זיך אַרייַנגעריסן אומגעריכט אין די ענגע צונויפגעדרענגטע וואַרשעווער גאַסן, וואָס האָבן מיטאָמאָל אויפגעטייַעט און אָפּגעזיפּצט פרייַער ווי נאָך אַ שווערער דריקעניש. אין דער דעמפּיק־הייסער לופט האָט אַ קלונג־געטון מיט הימען, מיט געזאַנג, מיט פאָנענפלאַטער, מיט פריילעכע נייַעס. פאַר די טונקעלע טויערן און אויף די ראָגן מיטן אָנגעלאָפענעם פאַרנאַכט זענען געשטאַנען גרופּעס מענטשן. די צייַטונג־פאַרקויפערס און די „מיידאַניאַזשעס"[1] אויף די ראָווערן מיטן פּאַק פרישע צייַטונגען אונטערן אָרעם האָבן הייזעריקלעך אַרייַנגעשריגן אין דער פאַרנאַכטיקער גאַס אַריין די גרויסע קעפּ פון די צייַטונגען מיט די פעטע קידוש־לבנה־אותיות:

— אויס מיט דער מילחמה!

— אונטערגעשריבן דעם בריסקער שלום־אָפּמאַך מיט רוסלאַנד!

— דעמאָביליזאַציע פון דער פּוילישער אַרמיי!

די גאַס איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון הייסע כוואַליעס ענטוזיאַזם און פאַטריאָטישקייט. די פרייד האָט יום־טובדיק אַראָפּגעשייַנט פון אַלעמענס פּנימער. מאַסן מענטשן האָבן פאַרפּולט די טראָטואַרן, באַלאַגערט די צייַטונג־קיאָסקן, געשטופּט די מטבע און געריסן די צייַטונגען פון די הענט. נייַגעריקע און בערזעלייַט האָבן אַרומגעשמייַעט אַרום די רעדאַקציעס צו דערגיין ווי ס׳האַלט אין דער אמתן. צי דער שלום איז בלויז אַ צייַטווייַליקער, אַ דיפּלאָמאַטישער מאַ־

[1] צייַטונג־פאַרשפּרייטער אויף ראָווערן.

נעווער, אַ טריק אַזאַ, אָדער אַן ערנסטער, אַ דויערנדיקער וואָפנשטילשטאַנד. אויף דער שוואַרצער בערזע איז געוואָרן אַ קאָך. דער דאָלאַר האָט גענומען שטײַגן פון מינוט צו מינוט און ער איז נישט געווען צו קריגן. מ׳האָט געוווּסט, אַז דאָס מילחמה־געלט וועט ווערן דעוואַלויִרט, ווערטלאָז. מע וועט מיט די באַנקנאָטן נאָר קאָנען אויסטאַפּעטירן די ווענט ווער ס׳וועט דאָס פּאַפּירגעלט נישט טוישן באַצײַטנס.

פון די הינטערשטאָטישע שענקען און באַרן האָבן די פּוילישע אַרבעטער צוזאַמען מיט די פאַבריק־מײַנסטערס, וואָס האָבן אויסגעמיטן צו גיין א ו י ף ן פראָנט, ווײַל זיי האָבן געאַרבעט פ אַ ר ן פראָנט — זיך אַרויסגעוואַקלט שיכורע, באַטרונקענע. זיי האָבן אַרײַנגעכלאָיעט אין זיך גאַנצע גלעזער „ווודקע״ און זיך געלאָזט מיט די שטיל־אָפּגעלעגענע געסלעך אַרויפצו צום באַלעבטן שטאָטטייל, זיך צו לאָזן ווילגיין אין די ייִדישע קוואַרטאַלן. זיי האָבן זיך געפּלאָנטערט זיגזאַגיק צווישן עולם שפּאַצירנדיקע אין רוישיקן געווימל, אַרויפגעפאַלן אויף ווענט, זיך העפלעך אַנטשולדיקט מיט אַן איבערגעטריבענעם זשעסט און ייִדישן „פּשעפּראַשאַם באַרדזאָ״ [1] מיט האַרטע רישן, און ווידער געקראָכן גלײַך אויף די מענטשן אַרויף...

איצט איז די גאַס אַ געמיטלעך־אײַנגעשטילטע, אַ יום־טובדיקע. משה מעט קאָן קוים שטעלן אַ טריט. די זעלנערשע באַטשוועקעטע שיך מיט די דורכגע־בראָכענע אָניצעס זענען אים מיטאַמאָל געוואָרן שווער, אומדערטרעגלעך. קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. אין דער זעלבער צײַט אָבער פילט ער ווי ער וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ שווערע, אַ הונדערטפּודיקע משא. אַלץ, אַלץ איז שוין הינטער אים. די קאַזאַרמע, די אָקאָפּעס, דער פראָנט, די אַטאַקעס און די באַג־נעטן־געפעכטן „נאַ שטיכי!״ באַגלייט פון ווילד־צעיושעטע אוממענטשלעכע געשרייען פון יובל און יאָמער... ער איז שוין איצט אַזוי ווײַט פון די פּוילישע חוצפּהדיקע אָפיצירלעך, פונעם גאַנצן זעלנערײַ. ער, משה מעט, טרעט איצט ווידער אויף די וואַרשעווער שטיינער, אויף זײַנע שטיינער. דאָס האָט ער גע־האָלפן מיט אַ פּלייצע, אַז זיי זאָלן זײַן זײַנע אייגענע, פּוילישע. אָט איז די דזשיקע גאַס... די אויסגעפּוצטקייט און יום־טובדיקייט האָט אים פּלוצים אַ שלאָג־געטון צום קאָפּ. אַ וווּנדער וואָס ער האָט עס גאָר נישט באַמערקט די גאַנצע צײַט.

ס׳איז טאַקע הײַנט יום־טוב... ייִדן אין זײַדענע קאַפּעטעס און סאַמעטענע היטלען... מע גייט דאַווענען... אין ייִדישע שטובן קאָכט מען פיש. ס׳האָט זיך גאָרנישט געענדערט. די אײַנגעפונדעוועטקייט און יוסטקייט האָט זיך אַפילו

---

[1] אַנטשולדיקט זייער.

נישט קיין וואָקל געטון. די פאַרביקע סטראַיען פאַררײַסן די גאַס. מענטשן זענען, זעט אויס, רײַך געוואָרן אין דער מילחמה. פּאָר ווערמען אַן אומגליק און פאַר ווערמען אַ גליק. אַלץ שײַנט און בלישטשעט. די ברילאַנטענע אוירינגען, די גאָלדענע שווערע בראַסלעטן און סיגנעטן דערציילן פון שווילטאָג. און ער, משה מעט, דאַרף ערשט אָנהייבן פון ס׳נײַ... פון וואָס אָנהייבן?...

ער פילט אין זיך אַ מאָדנע ליידיקייט מיט אַ מידקייט צוזאַמען. אַ קליינינקייט אַזאַ פאַרעכץ! צו שלעפּן זיך מיט אַ באַן פון איין עק לאַנד צום צווייטן אויפן דאַך. מ׳האָט ממש געקלעפּט! מ׳איז געהאָנגען אין דער לופטן. אויף די בופאָרן איז מען געפאָרן. אַפילו דער לאָקאָמאָטיוו איז פול געווען מיט חברה דעמאָביליזירטע זעלנער. אויף די לאַמטערנס איז מען געזעסן. אַזאַ שפּאַרעניש און דריקעניש איז עס געווען...

משה מעט האָט זיך נישט באַוויזן רעכט אַרומצוקוקן, ווי אַ האַלבע דזשיקעגאַס בײַגעריקע איז אים נאָכגעגאַנגען. יעדער איינער האָט אים זײַטיק אַרײַנגעקוקט אין פאַרברוינטן פּנים אַרײַן, זיך איבערצוצײַגן, אַז ס׳איז טאַקע אַ ייִד און טאַקע פון פראָנט. — איז דאָך שוין טאַקע אויף אַן אמת אויס מילחמה! — הײַנט וואָס זשע שווײַגט ער?

— וואָס זאָל ער — שרײַען?

— איך מיין, ווער איז ער, דער יונגערמאַן?

— מסתמא אַ היגער, האַ?

משה מעט האָט קוים פון זיך אַרויסגעקריגן אַ וואָרט:

— יאָ, אַ היגער, אַ היגער.

— טאַקע אַ היגאַ? אַ וואַרשעוואַ?

— אַ וואַרשעווער, אַן אמתער וואַרשעווער... פון דור־דורות וואַרשעווער.

— טאָ קומט דאָך אײַך אַ שלום־עליכם!

— עליכם־שלום... עליכם־שלום...

— כ׳האָ דאָך באַלד געזוגט ס׳אַ ייִד.

— זע נאַר, זע נאַר! טאַקע אַ ייִד! אַ ייִדישאַ זעלנאַ! — רופט זיך אָן אַ פריש צוגעקומען עלטער ייִדל, וואָס האַלט זיך אין איין ווישן דעם פאַרשוויצטן שטערן מיט אַ רויטער פאַטשיילע, אַן איבערגענומענער פונעם ייִדישן אָנטייל אין דער מילחמה — ווי זענען זיי, די פאַלאַקעלאַך, וואָלט איך זיי געוויזן!... ז׳האָבן דאָך געשריגן, אַז ייִדן באַהאַלטן זאָך אויס... אָט האָט עץ שוין דעם ערשטן זעלנאַ אינדזוערן, נאַטס, קיקטס אים אָן... אַ ייִדישאַ זעלנאַ...

— וואָסי די גדולה אויף אײַך? — שטופּט זיך צו נענטער אַ קורצגעקליידטער — ניש געזען נאָך קאַ ייִדישע זעלנאַ? ווייניק ייִדישע זעלנאַ עסן פּסח בײַם סדר אין בית־לחם?

— פין דע מילחמה! — שטופּט זיך אויף אים אַרויף דער ייִד מיט דער פּאַטשיילע — אַ זעלנאַ פין דע מילחמה, פון פראָנט! — און גיט צו זײַטיק אַ ברום — אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ דאָס איז, מנע!...

— אַ זעלנאַ פין דע מילחמה?! — רײַסט זיך דורך מיט אימפּעט אַ ברייטע ייִדענע — אַ בראָך איז צי מאָ ניש! — טוט זי אַ פּאַטש מיט די הענט — לאָמאָך עם אונקיקן! ר'אי דאָך אינגאַנצן ענלאָך צי מאַן וועלוולען!... כ'וואָלט געשווירן ס'אי מאַן וועלוול!...

— וואָס האַקן זי אַ טשײַניק מיט אינס וועלוול — באַרויִקט איר אַ יונג ווײַבל מיט אַ ווויזיקל — זי זעען דאָך דע מענטש גייט גלײַך פין דע באַן.

— יאָך פאַרשטיי אין ניש אינגאַנצן, וואַבל! איז ווּוס אַז ער גייט פּין דע באַן? — קאָן ער ניש זאַן ענלאָך צי מאַן וועלוולען? זעלן מאָ זוגן אַז ניין? ווּס בינאָך חס־ושלום בלינד?.. כאָניש קאָן אויגן?.. כזע ניש?... — רעדט זי שוין צו זיך אַליין נאָך אַלץ נישט אָפּטרעטנדיק פון אָרט, און מאַכט זיך בעת מעשה צורעכט דאָס בלאָנדע שייטל אויפן קאָפּ, וואָס האַלט זיך אין איין פאַררוקן אויף אַרויף און ווײַזט די גראָע האָר פון אונטער דער שייטלדיקער בלאָנדקייט אַפּער.

— ני לאָזטס עם שוין געמאַך! — האָט זיך אַ יונגער שנעק חוצפּהדיק געריסן, ער זאָל אים קאָנען גוט אָנקוקן — ווּס זענט עץ באַפּאַלן אַ זעלנאָ ווּס? ער איז דאָך נישט קיין באַנקראָטניק!...

— האָסטע עים גור ווידאָ! די אַנדערע טעג יאָנטעוו!

— נאַדאָ אויך אַ מענטש צים טיש!...

דער אָנפּלייצנדיקער עולם האָט נישט געקאָנט רויִק פאַרבײַגיין, נישט אָפּצושטעלן זיך געוויר צו ווערן וואָס ס'איז ס'געשטיי. מ'האָט זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל איבער דער גאַנצער גאַס פון הונטן ביז אַרויף:

— דער ערשטער באַפרײַטער זעלנער!

משה מעט האָט זיך אַ צעשמייכלטער און צעטומלטער פונעם אומגעריכטן קבלת־פּנים אין מיטן גאַס קוים דורכגעשלאָגן צווישן עולם, ענטפערנדיק אויף די ווינטשעוואַניעס מיט אַ צושאָקלען מיטן קאָפּ. אַ צופרידענער און מידער, באַגלייט פון קינדער און נײַגעריקע אויגן, האָט ער זיך ענדלעך אַרײַנגעדרייט אין זײַן היימגעסל. די טויטע ביזקע איז שוין געווען פאַרלאָפן מיטן אָוונטבלאָ. מיט אַ קלאַפּעדיק, פול־איבערגעגאַנגען האַרץ האָט זיך משה מעט מיטאַמאָל דערזען פאַר דער טונקלהיימישער, אייגנשטוביקער טיר מיט די פעטע סענקעס וואָס איז געווען אָנגעהאָנגען מיט אַ שווערן שטומען טונקעלן שלאָס.

## קאַפּיטל זעקס

# הינטער פרעמדע טירן

דאָס הויז־גאַנגעלע אין דער הייך אונטערן פאַרקאָפּטשעטן סופיט האָט רויטלעך־געל געפלעמלט פונעם אויסגעבויגענעם גאַזרערל. קרומע צעשויבערטע שאָטנס האָבן שטום אַרומגעטאַנצט איבער די אָפּגעקראָכענע ווענט. זיי זענען אים אויסגעקומען ווילד־פרעמד ווי די סילועטן אין די שכנישע פענצטער וואָס האָבן זיך אָט געגעבן אַ באַווייז און אָט אַנטרונען געוואָרן. ער האָט קיינמאָל נישט געוווּסט ווער די שכנים אין הויף זענען. אַפילו נישט געקענט דעם שכן וואָס האָט געוווינט אַ טיר לעבן אַ טיר. זיך פאַרנט געהאַט צו מישן צום לעבן פון די אַרומיקע, געווען פאַרנומען מיט זײַן אייגענער וועלט, וואָס ער האָט זי ערשט אָנגעהויבן דערקענען. ער האָט רעכט נישט געוווּסט, משה מעט, וואָס ס׳טוט זיך אין דער אייגענער שטוב — אונטער דער נאָז. אַ פּשיטא שוין בײַ די שכנים. ער האָט זיי כמעט ווי נישט געזען, גלײַך ווי זיי וואָלטן נישט געווען עקזיסטירט פאַר אים.

נײַע שכנים האָבן זיך אַרײַנגעצויגן, אַלטע האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון דאַנען. יום־טובים און שימחות זענען דאָ געפּראַוועט געוואָרן אויפן אַלטן ייִדישן שטייגער — מיט זמרלעך און קלעזמאָרים, מיט ריקודימלעך אַזש די סטעליע האָט אונטערגעציטערט. פריילעכע חתונות זענען פאָרגעקומען מיט מיצווה־טענצלעך און בדחנים, וואָס האָבן געמאַכט וויינען און לאַכן, מיט אָנגעצונדענע קאָלירטע ליכטלעך אונטער דער חופּה וואָס איז געשטעלט געוואָרן אויפן באַלקאָן, אויפן הויף אונטערן פרײַען הימל. מענטשן האָבן דאָ געקרענקט, געסטענקעט, אָפּגעהוסט גאַנצע נעכט, זיך געריסן דעם האַלדז און אַנטשטומט געוואָרן, דערשטיקט פונעם אַסטמאַטישן הוסט. דאָקטוירים האָבן זיך געפּאָרעט, זיך געאײַלט אויף די שטיגן מיטן דאָקטערשן רענצל, און שפּעטער האָבן זיך פּונקט אַזוי געאײַלט די חברה־קדישא־לײַט אין די לאַנגע שוואַרצע קאַפּעטעס ביז צום טריט. די שוואַרצע עגלה מיטן שוואַרץ־איבערגעדעקטן פערד האָט זיך יעדעס מאָל אַרײַנגערוקט אין ענגן הייפל און אָנגעוואָרפן אַן אימה, נאָך מער פינצטער געמאַכט די פאַרחושכטע שטומע מויערן; אַ שטילער און פרומער האָט דער טויטנוואָגן געוואַרט ביז מ׳האָט דעם שווערן קאַסטן מיטן מת אַראָפּגעטראָגן פון

די הויכע שטאָקן מיט די שמאָלע געדרייטע טרעפּ. די טירלעך פון טויטנקאַסטן האָבן זיך פאַרקלאַפּט און די עגלה האָט גערירט פון אָרט — אַן אַרומבאַקלעפּטע מיט מענטשן, וואָס האָבן געקלאַפּט מיט די פויסטן אין די שוואַרצע ווענטלעך מיט געשרייען און יללות. און ער, משה מעט, האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט דערמאָנען ווי ס׳האָט אויסגעזען דאָס פּנים פון דעם וואָס מ׳האָט אַרויסגעפירט אויפן „פעלד״, כאָטש ער האָט אים נישט איין מאָל געזען גיין אויפן הויף. ער האָט זיך מורא געהאַט צוצורירן אַפילו מיט אַ פינגער צו די שוואַרץ־צעגלאַנצטע עגלה־ברעטער, און באַוווּנדערט די ווײַבלעך, וואָס האַלטן זיך אָן בײַ די לײַסטן, שפּאַרן זיך אָן מיט די עלנבויגנס אָן טויטנוואָגן. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט זײַן נאָענט פון זיי, זיך געהאַלטן אין אַ זײַט פון די אַלע, וואָס האָבן געהאַט צו טון מיטן געשטאָרבענעם. און אַ צײַט לאַנג אויסגעמיטן דעם הויף־אַרײַנגאַנג פון וואַנען מ׳האָט אַרויסגעטראָגן דעם מת.

משה מעט האָט געמיינט, אַז די געזעצן פונעם פּראָנטלעבן וועלן אויך גילטיק זײַן אין ציוויל: אַז ער וועט שוין איצט זײַן גלײַכגילטיק צום טויט, ס׳וועט שוין אויף אים נישט מאַכן קיין אײַנדרוק, נישט די לוויהס, נישט די געוויינען. די בלויזע דערמאָנונג אָבער רופט בײַ אים אַרויס אַ שוידער. עס גייען אויף פאַר אים די טרויער־בילדער פון די אַרויסגעפירטע; די געבראָכענע צעשויבערטע געשטאַלטן; דער געדיכטער געשפּאַר אַרום די קאַסטנס. ער אַליין — ווײַזט זיך אים אויס — געהער אויך צו יענע, ער איז איינער פון זיי, אַן אָפּגעשיידטער פון דער וועלט. אָט שטייט ער דאָ הינטער אַ פרעמדער טיר און הערט זיך אײַן, באַלד שאַרט ער זיך צו צו אַ צווייטער אינעם לאַנגן קאָרידאָר און וואַגט נישט אָנצורירן די קלאַמקע. די מענטשן אויף יענער זײַט טיר — איז ער זיכער — וועלן זיך דערשרעקן פאַר אים, גלײַך ווי ער אַליין וואָלט נאָר־וואָס צוריקגעקומען פון קבר אין לעבן אַרײַן — צו די לעבעדיקע, ווו ס׳איז שוין פאַר אים נישטאָ דאָ מער קיין אָרט.

— וואָס טוט מען איצט? ווו טוט מען זיך אַהין? האָסט זיך געאײַלט אַהיים, האַ? געוואָלט זײַן וואָס גיכער אין שטוב. אָט האָסטו דיר די היים — אַ שטוב אויף אַ שלאָס.

ער האָט שוין אפשר צום צענטן מאָל איבערגעחזרט פאַר זיך די אויפשריפט אויפן רויטן צעטל וואָס איז אָנגעקלעפּט אויף דער טיר. דאָס סטאַנדאַרט־קוויטל פון סאַניטאַר־אַמט צעוואַקסט זיך אין זײַנע אויגן אין אַ ריזיקן רויטבלוטיקן פלעק, פון סאַמע מיט שפּיזלען אַרויס שאַרפע, שוואַרץ־צעקרומטע, שפּיציקע אותיות ווי די קנאַכנס:

היט אייך — טיפוס!

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האַלט די האַנט אָנגעשפּאַרט אויף דער קלאַמ־

קע און זי תיכּף צוריקגעצויגן. דאָס בלוט אין אים האָט רוישיק אַ יאָג געטון צום קאָפּ: — ווער? דער טאַטע? די שטיפמאַמע? ווער האָט זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס?

פון אַ בריוול, וואָס איז צו אים געהאַט דערגאַנגען אויפן פראָנט, האָט ער געוווּסט, אַז די שוועסטער זײַנע,ביילקע מיטן שיינעם פּנימל איז אַוועק פון שטוב. אויך די שטיפשוועסטער, צירל, איז געגאַנגען פאַר זיך. ביילקע האָט נאָך נישט חתונה געהאַט. דעם חתן האָט מען גענומען אויפן פראָנט און ס'איז נישטאָ פון אים קיין פּיפּס, קיין דוך. זי דאַרף זיך געפינען, ביילקע, בײַ עפּעס אַ מומע אירע. און צירל, די שטיפשוועסטער, מיטן שוואַרצן קאָפּ האָר פאַרקעמט אויף אַרויף, ווי אַן „אַלט געמיט", זאָל האָבן געוואָרן אַ פּשוטע פאַבריק־אַרבעטאָרין און אַ גאַנצע מאַכערקע בײַ די אַרבעטער אין זייערע קאָמיטעטן און פאַראיינען.

זיי האָבן קיינמאָל נישט געלעבט בשלום צווישן זיך, די צוויי שוועסטערס. זיך שטענדיק אַרומגעריסן פאַר די קעפּ. קיינער האָט זיך אָבער נישט געטאָרט אַרײַנמישן צו זיי. כּמעט יעדן טאָג איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע צעווערטלען זיך צווישן די צוויי מיידלעך — די שוועסטער מיט דער שטיפשוועסטער:

— וואָס מאַכסטו אָן, צירל, כ'האָב דאָך די מינוט צוגערוימט.

— וועסטו נאָכאַמאָל רוימען.

— זאָלסט אַזוי געזונט זײַן צי כ'וועל נאָכאַמאָל רוימען.

— פאַר מײַן סטאַלבן קענסטו אינגאַנצן נישט רוימען. דו רוימסט דען פאַר מיר? פאַר די יונגען דײַנע רוימסטו דאָך...

— מײַן חתן זאָלסטו נישט נעמען אין מויל אַרײַן.

— ער וועט אַזוי זײַן דײַנער, ביילקעשי, ווי איך — אַ רביצין.

— וועסט אים מיר אפשר אויסכאַפּן?

— ער וועט אַליין ווערן אַ האָז.

— און דו ווער מײַן כּפּרה.

— פאַרוואָס עפּעס דײַנע? ווער דו — מײַנע.

— דו ביסט עלטער, צירעלע.

— און דו, שלאַק, זאָלסט זיך שוין פאַרשפּאָרן צו עלטערן.

— נאָך איין וואָרט — קריגסטו מיט דער באַרשט איבערן קאָפּ.

ביידע מיידלעך געבן זיך גלייך אַ פאַרפלעכט מיט די הענט, מע פאַרפאָרט זיך אין די האָר, ס'ווערט אַ געראַנגל מיט אַ געאַמפּערײַ. מע דריקט זיך צו און מע גיט זיך מיט אימפּעט אַ שטויס אָפּ פון זיך אויף צוריק, ווי די ייִנגלעך אויפן הויף טוען עס בעת זיי שלאָגן זיך. די באַרשט, וואָס ביילקע האָט נישט באַוויזן צו פאַרהייבן אין דער הייך, פּלאָנטערט זיך צווישן די פיס. ביילקע גיט זיך פּלוצים אַ פאַרטשעפּע, פאַלט אום און צעקלאַפּט זיך דעם קאָפּ. זי הייבט

זיך נישט אויף באלד און ליגט אזוי ווי אן סימנים פון לעבן. צירל גיט צו איר א לויף צו אן איבערגעשראקענע, הייבט זי אן וועקן און טרייסלען פאר די אקס־לען, קושן און האלדזן, אז זי וועט שוין נישט מער:

— מאך שוין אויף די אויגן, מאך אויף... איך בעט דיך, ביילקעלע, וואס איז דיר?... — און אז זי זעט, אז ביילקע ליגט נאך אלץ מיט צוגעשלאסענע אויגן, צעוויינט זי זיך מיט א „ווי איז מיר נישט! וואס האב איך געטון, וואס?" און נעמט שרײַען:

— געוואלט! מענטשן! ראטעוועט!...

דעמאלט גיט ביילקע אן עפן אויף די אויגן, ווי זי וואלט זיך אליין געווען איבערגעשראקן, און שפרינגט־אויף מיט א הילכיק געלעכטער וואס זי האט אפ־גענארט די שטיפשוועסטער. ביידע כאפן זיך ארום דערפרייטע און געבן זיך דאס ווארט, אז מער וועט מען זיך שוין נישט ארומקריגן, קיינמאל נישט...

נאך יעדער קריגערײַ זענען זיי זיך געווארן די בעסטע גוטע פרײַנד, און נישט געלאזט, ס'זאל עמעצער אויסרעדן אויף דער צווייטער א שלעכט ווארט. און אז דאס ייִנגל, ביילקעס חתן, איז אונטעצײַט ארויפגעקומען אין שטוב ארײַן אויף וועטשערע, האט ער זיך אזש נישט געקאנט אפוווּנדערן פון זייער געטרײַ־שאפט און שטארק אפגעליבט פאר דער מאמען זייערער, וואס זי האט אזעלכע געראטענע קינדער:

— זיי האבן זיך ליב ווי די טײַבעלעך... א פארגעניגן אויף זיי א קוק צו געבן... ס'איז נאר מקנא צו זײַן...

איצט איז שוין נישטא וואס מקנא צו זײַן. אלץ איז זיך צעפאלן ווי א קארטנשטיבל. ערשט דא פאר דער פארהעמערטער שטומער טיר האט משה מעט דערזעען ווי ווײַט די מילחמה האט אלץ באוויזן צו גרייכן.

מיט א קלאפנדיק הארץ איז ער פריִער מיט א ווײַל געלאפן איבער די דרײַ שטאק שטיגן. ער האט שוין אויסגעקוקט די מינוט צו קאנען געבן א קריך ארײַן און פארזינקען אין דער פוכענער ווייכקייט פון א בעט. אזוי לאנג שוין געבענקט נאך א היימיש געלעגער, נאך אן איבערבעט מיט קישנס אין ווײַסן איבערציג, אט ווי ס'איז געווען אין פולטוסק בײַ די מיידלעך דארט. ווען ער לאזט זיך דעמאלט צורעדן צו שרײַבן תנאים מיטן בלייכן מיידל מיט די פארלייגטע צעפ־לעך ווי א קרענצל ארום קאפ — וואלט ער דאך גלײַך געווען פארפארן צו זיי אין שטוב ארײַן ווי אן אייגענער, ווי צו זיך אהיים — אויף אלעם גרייטן, זיך פארשפארט צו דרייען דא הינטער פרעמדע טירן ווי א גנב און נישט קאנען אוועקגיין פון דער ליידיקער שטוב. דאס טיפוס־צעטל אויף דער טיר לאזט אים נישט גיין... ווי ס'וואלט געווען אנגעקלעפט אויף אים, אויף זײַן פלייצע. יעדער צוריר צו אים איז אנשטעקנדיק. אלע וועלן אנטלויפן פאר אים ווי פאר א פעסט...

װוּ װעט ער איצט שטעלן אַן ערשטן טריט, אָן אַ גראָשן בײַ דער נשמה און אין אַזאַ הילוך? װער װעט אים אַריבערלאָזן איבער אַ שװעל?

פונעם װאַרעמען שטראָם פרײד, װאָס ס׳האָט אים פריִער דורכגענומען, משה מעטן, פון דער אומגעריכטער ראַשיקער באַגעגעניש מיט די ייִדן אונטן אין גאַס, איז שוין איצט קיין שפּור נישט געבליבן, צערונען געװאָרן און פאַרשװוּנדן װי אַ רויך. אַ ביטערער טעם פון אַנטוישונג האָט אים אָפּגענומען דעם חשק זיך צו רירן פון אָרט. די אַלע הויפּפענצטער מיטן געלן, שװאַכבאַלויכטענעם גאַזליכט, װאָס האָבן אים מיט אַ מינוט פריִער — װי ס׳האָט זיך אים אויסגעװיזן — געגריסט מיט אויסגעבענקטער היימישקייט און אַלטבאַקאַנטשאַפט — גלאָצן איצט געטשקעװאַטע — פרעמד און גלײַכגילטיק. זיי זענען אַלע פאַרצויגן מיט געדיכטע גאַרדינען, גלײַך װי זיי װאָלטן עפּעס געהאַט װאָס אויסצובאַהאַלטן פאַר אַ זײַטיק אויג. װאָס פאַר אַ שייכות האָט ער מיט די אַלע פענצטער, זיי קוקן צומאָל נישט אויף אים, זעען אים נישט. זיי זענען אָפּגעשלאָסן מיט זיך אין זייער זאַטקייט און געמיטלעכקייט. זיי האָבן מורא מע זאָל זיי חלילה נישט שטערן זייער רו און נישט לאָזן געניסן פון די באַקװעמלעכקייטן און שטוביקער רחבות... און פאַר אָט די אַלע איז ער עס אויסגעליגן אין די אָקאָפּעס, געלאָפן אין אַטאַקעס, געגאַנגען „נאַ־שטיכי״, אויף באַגנעטן זיך געשלאָגן, אַז זייער פרידלעכקייט און רויִקייט זאָל נישט געשטערט װערן אויף קיין האָר נישט. און איצט, אַז ער איז צוריקגעקומען — אַ זיגער, אַ שטאָלצער בעל־ניצחון פון פראָנט, װאָס האָט מיט זײַן געװאַגטקייט און בלוט אויסגעקעמפט פאַר אַלעמען די פרײַ — איצט דאַרף ער דאָ זיצן אויפן שטיגעלע אויפן דריטן שטאָק — צונויפגעדרייט אין דרײַען הינטער פרעמדע געשלאָסענע טירן און נישט האָבן װוּ אַרײַנצוגיין.

# קאַפּיטל זיבן

# דער נסיון

אַ הילכיק לויפֿן אויף די אונטערשטע שטאָקן און אַ טראַסק מיט אַ טיר האָט משה מעטן אויפֿגעוועקט פֿונעם דרעמל. געמוזט לאַנג אַזוי זיצן דאָ אויפֿן שטיגל. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער שכנטע פֿון דער לעצטער טיר אין קאָרידאָר, די אלמנה, נעכע די צעדרייטע. זי האָט געפֿלעגט שעהען לאַנג אָפּזיצן בײַ זיי אין שטוב מיטן מאַנס אַ שקאַרפּעטקע אין דער האַנט אַרויפֿגעצויגן אויף אַ גלעזל און נישט טראַכטן אַפֿילו זי צו צערעוועז. געהאַלטן אין איין רעדן וועגן מאַן, אַז ער דאַרף באַלד קומען פֿון גאַס, ער איז אַוודאי הונגעריק און זי האָט גאָרנישט צוגעגרייט פֿאַר אים קיין עסן. זאָל ער כאָטש האָבן אַ פּאָר אויספּאַראַכטענע שקאַרפּעטן, ס'זאָל אים נישט קוועלן אין גיין. וואָס ער גייט אויס אַ טאָג, גייט נישט קיין אַנדערער אויס אין אַ גאַנץ יאָר...

מיט שווערע פֿאָרזיכטיק־געמאָסטענע טריט איז משה מעט אדורך דורכן קאָרידאָר און געבליבן שטיין אַן איינגעהאָרכטער הינטער דער אלמנהס טיר. ס'האָט זיך אים געדאַכט אַז ער געפֿינט זיך דאָ צום ערשטן מאָל. אַלץ איז אים דאָ געווען פֿרעמד. די היימישע דרײַ שטאָק שטיגן וואָס ער איז זיי שטענדיק אַרויף מיט איין אָטעם; די טונקעלע קאָרידאָרן אויף יעדן שטאָק מיט די שכנישע טירן, פֿון וואַנען ס'שלאָגט שטענדיק אַ טוכלעקייט און ס'פּילט זיך מיט קעץ און מײַז; דער לאַנגער הויף מיטן ברויט־פּורגאָן פֿון דער בעקערײַ, וואָס שטייט אין די נעכט אַן אויסגעשפּאַנטער מיט די צוויי פֿאַרהויבענע האָלאָבליעס, ווי אויסגעשטרעקטע פֿאַרצווייפֿלטע הענט, וואָס בעטן זיך רחמים בײַם הימל, מע זאָל זיי שוין צוריק אײַנשפּאַנען, זיי ווילן צוריק דערפֿילן די וואַרעמע זײַטן פֿונעם געלן קאַשטאַן־פֿערד און נישט שטיין אַזוי פֿאַרגולמט, ווי געליימט.

אַ נאָגנדיק געפֿיל, ווי פֿון אַן אומגעשטילטן הונגער, האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ער האָט דאָ מער גאָרנישט וואָס צו טון, און אַז ער וועט זיך סײַ ווי גאָרנישט דערוויסן. איבעריקנס איז ער נישט געווען בכוח זיך איצט אַוועקצוזעצן מיט דער האַלבצעדרייטער יידענע, וואָס האָט אַ טבע זיך אַרײַנצופּאַקן אין בוזעם אַרײַן אַלץ וואָס ס'קומט איר אונטער די הענט, און חושד זײַן דעם ערשטן בעסטן, וואָס געפֿינט זיך לעבן איר, אַז יענער האָט עס בײַ איר צוגענומען, אַ גנב מיט די אויגן, מ'דאַרף אים טרײַבן ווי אַ הונט, נישט אַריבערלאָזן איבער דער שוועל. די חתונה־געהאַטע טאָכטער אירע האָט שוין אַמאָל געהאַט אַרויסגעשלעפּט אַ פֿאַראיילציטן הערינג פֿון דער מאַמעס בוזעם אַרויס. און איר געוויזן, אַז זי האָט אומזיסט חושד געווען דעם איידעם, דעם מאַן אירן. די טאָכ־

טער — אַ שטילע נשמה — האָט דערפון געליטן, נאָר קיינעם נישט געזאָגט קיין וואָרט וועגן דער מאַמען. קיינמאָל נישט איבערגעחזרט פאַר ווֶעמען. זי האָט געוווּסט איר בראָך און געהיטן די מאַמע ווי מע היט אַ גנבֿ. און דאָך נישט באַמערקט ווי די מאַמע פּאַקט אַלץ אײַן בוזעם אַרײַן. ערשט, ווען זי כאַפּט זיך, די טאָכטער, אַז ס׳פעלט עפּעס, גייט זי צו צו דער מאַמען און רוימט איר אײַן אַ סוד, אַז זי זאָל אַרויסלייגן וואָס זי האָט גענומען, און פאַרשפּאָרן איר דאָס וואַרפן אַן אומזיסטן חשד אויף אַן אומשולדיקן מענטש. די מאַמע פאָלגט ווי אַ קליין קינד. די טאָכטער מאַכט זיך נישט וויסן, אַז די מאַמע אירע איז נישט מיט אַלעמען, און וועט איר ווידער אַמאָל בעטן, מער עס נישט צו טון און נישט פאַרצאַפּן איר דאָס בלוט פאַר פרעמדע מענטשן.

מיט האַמעטנע טעמפּע טריט האָט זיך משה מעט געלאָזט גיין געלאַסן אַי־בער די שטיגן — אַ שטיג נאָך אַ שטיג. ער וועט נאָך אפשר פּרוּוון אַרײַנגיין צום סטרוזש, צום אַלטן כּלבֿ מיט די אַרויפגעדרייטע וואָנסעס. ער האָט געהייסן מיכאַלע. מ׳האָט אים גערופן „די מענטע“. „די מענטע גייט מיטן בעזעם“, „די מענטע זיצט אין טויער“... ער איז גראָד נישט געווען קיין ריז, קיין גבֿר, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ „מענטע“. פאַרקערט, אַ „זדעכלאַק“ געווען. אַז ער האָט גענומען הוסטן, האָט ער געקאָנט אַזוי ווילאַנג אַוועק כאָרכלען און כראַקען און רײַסן דעם האַלדז, זיך פאַרקײַכן, מע זאָל אַזש מיינען, אַז ער הוסט שוין נישט מער און ווידער אָנהייבן אַ פרישע כריפּערײַ און זעגערײַ מיטן האַלדז, אַזש די אָדערן האָבן זיך אים אָנגעדראָלט נאָר צום פּלאַצן.

משה מעט איז דורכגעגאַנגען דעם שטילן הויף מיט אײַנגעהאַלטענע פּאַמע־לעכע טריט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט וועמען איבערצוּוועקן. מיט אַן אײַנגע־בויגענעם פינגער אָנגעקלאַפּט אין פענצטערל, וואָס איז געווען אײַנגעפּאַסט אין דער טיר, פאַרצויגן מיט אַן אויפּפאַלנדיק ציכטיק ווײַס פאָרהענגל, וואָס מע טרעפט בײַ יונגע פאָרפעלקער נאָך דער חתונה. ער האָט זיך געוואָלט צוריקציִען, נאָר שוין נישט באַוויזן. אַ יונגע קריסטין האָט געעפנט די טיר, און זעענדיק אַ מענטש אין אַ מונדיר פון אַ פּוילישן סאָלדאַט — אים אַרײַנפאַרבעטן אינעם נידעריקן סטריזשוּוקע־שטיבל מיט די הייליקע בילדער אויף די ווענט און גרויסן דאָרפישן הילצערנעם צלם איבערן הויכפאַרבעטן בעט — באַלייגט מיט קישנס און קישעלעך ביז אַרויף.

זי האָט געטראָגן אַ דאָרפיש קלייד פון פּראָסטן לײַן, מיט פאַרביקע פּאַסן, פאַרקנעפּלט פון אויבן אויף צוויי גלעזערנע קנעפּעלעך. די יונגע פרוי האָט פאַר־מאַכט הינטער אים די טיר און פאַרריכט דאָס פאָרהענגל, אַז ס׳זאָל נישט זײַן קיין שפּאַרע צו זען וואָס ס׳טוט זיך אינעווייניק. זי האָט זיך אויסגעדרייט צום

אַרײַנגעקומענעם זעלנער, וואָס איז געבליבן אָפּהענטיק בײַ דער טיר; און אַ פּיר־געטון די האַנט פון זיך אַוועק, ווי זי וואָלט פרײַ געמאַכט פאַר אים דעם וועג:

— פּראָשע... זאָל דער פּאַן זשאָלניעזש [1] גיין ווײַטער... אין צימער...

די נײַע סטרוזשקע מיט די העלבלאָנדע האָר און אָפענעם שמייכל אַרום פּולן מויל האָט אַ פאַררויטלטע אויפן גאַנצן פּנים אים צוגעטראָגן אַ בענקל צום זיצן. זי האָט זיך גענומען פאָרען אַרום אים, ווי אַרום אַ לאַנגדערוואַרטן גאַסט. אים פאָרגעשלאָגן אַ גלאָז מילך מיט פויעריש ברויט, וואָס די מאַמע ברענגט איר פון דאָרף איין מאָל אין דער וואָך. זי איז גראָד נעכטן געווען, און דאָס ברויט איז נאָך פריש ווי נאָר וואָס פון אויוון אַרויס. דאָ אין דער גרויסער שטאָט קריגט מען עס דאָך נישט פאַר קיין געלט. פאַרוואָס עסט ער נישט? אפשר שמעקט אים נישט. וועט זי אים געבן אַ זעמעלע, אַ קייזערקע...

משה מעט האָט אין גרויס פאַרלעגנהייט געפּרוווט נישט־דרייסט דערווי־דערן און נישט געוווסט דורך וואַנען אַרויס. די יונגע גויע האָט אים נישט גע־לאָזט קומען צום וואָרט. זי האָט אים שוין באַוויזן צו דערציילן, אַז זי פילט זיך דאָ אומגליקלעך... „פּזשעטשעזש סאַמע זשידקי" [2] ווױנען דאָ, אַ גאַנצער הויף יידן, און נישט בלויז דער הויף, די גאַנצע גאַס. פון וואַנען דערנעמען זיך אַהער אַזוי פיל יידן?... זי האָט נישט מיט וועמען אַ וואָרט אַרויסצורעדן. וואָס דאַרף ער מער? אַפילו די קריסטלעכע דאָזאָרצעס פון די אַנדערע הייף רעדן דאָך אויך ווי די יידן. זיי „שוואַרגאָטשען" [3] נאָך דאָס יידישע לשון און האַלטן זיך פאַר קריסטן. און „וואָגולע" [4] קומט זי נישט אין ערגעץ זינט מ'האָט איר סטאַכן געגעבן אַ כאַפּ און אַ שיק אויפן פראָנט. כאָטש מ'האָט אים נישט געטאָרט נע־מען, סטאַכן, ער איז אַ קראַנקער, איר מאַן, אַ שווינדזוכטיקער... זי האָט אים ליב ווי ס'גאַנצע לעבן... און דערצו בענקט זי נאָכן דאָרף אַז זי גייט אַזש אויס... איר סטאַך האָט איר אָנגעזאָגט פאַרן אַוועקגיין, ווען ער איז שוין געשטאַנען מיטן פלעצאַק אויף די פּלייצעס, אַז זי זאָל נישט דערוואַרטן צוריקפאָרן... דאָ זאָל זי זײַן. ס'איז אַ ירושה פון זײַן זיידן, דעם פּאַן מיכאַלע, דעם פריערדיקן דאָזאָרצע. ער האָט געליטן אויף אַסטמע, דער אַלטער, זיך איינמאָל פאַרקײַכט און מער נישט געקאָנט קומען צו זיך... זיך דערשטיקט מיטן אייגענעם אָטעם. ער האָט געהאַט אַ שיינעם „פּאָגזשעב". די גאַנצע גאַס יידן איז אים נאָכגע־גאַנגען. און די אַלטע זאָכע האָט אים אַ חודש שפּעטער נאָכגעטון דאָס זעלבע. זיך געלייגט גאַנץ און געזונט און מער נישט אויפגעשטאַנען. ביידע זענען זיי, זי מיטן מאַן, געקומען פון דאָרף מאַכן דעם „פּאָגזשעב" פאַר דער אַלטער, און אַזוי שוין פאַרבליבן אין שטאָט. זי האָט שוין טאַקע לאַנג נישט געהאַט קיין בריוו פון איר סטאַכן. זי ווייסט שוין אַליין נישט וואָס איבערצוקלערן. איז זי

[1] זעלנער, [2] וואָרן בלויז יידן, [3] פּרעפּלען, [4] בכלל.

איצט זייער צופרידן, וואָס דער ליבער גאַסט, דער פּאַן זשאַלניעזש איז געקומען פון פראָנט און אַוודאי געברענגט אַ לעבעדיקן גרוס... ווען איר מאָן קלערט אַהיימצוקומען, ס׳איז דאָך שוין אויס מילחמה... זאָל דער גאַסט עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן... אַלץ איז צום געניסן דאָ... זי וועט דערווײַל גיין אָנצינדן דאָס קאַרביט־לעמפּל איבער דער קיך, וועט זײַן אָנגענעם צו פאַרברענגען.

ס׳איז שוין דאָ טאַקע געווען גוט פינצטער אינעם וועכטער־שטיבל. די קליינע פענצטער־שײַבלעך, וואָס גייען אַרויס אין ווינקל פון הויף, זענען געווען פאַרצויגן מיט אַ טיפן בלאָ און אויסגעזען ווי אײַנגעפּאַסטע פירקאַנטיקע שטיק־לעך הימל פון אַ לבנה־נאַכט. דאָס לבנה־פּנים ליגט נאָך ערגעץ נידעריק אויפן האָריזאָנט. באַלד וועט עס אַרויפשווימען אין דער הייך און אָנשפּאַרן אויך אַהער, אים דערטאַפּן דאָ אַנטקעגן הילצערנעם צלם וואָס שוואַרצט זיך אויף דער וואַנט.

משה מעט איז אַזוי געבליבן זיצן אויפן שפּיץ בענקל ווי אויף הייסע קוילן — אײַנגעאָנצן אַ באַגאָסענער מיט אַ קאַלטן שווייס. ער האָט נישט געהאַט ווו די אויגן אַהינצוטון. אין קאָפּ האָט געזעצט ווי מיט האַמערס. ער האָט געוווסט, אַז ער טאָר זיך דאָ צו גאָרנישט צורירן, צו קיין שום זאַך נישט, נישט צום ברויט און נישט צו דער מילך, כאָטש די צונג איז אים טרוקן ווי אַ לעדער, גלײַך ער וואָלט געהאַט אַ פײַער אין מויל. ער האָט אויסגעקוקט אַ נס, וואָס זאָל אים קומען אויסלייזן פון דער באַרעדעוודיקער גויע. אַזאַ יונגע און מיט ניין מאָס רייד! אין דער זעלבער צײַט האָט עס אַלץ אין אים געצויגן צו בלײַבן דאָ וואָס־לענגער... זײַן גלײַענדיקער בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן בעט מיט די ווייכע אָנגעפּוישטע דאָרפישע קישנס. פון דאָרט געבלאָנדזשעט צום ווינקל, ווו די יונגע העלע קריסטין איז געשטאַנען איבערגעבויגן אַ פאַרפּאָרעטע בײַם אַרויסנעמען עפּעס פון קיכשענקעלע. ער האָט נאָכגעפאָלגט מיטן בליק איר יעדער באַוועגונג אין דער האַלבטונקלקייט פונעם קיכווינקל. אָט איצט וועט ער זיך לאָזן צו דער טיר. בײַם פרווו זיך אויפצוהייבן האָט דאָס בענקל געגעבן אַ סקריפּ. אין דער זעלבער רגע האָט זיך די קריסטין אויסגעדרייט צו דער שטוב מיטן אָנגעצונ־דענעם קאַרביט־לעמפּל, וואָס האָט איר באַלויכטן אַ האַלב פּנים און דאָס אַנדערע האַלבע געלאָזט אין שאָטן. זי האָט אים דורכגענומען מיט אַ הייסן מאָנענדיקן בליק, וואָס האָט אים אי געהייסן בלײַבן, אי אַז ער וויל — קאָן ער גיין, זי וועט אים נישט צוהאַלטן.

דאָס ווײַסע ציגל פונעם קאַרביט־לעמל האָט משה מעטן גענומען טאַנצן אין די אויגן אַרײַן שפּאַטיש און טראַציק, ווי ס׳וואָלט אָפּגעלאַכט פון אים, פון זײַן מאַנצפאַרשוינקייט. אָנשטאָט אויפצושטיין און זיך לאָזן צו דער טיר, האָט זיך זײַן האַנט אויסגעשטרעקט ווי פון זיך אַליין נאָכן ברויט. ער האָט זיך דערין אײַנגעביסן מיט אַלע ציין. זיך צוגעכאַפּט צום עסן מיט אַזאַ חשק ווי נאָך קיינמאָל נישט אין לעבן.

# קאַפּיטל אַכט

# די האַלערטשיקעס

דער שײנער פּױלישער שפּעטהאַרבסט האָט אָפּגעשאָטן דאָס רײפע גאָלד פון די בײמערקרױנען און אױסגעשפּרײט דאָס בלעטערװאַרג מיטן רױט־לעך־קופּערנעם אָפּשײַן פון האַרבסטיקע זונפאַרגאַנגען צופוסנס די שפּאַצירנדיקע און דורכגײער אין די פּאַרקן, סקװערן און גאַסן.

פון דער װײַסל איז אױפגעגאַנגען אַ בלאָלעך־זילבערנער נעפּל, װאָס האָט זיך געהױבן מיט די אינדערנידער־ליגנדיקע מאַרינשטאַט־געסלעך אַרױף צו דער קראָקעװער פאַרשטאָט און אײַנגעהילט אין בלאָע מאַנטלען די בראָנדזענע און מאַרמאָרנע דענקמעלער און מאָנומענטן פון פּױלנס פרײַהײט־קעמפער, קעניגן, פּאָעטן און לעגיאָנערן.

אין דער לופט איז געשטאַנען אַ שאַרפער, װײַניק־זיסלעכער ריח פון װײַסל־װאַסער און איבערגערײפטע עפּל און באַרנעס, װאָס האָבן זיך גערױטלט אױף די װעגעלעך — אָנגעקומענע פון װײַסלבערג מיטן פריש־אײַנגעהאַנדלטן גאַלאַר־אױבס, װאָס איז אָנגעבראַכט געװאָרן אַהער אױף שיפלעך פון די פּױלישע שפּעדיקע סעדער.

פון איבער אַלע טױערן און באַלקאָנען האָבן פון פּאַרטאָגס אָן פרײַ און שטאָלץ אַראָפּגעפלאַטערט אין גאָס די רױט־װײסע פענער פון ברודיקלעכן לײַװונט, װאָס די פּױלישע פּאַטריאָטן און קעמפער האָבן אַרױסגעקריגן פון די קעלערן און פינצטערע באַהעלטענישן אױף דער ליכטיקער שײַן אַרױס. פונעם לאַנגן האַלטן זײ פאַרשטעקט אין טוכלע ערטער האָבן די פענער געהאַט אַן אױסזען פון אַלט־אָפּגעניצטע אױסגעדינטע שלאַכטפענער, װאָס מע ברענגט צוריק פון די פראָנטן.

דאָס האָט צוגעגעבן מער פײַערלעכקײט און ערנסט דער גרױסער יום־טוב־דיקײט, װאָס האָט אַראָפּגעשײַנט פון אַלעמענס פּנימער... די פּױלישע מלוכה פענער זענען אַרױסגעהאָנגען געװאָרן צוליבן אָנקום קײן װאַרשע פונעם גענע־ראַל האַלערס אַרמײ.

צװישן דעם אױסגעסטראַיעטן ציװילן עולם, װאָס האָט פאַרפולט די גאַסן,

האָבן זיך באַוויזן די עלעגאַנטע בלאָע מונדירלעך פון די האַלערטשיקעס. ס׳איז געווען קענטיק, אַז די אויסגעכאַלעטע זעלנער און אָפיצירן, וואָס זענען געקומען פון די אויסלאַנדס, האָבן רעכט קיין פּולווער נישט געשמעקט. זיי האָבן זיך אומעטום נאָכגעשלעפּט בײַם עק פון די קעמפנדיקע אויסלענדישע אַרמייען, און האָפערדיקע זענען זיי דאָ גרייט געווען אויסצולאָדענען אין דער הויפּטשטאָט זייער אָנגעזאַמלטע ענערגיע און קאָמפּלוסטיקייט לכבוד פּוילנס אויסגעקעמפּטער אומאָפּהענגיקייט.

זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די וואַרשעווער גאַסן גרופּעסווײַז מיט די בלאָע מיליטערישע „שיפּעלעך" וווילעריש פאַררוקט אויפן שפּיץ קאָפּ, און זיך צעשאָטן צו דרײַ און צו פינף איבער דער גאַנצער ברייט פונעם טראָטואַר, אַזוי ווי בעת אַן אָבלאַווע, ווי אַ קאַם, וואָס דאַרף דורכקעמען אַ גאַס מענטשן.

די פּוילישע באַפעלקערונג האָט געקוקט אויף זיי מיט פאַרערונג און שטאָלץ, זיך יחוסדיק געגרייסט מיט זיי: אויסלענדישע פּאָלאַקן!... שיינע שלאַנקע יונגען — איינס און איינס, ווי געקליבן!... אַזעלכע עלעגאַנטע זעלנער, ווי די אויסגעשטאָפּטע פּופּעס... זיי האָבן זיך געמאָלדן פרײַוויליק צום גענעראַל האַלער, געוואָלט גיין זיך שלאָגן פאַר זייער „אויטשיזנע"[1], פאַר אַ פרײַ פּוילן... אמתע פּאַטריאָטן... זיי האָבן נאָר בלויז אַ קליין ביסעלע פאַרשפּעטיקט מיט זייערע פּאַטריאָטישע געפילן. ווען זיי זענען צוריקגעקומען אַהיים קיין פּוילן, זיך דערשלאָגן צום היימלאַנד, איז שוין די פרײַהייט געווען אויסגעקעמפט, אַן זיי. זייער אייגן לעבן איז שוין געווען אויסער יעדער געפאַר. איז דאַרף מען דאָך דערפאַר עפּעס אַ הוליע געבן אַזוי ווי יונגוואַרג קאָן... און זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט קושן מיט יעדן באַגעגנטן מיידל, מיט יעדער פּוילישער פרוי, וואָס איז זיי אַנטקעגנגעקומען אין גאַס.

אין אָנהייב האָבן די באַגלייטנדיקע מענער נישט דערווידערט. ס׳איז זיי אַפילו געפעלן, זיי האָבן געזען דערין אַן עכטן אויסדרוק פון ליבע צו פּוילן, אויף אַ זעלנערישן שטייגער... נאָר אַז זיי האָבן דערזען, אַז ס׳איז בלויז אַזאַ ספּאָרט בײַ די זעלנער, וואָס האָבן דאָס אַרײַנגעכאַפּטע מיידל אין די אָרעמס איבערגעגעבן פון איינעם צום צווייטן ווי אַ פּילקע, — האָט זיך אין זיי צעשפּילט די „יוכע", און זיי האָבן אָנגעהויבן דערלאַנגען די זעלנערוקעס אין די פּיסקעס אַרײַן אַזש פונקען זענען געפלויגן...

נאָכן באַקומען אומגעריכט אַזאַ מיאוסן אָפּשניט פון די „ברידער פּאָלאַקן", האָבן זיך די האַלערטשיקעס, פאַרביטערטע, מיט צעקאָכטע בלוטן אַוועקגעלאָזט אין די ייִדישע גאַסן — אויסלאָזן דעם כעס צו די ייִדישע קעפּ, נקמה נעמען אָן

[1] פאָטערלאַנד.

די יידן פאַר די אַרײַנגעכאַפּטע פּוילישע קלעפּ. זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָ גייען זיי אויף אַ זיכערער בריק... די יידעלעך וועלן קריגן צוגעלייגט און מאַכן אַ שוויַיג... זיי וועלן נישט דערוועגן צוריקצוגעבן... און אויב יאָ וועט מען פון זיי מאַכן קרעפּלפלייש. מע וועט זיי ווײַזן וואָס ס'הייסט, אויפהייבן אַ האַנט אויף אַ פּוילישן זעלנער...

אין דער יידישער געגנט האָט מיטן גרויסן שטראָם פרייד מיטאַמאָל אַ יאָג־געטון אַ מוטנע כוואַליע פון שרעק. די האַלערטשיקעס זענען געוואָרן וואָס אַמאָל מער צעיושעטער און צעווילדעוועטער. זיי האָבן זיך געלאָזט ווילגייען איבער יידישע קעפּ. נישט געשאַנעוועט קיין פרויען און קינדער. באַפאַלן יידישע מאַמעס און אַרויסגעוואָרפן די קינדער פון די וווזקעס. געשלאָגן יעדן פאַרבײַגייער, וואָס האָט געהאַט אַ יידישן אויסזען, מכות־רצח, ביז בלוט, געריסן בײַ די עלטערע יידן די בערד צוזאַמען מיטן פלייש.

בײַם באַווײַזן זיך פון אַ זעלנערישן בלאָען מונדיר האָבן זיך די גאַסן אינם יידישן קוואַרטאַל אין איין מינוט געטומען אָפּרייניקן פון מענטשן. אַלץ איז געלאָפן אין די טויערן אַרײַן זיך באַהאַלטן, פאַרשטעקן, אָפּוואַרטן. ווייניקער געוואַגטע און אין לאַנגע קאַפּעטעס האָבן מורא געהאַט אַ פוס אַרויסצושטעלן, נישט זיכער־זײַענדיק צי זיי וועלן צוריקקומען אַהיים מיט גאַנצע ביינער. קורצגעקליידטע יונגעלײַט, די אויפגעקלערטע, פון די פאַראיינען, און די וואָס רעדן „פּאָ פּאָלאַשו" האָבן דווקא יאָ ריזיקירט און געגאַנגען גלײַך אַנטקעגן... באַזאָרגטע מיט גראָבע סענקאַטע שטעקנס אין די הענט, קוים מאַכט זיך עפּעס — זאָל זײַן מיט וואָס צוריקצודערלאַנגען איבער די קעפּ...

די יידישע יונגעלײַט און מיידלעך, די אַרבעטער און אינטעליגענץ, וואָס האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין פאַראיינען, שאַפן קלובן און אָרגאַניזאַציעס — זענען געווען צופיל פאַרנומען מיט זייערע פאַרטיי־לאָקאַלן און מיט דער כוואַליע שטרייקן, וואָס זיי האָבן געפירט אויף דער יידישער גאַס; מיטן אַראָפּנעמען שטרייקברעכער פון דער אַרבעט; מיטן אָנלערנען חוצפהדיקע באַלעבאַטים און ווײַבלעך פון די פאַבריקאַנטן — גרויסע שרײַערקעס, וואָס האָבן געקאָנט אָפּגיסן די דעלעגאַטן מיט אַ טאָפּ קאָכעדיק וואַסער. די באַוווּסטזיניקע יוגנט איז געווען צופיל פאַרנומען מיטן אויפבויען די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, און דערווײַל פאַרזען די כוליגאַנישע אַרויסטריטן און איבערפאַלן פון די דעמאָראַליזירטע פּוילישע מיליטער־לײַט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן מיט איינצלנע פאַרפאַלן דאָ און דאָרט, וואָס מ'האָט עס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, נישט געלייגט דערויף קיין אַכט. און אויסגעוואַקסן איז עס אין אַ מכות־מדינה. מ'האָט נישט פּראָטעסטירט, נישט גערופן קיין מיטינגען, נישט צוריקגעשלאָגן אין יעדן אינדיווידועלן פאַל. מ'איז געווען קעגן אָנווענדן אינדיווידועלן טעראָר און אַליין

בּישט געגרייט קיין אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד. יעדער קעגן־אַרויסטריט וואָלט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ ווענדקע צו כאַפּן די יידן אויפן האַטשיק; ווי אַ פּראָוואָקאַציע, וואָס וואָלט ערשט אַרויסגערופן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען און עקסצעסן. און אַזוי, אַז מע וועט נישט צופיל רייצן דעם גוי, וועט זיך עס פון זיך אַליין איינשטילן. זיי וועלן מיד ווערן און אויפהערן...

דאָס יידישע לעבן איז דערוויַיל געבליבן אויף הפקר פאַרן צעווילדעוועטן זעלנערישן טעראָר. די שרעק האָט מיט גרויסע אויגן אַרויסגעקוקט פון אַלע ווינקלען און לעכער. אַקעגן נאַכטצו האָבן די יידישע גאַסן געהאַט אַן אויסזען ווי אויסגעשטאָרבענע, פאַרשפּעטיקטע פאַרבייַגייער האָבן זיך געשאַרט בײַ די ווענט, זיך גערוקט פון טויער צו טויער. אַ סך הויזוועכטערס האָבן פאַרשלאָסן דאָס טויער פריער, פאַר דער באַשטימטער צײַט, דער קרבן זאָל זיך נישט האָבן ווו אויסצובאַהאַלטן. און אַזוי איז יעדער געבליבענער טראָפּן פרייד געפּלאַצט ווי אַ זייפנבלאָז. דער גרויסער צוטרוי פון די ערשטע טעג צו די פּוילישע רעגירער איז אויסגעוועפּט געוואָרן אַפילו בײַ די סאַמע אומבאַרעכנטסטע בעלי־בטחון, וואָס האָבן געכאַפּט טײַבעלעך אין בוזעם; געהאַלטן, אַז מיט דער באַפרײַונג פון פּוילישן פאָלק פון אָקופּאַציע־אַפּיטרופּסות וועט אויך קומען די ישועה פאַר אַלע יידן אין דער פּוילישער מדינה. אָנשטאָט דעם איז געקומען די אַנטוישונג, וואָס האָט צונישט געמאַכט אַלע פּלענער און חשבונות וואָס יידן האָבן געמאַכט אויף אייגענער האַנט — אָנעם באַלעבאָס.

קאַפּיטל נײַן

# דער פאַרשווערטער פּוילישער מונדיר

דער באַפרײַטער פראַנטזעלנער, משה מעט, דער העלד פון הינטער ווילנע, האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן אַ היימלאָזער און הונגעריקער מיט אַן אומגעשטילטן ברענענדיקן פאַרדראָס. ער איז געווען צערייצט ווי אַ חיה, וואָס מ'האָט נאָרוואָס אַרײַנגעלאָזט אין אַ שטײַג. זײַנע אַלע געדאַנקען האָבן זיך געדרייט נאָר אַרום איינס: ווי אַזוי קריגט מען אַ געלעגנהייט זיך צו פאַרטשעפּען אין אַ בלאָ מונדירל אַזאָס... איי, ווען ער טרעפט אַן אַזאַ האַלערטשיקל. ער וואָלט אים דערציילט די אמתע מעשה. יענער וואָלט שוין געהאַט צו פאַרזאָגן אַ צענטן. אין דער פאַנטאַזיע האָבן זיך שוין בײַ אים אויסגעמירט פאַרשידענע פאָזיציעס פונעם צוזאַמענשטויס מיט די כוליגאַנעס. נאָך איידער יענע וועלן זיך אַריענטירן וואָס און ווען, וועט ער זיי געבן אַ פאַרפאַר צווישן די אויגן, אַז זיי זאָלן באַלד אויפן אָרט ווערן סטאַמלעיעט... וויפל זיי וואָלטן נישט געווען וואָלט ער נישט אָפּגעטרעטן... זיי זאָלן וויסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַז ס'איז נישט קיין הפקר־וועלט, אַז אַ מענטשלעך לעבן האָט נאָך עפּעס אַ ווערט.

אַ גאַנצן טאָג האָט משה מעט גאַרנישט געהאַט אין זײַן מויל. ס'האָט אים נישט געגומען צום עסן. ער איז געווען פויל צו גיין אין דער גאָרקיך אַרײַן. כאָטש פאַר די אויגן האָט זיך כסדר געפּאַרעט דער טעלער קאַרטאָפל־זופּ מיט באַבעלעך. ווען מע לייגט אים אַוועק גאָלד, וואָלט ער זיך נישט געווען צוגערירט דערצו. אַזוי אַן אַפּעטיט איז ער הײַנט. ער האָט געפילט אַ מאָדנע פאַרשעמטקייט פאַר דער מענטשלעכער שיפלות. ער האָט זיך געשעמט פאַרן שײַן פון טאָג, פאַר אַ מענטשלעכן בליק... ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלע, אַלע חוזקט פון אים, דעם געוועזענעם פראַנטזעלנער, דעם גאַנצן העלד, וואָס האָט נישט דאָ אין ציוויל אויף וואָס צו פאַרטוישן דעם עובר־בטולדיקן שינעל. דער פּוילישער פראַנט־מונדיר רופט נישט מער אַרויס קיין דרך־ארץ צו זיך... גיכער אַ שפּאָטישער צוריקוואָרף פון אַלע זײַטן, אַזוי ווי פון אַזעלכע וואָס זיצן שוין פעסט אין זאָטל און לאַכן שוין איצט פון דער וועלט.

— ווער דאַרף דיך מיט דײַן פּאַטריאָטיזם... מוחל דײַנע טובות... ווער האָט דיך געבעטן ווער?... מע וואָלט אַן דיר אויך געווען געווינען די מילחמה... די ייִדעלעך מיינען נאָר, אַז אָן זיי וואָלט זיך די וועלט נישט געקאָנט קיין ריר טון פון דאַנען ביז אַהער...

אָט אַזוי האָט זיך אים אויסגעוויזן, רעדן צו אים די אַנבאַגעגנטע אויבנ־

אַראָפּיקע בליקן פון די פּױלישע הערן און דאַמען אין גאַס. איצט דאַרפן זײ אים שױן נישט, משה מעטן. ער איז שױן איצט אַן איבעריקער, דער ייִדישער זעלנער, שױן נישט נײטיק מער, און דער מיליטערישער מאַנטל, װאָס ער טראָגט אױף זיך, װי אַ לעבעדיקער עדות פון זײַן אָנטײל אינעם „נס אױף דער װײַסל״, שטעכט איצט בלױז אַלעמען אין די אױגן.

דער פּױלישער שלאַכטמונדיר, װאָס ער האָט געטראָגן אױף זיך מיט אַזאַ שטאָלץ, האָט אים איצט אַלײן געבריט װי אַ פײַער. ער האָט זיך געפילט אין אים אַזױ שפּילדיק און דערדריקט... װאָסער װערט האָט טאַקע אָט די צעפּליקטע שמאַטע אַנטקעגן די שפּאָגלנײַע העלבלאָע אױסלענדישע פּױלישע מונדירן װאָס פּאַראַדירן איצט אין גאַס? זײ נעמען זיך אױף אַ רעכטן אמת גרײטן צו באַלע־באַטעװען. זײ האָבן חשק צו װערן די הערשער איבערן גאַנצן נאָכמילחמהדיקן לעבן אין באַנײַטן פּױלן... אַ שײן פּנים װעלן אַלע האָבן אַז זײ װעלן קומען צו דער מאַכט.

ער האָט געװאָלט אַנטלױפן פון דער דאָזיקער װירקלעכקײט, זײַן װאָס װײַ־טער פון די מענטשן, פון די איראָנישע בליקן זײערע, װאָס האָבן אים געשטאָכן װי נאָדלען... ער איז כמעט װי אונטערגעלאָפן, אַראָפּ מיט די הינטערגעסלעך זוכן אַ טרײסט בײַ דער הײמישער פּױלישער װײַסל, װאָס רעדט צו אים מיט דער שפּראַך פון די גרױסע פּױלישע שײנגײַסטער און פּאָעטן. דער פּױלישער פּײ־זאַזש איז אים אײַנגעבאַקן אין האַרץ מיט דער זעלבער פאַרבענקטקײט און טיפנאָגנדיקן גרינװעלקנדיקן טרױער, װאָס װײעט פון דער פּױלישער פּאָעזיע. ער האָט די לידער געזופּט אין די נעכט אינעם פּײַכטן אַלקערל בײַ אַ חלבן ליכטל װאָס ער האָט שטענדיק געהאַט צוגעגרײט לעבן אײַזערנעם בעטל.

דער װײַסל־ריח אױפן גרינאָפּגעבלאַקעװעטן ברעג האָט אים דורכגענומען װי דער שאַרפער ריח פון בראָנפן. דאָ האָט נאָך אַן אױסגעדינטער זעלנער אַ שטיקל װערט. דער אײגנטימער פונעם צענדלינג שיפלעך, װאָס װיגן זיך לײ־דיקע אַרום דער גרינער בודקע אױפן װאַסער, האָט אים אױפגענומען העפלעך, מיט אָפּשײ. אים מכבד געװען מיט אַ הײמיש־צונױפגעדרײט ציגאַרעטל פון אַ בלעכן פּושקעלע אַרױס, באַגלײט מיט אָפּגעריסענע װערטער פול מיט לױב פאַרן פּױלישן סאָלדאַט, דעם פראָסטן „שערעגאָװיעץ״, דעם פּוסגײער. מיט אַזעלכע זעלנער איז גוט צו גײן אין מילחמה אַרײַן. מע קאָן נישט מיט זײ פאַרפאַלן װערן. װי די טײַװולאָנים רײַסן זײ זיך אין שלאַכט. ער איז אַלײן געװען אַן עדות פון זײער העלדישקײט דאָ בײַ דער װײַסל...

דער אַלטער לודקאַזש מיט דער װײַסער פאָלקע האָר אױפן הינטערשטן טײל קאָפּ, װאָס האָט פון פאָרנט געגלאַנצט װי געשײַערט קופּער, האָט זיך פאַר־ריכט דעם לעדערנעם רימען אױף די העלגראַנאַטענע ברײטע מאַטראָסן־הױזן. ער

האָט אויסגעשפּיגן אין וואַסער אַרײַן דאָס פּײַכטע שטיקל ציגאַרעטל איבערן הילצערנעם פּאַרענטש אַריבער. מיט דער אָפענער האַנטפלאַך זיך אָפּגעווישט דאָס מויל און אַ פּיר געטון מיט די פינגער רעכטס און לינקס איבער דער גראָב־לעכער וואָנסע, וואָס האָט אונטערגעציטערט בעתן התפעלותדיקן רעדן וועגן דער זעלנערשער גבורה. יעדעס צווייטע וואָרט באַגלייט מיט אַ „טאַק פּראָשע פּאַנאַ״ ¹ און אויסהערנדיק משה מעטס בקשה, ער זאָל אים דערלויבן זיך איבערלודקעווען אַ ביסל איבער דער ווײַסל, — ער האָט נישט איצט קיין געלט; ער וועט אים זיכער באַצאָלן ווי נאָר ער וועט עפּעס פאַרדינען, — האָט דער אַלטער מאַטראָז זיך נאָכאַמאָל אַ וויש געטון היין און צוריק די וואָנסע, ווי ער וואָלט געוווען געהאַט מיט זיך אַ ישוב־הדעת און אַליין מיט אים געגאַנגען אויסקלײַבן אַ שיפל, אַ גרינגס און באַקוועמס.

משה מעט האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין דער לודקע, וואָס דער אַלטער האָט מיטן לאַנגן דראָנג צוגעצויגן צום ברעג שפּרינגענדיק פון איין לודקע אין דער צווייטער ווי אַ יונגערמאַנטשיק. דער אַלטער שיפער האָט אָפּגעשטופּט דאָס שיפל פון ברעג מיט אַ „טאַק פּראָשע פּאַנאַ״ און נאָכגעשריגן משה מעטן, ער זאָל זיך נישט אײַלן אַזוי גיך צו זײַן צוריק, ער קאָן זיך לודקעווען ווי לאַנג ער וויל, אַ שעה און צוויי, אַפילו אַ גאַנצן טאָג.

משה מעט האָט אַ צענעם געטון די וויאָסלעס און זיך אַוועקגעשיפט אויף דער מעכטיקער כוואַליעדיקער ברוסט פון דער אָפענער ווײַסל, זיך געהוידעט אַרויף־אַראָפּ אויף די גרינלעכע שטשאָוו־באָרשט־וואַסערן אונטער דער פּראַגער בריק. ער האָט זיך אַוועקגעשיפט ווײַט, נאָך דער סאַסקע־קעמפּע אַוועק. געשניטן מיט די וויאָסלעס די בייזצעשוימטע פלאַסטן כוואַליעס מיט פאַרביסענעם האַסט... איצט ברעכן אים די קניען אין גיין, ס׳ציִען אים עטוואָס די געלענקען, און ס׳דאַכט זיך אים כסדר, אַז די ערד וויגט זיך אים אונטער זײַנע טריט. מעג־לעך, אַז ס׳איז גאָר פון שוואַכקייט... פאָרט נאָך אַ נאָכאַנאַנדיקן אונטערהונגערן. דער טעלער שיטערער „כלופּוס״ פון דער גאָרקיך זעטיקט נישט. ס׳איז בלויז אויף אָפּצונאַרן דעם מאָגן, וואָס ער האַלט אים אין איין פאַרקיטעווען מיטן נישט־דערבאַקענעם שוואַרצן ברויט. הײַנט האָט ער אויך דאָס ביסל וואָרעמס דורכגעלאָזט. טאַקע שלעכט געטון. באַדאַרפן אָפּהיטן די מיטאָג־שעה, ווען די גאָרקיך איז אָפן, ווי יעדן טאָג. פריִער אָפּעסן און נאָך דעם זיך גיין לודקעווען אויף דער ווײַסל.

ער האָט געמיינט, אַז דער אומרו פון די לעצטע טעג, וואָס האָט אים גע־טריבן פון אָרט צו אָרט, וועט זיך אים אײַנשטילן אויף דער ווײַסל. צום סוף

---

¹ אַזוי איז עס, מײַן הער.

האָט עס אים נאָך מער צערייצט. צי פילן זיי דען נישט, די פּאָלאַקן, די שלווה־דיקע שיינקייט פון דער פּוילישער לאַנדשאַפט? וואָס זענען זיי טויב און בלינד, פאַרגלושעט פון דער רשעות ביז טעמפּקייט? ווי די טונקעלע צעשוימטע כוואַליעס האָט דאָס בלוט אין אים אומרויִק גערוישט פון גרויס פאַרביטערונג אויף די פירעכצער פון די דעמאָראַליזירטע אַרמיי־טיילן, אויפן שטומשווײַגעניש פון דער גאַנצער פּוילישער געזעלשאַפט... ווי דאָס קוקט זיך אַזוי צו מיט אַ שמייכעלע אונטער די שלאַכטעצקע וואָנסעס צו די ווילדע מעשים פון די האַלערטשיקעס... צי האָבן מיר נישט קיין גלײַכן חלק אין דעם פּוילן וואָס שטייט איצט אויף צו אַ נײַ לעבן? פאַרוואָס קומט עס אונדז אַזעלכע אומזיסטע באַליידיקונגען און דערנידעריקונגען?... ווען די אַרמיי־פירערשאַפט זאָגט איין וואָרט, וואָלט דאָך אין אַ מינוט געווען אויס מיט דער גאַנצער וואַקכאַנאַליע פון די הפקר־יונגען.

ווען ער האָט זיך אַרײַנגעדרייט, משה מעט, מיט דער פּרעטע־גאַס אין דער שווענטע־יורסקע אַרײַן, האָט זיך פאַר זײַנע אויגן אַ שוואַרץ־געטון פון דער ווײַטנס אַ קנויל מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרמישט מיטן שנײַדיקן בלענד פון העלבלאָע שינעלן. דאָס האַסטיק־לויפיקע בלוט האָט אים אַ זעץ־געטון צום קאָפּ. ער האָט געזען פאַר זיך אַ געאַמפּערײַ, פאַרהויבענע הענט, פויסטן, פליִענדיקע קאַפּעלושן און שטעקנס וואָס האָבן זיך געבראַכן איבער קעפּ. די קוויטשיק־פאַרטייבנדיקע געשרייען האָבן זיך טעמפּ אָנגעשלאָגן אָן די פאַרדרענגטע מויערן פון דעם טייל שווענטע־יורסקע, וואָס איז שטענדיק האַלבליידיק, ווי ס׳וואָלט געווען אַ באַזונדער אָפּגעלעגן געסל, אינגאַנצן נישט ענלעך צו דער אַנדערער העלפט פון דער באַלעבטער גאַס.

מיט אַ שווערקייט און געשפּאַנטקייט אין אַלע אברים, ווי פון איבערגעלאָפענעם כעס מיט אַ צופלוס פון צוגעשטראָמטע כוחות, וואָס אָט צעשפּאַרן זיי אין אים דאָס האַרץ מיטן מוח, האָט זיך משה מעט גענומען דערנענטערן מיט שווערע טריט פון אַ בער אַרויף צום שוואַרצן געזעמל, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויפן ברוק אין מיטן גאַס — איינס אויף ס׳אַנדערע — באַגלייט פון קולות און גוואַלדן פון די צוויי אַליינגעבליבענע יונגע פרויען, וואָס האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ פאַרדריקטע צו אַ צוגעהאַקט טויער. אויף דער ערד האָבן צוויי יונגע ציווילע מענער געקעמפט מיט דרײַ האַלערטשיקעס, וואָס האָבן זיי געשלאָגן מיט די פויסטן אין פּנים אַרײַן, און באַקומען צוריקגעקאָפּעט פון די אומגעוואָרפענע ייִדישע יונגעלײַט.

ווי אַ צעיושעטער יונגער אָקס האָט זיך משה מעט אַרײַנגעוואָלעט מיט זײַן קערפּער אינעם מענטשנקנויל, און מיט זײַנע אײַזערנע פויסטן גענומען האַקן איבער די אָפּגעשווירענע זעלנערישע קעפּ ווי מיט האַמערס.

די צוויי פרויען בײַם פאַרהאַקטן טויער האָבן זיך מיטאַמאָל אָפּגעריסן פון

אָרט און צוגעלאָפן פאַרצווייפלטע צו זייערע צעשלאָגענע באַגלייטער. אַזוי ווי פון אַ גרוב אַרויס האָבן די צוויי כלה־מיידלעך געגומען שלעפן און אַרויסרײַסן זייערע חתנים פון דער סכנה, פונעם אומגליק. די האַלערטשיקעס האָבן זיך איצט פאַרשוימטע, ווי צעיאָגטע פערד, מיט פאַרלאָפענע אויגן און צעפּינעטע מײַלער, אַ וואָרף־געטון אויף משה מעטן. אינעם טעמפּן געפאַל פון קלעפּ, וואָס משה מעטן האָט געטיילט און באַקומען צוריק פון אַלע זײַטן, האָבן זיך געגומען דורכרײַסן הילפרופן און יעזוס־מאַריאַ־געשרייען צוזאַמענגעמישט מיט משה מעטס פריסיקע זאַמדרייד, וואָס זענען געפאַלן די שקצים גלײַך אין די אויגן אַרײַן:

— ווער האָט זיך געשלאָגן אויף די פּראַגטן? איך צי איר? ווער האָט פאַרטיידיקט די „אויטשיזנע", איך צי איר? ווער?... ווער?... איך האָב זיך געשלאָגן!... איך האָב געקעמפט פאַר...

— מילטש!... זשידאָווסקאַ מאָרדאַ!... זאַמקני געמבע, סוקין־סין!... נאַ!... נאַ!... דאָ האָסטו, חזירישער פּיסק!... פאַר פוילן!... פאַר די באָלשעוויקעס!... פאַר דער מילחמה!... זאַ נאַשאָן ניעפּאָדלעגלאָשטש!... זאַ זשעטשפּאָספּאָליטאָן!...[1]

משה מעטן האָט זיך געראַנגלט ווי אַ פאַרוווּנדעטער לייב. מיט די לעצטע כוחות זיך פאַרטיידיקט פון האָגל קלעפּ, וואָס איז איצט געפאַלן אויף אים פון אַלע זײַטן איבערן קאָפּ, פּלייצעס און קאַרק. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז נישט דרײַ פאַר הענט, נאָר אַ גאַנצע ראָטע האַמערט איבער אים מיט די פויסטן. שוואַרצע רעדער האָבן געגומען שווינדלען פאַר די אויגן. ער האָט שוין נישט געפילט די קלעפּ. מיטאַמאָל זיך האָסטיק אַראָפּגעזעצט מיט אַ פאַל צו דער מויער ווי אַ שטיק ליים. ס'איז נאָך דערגאַנגען צו אים אַ שאַרף פײַפערײַ פון פּאָליצייִשע פײַפלעך און אַן אויסגעצויגענער געוויי ווי פון אַן אָנפאַרנדיקן לאָקאָמאָטיוו אויף אַן איבערגעפּולטער באַנסטאַנציע. פּלוצים איז אַלץ פאַרזונקען, אײַנגעשטילט געוואָרן, נישט צו הערן מער קיין שאָרך. אַ טויבע פינצטערניש האָט זיך געלייגט אַרום משה מעט, וואָס איז געבליבן אַזוי בײַם טויער אין אַ האַלבזיצנדיקער פּאָזיציע, ווי אַ צונויפגעקנוילטע קופּע, אין אַ קאַלוזשע בלוט.

אַ דראָבנער האָסטיקער רעגן האָט געגומען טריפן איבער די שטיינער, אויפן ברוק און טראָטואַר, געפאַלן אלכסון סטרוגעסוויַז איבערן פאַרבלוטיקטן שמאַטעדיקן פּראַנטשינעל, איבער משה מעטס אָפּגעדעקטן קאָפּ פאַרגראָבן אויף אַראָפּ צו דער ערד און געשטרעקטע פיס פאַרוויקלט ביז די קני'ען אין די זעלנערשע וויקלעס. און אַזוי פאַלנדיק האָט זיך דער רעגן אויסגעמישט מיט די געדיכטע שטראָמלעך בלוט, וואָס זענען ריטשקעסוויַז אָפּגעפלאָסן צוזאַמען מיט די רעגנשנירלעך אין רינשטאָק אַרײַן.

---

[1] פאַר אונדזער אומאָפּהענגיקייט, פאַר דער רעפּובליק!

צווייטער רינג

# אן אורח אויף שבת

## קאַפּיטל איינס

# דאָס קאָזשלע־געסל

צו „שיינדעלע די בלאַכערקע״ דאַרף מען זיך נישט דערפרעגן. יעדעס קינד פון קאָזשלע־געסל קאָן גלײַך אָנווײַזן צו איר. אַפּילו אַ קינד פון די זײַטיקע געסלעך קאָן אויך טרעפן צו דער בלאַכערקע.

אַז מע וויל אַ קינד שיקן עפּעס פאַרריכטן, אַ שעפּ מיט אַ לעכל, אַן אָפּגעשפּרונגען טעפּל, צי אַ טשייניקל פון סענץ וואָס רינט, זאָגט מען צום קינד:

—ד׳עסט אַראָפּגיין צו שיינדעלע די בלאַכערקע און זאָגן: די מאַמעשי האָט געבעטן זי זאָלן עס פאַרלייטן „נאַ פּאָטשעקאַניע״ [1]

די דאָזיקע מאַמעשי וועט קיינמאָל נישט אָפּמשלען, ווי אַזוי מע גייט צו שיינדעלע די בלאַכערקע, און דאָס קינד וועט קיינמאָל נישט איבערפרעגן דעם געוויינטלעכן:

— ווי איז עס? כ׳האָב מורא כ׳על נישט טרעפן...

דאָס קינד וועט געבן אַ כאַפּ די כלי און זיך לאָזן איבערן געסל און אויסרופן מיטן זעלבן ניגון פון די בלאַכאַזשעס וואָס גייען איבער די הייף:

— צו פאַרראַכטן! צו פאַרלייטן!... שיסלען, טעפּ, ראָנדלעס, טשייניקעס פאַרראַכט איך!...

דאָס קינד וועט נישט האָבן ווײַט צו לויפן, ווײַל דאָס קאָזשלע־געסל ציילט סך־הכל זעקס הײַזער מיט די „אום״־ציפערן — פון איינס ביז עלף — פון איין זײַט, און פון דער אַנדערער זײַט — גאָרנישט. דאָס הייסט נישט, אַז ס׳זענען נישטאָ קיין הײַזער אויף דער צווייטער זײַט גאַס. הײַזער זענען שוין יאָ דאָ און טאַקע גאַנץ נישט־קשהדיקע, טייל אַפּילו מיט גזימסענע פיגורלעך, קאַרניזן און שטוקאַטורן; די שטענדיק־ריינע און שטענדיק־פאַרהאָנגענע פענצטער אויף דער דאָזיקער זײַט עפענען זיך קיינמאָל נישט אין געסל אַרײַן, און ממילא גיסט מען נישט פון זיי קיין פּאָמיִעס אויף די בײַנאַכטיקע פאַרבײַגייער. נאָר די דאָזיקע זײַט ווערט נישט פאַררעכנט צום געסל. זי ווערט אָנגערופן „די בלינדע וואַנט״, ווײַל קיין טויערן זענען דאָ אינגאַנצן נישטאָ. די אַרײַנגאַנג געפינען זיך

[1] אויף דער גיך, אויפן אָרט.

אויף יענער זײַט מויער, פון הינטן — פון דער גוייִשער זײַט. די אַלע הײַזער ווערן טאַקע פאַררעכנט צו דער פּרעטע־גאַס.

זעט אויס, אַז אויך הײַזער האָבן זייער גורל, זייער מזל און מערכה. אַ חוץ די קינדער, וואָס שפּילן זיך דאָ אין קלאַסן, צי אין קוקסער, גייען די דערוואַקסענע נישט גערן אויפן דאַזיקן טראָטואַר. מע מײַדט אים בכיוון אויס. עפּעס ווי אַלע וואָלטן זיך געוועזן אָפּגערעדט, אַז ס'איז אַ סך באַקוועמער צו גיין אויפן יִדישן טראָטואַר, ווי אויף „זייערן", און צווייטנס: ס'פעלט דען אויס אָרט אויף דעם טראָטואַר, מע זאָל דאַרפן גיין אויף יענעם?...

פּונקט ווי די מויערן, וואָס כאָטש זיי שטייען איינס קעגן אַנדערן — קוקן זיי זיך נישט אָן, אַזוי אויך די צוויי מיוחסדיקע גאַסן, — וואָס האַלטן איינגעקלעמט דאָס קאַזשלע־געסל פון ביידע זײַטן, — זענען זיי זיך איינס דאָס אַנדערע פרעמד, גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך נישט געווען געקענט.

אין די זונטיקס און חגא־טעג מוז נעבעך דאָס יִדישע געסל פאַרנעמען דאָס שטײַפע, אויסגעצויגענע זינגען פון די אָפענע קלויסטערס און דאָס גלעקלדיקע געקלימפּער פון פײַערלעכע פּראָצעסיעס, וואָס ציִען פאַרבײַ אויף יענער זײַט איבער דער גוייִשער גאַס, און להבדיל, אין די שבתים און יום־טובים פאַרקריכן צו די הויכע פענצטער אויף דער לינקער זײַט די שבתדיקע זמירות און חסידישע ניגונים וואָס טראָגן זיך פון די צעפּראַלטע יִדישע פענצטער וואָס גייען אַרויס אויף דער גאַס.

די פרומע יִדן פון די זײַטיקע יִדישע גאַסן שעמען זיך מיט איר ווי מיט אַן אונטערגעוואָרפענס. אַז זיי הערן, אַז מ'איז פון דער קאַזשלע, מוזן זיי שטענדיק צוגעבן:

— אַ וואָזשנער יִחוס — די קאַזשלע־גאַס... שוין בעסער אַז מע זאָגט נישט אויס...

און דער געלער סרולע דער מילכיִד, וואָס טראָגט פונאַנדער מוצאי־שבת, באַלד נאָך הבדלה, די מילך גלײַך פון די קי צו די באַלעבאָסטעס אין די שטובן אַרײַן, מוז פאַרבײַסן די ליפּן און הינטער דער טיר זוכן אַ זכות אויפן געסל זײַנעם:

— וואָס געפעלט זיי אַזוי נישט מײַן גאַס... אַ גאַס ווי אַלע גאַסן...

אָבער אין האַרצן ווייסט ער, אַז ס'איז זיך נישטאָ מיט וואָס צו גרייסן, און די „טרייפענע האַלעס" אַרויפצו אין געסל זענען נאָך אַ צושמעלצעכץ צום גרויסן יִחוס.

די קאַזשלע איז דעריבער נישטאָ וואָס מקנא צו זײַן. זי איז נישט יִדישלעך און נישט קריסטלעך. זי איז ביידע צוזאַמען און ביידע צדדים שאָקלען זיך פון איר אָפּ. זי האָט דערפאַר שטענדיק אַ זויערע מינע, איז שטענדיק אומצו־

פרידן, אָנגעכמורעט בייז. זי ווייסט קיינמאָל נישט פון וועמען צו האַלטן און מיט וועמען זי איז מער מחותן — מיט די אָרעמע ייִדישע שטובן צי מיט די גוייִשע סאַלאָנען.

פון איר רעכטער זײַט קומט מען אַרויס אויף דער רחבותדיקער פרום־ייִדי־שער פראַנטשישקאַנער־גאַס, וואָס פירט אויף אַרויף, צו דער צעצווײַגטער ייִדישער געגנט, מיט ייִדישע קינדערלעך אין די רינשטאָקן; מיט תלמוד־תורהס, בתי־מדר־שים און חסידים־שטיבלעך כמעט אין יעדן הויף; מיט ייִדישע שפּײַזגעוועלבלעך, ווו ס'פילט זיך שטאַרק מיט פאַראייליצטע אוליקעס־הערינג, מיט מײַזנבאַבקעס און מיט טויזנטער זשומענדיקע פליגן, וואָס מאַטערן זיך אויף די ראַלקעס קלעפּ־פּאַפּיר, צעהאַנגענע איבערן בופעט ווי פאַרביקע סטענגעס. און פון דער לינקער זײַט קאַזשלע פאַלט מען אַרײַן צווישן בלויז גויים און גויעס אויף דער פרעטער־גאַס, וואָס פירט אַראָפּצו — צו „זייער" געגנט, צו דער ווײַסל־געגנט, פּאָווישלע, מיט „זייערע" קינדערלעך אין די רינשטאָקן; מיט קלויסטערס, מאָנאַסטירן און שאַנדהײַזער כמעט אויף יעדן ראָג; מיט „זייערע" שפּײַזקרעמלעך, ווו ס'פילט זיך שטאַרק מיט אײַנגעזײַערט קרויט און פאַרדומפּן חזיר־פעטס, מיט מײַזנבאַב־קעס און מיט טויזנטער זשומענדיקע פליגן, וואָס מאַטערן זיך אויף די ראַלקעס „לעפּ־נאַ־מוכי", צעהאַנגענע ווי אילומינאַציעס איבער די בופעטן.

די ייִדישע ייִנגלעך, וואָס לויפן מיט די צעפאַרענע קאַפּאָטקעלעך שבת־נאָכ־מיטאָג פון „ווילנע"־פּלאַץ — נאָך די געשלעגן מיט די גוייִשע ייִנגלעך וואָס יאָגן זיי נאָך — וועלן קיינמאָל נישט אַרײַנלויפן אין געסל פון דער פּוילישער זײַט... פון די „טרייפענע האַלעס" קאָנען זיך אומגעריכט באַווײַזן די קײַלער־יונגען אין די ווײַסע פאַרבלוטיקטע פאַרטעכער מיט די בלאַנקע מעסערס בײַ די זײַטן... זיי געבן פלינק אַ לויף־אונטער און כאַפּן אַרײַן אַזאַ ייִנגל אין זייערע לאַפּעס ווי אין אַ מויזן־קלאַטקע. זיי האַלטן די יאַטלעך אַזוי לאַנג ביז די שקצים קומען אָנצולויפן. די קײַלער־יונגען געבן זיי איבער די געכאַפּטע ייִנגלעך אין זייערע הענט אַרײַן און דאַמאָלסט איז מען אַ פאַרטיקער. מע גייט שוין נישט אַרויס מיט קיין גאַנצע ביינער.

די ייִדישע ייִנגלעך געדענקען שטענדיק — אין דער גרעסטער סכנה — אַז מע דאַרף אַרײַנלויפן אין געסל אַרײַן פון דער ייִדישער זײַט — פון דער פראַנ־טשישקאַנער־גאַס, ווו די קאַזשלע הייבט זיך אָן מיטן אויפגעפּראַלטן טויער אויף דער רעכטער זײַט. דאָרט קאָן מען זיך באַהאַלטן אין הויף, און אָפּוואַרטן אין שטאַל צווישן די קי, וואָס מע טרעפט שטענדיק מאַלעגיירען. דער מילכווײַסער גאַוור־פּאַדעם ציט זיך לאַנג, גלײַך ווי דער זילבערנער שטראַל, וואָס שלאָגט זיך דורך דורך אַ שפּאַרע, וואָלט זיך געווען פאַרטשעפּעט אין קיִעשן פּיסק און ציט זיך אַזוי ביז אין דער קאָריטע אַרײַן.

דער געלער סרולע דער מילכיִד, וואָס איז אינגאַנצן ענלעך צו זײַנע קי מיט זײַן געלקייט, געלאַסנקייט און שווער־באַוועגלעכקייט, ווערט זיך אין דער דאָזי־קער צײַט — פֿאַר דער אָוונטמעלק — געפֿינען בײַם טויער אין דער שבתדיקער קאַפּאָטע מיטן גאַרטל אַרומגענומען און מיט די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן. ער שטייט מכלומרשט פֿאַרטראַכט, גלײַכגילטיק, ווי ס'וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען דאָס געיעג אויף די יִנגלעך. נאָר קוים פּרוּווט זיך ווער פֿון די שקצים דערנענ־טערן צום טויער — גיט ער אַ צעשטעלן ביידע פֿיס אין אַרײַנגאַנג, ווי אַ ריזיקע אָפּענע שער צום שנײַדן, און קיין איין שייגעצל ווערט זיך שוין נישט קאָנען דורכשמוגלען אין הויף צו די אויסבאַהאַלטענע יִנגלעך. די שקצים דרייען זיך דעמאָלט אַ פּאָר מינוט פֿאַרן טויער. זיי רייצן זיך מיטן מילכיִד, ער זאָל זיך אויף זיי וואַרפֿן, וועלן זיך די אַנדערע דערווײַל אַרײַנקריגן אין הויף אַרײַן. נאָר אַז ס'געלינגט זיי נישט דאָס שפּיצל — שאַרן זיי זיך אַוועק, ווי אָפּגענאַרטע, אַ ביסל ווײַטער אין געסל אַרײַן און לאָזן אויס זייער כּעס צו שיינדעלע דער בלאַכערקעס שטוב, וואָס שטייט מיט אָפֿענע טירן צו דער גאַס, און וואַרפֿן אַהין אַרײַן שטיינער, וואָס קאַלערן זיך אַראָפּ פֿון אַלע שטיגן מיט אַ טראַמאַסק... און נאָך איידער עמעצער באַווײַזט אַרויסצולויפֿן אין דער הייך פֿאַר דער טיר זענען שוין די שקצים אין עק געסל בײַ די האַלעס, וווּ אַ ייִד טרעט נישט אום שבת אַרײַן מיט קיין פֿוס.

## קאַפּיטל צחיי

# שיינדעלע דער בלאַכערקעס וואַרשטאַטל

שיינדעלע דער בלאַכערקעס צו־פאַרריכטן־צו־פאַרלייטן־וואַרשטאַטל קאָן מען דערזען, ווען מע שטייט נאָך אין עק גאַס, צוליב דעם קרומען שטיקרער, וואָס שטאַרצט מיוחסדיק אַרויס פון דער אָפענער טיר, גלייך ווי ס׳וואָלט באַשיינט אי דאָס געוועלבל אי די גאַס.

דאָס ווייסע שטיק צינקרער הענגט אַזוי האַלב־אינדרויסן און האַלב אויפן ביישטידל פון דער טיר אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר — זומער און ווינטער — אַרומגענומען מיט אַ ברייטן באַנדראָלנדראָט, ווי אַ באַנדאַזש, אין וועלכן ס׳איז פאַרשטעקט אַ קראַנקע שטייף־אויסגעשטרעקטע האַנט.

אויב דאָס איז נאָך ווייניק אויף צוציִען די קונים — הענגט נאָך פון אונטן נאָך אַ בלעכן פלעטל מיט אַן אויפשריפט צוגעפעסטיקט מיט אַ דרעטל צו דער רער. ביידע צוזאַמען — די רער מיטן פלעטל — מאַכן דעם איינדרוק פון אַן אָנגעהאָנגען פלעטל אויפן האַלדז פון אַ טויב־שטומען בעטלער. אַלץ, וואָס דער שטומער וויל זאָגן, זאָגט שוין פאַר אים דאָס פלעטל.

מיט אַ הויל בלעכן געררויש וויגט זיך דאָס שילדל נאָכאַנאַנד אויפן ווינט — אַהין און צוריק, ווי אַן אומרו פון אַ זייגער. די געכתיבהטע אותיות קרומען זיך אויס, וויגן זיך מיט און ציִען צו אַלעמענס בליקן, זאָגן אַלעמען אָן, אַז דאָ מאַכט מען צורעכט קענדלעך, וויאַדרעס, טעפּ און שיסלען און אַז מע נעמט אָן אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר — כלים צו ווייסן אויף פּסח.

שוין פון די שטיגלעך אָן, וואָס פירן אַראָפּ אין דער קעלערשטוב, הייבט זיך אָן דער וואַרשטאַט, און ביים אַראָפּגיין מוז מען זיין געהיט נישט אַרויפצוטרעטן אויף עפּעס אַ כלי, וואָס וואַלגערט זיך דאָ אַרום מיט נאָך ענלעכע חפצים, וואָס מ׳האָט איבערגעלאָזט צו פאַרריכטן.

די בלאַכערקע, מיטן אַליוון פּולוויבלעכן פּנים, מיטן סאַמעטענעם ווייכן בליק און האַרטע באַאַדערטע מענערשע הענט, קאָן זיך קיינמאָל נישט אַרויס־פּלאָנטערן פון די אַרום איר אַרומגעשטעלטע כלים. זי פאַרגעסט זייער אָפט וועלכן טאָפּ זי דאַרף מאַכן שוין אויפן אָרט, און וועלכער קאָן נישט־קשה אַ ביסל צוּוואַרטן:

— ס׳אי ניש פון ציקאָ — ס׳עט ניש צעגיין...

ס׳קומט זייער אָפט אויס, אַז די כלים, וואָס מ׳אײַלט זיך נישט אַזוי אויס־צוקויפן — פּלאָנטערן זיך פון איין זײַט — שוין פּאַרטיקע, און די אַנדערע כלים, וואָס מע רייסט איר אָפּ דעם קאָפּ, זי זאָל זיי אויספּאַרטיקן — וואַלגערן זיך פון דער אַנדערער זײַט, הענגען אויף דער וואַנט (אַ סימן, אַז ס׳איז אַן אײַליק שטיקל אַרבעט), אויפן קאָפּטשיק פון בעט, הינטער איר פּלייצע און אויף דער כסא־מלוכה — די אַלטפרענקישע מאַכאָנענע שטול, מיט די צוויי גאָל־קעס פון ביידע זײַטן אַנלען, מיטן אויסגעריבענעם לעדערנעם געזעס, אויף וועלכן שיינדעלע זיצט אָפּ פון פּאַרטאָגס אָן ביז ס׳ווערט גוט פינצטער, און רײַבט די לעכערדיקע דנאָען פון בלאָגעפּעס, מילכקאַנען און טשייניקעס. זי גיט אײַליק אַ טונק־אײַן דאָס בינטעלע שטײַפע האָר — אָפּגעשניטענע בגבה פון אַ פערדישן עק — אינעם בלעכל זאַלצזײַער, און בלאָזט־אָפּ — פּאָרן באַשמירן מיט דער פּליסיקייט — דאָס אָפּגעריבענע אָרט, ווו ס׳דאַרף דערויף פאַלן דער טראָפּן צין מיט אַ זיד... בײַ יעדן מאָל צולייגן דאָס אָנגעגליטע לייטאײַזן טוט זי פון גע־ווינהייט אַ פאַרסקע מיט דער נאָז, ווי צו געבן אַ נאָס און קאָן נישט.

אויף דער רעכטער זײַט האַרט בײַ די שטיגן רוישט אָן אויפהער דער אַלטער קלאָק, וואָס מע קאָן פון אים נישט פּטור־ווערן און ווערט געהאַלטן אין שטוב במקום נדן — די אָפּגעקראָכענע זינגערוווקע, די ניימאַשין, בײַ וועלכער ס׳זיצט די טאָכטער, שיינדעלעס — די גראָבע גיטשע, און פירט מיט די צוויי פלײשיקע הענט און אויסגעשפּרייטע פינגער איבער דער צוגעשניטענער סחורה אויף אַ קליידל. דער פאַרביק־געבלימלטער שלאָפראָק גייט זיך פונאַנדער מיט די פּאָלעס און ס׳זעט זיך נאַקעט אַרויס דאָס דיקע פלייש מיט די רונדע אָפענע קניִען.

פונקט ווי ס׳וואַלגערן זיך בײַ דער מאַמען די טעפּ, אַזוי זיצט אויף די טאָכטער אַרומבאַלייגט און אַרומבאַהאַנגען פון אַלע זײַטן מיט בלוזקעס אָן קעל־נער, מיט מאַנטלען אָן „פּשאַדקעס" [1], מיט קליידלעך אָן אַרבל. כאָטש זי נעמט נישט אַראָפּ אירע גראָבע „בילאַרדאָווע" פיס פונעם פּעדאַל, און די נאָדל לויפט איבער די קרעטאָנען און איבערגעניטשעוועטע שעוויאָטן, ווי אַ געניט פערדל איבער אַן אַלטבאַקאַנט געסל, דאָך קאָן זי זיך עפּעס גאָרנישט אַרויסקאָפּען פונעם

---

[1] פאָדערטיילן.

גאַנצן אָנגעוואַלגער אַרום איר. נאָר אַרן אַרט עס איר קנאַפּ־וואָס. פאַרקערט, אַז זי האָט נישט אַרום זיך דעם גאַנצן באַרג „שטיקלעך אַרבעט", קאָן זי, דאַכט זיך איר, גאָרנישט טון. זי מאַכט זיך אויך נישט דערפון, ווען די אַלע פאַרחלשט־הענגענדיקע מלבושים בעטן זיך בײַ איר ווי בײַ אַ גזלן:

— מאַך אונדז שוין פאַרטיק, מאַך אונדז... ווי לאַנג וועלן מיר זיך אַרומוואַלגערן — פון טיש אויפן פענצטער, פון פענצטער אויפן שטול, פון שטול אויף דער פאַרצויגענער שטריק, פון דער שטריק אויף דער פּאָדלאָגע און פון דער פּאָדלאָגע ווידער אויפן טיש... ס'מוז דאָך האָבן אַ שיִער, מוז עס דאָך...

נאָר ווי קאָן זי אַלץ באַווײַזן אײנע אַליין? אַז זי מוז אינדערפרי גיין אין די האַלעס אַרײַן אײַנקויפן אויף מיטאָג, אויסטאַפּן בײַ די געגנדזלערינס אַ פעט שטיקל היִנעריש הינטער־חלק, צושטעלן צו קאָכן, אָפּשוימען די יויך, זען ס'זאָל נישט צו האַסטיק קאָכן, אַנישט פאַרלירט די יויך דעם טעם, און אַכטיק געבן אַז די מייערן זאָלן נישט צוברענען. ס'זאָל נישט זײַן קיין „געוואָרפענער" מייערן־צימעס: מע קאָכט אים אָפּ און מע וואַרפט אים אַרויס.

אָט טאַקע דעמאָלט, ווען ס'דאַרף איר אַלץ פאַלן פון די הענט פון גרויס יאָגעניש — געפינט זי צײַט און געדולד צו זיצן אָנגעשפּאַרט מיט בײדע עלנבויגנס אויף דער מאַשין. דעם קאָפּ אַרײַנגעפּאַסט אין די אָפענע הענט ווי אין צוויי קישעלעך און לאַנג, לאַנג אַזוי אַרויסקוקן, מיטן פאַרריסענעם בליק אין דער הייך, דורכן פענצטער מיטן פאַרצויגענעם פוירהענגל, דורך וואַנען ס'זעען זיך, ווי דורך אַ נעפּל, בלויז שטיקלעך פיס — פאַרבײַגייענדיקע, פאַרבײַשאַרנדיקע, פאַרבײַלויפנדיקע, פאַרבײַטשאַפּענדיקע... און ווען די אַלע פיס הייבן איר אָן שווינדלען פאַר די אויגן, גיט זי זיך אַ כאַפּ־אויף, טוט זיך אַ קראַץ אונטערן אָרעם און אַ פּאַק אַרײַן אינעם „ציצן־קאַנפעס־שיסעלע" די ברוסט, וואָס האָט זיך איר אַרויסגעשאַרט פונעם לויזן סטאַניק אַפער. די לינקע ברוסט איז אַלעמאָל שוואַכער פון דער רעכטער. זי איז נאָכגיביקער, שווערלעכער. צוליב דער לינקער ברוסט מוז זי טראָגן דעם סטאַניק. אַנישט וואָלט זי זיך דען געוועזן געקוועלט? זי דערמאָנט זיך פּלוצים, אַז זי האָט דאָך באַדאָרפן אַ קוק טון צו דער קיך. זי גיט זיך אַ היל־אײַן אינעם שלאָפּראָק, וואָס גייט זיך אַליין גלײַך פונאַנדער, און מיט פוילע טריט, ציִענדיק זיך, גייט זי צו צו דער קיך. זי נעמט אַראָפּ האַסטיק די הייסע שטאַרץ פונעם זודיקן טאָפּ עסן וואָס צוואַלעוועט און בולבעט. זי פילט אַ ברי אין די פינגער און לאָזט אַראָפּ דאָס שטאַרצל אויף די פײַערקעס, וואָס ליגן אויף דער ערד, מיט אַ הילך פונעם פאַל. אַראָפּבייגנדיק זיך, אויפצוהייבן די שטאָרץ, טרעפט זי זיך אָן מיט דער מאַמעס שטרענגן בליק און מיט אַ:

— נישטגוטס וואָס דאָס איז... דער גראָבער קלאָץ...

פונעם בלויזן זאָג חזרט זיך דאָרט איבער דער טומל פון עפּעס אַן אַנדערער אַראָפּגעפּאַלענער זאַך, נאָר נאָך שטאַרקער.

קאָן שוין שיינדעלע נישט אײַנזיצן לענגער און גייט אַליין צו צו דער קיך זאַלצן דאָס עסן און אָפּשטופּנדיק גיטשען רעדט זי אין טאָפּ אַרײַן:

— אַז ס׳טויג זיך צו גאָרנישט... אַ קאַץ אַ ווײדל קאָן עס נישט צובינדן... צו וואָס זי רירט זיך צו, די גראָבע מויד, פאַלט איר פון די הענט...

די גראָבע גיטשע ענטפערט נישט: רעדט זי, די מאַמע, ס׳קאָסט איר דען טײַערער, זאָל זי רעדן... זי גיט זיך ווידער אַ פאַרוויקל אינעם שלאָפראָקל און זעצט זיך צו צו דער מאַשין. טוט האַסטיק אַ צעוויג די פיס, אַז די ניימאַשין טרייסלט זיך אַזש אונטער. און ווען די נאָדל לויפט שוין ווידער איר געוויינט־לעכן צאַקנדיקן אַרויף־אַראָפּ־לויף איבער דער צוגעשניטענער סחורה, גיט זי זיך אַ צעזינג מיט אַ דין קולכל וואָס פּאַסט זיך נישט צו איר פולער פיגור:

דיאָך האָבאָך ליב
און דיאָך וועלאָך נעמען
דיאָך וועלאָך נעמען
אַז אַ גראָשן געלט...

## קאפיטל דרײַ

# גיטשע מיט איר קליענטעלע

אַלע, וואָס קענען די בלאַכערקע, געדענקען זי פון שטענדיק אָן — אַ גראָבע, אַ קיילע, אַ ייִדענע אַ פאַרשויק, גלײַך ווי זי וואָלט פון קינדווײַז אָן געווען אַזאַ קאָלאָס. פון אירע ברוינלעך־מעכטיקע אָרעמס קוועלט מיט אַזאַ גבורה, אַז זיי וואָלטן אַזש געקאָנט זײַלן צעטרייסלען... אַנישט וואָלט זי זיך דאָך נישט געווען גענומען צו קיין מענעריש פאַך — צום בלעכערײַ. ווייניק איידעלע מלאכות זענען פאַראַן אויף דער וועלט וואָס זענען צוגעפאַסט פאַר פרויען? צום בײַשפּיל, פעדער־שלײַסערינס, מיקווה־טוקערינס, שייטל־מאַכערינס. מע זאָל וועלן אויסרעכענען וואָס פרויען קאָנען אַלץ טוען... די כוחות, שיינדע־לעס, וואָס שפּאַרן אין איר, זענען אָבער געווען אַזוי גרויס (און דאָס וואָס זי האָט אויך שוין לאַנגע יאָרן נישט געהאַט קיין מאַן גייט דאָך אויך נישט צופּוס), אַז בײַ די קובלעס און ראָנדלעס אויפקלאַפּן האָט זי זיך געפילט ווי בײַ זיך אין דער היים. אין דער פיזיש־שווערער האָרעוואַניע, בײַם האַמערן און פורעמען, שנײַדן און אָנציִען די באַנדאַזשנס און בלעכן — האָט זי געהאַט ווו אויסצולאָ־דענען דעם איבערשטראָם פון כוחות, ווו זיך אויסצולעבן, ווערן אָרײַנגעצויגן און פאַרפּראַצעוועט ביז מידקייט, ביז אָוועקצופאַלן.

וואָס אָן אמת איז עס געווען אַ קנאַפּע רפואה צו אירע נאָגענישן און בענ־קענישן, צו אירע אײַנצוימונגען און אומגעשטילטע באַגערן, וואָס האָבן געקאָכט אין איר ביז ווייטיק. נישט איין נאַכט האָט זי זיך געדרייט אויפן געלעגער און נישט געקאָנט אײַנשלאָפן, און באַדויערט די פאַר יאָר וואָס ווערן געזמאַרנעוועט אויף גאָרנישט; דאָס אַלץ איז אָן אָפּנאַרערײַ און נישט מער. אָבער אַז מע זאָל אַזוי וועלן אַ טראַכט געבן אויף צוריק — נאַרן זיך דאָך אַלע... ווער נאַרט זיך עס נישט אויף דער זינדיקער וועלט? איינער אויף אַזאַ אופן, דער צווייטער — אויף אַן אַנדערן, און קיינער קאָן זיך גאָרנישט העלפן דערצו...

דערפאַר אָבער האָט איר גאָט געבענטשט מיט פרישקייט פון לײַב, וואָס האַלט אָן ביזן הײַנטיקן טאָג, נישט צו פאַרזינדיקן... פאַר אַ פרוי אין אירע יאָרן איז עס זייער אַ סך. ס׳וואָלט גאָרנישט געווען איבערגעטריבן פון איר זײַט, ווען זי זאָגט אַז זי שפּירט אין זיך די כוחות פון אַ ייִנג ווײַבל, וואָס הייבט ערשט אָן פילן דעם טעם פון לעבן.

כאָטש איר פולקייט און דיקקייט איז געווען אַ שם־דבר; אַז מ׳האָט אַ זאָג־געטון דעם נאָמען שיינדעלע די בלאַכערקע, האָט מען גלײַך געזען פאַר זיך אַ פרוי אַן אָסאָבע, דאָך — צו גיטשע קומט זי נישט. די טאָכטער איז נאָכאַמאָל

אַזוי גראָב װי די מאַמע. און כאָטש זי האָט אַזאַ גרעב, די גיטשע, איז זי נישט קיין צעכלאַפּעטע — דאָס פלייש פאַלדעװעט זיך נישט בײַ איר, װי בײַ טייל דיקלעכע פרויען, װאָס ס'מאַכט זיי אַזאַ נישט־אָרנטלעכן אויסזען אַז זיי מוזן זיך שנורעװען און פאַסקעװען, אײַנדריקן די שטיקער פלייש אינעם „צאַלאַשטש"[1], מע זאָל נישט דערקענען אויף זיי אַז זיי זענען צעגאָסן.

נאָר גיטשע דאַרף צו דעם אַלעם נישט אָנקומען. זי איז אַ פעסט־מוסקוליר־טע, אַ מאַסיװע — ס'איז דאָ בײַ איר װאָס אָנצונעמען. זי דאַרף נישט די אַלע פאַסקעס מיט די גאָרסעטן. זי האָט געװנוג אַ בלוזן ביוסטנהאַלטער און דאָס אויך — אַזוי זיך, פון יוצא־װעגן. די מאַסע פלייש אויפן פּנים װערט באַשיינט פון אַ שטיפעריש, עטװאָס־פאַרריסן נעזל, װאָס פאַכעט שטענדיק מיט די פליגעלעך, װי ס'װאָלט זיך אי געבערוגזט, אי געחוזקט; אַ פּאָר פריילעך־בלישטשענדיקע, טיף־אַרײַנגעזעצטע ביר־אויגן מיט הויכע ברעמען װי די בויגנס און מיט לאַנגע שװאַרצע װיִעס, װאָס, אַז זיי לאָזן זיך אַראָפּ איבער די אויגן — צומיינסט, װען מע זאָגט איר, אַז זי קאָן געפעלן — דערמאָנען זיי אין אַ פוירהענגל, װאָס עמע־צער האָט פאַררוקט איבער אַ פענצטער הינטער אַ מיידלש צימערל פאַרן שלאָפן גיין. ס'װילט זיך, זי זאָל שוין װאָס גיכער צוריק עפענען די אויגן און קוקן אויף אַלעמען מיט דער פאַרװוּנדערונג און פאַרשײַטקייט פון אַ קינד אַ קונדס. בײַ דער גאַנצער מגושמדיקייט פון די צװואַקסענע גלידער אירע און אויסגערוב־דיקטע אַקסלען, מיט די פולע פליישיקע הענט — פאַרמאָגט זי אַ שמייכל װאָס מע טרעפט נאָר בײַ גוטע קינדער. זי נעמט יעדן אויף, װער ס'קומט נאָר אַרײַן צו זיי אין שטוב, מיט צוגעלאָזענער ליבלעכקייט, און רעדט צו די קונים, װאָס קומען זיך באַשטעלן אַ קליידל, מיט אַזאַ איידל טענדל װאָס צעגייט אין מויל:

— װאָס זאָגן זי, טײַער קינד, װי פאַלן זי אויס, לאַכטיקע... ס'קליידל װעט דאָך אַראָפּשמעקן פון איהן, װי זי זענען מיך אַ לעבעדיקע... זי האָבן נאָך אַזוינס אין אינס לעבן נישט געטראָגן, קאָכאַנעדיק מענטש װאָס זי זענען... ז'עלן זען, אַז ז'עלן מאַ צוגלייבן קימען... װאָסי, יאַך דאַרף אינס סחורה, גאָט באַהיט. יאַך װיל בלויז מײַן „מאַכעלוין", װאָס ס'קימט מאַ פאַר דער אַרבעט... רעדן זי נישט קיין נאַרישקייטן, קרויגע־לעבן... נאָכװאָס זאָלאַך איהן אָפּקלאָגן ס'קלייד, אַז כ'קאָן עס איהן מאַכן ס'זאָל ליגן װי אויסגעגאָסן... ז'עלן אַרײַנקימען איפּטעװאָך־עלאַך עס איהן אָנפּאָסן... כ'זאָל אַזוי בשלום איבערקומען די מאַנדלען, װאָס מע דאַרף מיִאַ אויסשנײַדן...

אָט אַזוי באַגלייט זי דעם קליִענט, װאָס איז שוין אינגאַנצן װי פאַרכישופט פון אירע רייד, איבער די שטיגלעך ביז אַרויף אויף דער גאַס, און סײַ זי, סײַ דער „קונד" פילן זיך ביידע װי פאַרזיכערט קעגן אַלעם אומגעריכטן, װאָס קאָן זיך מאַכן צװישן דער בייטאָרין און די װאָס לאָזט זיך אויפנייען ס'מלבוש.

[1] גאַנצער גאָרסעט.

נאָר איינס איז אײַנרעדן אַ קונה און עפּעס אַנדערש איז נאָכן געזעגענען זיך. אַז זי קומט שוין צו, גיטשע, צו די מאַנדלען וואָס זי דאַרף איבערקומען — וועט שוין דער קונה לויפן צו איר און ברעכן די פּיס אומזיסט וואָכן מיט חדשים און דאַנקען גאָט, וואָס די שנײַדערין וווינט אויפן פּאַרטער און נישט אויפן פערטן שטאָק, און ביז דאָס ווײַבל וועט זען אַ פּאַרטיק שטיקל אַרבעט, וועלן איר די אויגן פריִער אַרויסקריכן פון קאָפּ. אַזאַ קונה וועט שוין נישט וועלן, אַז ס'זאָל ליגן גוט, אַז ס'זאָל זײַן לויטן נײַעסטן פאַסאָן, אָן די פאַלבאַנעס, און וועט זײַן גרייט באַדײַ פאַרפאַלן לאָזן ס'האַנטגעלט, אַבי כאָטש צוריקצוזען די פּאָר מעטער באַטיסט, צי וועלור, וואָס מע ווייסט קיינמאָל נישט ווו דער שטאָף ליגט ערגעץ פאַרטאַכלעוועט.

דעם אמת געזאָגט, ווייסט זי טאַקע נישט, די גראָבּע גיטשע, ווו די סחורה ליגט. אָננעמען נעמט זי אָן די באַשטעלונגען אַ סך, וויפל ס'לאָזט זיך — זי האָט נאָך קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט קיין קליִענט — און אַרויסגעבן גיט זי אַרויס ווייניק. זי קאָן זיך דאָך נישט צערײַסן... און האַלטן אַ מענטש לוינט איר נישט. זי נעמט אַזוי ווייניק מלאכה־געלט פאַר אַ קלייד אַז זי האָט קוים אויסצוקומען. נישט בחינם לויפט מען עס אַזוי צו איר פון „יענע" גאַסן... און אַז זי האָט שוין אַלץ איבערגעדרייט, און די סחורה איז נישטאָ, זאָגט זי געלאַסן:

— ז'עלן אַזוי פריינטלאָך זײַן, נשמה מײַנע, זיך אַרײַנכאַפּן מאָרגן... אירע שונאים, וואָס ווינטשן איר שלעכטס, זאָלן עס פאַרמאָגן אויף זייערע ביינער, אויב זי האָט שוין בײַ וועמען צוגענומען כאָטש אויף אַזויפיל־אַ — ווײַזט זי אויפן שפּיץ פינגער... זי זאָל זיך דאָס געבן אַ בייזער, אַ קרום צומאָל, חלילה! אַלץ — מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן, מיט אַ פריילעך פּנים. מעג עס שוין זײַן דער ערגסטער קונה, פון דער סמאָטשע־גאַס — וועט ער נישט קאָנען האָבן קיין פאַראיבל אויף איר. און כאָטש דער קונה שווערט זיך מיט כל־השבועות, אַז:

— ס'איז ס'לעצטע מאָל... מער וועלאָך זאָך שוין נישט מאַכן באַר־איהן, פאַר קיין שום געלט אין דער וועלט, כ'זאָל וויסן אַרומצוגיין נאַקעט...

פונדעסטוועגן, אַז ס'וועט קומען אויף ס'נײַ אָן ערב יום־טוב, צי אַזוי עפּעס אַ שימחה — איז גיטשע זיכער בײַ זיך ווי ס'איז הײַנט מיטוואָך בײַ גאָט — וועלן די זעלבע שרײַערינס ווידער קומען צו איר... אַז זי זאָל חס־ושלום נישט אָפּשלעפּן מיט דער אַרבעט, ווי ס'פריִערדיקע מאָל... און זי, די גראָבּע גי־טשע, וועט מיטן באַטעמטן מײַלכל, וואָס ס'גיסט זיך דערפון האָניק, נישט קיין רייד, ווידער אײַנרעדן דעם קונה, אַרומטאַנצן און זיך אַנטציקן מיט די מיידל־שע טאַליעס בײַ די יונגע ווײַבלעך, מיט די פּרוייִשע באָקעס, אויסגלעטן יעדעס אבר, ווי אַ גוטער דאָקטאָר, און ווידער וועט זי פאַרענדיקן מיט די מאַנדלען וואָס זי דאַרף איבערקומען אָן זייער שאָדן.

ק אַ פּ י ט ל פ י ר

# ערב שבת־קודש אין קעלערשטוב

אַ גאַנצע וואָך איז ביי שיינדעלען, פון די נאָכמיטאָג־שעהען אָן, אַ פולע שטוב מיט מענטשן. מע זיצט אויפן טיש וואָס איז פאַררוקט אין אַ זייט, מע זיצט אויפן קאַנט פון בעט. מע שפּאַרט זיך צו אויפן אונטערשטן שטיגל, מע שטייט אין דער טיר אויפן אויבערשטן שטיגל. ווער ס׳וואַרט אויף עפּעס אַ טעפּל, און ווער ס׳זוכט אַ לעכל קעגן דער שיין; ווער פון די ווייבלעך ס׳וואַרט אויפן ערשטן פּאַסן, און ווער שוין אויפן צווייטן אָנפּאַסן ס׳קלייד מיט די פאַר־סטריגעוועטע אַרבל. און ווער פון די גליקלעכע ס׳דאַרף שוין אָפּנעמען דאָס קליידל, ביי וועלכן די גראָבע גיטשע יאָגט פון זיך די נשמה אַרויס. איינע קומט בעטן, גיטשעלע זאָל נישט פאַרגעסן וועגן דעם וואָס זי האָט איר געבעטן. כאָטש גיטשע געדענקט שוין נישט וואָס אַזוינס יענע האָט זי געבעטן, ענטפערט זי דעם ווייבל, נישט אָוועקנעמענדיק די אויגן פון דער מאַשין, אַז זי זאָל זיך נישט ערגערן, זי מעג שלאָפן רויק. דערמאָנט זיך שוין אַ צווייטע, וואָס וואַרט אויפן פּאַסן, אַז מע דאַרף נישט קיין צוויי קעשענעס ביי די זייטן, ס׳עט גענוג זיין איינע, „פאַנטאַזינע״, ווייל אַריינצולייגן איז סיי ווי נישטאָ וואָס...

— און מיר, גיטשע־לעבן, זאָלן זי מאַכן, אַז ס׳זאָל ליגן אויסגעפּאַסט, נעט אין דער טאַליע, מיין דוווטשע האָט ליב, אַז ס׳איז נעט...

— און יאָך האָב ליב אין קלאָשן... אַ סך פאַלדן ווי אַ פעכער... אַ פרוי איז נישט קיין מאַנצפאַרשוין, אַ פרוי דאַרף זיך קאָנען קליידן.

— לויט אינס יאָרן — מישט זיך אַריין דאָס ווייבל אויף די שטיגן, אַ דערפרייטע וואָס זי האָט געפינען ס׳לעכל אין דער כלי — וואָלט איהן גיכער געפּאַסט גלאַטיק, אָפּגעצויגן...

פאַרשטייט זיך, אַז יענע ווערט רויט ווי אַ פײַער און בלײַבט נישט שולדיק קיין ענטפער. ענטפערט מען צוריק און מיט אַ טאָן העכער. לאָזט מען נישט אויסרעדן, מע פאַלט זיך אַרײַן אין די רייד, ביז גיטשעלע שטעלט זיך אויף, מיט אַ שמייכעלע פון איינעם וואָס האָט געווינען אויף דער לאָטעריע, מיטן פאַרטיקן קליידל אין דער האַנט, און עס ווערט שטלער אַ ביסל פון די היציקע רייד.

דאָס היצן זיך אַזוי צו מיינסט די, וואָס אײַלן זיך און האָבן בעסערע געשעפטן צו מאַכן, ווי דאָ אָפּצוזיצן אַ „סראָק". וואָרן די, וואָס האָבן דאָ אַ לאַנג וואַרטעכץ און שרעקן זיך נישט, אַז דער טאָג וועט זיי אַנטלויפן — רעדן וועגן בילכערע זאַכן. מע רעדט וועגן דער מילחמה, וואָס האָט זיך שוין מיט מזל געענדיקט, נאָר בעסער ווערט נאָך אַלץ נישט אויף קיין האָר; וועגן דײַטשישן געלט וואָס איז גאָרנישט ווערט. מע וועט שוין קאָנען דערמיט אויסטאַפּעטירן די ווענט. וועגן די קליידער ביז צום טריט וואָס מ'זעט טראָגן אין „יענע גאַסן".

— ווי אַזוי גייט מען עס אַזעלכע לאַנגע קליידער? — וווּנדערט זיך יענטל די רייפורקע מיט די רויטע בעקעלעך, וואָס „נאַסטרענטשעט" דינסטן און אַמען אין די רײַכע שטיבער — ס'כאַפּט דאָך אַרײַן אַ ווילט מיט סחורה! נאָר דאָס איז נאָך מיטצודערלײַדן... אַ האַלבע צרה... ערגער איז וואָס די יינגע ווײַבלעך, וואָס מאַלפּעווען נאָך די נאַרישע מאָדעס, זעען אויס אין די לאַנגע קליידער ווי די גלחים, באַהיט זאָל מען ווערן... ס'איז דאָך אַ שרעק צו קוקן... ווי מענטשן קאָנען זיך פאַרשענדן אַ פּנים... מע קריכט שוין אויף די גלײַכע ווענט... די יינגע קאָזעס, די כּלה־מיידלעך וואַרפן דאָך אָן אַ מורא מיט די לאַנגע שליעפּ...

— יאָך וואָלט נישט געוואָלט שווערן, אַז זי אַליין, יענטעשי, וועלן זיך נאָך אויך אָנטון אַזאַ קלייד מיט אַ שליעפּ... — גיט איר אַ שטאָך אַ יינגע מאַדאַם מיט לאַנגע אוירינגלעך וואָס בייט זיך טאַקע אַזאַ פאַסאָן.

— ניי, לאָזן זי שוין גיין מיט אינס וויצן — צינדן זיך בײַ יענטלען אָן די רויטע בעקעלעך — כ'וויל נישט רעדן מיט איהן... זי קאָנען מ'אַ נאָך אײַנרעדן אַ קינד אין בויך...

נאָר צו ענטפערן דער רייפורקע דאַרף מען זײַן אַ כוואַט — אַן אײַנשטעלער. וואָרן די יענטעלע קאָן נאָך „נאַסטרענטשען" אַ דינסטמיידל, וואָס מע זאָל פון איר האָבן צו זינגען און צו זאָגן, אַז מע זאָל אַפילו נישט קאָנען פון איר פּטור ווערן... איז שוין בעסער צו פאַרשווײַגן... „זאָל מײַנס איבערגיין"... נאָר אַז אַ פרוי זאָל פאַרשווײַגן, וואָלט זי דאָך קיין פרוי נישט געווען. זאָגט זי איר טאַקע אַרײַן, די יינגע מאַדאַם, אַז ס'פאַרגייט דער רייפורקע ביז איבער די אויגן. למשל, אַז זי שטעלט צו איין דינסט אויף דרײַ ערטער און נעמט דרײַ מאָל מעקלגעלט... צעקאָכט זיך דאָך בײַ יענער דאָס בלוט, אַז איין נס האָט זי, די יינגע מאַדאַם, וואָס זי איז אויף דער צײַט. אַנישט וואָלט זי איר... נאָר —

וואָס — זאָגט זי נישט. ס׳מישן זיך אַרײַן אַנדערע ווײַבער, וואָס אָנשטאָט צו פאַרגלעטן, שיטן זיי נאָך זאַלץ אויף די ווונדן. די רייפורקע קאָן זיך נישט שענ־קען, וואָס מ׳האָט איר אַזוי אַרײַנגעזאָגט, און וואַרפט אַלץ איבער בײַ זיך אין האַנטבײַטל. די ייִנגע מאַדאַם מיט די אוירינגלעך שטופט אויס מער דעם בויך און שאָקלט אַרויסרופעריש מיטן קאָפּ. אַלע רעדן צוזאַמען, און דאָס גאַנצע גערעדערײַ ווערט צונויפגעמישט מיטן טראַסקען פון דער ניימאַשין און מיטן רײַבן מיט דער פּײַל איבער הוילע טעפּ, וואָס מאַכט אײַליק די ציין אין מויל און ענג די שטוב. נאָר גיטשען אַרט עס נישט, זי האָט אַפילו אַ הנאה:

—זאָל זײַן אַ „רוף״ אין שטוב, זאָל זיך רודערן בײַ איר. ס׳איז היימלע־כער און מע פאַרגעסט ווי מע האַלט אין דער וועלט.

דעם „ווי מע האַלט אין דער וועלט״ מיינט גיטשע — זיך, זיך אַליין, וואָס עס קומט איר נאָך אַלץ נישט אונטער קיין רעכט שטיקל שידוך... די צײַט לויפט און נאָך איידער מע קוקט זיך אום איז שוין ווידער פּרײַטיק, און נאָך אַ וואָך איז דורכגעלאָפן מיט גאָרנישט.

„די וואָך״ הייסט נישט: די זעקס טעג. נאָר דער פרײַטיקצונאַכטס מיטן שבת. וואָרן וואָס מ׳שטיינס געזאָגט קאָן זי אַ גאַנצע וואָך דערוואַרטן אין דער שטוב?... אין די וואָכנטעג איז מען פאַרנומען איבערן קאָפּ, מע יאָגט פון זיך די קישקעס אַרויס... ערשט שבת איז שוין אינגאַנצן עפּעס אַנדערש. דאָס גליק — אויב ס׳איז איר נאָך אין לעבן אַמאָל באַשערט, איז גיטשע זיכער — קאָן פּאַר איר נאָר קומען מיטן שבת. און פּונקט ווי ס׳איז אַ גאַנצע וואָך אַנגעשטעלט און אָנגעמושבט, אַז ס׳איז זיך נישטאָ וווּ אַהינצוטון — מען זאָל נישט עפּעס צע־טרעטן אונטער די פיס, און ס׳איז גאָרנישט צו פאַרשטיין ווי מע קאָן דאָס דערררוימען, — אַזוי איז שבת די שטוב נישט צו דערקענען. גאָרנישט די זעלבע שטוב. ווען אַן אײַנגייער פון די וואָכנטעג זאָל אַהער אַרײַנפאַלן אום שבת, וואָלט ער געמיינט, אַז ער האָט פאַרבלאָנדזשעט. אַזאַ שפּיגלדיקע ריינ־קייט! אַזאַ בלאַנקעדיקייט פון אַ פּאָדלאָגע! ס׳שמעקט אַזש פון יעדן ווינקעלע. די שאַנק איז פאַרמאַכט. דאָס טירל פון קרעדענצל איז אַרײַנגעפּאַסט, ווי ס׳וואָלט זיך גאָר קיינמאָל נישט געעפנט געוויגט. די ניימאַשין — צוגערוקט האַרט צו דער וואַנט אונטערן פענצטער — איז באַדעקט מיט אַ קנאַקעדיק־ווײַס לײַלעך, און דער בלעכער־וואַרשטאַט איז פאַרהאַנגען פון דער טיר איבער אַלע טרעפּ ביז צום אונטערן בעט, ס׳זאָל נישט אָפּערקוקן דאָס ביסל „בעבעכעס״ וואָס ליגט דאָרט צונויפגעשאַרט פון דער גאַנצער שטוב.

עס טרעפט נישט איינמאָל, אַז פרײַטיק פאַרנאַכט, אפשר אַ פערטל שעה פאַר ליכטצינדן, ווען די בלאַכערקע זיצט שוין אין איין איילעניש אויף דער כסא־מלוכה מיטן אָנגעגליטן לייטאַײַזן איבער אַ טשאָלנט־טאָפּ, אויף וועלכן

ס'וואַרטן ערגעץ אין אַ שטוב שוין אָפגעשיילטע קאַרטאָפלעס מיט אײַנגעווייקטע צוקער־באָבעס, און דאָ, לעבן דער בלאַכערקע — אַ ציטערדיק־אויסגעצוואָגן מיידעלע, וואָס האָט שיִער נישט געוויינט און אויפגעשײַנט, ווען די בלאַכערקע האָט פון איר גענומען דאָס טשאָלנט־טעפל צו פאַרריכטן, — אין אָט אַזאַ מינוט, ווען די הויט ברענט אויף אַ מענטש, — זאָל אַרײַנפאַלן אַ ווײַבל, אַ צעיאַכמעטע, מיטן שוואַרצן שייטל פאַררוקט אויפן קאָפּ, פון וואַנען ס'קוקן אַרויס די גראָע האָר, און נישט וועלן אָפּטרעטן. נאָר מע זאָל איר גלײַך פאַרריכטן דעם ראָנדל פון די פיש, אַז נישט בלײַבט זי, חס־ושלום, אויף שבת אָן קאָמפּאָט, ווײַל זי האָט נישט אין וואָס איבערצוגיסן די יויך, דער קליינער ממזר, אַ גוט יאָר אויף אים, האָט צעבראָכן די ערדענע וואַזע און ס'פלייש וועט מוזן ליגן מיט דער יויך אין גרויסן טאָפּ, און אָן דעם ביסל קאָמפּאָט איז דאָך דער שבת קיין שבת נישט... און אַזאַ בריה ווי זי איז, די שיינדעלע, איז דאָך נישטאָ נאָך איינע אין דער וועלט... קוים וועט זי איר נישט פאַרריכטן דעם ראָנדל — גיט זי זיך אַ באַזעץ — מעג זי זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט פאַרן מאַן.

באַווײַזט טאַקע שיינדעלע די בלאַכערקע וווּנדער איבער וווּנדער. נאָך איידער מע קוקט זיך אַרום — לויפט שוין דאָס צעטראָגענע ווײַבל מיטן פאַרראַכטענעם ראָנדל איבערן ערב־שבתדיקן געסל, און שיינדעלע — אַן אַרויסגעפלאָנטערטע פון דער אַרבעט — האָט זיך שוין אָפגעפּאָרעט בײַם אויפגערוימטן וואַרשטאַטל, און זעענדיק די טאָכטער נאָך זיצן בײַ דער ניימאַשין, טוט זי אָן כעס אויף איר אַ היק מיט איר לייבנשטים:

— אויף וואָס וואַרטסטו, גיטשע! מ'דאַרף שוין לאַכט בענטשן און זי זיצט.

און גלײַך ווערט אַ געקלונגערײַ פון כלים, בלאָגעפעסן, וואָס ווערן, ווי איבערגעשראָקענע עופות, מיט איין מאַך אַרונטערגעיאָגט אונטערן בעט.

גיטשע גיט אַ וואַרף אַראָפּ פון זיך דעם שלאָפראָק און בלײַבט שטיין אין די העלבלאָע מייטקעס — אַ גרעסערע און גרעבערע ווי פריִער. פון די פיס און אַקסלען, פון איר גאַנצן יונגן גוף פראַלט אַזאַ מאַכטיקייט און געזונטער ריח.

מיט דער גרינגקייט ווי מע גיט אַ נעם אַ קינדער־באַלעם טוט זי אַ כאַפּ אַן עמער וואַסער און גיט אים כליאַפּע אויס איבער דער פאָדלאָגע. די שווערע בריסטן, ווי פרישפאַרברוינטע ברויטן, קוועלן־אָן בײַ איר אַראָפּבייגן זיך אויף אַלע פיר און כוואַליען זיך פונאַנדער לויט די באַוועגונגען פון די הענט בײַם אויסווישן די פאָדלאָגע צו עטלעכע ברעטער מיטאַמאָל אין האַלבקרייזן און בײַם איבערשווענקען און אויסדרענגען די שמשאַרקע איבער דער שיסל.

די גאַנצע וואָכעדיקע שטוב, מיט דער מאַמעס וואַרשטאַט בײַ דער טיר, מיט דער טאָכטערס „דאַמען־פּראַצאָווניע" בײַם פענצטער, איז שוין מער נישט די זעלבע שטוב. די לייטאַײַזנס און פרעסאײַזנס, די צעהאָנגענע, נישט־אויס־

געפּאַרטיקטע קליידלעך — אַלץ ווערט פלינק פאַרשטופּט און פאַרשטעקט אין די לעכער און ווינקלען. ס'טוט גלײַך אַ שײַן־אויף אַן אומגעריכטע פײַערלעכע מנוחהדיקייט, וואָס מע ווייסט נישט פון וואַנען זי האָט זיך דערנומען אַהער. דער ווײַסבאַדעקטער טיש, וואָס איז פריִער געווען נאַקעט, עובר־בטול, — פאַר־רוקט אַרויפצו צווישן שאַנק און קעכל, אַז מ'האָט אינגאַנצן נישט געדענקט אין אים, — באַקומט איצט צוריק חשיבות און ערנסטקייט פון אַ שבתדיקן טיש, אַט ווי די גאַנצע קעלערשטוב אַליין, וואָס וועט באַלד באַלעבט ווערן מיטן היי־ליקן פלאַם פון די פיר ווײַסע זעקסער־ליכט אין די זילבערנע שבת־לײַכטער, וואָס רופן אַרויס צו זיך אַ דרך־ארץ און פאָרכטיקייט, גלײַך ווי זייער פלאַם וואָלט געווען געקומען פון אַן אַנדערער העכערער וועלט.

## קאַפּיטל פינף

# מלכהלע די אײַנגײערין

יעדן פרײַטיק, איז אײַנגעפּירט בײַ שײנדעלען אין שטוב, מוזן זײַן — ס'זאָל דונערן און בליצן — פיר ליכט צום ליכטבענטשן. איין ליכט פאַר דער נשמה פון שײנדעלעס מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי דאָרט האָבן ווו זי איז. איין ליכט פאַר דער נשמה פון שײנדעלעס פאַרפאַלנגעוואָרענעם מאַן, ס'זאָל אים נישט געדערכנט ווערן, און די אַנדערע צווײ — פאַר די לעבעדיקע ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר — פאַר איר, שײנדעלען, מיט דער טאָכטער, וואָס דאַרף געהאָלפן ווערן מיט עפּעס אַ גוטן שידוך.

אין דער זעלבער צײַט, וואָס די טאָכטער רוימט־אויף די שטוב, שטייט שײנדעלע בײַ דער קיך איבער אַ קאָכעדיקע שיסל וואַסער און וואַשט זיך ביז דער העלפט. אין דער הייסער פאַרע דערפילט זי די וואַרעמקייט פונעם אייגענעם לײַב, וואָס האַלט זיך נאָך גוט און קוועלט איצט אָן מיט אויפגעפרישטקייט. זי כליאַפּעט אויף זיך דאָס הייסע וואַסער איבערן קאַרק, אונטער די אָרעמס, פאַרדרייט די שיטערע האָר אין אַ גרעקל אַראָפּגעבויגענערהייט, דאָס וואַסער זאָל אַראָפּרינען, און הייבט אַרויס פון דער שיסל אַן אויפגעפרישט־רויט פּנים מיט אַן אויסגעצוואָגענעם קאָפּ לכבוד שבת.

מיטן זעלבן האַנטעך, וואָס זי ווישט זיך אָפּ דערמיט דאָס פאַרפאַרעטע לײַב, וויקלט זי זיך אַרום דעם קאָפּ. זי עפנט־אויף די שאַנק און טוט זיך איבער די וועש אין דער האַלב־טונקלקייט הינטער דער אָפּגעלענטער טיר, וואָס דינט דער שטוב פאַר אַ שפּאַניש ווענטל: פאַר דער מאַמען מיט דער טאָכטער און פאַר די קליענטן — די יונגע ווײַבלעך וואָס קומען צום פּאַסן און שעמען זיך אײנע פאַר דער צווייטער מיטן אויסטון און איבערטון זיך.

זי קומט אַרויס פון דאָרט שוין אַ שבתדיקע — אַן איבערגעטוענע פון קאָפּ ביז די פיס, גאָרנישט דאָס זעלבע פּנים...

אָנשטאָט דאָס וואָכעדיקע קלייד מיט דער מיתה־משונה־קאָליר, וואָס זי

האָט בײַם וואַשן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך ביז דער העלפט, טראָגט זי איצט די טיפבלאָע טאַפטענע בלוזקע מיטן אויסגעלייגטן קעלנערל, פאַרקנעפלט ביז אַרויף צום האַלדז אויף די פערלמוטערנע קנעפלעך, און די בלאָלעך־שאַרע ספּודניצע, איבערגעמאַכט פונעם אָפּיצירישן שינעל, וואָס מלכהלע די אײַנגייערין האָט אַרײַנגעבערענגט צו פאַרקויפן פאַר אַ שיבוש, אַ ווילדע מציאה פון אַ גוי, אַ גע־פאַנגענעם דײַטש, וואָס מ׳האָט געפירט צו דער באַן, אין דר׳ערד זאָל ער ליגן מיט זײַן שׂכל...

שיינדעלע האָט אים צומערשט נישט געוואָלט נעמען אין דער האַנט אַרײַן, דעם שינעל. זי האָט זיך שוין נישט איין מאָל געהאַט אָפּגעבריט בײַם אײַנ־האַנדלען מציאות. נאָר מלכהלע, זאָל געזונט זײַן, קאָן איבעררעדן אַ שטיין — האָט זי אים גענומען און האָט טאַקע נישט קיין חרטה. זי איז צו איר צוגע־שטאַנען, מלכהלע, אַזוי ווי זי קאָן. פאַר איין וועגס שוין אויך צוגעזאָגט זיך אַרומצוקוקן וועגן דעם מיידל אירן... זי איז נישט קיין נאַר, די גיטשע אירע. זי האָט זיך גלײַך אָנגעשטויסן, אַז מלכהלע מיינט זי און אַרויסגעגאַנגען אויף אַ מינוט אין דרויסן. מלכהלע האָט זיך שוין נישט געפילט אַזוי קרעמפּירט און פון געוווינהייט געמישט דאָס ביכעלע, ווו ס׳זענען פאַרשריבן אַלע ראַטעס, וואָס זי באַקומט פון די באַלעבאָסטעס וואָס נעמען בײַ איר אויף אויסצוצאָלן. זי האָט אַרײַנגעקוקט דערין און ווי אַרויסגערעדט פון דאָרט, אַז ס׳איז באמת אַ שאָד, „אַזוינס” זאָל פאַרזיצן ביזן גראָען צאָפּ אַרײַן... זי איז טאַקע נישט קיין באָוול, גיטשע... אדרבא, ווער זאָגט עס... אָבער דאָס וואָס מע כאַפּט אַרײַן — האָט מען... זי האָט עפּעס אויפן אויג אַ בחור, אַן אָנגעשטעלטער אין אַ ספרים־האַנדל. זייער אַ וווילער, אַ בלייבער — די איידלקייט אַליין, קיין הויך וואָרט הערט מען נישט פון אים... — — — — וועט ער שלאָפן — גיט צו שיינדעלע און צעלאַכט זיך ביטער, וואָס ס׳איז עפּעס צו גוט און צו שיין... נאָר מלכהלע גיט נישט נאָך, און פאַרבײַסט מיט דער אונטערשטער ליפּ דאָס שמייכעלע — אַזוי וויכטיק האַלט זי דאָס וואָס זי זאָגט... נאָר עפּעס האָט זי טאַקע מורא, מלכהלע, דעם ריינעם אמת געזאָגט... ס׳איז נישט קיין קונץ אָנצושלאָגן אַ שידוך, נאָר אויסצופירן אים, כדת־משה... און דער חתן, וואָס זי וויל גיטשען שדכנען, איז אַ קליינער. ס׳איז נישט ק׳אַזאַ חסרון, נאָר קעגן דעם מיידל, קיינאָרע אַן אָסאָבע, — קיין שום בייז אויג זאָל איר נישט שאַדטן, — קעגן גיטשען זעט ער אויס ווי אַ מפּיל־קינד, אַ צוציק... ער וועט איר גרייכן צום עלנבויגן און אפשר דאָס אויך נישט... ניין, ס׳איז נישט פאַר אירעטוועגן... וואָס וועמיר זיך נאַריש מאַכן. גיטשע דאַרף האָבן, נו, זי ווייסט שוין וואָס... זי וועט שוין אויסזוכן פאַר איר עפּעס רעכטס, עפּעס אַ „צוש”, אַז זי זאָל וויסן פון אַ לעבן, גיטשע, וואָסי, ס׳קומט איר נישט, אַזאַ אָרנטלעכע כשרע נשמה...

גיטשע איז פּונקט אַרײַנגעקומען, ווען שיינדעלע האָט נישט אָפּגעלאָזט און שוין געוואָלט באַשטיין דערויף אויך, אַבי וואָס גיכער חתונה־מאַכן די טאָכ־טער... ס׳מאַכט נישט אויס... איז וואָס אַז ער איז אַ קליינער... דאָס האָט נישט צו זאָגן... דער עיקר... נאָר מלכהלע די אײַנגייערין האָט שוין פֿאַרמאַכט דאָס ביכעלע מיט די רעכעניקעס, אַ סימן, אַז זי האָט שוין דאָ גאָרנישט וואָס צו טוען. מיט געמאַכטער אײַליקייט זיך געזעגנט, געכאַפּט די פּעקלעך מיט די פּלאַכע פּודלעס זײַדענע וועש אויף וויפּראַוועס און גרינג זיך געהויבן אויף די שטיגלעך צום דרויסן אַרויס ווי אַ יינג מיידל...

וויפל וואָכן זענען שוין פֿון דאַמאָלסט אַוועק? און מלכהלע ווײַזט זיך עפּעס נישט, פֿאַרגעסן און שוין... זאָל איר האָבן געגאַנגען בלויז אין פֿאַרטראַסקען דעם שינעל?... מילא, וואָס־וואָס, נאָר פֿאַרזיצן וועט זי נישט, די טאָכטער אירע. זי אַליין, שיינדעלע, וועט זיך צײַט נעמען צו איר, אין אַ חול־המועד־טאָג, צי ווען — און:

— ווי האַלט מען שוין דערבײַ, פּאַטער לאַכטיקער! — זאָגט זי הויך אויפן קול, שיינדעלע, און פֿאַרמאַכט די שאַנק אויפן שליסעלע מיט אַ טיפן זיפץ. נאָר שוין אָפּגייענדיק דערמאָנט זי זיך אין איר צירונג. זי קערט זיך צוריק אום צו דער שאַנק און נעמט אַרויס פֿון אויבערשטן פֿאַכל די בראָשקע מיט די אוירינג־לעך מיט די בורשטינענע קרעלן, וואָס ליגן אין ברוינעם הילצערנעם ציגאַרן־שאַכטל צוזאַמען מיט אַלע פֿאַמיליע־פֿאָטאָגראַפֿיעס און קוויטלעך פֿון דירה־געלט וואָס דער „זשאַנדצע״ מיטן קאָמעץ־בערדל ברענגט אַליין אַרײַן יעדן ערשטן. ער ווישט לאַנג די בינאָקלען פֿאַרן אָנטון זיי, ער זאָל בעסער זען, און נעמט זיי נישט פֿריִער אַראָפּ ביז ער קוקט זיך נישט גוט אַרום איבער דער שטוב, צי ס׳איז אַלץ אין אָרדענונג, גאַנץ, גלײַך ס׳הויז וואָלט געווען זײַן אייגנס. ער כאַפּט בעת־מעשה אַ זײַטיקן בליק, אַזוי פֿון אונטער די בינאָקלעך אַפּער, אויף גיטשעס הויכן בוזעם און פֿירט דאָס גנבישע בליקעלע אַזוי זײַטיק ביז אַראָפּ צו די קניִען, וואָס זעען זיך אַרויס פֿון צווישן די צענומענע פּאָלעס פֿון ראָזן שלאָפֿראָק.

בײַם אָנטון דאָס צירונג האָט זי זיך צעשמייכלט, שיינדעלע, ווען זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי קוקט זיך פּונקט אַזוי אַרום, מיט דער זעלבער צופֿרידנקייט, איבער דער שטוב, ווי דער „זשאַנדצע״ און פֿאַרהאַלט אויך אַ ביסל לענגער דעם בליק אויף גיטשען, ווי ער, דער הויז־אַדמיניסטראַטאָר, דער אַלטער ביין... און פֿאַרוואָס זאָל איר טאַקע נישט טון קיין הנאה?...

די פֿרישגעשײַערטע פּאָדלאָגע איז באַצויגן מיט אַ פֿײַכטקייט. יעדער ברעט טיילט זיך אויס באַזונדער מיט די טשוועקעס און פּעטע סענקן. עס ליגט אויף זיי דער אָטעם פֿון ערב־שבת, ווי אויפֿן פֿענצטער מיט די באַהויכטע שויבן. ס׳ווערן אויסגעוועפּט מיטאַמאָל די וואָכעדיקע עסעדיקע ריחות פֿון זאַלצזויער,

צעגאָסן בלײַ און צעגליטע האָלצקוילן. אויף זייער אָרט שפּרייט זיך איצט איבער־דער שטוב דער זיסלעכער ריח פון די געהאַקטע פיש, וואָס ליגן אויסגעלייגט אויפן פולמעסיק מיט קנײַלעכיקע פריטשן מייערן אויף יעדן שטיקל; פונעם גע־בראָטן גענדזנס, וואָס זידט נאָך, נאָכן אַרויסנעמען עס פון אויוון, אויפן פלאָט אונטערן טיש. די דאָזיקע ריחות מאַכן די שטוב שבתדיק, עולם־הבאדיק, גן־עדנדיק. די גאַנצע שטוב איז שוין מוכן־ומזומן, גרייט אויפצונעמען די שבתדיקע געסט, און וואַרט שוין אויף די זמירות פון אורח, וואָס דער שכן זייערער פון אַנדערן טויער — דער געלער סרולע דער מילכיקער, וואָס איז מיט דער געלקייט אײַנגעאַנצן ענלעך צו זײַנע קי — ברענגט יעדן פרײַטיקצונאַכטס פון חסידים־שטיבל מיט אַ ברייטן גוט־שבת.

ר׳ סרולע טוט עס זייער גערן, אַזוי ווי פאַר זיך אַליין. אי ער איז אַ שיי־נער ייִד — ער נעמט אַהיים אַן אורח אויף שבת, אי ס׳קאָסט אים גאָרנישט.

ער לאָזט איבער דעם פרעמדן יונגנמאַן, וואָס האָט נישט ווו די אויגן אַהינ־צוטון, אין מיטן שטוב מיט אַ דרײַגאָרנדיקן „בעטן״:

— לאָזט זיך נישט בעטן, ר׳ ייִד, מ׳עט אײַך גוט אויסבעטן דאָ אין דער שטוב און אירט באָרכאַשעם אַוועקגיין פון טיש מיט אַ פולן „בטן״ — פּעטשלט ער זיך איבערן בויך — נישט אַזוי, שיינדעלע?...

און אַן אַ גוטן שבת דרייט ער זיך אויס מיט דער פּלייצע צום יונגנמאַן, וואָס גייט אים נאָך מיטן בליק איבער דער קאַפּעטע און שטיוול, וואָס הייבן זיך איבער די שטיגלעך אַרויף און ווערן פאַרשווונדן אינעם אָפענעם מויל פון דער דרויסנדיקער פינצטערניש, וואָס שטייט דאָרט אין דער הייך און וואַגט נישט אַרײַנצודרינגען אַהער אינעם אויפגערוימטן שבת.

## קאַפּיטל זעקס

# אַ פֿאַרלאָפֿענע צײַט

דאָס ברענגען אַן אורח אויף שבת האָט שיינדעלע אײַנגעפֿירט שוין מכמה יאָרן צוריק. אַ שטיק נאָך דעם ווי איר מאַן, פֿײַוויש מיט די וואָנסעס, איז גענומען געוואָרן צו די זעלנער. מ׳האָט אים אַוועקגעשיקט קיין יעקאַטערינעבורג צום ווײַסן ים אין סיביר. ער איז מער פֿון דאָרט נישט צוריקגעקומען. זי געדענקט אים שטענדיק אין דער קראַטענער מאַרינאַרקע מיט די ברייטע רײַטער־הויזן אַרײַנגעלאָזט אין די הויכע גלאַנציקע שטיוועלעך; מיט די צוויי שאַרפֿע פֿאַרשפּיצטע וואָנסעס, וואָס זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען איןביידע זײַטן ווי ברוגזע מחותנים. מ׳האָט אים דערפֿאַר טאַקע גערופֿן: פֿײַוויש מיט די וואָנסעס. שטענדיק, ווען זי, שיינדעלע, טראַכט וועגן אים, הערט זי די טענות פֿון דער מאַמען אירער, עליה־השלום, שרה־גיטלס רייד:

— באַרעכן, שיינדעלע, דעם פֿאַלשן שריט וואָס דו גייסט מאַכן אין לעבן... ס׳איגיש דײַן סגאַל. דו ביסט ווערט עפּעס בעסערס... אַזאַ שיינע מויד ווי דו ביסט... אַ קראַסאַוויצע פֿון אַ מויד... כ׳העב דיך ניש אײַנמעלירן... וועסט קריגן הונדערט פֿאַר איינעם...

נאָר ווי האָט זי געקאָנט הערן דער מאַמען, וואָס גיטשע, די טאָכטער זאָל לעבן, הייסט טאַקע נאָך איר, אַז זי, שיינדעלע, האָט געשפּילט אַ פֿײַערדיקן ראָמאַן מיט איר פֿײַווישן, דעם קצב־יונג פֿון די „טרייפֿענע האַלעס“. ער האָט זי געפֿירט צו דער ווײַסל זיך לודקעווען אין די זומער־פֿאַרנאַכטן. ער איז געפֿאָרן מיט איר אויפֿן סטאַטיק, אין דער ערשטער קלאַס מיט מוזיק... מיט די שפּיגלדיקע שטיבעלעך. מע קאָן דאָרט טוען וואָס מע וויל... דאָרט האָט זי זיך צום ערשטן מאָל דערפֿילט שוואַך קעגן אים. ער האָט זי געגעבן אַ נעם אַרום מיט זײַנע געזונטע הענט, נישט אַרויסצוקריגן זיך מער פֿון אים. זי האָט אים געקאָפּעט, געביסן מיט די ציין, נאָר ער איז נישט אָפּגעטרעטן. זי האָט זיך נישט געקאָנט מער ווערן קעגן זײַן צודרינגלעכקייט, קעגן זײַנע לאַשטשעס און פּיעשטשאָטעס... אָט איז ער געוואָרן ווילד, ווי אַ חיה, וואָס קיין שום כוח קאָן אים נישט אָפּהאַלטן... און אָט האָט ער זיך געטוליעט צו איר, ווי אַ קליין מילד

לעמעלע, וואָס זוכט שוץ אין איר שויס... ער האָט זי באַוואָרפן מיט קושן אויפן פנים, אויפן האַלדז, אויף די הענט... דאָס קלייד אַפילו האָט ער געקושט... אַזוי משוגע פאַרליבט איז ער אין איר געווען. שפּעטער האָבן זיי ביידע אַרומגענו־מענערהייט אַרויסגעקוקט דורך די קליינע קאַיוטע־פענצטערלעך און געזען ווי די כוואַליעס לאַשטשען זיך צו דער שיף... אַזוי ווי קליינע הינטעלעך — קריכן איינס אויף ס׳אַנדערע... פאַלן אויף זיך אַרויף און פאַלן זיך פונאַנדער, בכדי זיך ווידער צונויפצוגיין...

זי קאָן נישט זאָגן, שיינדעלע, זי האָט פּײַוויש ליב געהאַט ווי ס׳לעבן... ווי האָט זי געקאָנט הערן דער מאַמען, אַז מיט פּײַווישן איז געווען אַזוי גוט זיך צו הושטעווען... אַ שוועב אין דער הייך — אַ גיי אַרונטער, אַז זי האָט געמיינט, אַז די קישקעס לאָזן זיך איר אַראָפּ, אַזוי הויך איז ער מיט איר געפלויגן... און אַז פּײַוויש האָט זי דאָרט אין פּראַגער וועלדל געגעבן אַ נעם אַרײַן אין זײַנע אָרעמס, האָט זיך איר גלײַך פאַרדרייט דער קאָפּ... ער האָט דאָך ביז דער לעצ־טער מינוט געקריגן די נכפּה פאַר אירע טריט...

כאָטש פּײַוויש האָט געשטאַמט פון פראָסטע מענטשן — קצבים, און גע־האָט צו טון מיט טריפה פלייש, מיט בשר־קוויטש, איז ער פונדעסטוועגן צו איר געווען ווי אַ דימענט. ער האָט געצאָלט פאַר איר אין שענסטן פּענסיאָנאַט אין אָטוואָצק. ווען ער איז אַרויסגעקומען פאַרנאַכט צופאָרן און געזען ווי אַלט און יונג קלעפּן צו איר ווי די פליגן — איז זײַן דורכזיכטיק־ראָז פּנים — וואָס זי וויל קיינמאָל נישט פאַרגלײַכן, כאָטש ס׳בעט זיך אַזוי, צו דעם, מיט וואָס ער האָט צו טון דאָרט אין די האַלעס — געוואָרן נאָך ראָזער, נאָך מער לויטערער, אַז מ׳האָט געקאָנט זען ווי ס׳בלוט זידט אין אים... כאָטש ער האָט איר קיין וואָרט נישט געזאָגט, האָט זי זיך געפילט ווי עפּעס שולדיק קעגן אים און ס׳איז איר נישט אײַנגעגאַנגען דאָס גאַנצע „ערהאָלן" זיך, די פּענסיאָנאַטן מיט די פרישע לופטן, וואָס זי האָט באַדאָרפן צו האָבן אויף טישענײַנציק כּפּרות.

זי האָט טאַקע געלעבט אַ גוטן טאָג בײַ אים, שיינדעלע, נאָר די מאַמע אירע, שרה־גיטל די גבאיטע פון דער ווײַבערשיל, האָט עס נישט געקאָנט סובל זײַן, אָנקוקן האָט זי אים נישט געקאָנט, ווי מע קאָן נישט קוקן אויף חזיר. זי איז געזעסן אין די פרימאָרגן־שעהען פאַר דער טיר מיטן שטעקן אין דער האַנט און זיך געוואַרעמט אויף דער זון, וואָס האָט זיך באַוויזן אַ שטיק פאַר פּסח. זי האָט פון דער טאָכטערס פירעכצער שטאַרק געליטן, די מאַמע:

— ס׳פילט זיך פון אים, מ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, מיט געפגרטע פערד, מיט בשר־טפררר... — פלעגט זי זאָגן, ווי נאָר פּײַוויש האָט זיך אויס־געדרייט מיט דער פּלייצע צו דער שטוב — זי פאַרשטייט גאָרנישט די הײַנטי־קע ווײַבער...

די „הײַנטיקע װײַבער״ האָט זי געמיינט איר, דער אייגענער טאָכטער, אויף וואָס שיינדעלע גיט זיך אַ וואָרף:

— כ׳האָב נישט ליב אַז די מאַמעשי רעדט נאַרישקייטן...

דאָס דאָזיקע ענטפערן אירס האָט דער מאַמען נאָך מער וויי־געטון, ערגער ווי מע וואָלט איר געוועז געזאָגט אין טאַטן אַרײַן.

נאָר וואָס האָט זי געקאָנט העלפן, שיינדעלע, אַז זי האָט פאָרט אין איר פּיִווישן נישט געזען קיין שום שלעכטס אַ חוץ וואָס ער איז נישט פרום און האָט ליב אַ טרונק בראָנפן. זי אַליין פלעגט אויך — די מאַמע זאָל נישט זען — מיטהאַלטן מיט אים מיט אַ גלעזל.

פאַר דער מאַמעס אויג איז זיך אָבער שווער אויסצוהיטן. זי האָט געמוזט צוזען, שיינדעלע, ווי די מאַמע אירע דריקט אין זיך אַלץ, פאַרקוקט, מאַכט זיך נישט זען, און לײַדט, און גייט אײַן פון טאָג צו טאָג... זי ליגט מער ווי זי גייט אַרום, די מאַמע. ביז זי האָט זי, שיינדעלען, איינמאָל מיט אַ פינגער צוגערופן צום בעט. דער צוקאָפּנס איז געווען פאַרשאָטן מיט אַ גאַנצן בינט שטראַלן, וואָס האָבן צעציטערטע זיך איבערגעבראָכן בײַם קאָפּשטיק און באַלויכטן די הינטערשטע וואַנט מיט אַ האַלב קרעדענצל.

שוין אָן לשון האָט די מאַמע אירע מיט פאַרגאָסענע אויגן אויסגעשטרעקט אַ געלבלעכע אויסגעטרוקנטע האַנט. זי האָט עפּעס געזוכט פאַרצווייפלט אין דער לופטן, אַרומגעטאַפּט שיינדעלען און אַרויפגעלייגט די האַנט אַ קאַלטע אויף איר, שיינדעלעס, בויך, וואָס איז געווען אָנזעעוודיק, האַרט — אָנגעדראָלן (זי האָט דעמאָלט געטראָגן מיט גיטשען, איר צו לענגערע יאָר). די מאַמע האָט איר געגלעט דעם בויך... אירע אויגן, שיינדעלעס, זענען אַזש איבערגעגאַנגען פון טרערן. מיט אַזאַ ווייטיק האָט זי געקוקט אויף איר, אויף שיינדעלען. אַזוי פיל צער און באַדויערונג איז געלעגן אין די אויגן, וואָס ווילן זיך שוין מוזן שליסן, און נישט דערלעבן צו זען עס, דאָס וואָס זי, שיינדעלע, טראָגט אונטערן האַרץ... וואָס זי וועט נישט האָבן די זכיה זיך צו פרייען מיטן אייניקל אירס, מיטן ערשטן אייניקל... ס׳איז געווען איר איינציקער ווונטש אויף די עלטערע יאָרן וואָס זי האָט געבעטן בײַם רבונו־של־עולם...

זי איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט, שיינדעלע, גלײַך ס׳וואָלט פון איר גע־וואָרן איין שטיק. זי האָט נישט געוויינט. נאָר די טרערן האָבן זיך אַליין גע־גאָסן אויף איר האַנט, וואָס זי האָט געהאַלטן אויף איר מאַמעס האַנט. זי האָט פּלוצים דערפילט אַ שוועריקייט אין בויך, עפּעס אַ מאָדנע אָנגעדראָדלטקייט און גרימעניש, ווי ס׳וואָלט איר ווער געקנײַפּט אין די קישקעס. אָט־אָט דרייען זיי זיך איבער אין איר, אַזעלכע קאָרטשן האָבן זי אָנגעכאַפּט... דער מאַמעס האַנט האָט זיך איר אַראָפּגעגליטשט פון בויך און אַ געלוואַקסיקע זיך אַראָפּגעלאָזט

מאַכטלאָז — צו דער ערד. זי האָט געפּילט, שיינדעלע, ווי די קני׳ען ברעכן זיך איר אונטער. רויטע און גרינע רעדער האָבן זיך גענומען צינדן און לעשן אין אַ שווינדלדיק געדריי פאַר די אויגן. זי האָט געקריגן ווייען. מיט ציטערדיקע פיס האָט זי זיך קוים צוגעשאַרט צו דער טיר, אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאַזמאַטיש שפּיציק געשריי און אַ פאַל געטון אויף די שטיגן.

זי האָט נישט געזען, שיינדעלע, דאָס גרויסע געזעמל מענטשן, וואָס האָט זיך געקליבן פאַר דער טיר; די שכנים פון די אַרומיקע הייף, וואָס האָבן זיך היימיש געפּאָרעט אין שטוב; סרולע דער מילכיד, ווי ער האָט מיט נאָך ווײַבער געהאָלפן אַראָפּלייגן דעם מת אויף דער ערד און אונטערגעלייגט שטרוי פון דער קי־שטאַל, און אַפילו נישט דעם מאַן אירן, פּײַוויש, וואָס איז געשטאַנען איבער איר, דאָ צוקאָפּנס, דאָ צופוסנס און זיך נישט אויפגעהערט צו דרייען אַ וואָנסע. זי האָט דאָס אַלץ, — צוזאַמען מיט אַ פונאַנדעררײַסנדיקן ווייטיק, וואָס זי האָט געמיינט, אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט ענדיקן, — בלויז געפּילט אַז עס געשעט אַזוי. זי איז געזונקען ערגעץ אַ שווערע אין טיפע טיפענישן. זי האָט געגעבן האַסטיק אַ גיי אַרונטער, אַן אַן אָפּהאַלט, אַז אַט לאָזן זיך איר די קיש־קעס אַראָפּ, און מיטאַמאָל ווידער אַ פלי אויף אַרויף, ווי טויזנט פאַר הענט וואָלטן זי געגעבן אַ וואָרף אין דער הייך. ווי אַ הוידלקע, וואָס גייט אַרויף־אַראָפּ, אַזוי האָט עס זי געוואָרפן אײַזערן־הויך. זי האָט זיך פּלוצים דערפילט אַרומגענומען פון רייפן, וואָס פּרעסן דעם קערפּער אירן אַלץ ענגער און ענגער. באַלד איז איר געוואָרן אַזוי גרינג, גלײַך ווי די רייפן וואָלטן פון איר אַראָפּגעפאַלן. ס׳האָט זיך איר געדאַכט, ווי זי וואָלט געווען אויסגעהוילט. זי שוועבט אין דער לופטן אַזוי גרינג ווי אַ פעדערל. עס זענען צו איר דערגאַנגען אָפּגעריסענע רייד, אַן אַ צוזאַ־מענהאַנג, אָן קייטלונג. ביסלעכווײַז האָבן זיך די ווערטער גענומען צונויפשטעלן, פאַרבינדן, פאַרהעקלען איינס אין אַנדערן. זי האָט איצט קלאָר באַנומען, שיינ־דעלע, אַז מ׳האָט דאָס קינד אָפּגענומען מיט קלעשטשעס, און אַז ביידע נשמות — די נשמה פונעם נײַגעבוירענעם נפשל מיט דער נשמה פון דער געשטאָרבע־נער — האָבן זיך באַגעגנט אויף דער שוועל צווישן ביידע וועלטן.

ווען זי האָט געעפנט די אויגן, שיינדעלע, איז שוין די מאַמע נישט געווען אין שטוב. דאָס שוואַרץ געפּאָרעריי מיטן געטומל זענען ערגעץ ווו פאַרפאַלן גע־וואָרן צוזאַמען מיט דער מאַמען. דאָס בעט איז געשטאַנען ליידיק, נישט צוגעבעט. די פּאָדלאָגע איז געווען אויסגעקערט. די פוירהענגלעך פאַרצויגן איבערן פענצ־טער, און דער אָפּגעשפּרונגענער שפּיגל מיט די געלע קייקעלעך ווי פאַרגליווערטע טרערן — איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרץ טוך. אין ווינקל זענען געזעסן עטלעכע ווײַבער — שכנטעס — צונויפגעדריקט אין אַ קופּקעלע און האָבן זיך געסודעט. און סרולע דער מילכיד האָט זיך געשאָקלט מיט אַ תהילימל אין ביידע הענט.

ק אַ פּ י ט ל  ז י ב ן

# רוסישע גענעראַלשע אויף קראַכמאַלנע־גאַס

נאָך דער מאַמעס טויט האָט זיי גענומען גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ.

וואָס מער ער, פּײַוויש, איז געוואָרן פֿאַרבײַגעזאָגענער, גרויזשער, אַלץ מער איז זי געוואָרן אײַנגעהאַלטענער. כאָטש קיין שייטל האָט זי ווײַטער נישט געטראָגן. אַ חוץ אין די ימים־נוראים און תשעה־באָב צו די קינות, איז זי אַ גאַנץ יאָר געגאַנגען אין די אייגענע האָר.

שיינדעלע האָט נישט מיטגעהאַלטן מער מיט זײַנע סעודהלעך און ביבקעס, מיט די מאָדנע געגנג זײַנע. זי האָט זיך מער נישט צוגערירט צום ביטערן טראָפּן. אים האָט זי טאַקע נישט געקאָנט פֿאַרווערן צו טרינקען. אָבער אַליין איז אין איר מויל אַריין מער נישט געקומען קיין שנאַפּס.

פּונקט ווי זי איז געוואָרן אַן אַנדערע — צום גוטן, אַזוי איז פּײַוויש איבער־געקערט געוואָרן פֿון קאָפּ ביז פּיס, אַז ס'איז אים נישט געווען צו דערקענען.

נאָכן טויט פֿון דער שוויגער זײַנער האָט פּײַוויש מיט די וואָנסעס ווי אויפֿ־געלעבט אין דער שטוב. ער האָט זיך איצט דערפֿילט דער פּולער באַלעבאָס איבער אַלץ. מ'האָט דאָך דאָ פֿריִער ס'מויל נישט געקאָנט עפֿענען. זיך געמוזט היטן מיט אַ וואָרט, מיט אַן איבעריקן קוק אויפֿן ווײַב. וואָס ער זאָל נישט האָבן געטון, די סאַמע אומשולדיקסטע זאַך, איז זי געגעבן אַ וואַקס־אויס, די שוויגער, זי זאָל עס אים מוחל זײַן, מיט איר כריפּעוואַטן „ס'פּאַסט נישט, פּײַוויש, ביסט דאָך נישט אין די האַלעס". שטענדיק האָט זי אים פֿאַרגעוואָרפֿן די „טרייפֿענע האַלעס". ער האָט שוין נישט געהאַט קיין כוח דערצו... ער האָט איר אָבער קיינמאָל נישט אָפּגעענטפֿערט. זיך אײַנגעהאַלטן מיט אײַזערנע צוואַנגען, ער זאָל איר נישט גראָב פֿאַרקומען. מיט אַלעם האָט מען זיך געמוזט היטן פֿאַר איר ווי פֿאַר פֿײַער. אָסור, צי אַז מע זיצט אין תפֿיסה, קאָן מען זײַן מער קרעמפּירט ווי ער איז דאָ געווען.

די שוויגער זײַנע, ס׳זאָל איר די ערד גרינג זײַן, איז אים שוין איינמאָל דערגאַנגען די יאָרן. קאָלטס און וואָרעמס האָט ער געהאַט פון איר אויסצושטיין: ער פאַרשטייט גאָרנישט מיט וואָס פאַרע נסים ס׳קינד איז געקומען אויף דער וועלט. ס׳אייגענע ווײַב האָט זי אים נישט פאַרגינען. אַ ליאַדע וואָס, נישט אויסבײַזײַענדיק גאָרנישט, האָט זי באַלד געשריגן, אַז די טאָכטער איז אַ שוואַכע. ער זאָל זי נישט מאַטערן אַז זי וויל נישט. ער זאָל אַזוי שטאַרק נישט „נאַלעגן״ [1] צו איר... נישט זײַן אַזוי צודרינגלעך. ס׳איז שוין צײַט, ער זאָל וויסן, אַז אַ פרוי זאָגט נייַן, איז נייַן, און אַראָפּ פון מאַרק. די וועלט גייט נאָך נישט אונטער. אַ מענטש דאַרף זײַן אַ מענטש און נישט קיין חיה. מ׳האָט גאָרנישט געקאָנט אײַננעמען איר מענה־לשון. ווי איבער אַ טויטן אַזוי האָט זי איבער אים גערעדט.

ער איז שוין איצט מער נישט פאַרפאַלן געוואָרן אין די שבתים און חגא־טעג. אין שטוב האָבן זיך גענומען יאָוועז — איינער נאָכן צווייטן — די פאַך־קאָלעגן — די קצבים פון די „טרייפענע האַלעס״. יעדן איינעם פון זיי האָט ער פאַרגעשטעלט פאַר שיינדעלען ווי אַ „קאָלעגע פּאָ פּאַכו״, דאָס הייסט, אַ קצב. די קײַלער האָבן אָנגעהויבן ווערן שטאַמגעסט. זיי זענען געקומען שפּילן אין דאָמינע. געוואָרן פאַרקאָכט אין דער שפּיל. צעפּלאַמטע געלייגט די דאָמינע־ביינער אויפן טיש: טאָפּל־צוויי! צו־צוויי! און פּאַטש אַרײַן!...

אין די שבת־צונאַכטסן און זונטיקן זענען די קצבים געקומען אויסגעפּוצט אין עסיק און האָניק. כמעט אַלע האָבן זיי געהאַט געגאָלטע נאַקעטע שאַרבנס מיט קורצגעהאַקטע וואָנסעלעך אויפן קײַלעכדיקן פּנים. אויסגעפּאַשעטע, רונדע ווי דער יאַטקע־קלאָץ, זענען זיי געזעסן מיט די גראָבע רויטע קאַרקן און נישט אַרויסגענומען די אויגן פון דיביינער אַרויס. בלויז איינער איז געווען מיט אַ געדיכטן קענדזשער האָר אַזוי ווי פײַוויש, נאָר אינגאַנצן אָן וואָנסעס. אויך אַזאַ היזכער ווי פײַוויש וואָס איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלעמען דאָ בײַם טיש.

שפּעטער־צו איז אויפן טיש אויסגעוואַקסן אַ פלאַש „ווודקע״ מיטן בלאָען עטיקעטל „פּינפּאונפּערציקער״. דאָס פלעשל איז געווען ווי אַ סיגנאַל איבער־צורײַסן דאָס שפּילן. אַנדערש האָבן זיי נישט אויפגעהערט. דער טיש איז געוואָרן פול מיט עסנוואַרג. פולקעס גענדזנס, ביר, אייער־קיכלעך, געגליווערטע פּיס און שטרודל. דער טיש האָט זיך אַזש געבראָכן... איין פלאַש איז אַראָפּ, די צווייטע איז אַרויף. דעם בראָנפן האָט מען געזשלאָקעט פון טיי־גלעזער וואָס מ׳האָט אָנגעגאָסן ביז דער העלפט. אָנגעקלאַפּט גלאָז־אָן־גלאָז מיט אַ קלונג און איבערגע־דרייט מיט איין צי ביזן דנאָ.

יעדעס מאָל, ווען פײַוויש האָט זיך געפּאָרעט בײַם אָנגיסן די גלעזער, האָבן די געסט דערווײַל בגניבה „געגעסן״ מיט די אויגן דער באַלעבאָסטעס הויכן בו־

---

[1] צושטיין.

זעם: ס׳איז דאָ אויף וואָס צו קוקן... אַ מויד אַ דונער און שיין ווי די וועלט... און געטראַכט האָט יעדער ביי זיך, ווען פּיוויש ווייסט מיט וואָס זייערע געדאַנקען זענען פאַרנומען, וואָלט ער נישט געווען אַזוי גוט צו זיי... ער וואָלט זיי געמימתט ביז בלוט...

גלייך נאָך די ערשטע צוויי־דריי כוסות איז פּיווישן אַרויסגעטרעטן אַ פלאַם אויפן פּנים, ווי ס׳וואָלט געווען איין שטיק צונטער. די צונג האָט זיך ביי אים צעבונדן מער ווי ביי אַלעמען. וויפל יענע האָבן נישט געשריגן, גערעדט הויך ווי אַלע וואָלטן געווען טויבע, האָט זיי פּיוויש איבערגעשריגן.

כמעט שטענדיק, ווען פּיוויש איז געוואָרן בגילופין, האָט ער זיי, די „קאַלעגעלעך" זיינע, געמוזט דערציילן די מעשה מיט דער רוסישער גענעראַלאָווע, וואָס איז געקומען אויף דער קראָכמאַלנע־גאַס קויפן וווּרשט, און די שוויגער זיינע, שׂרה־גיטל, זאָל זיין אָפּגעשיידט, האָט איר „אָנגעריבן אַ מאָרדע", אַז זי האָט געזען די עלטער־באָבע פאַר די אויגן.

די אויסגעסטראָצלטע קעלערס, אין די שטיפּע קראָכמאַלעטע העמדער אין קראַטן און גרעלע פאַבריקע שניפּסן, האָבן געשוויצט ווי די ביבערס, געריבן אויף ביידע באַקן. זיי האָבן כסדר איבערגעריסן דאָס דערציילן מיטן איבערדרייען די גלעזלעך. ביי יעדן צווייטן וואָרט פון דער מעשה האָבן זיי אויסגעשאָסן אין אַ פערדיש געהירזשערײ און מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש אַריין פון קיינדיקן לאַכן.

וויפל מאָל שיינדעלע האָט זיך נישט געבעטן ביי אים:

— אַלצדינג יאָ, נאָר די מאַמע מיינע טשעפּע נישט... זי איז דיר גאָרנישט שולדיק געבליבן... לאָז זי רויִק ליגן אין קבר... איך בעט דיך, פּיוויש, טו מיר צוליב און נעם זי נישט אַרויף אויפן טיש אַרויף פאַר דער גאַנצער „כאַלאָטע" דיינער, נישט געדאַכט זאָלן זיי ווערן מיט דיר אין איינעם...

נאָר ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן איר רעדן. כאָטש שפּיי די גאַל אויס, האָט ער זיך געטון דאָס זייניקע. אויסגעהערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ „גוט, גוט" און געטון ווי ער האָט געוואָלט. זיי, די פרעמדע, די שמדניקעס האָבן ביי אים געהאַט מער צו זאָגן, ווי זי אַליין, אַן אייגן ווייב.

אַזוי ווי צו להכעיס האָבן זיי אים דווקא געבעטן, צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל דערציילן, ווי אַזוי ס׳איז פאָרגעקומען די „העצע" מיט דער רוסישער גענעראַלאָווע:

— נו, דערצייל, פּיוויש, זײַ נישט קיין יידענע, דערצייל אַז מע בעט דיך, אַ נאַש בראַט ביסטו דאָך מיט אונדז... פאַר וועמען האָסטו זיך צו שעמען...

— לאָמיך שוין הערן פון דיר אַ וואָרט...

— וואס לאזסטו זיך אזוי לאנג בעטן, פשאקרעוו, ווי א כלה־מיידל... שעמסט זיך פאר דיין ווייב, צי וואס?...

ער האט געהאט בדעה דאס מאל זיך נישט צו לאזן אנציען פון זיי, נאר מיט דעם האבן זיי אים גענומען:

— איך שעם מיך? וואס איז זיך דא צו שעמען? ס׳איז נישט קיין געגנבע־טע סחורה — האט פייוויש נישט געוואגט אויפצוהייבן דעם בליק אין שיינדעלעס זייט, און אנשפארנדיקביידע הענט אויפן טיש, אראפגעקוקט צו זיך אויף דער שטול — איז יא, האט איר דאך געקענט די אלטע, די שוויגער מיינע מיטן שטעקן... גאנצע טעג האט זי געפלעגט זיצן פאר דער שוועל, זיך פריען אויף דער זון און האבן די אויגן אין שטוב. געווען אמאל א גרויסע בריה די יידענע. גאנצע געשעפטן האט זי געפירט. צום ערשט האט זי געהאט א בויד אין די מיראווסקע־האלעס, פארן אייזערנעם טויער. שפעטער האט זי זיך געעפנט א ווורשטן־געשעפט אויף דער קראכמאלנע־גאס, כשרן ווורשט מיט דער פלאמבע. די בעסטע ווורשטן האט זי געהאט... אלע סארטן, צו קלייבן... וואס אייער הארץ האט געגליסט... א גוט שטיקעלע לעבערוווּרשט, האט מען געוווסט, קריגט מען ביי שרה־גיטל אויף דער קראכמאלנע... אינדיטשקע ווייך ווי פוטער, ס׳איז אליין צעגאנגען אין מויל... געפעקלטע בריסט, אז ס׳האט פארשמעקט... און „פארוור־קעס״, קישקעלעך מיט קרויט — די פינגער צו לעקן... פון גאנץ ווארשע איז מען צו איר געקומען נאך אויפשניט... ס׳געוועלב איז שטענדיק פול געווען מיט קונים...

— נו צי שוין נישט אויס די נשמה, נעם זיך שוין אמאל צו דער גע־נעראלשע...

— האקטס אים נישט איבער אין מיטן...

— דערצייל ווייטער, פייוויש...

— צ׳ווּעט לאזן רעדן צי נישט?...

ווידער האט פייוויש געעפנט א פלאש מיט א זעץ ארויס דעם קאריק פונעם קלאפ אין דער האנטפלאך און אלעמען אנגעגאסן די גלעזער:

— זאל זיין צום געזונט... איז ווי האלט איך, יא... איין מאל אין אן אויפ־דערנאכט איז אריינגעקומען אן עלעגאנטע דאמע מיט א גרויסן הוט קויפן ווורשט. ס׳האט איר, זעט אויס, אנגעשמעקט יידישן קעלבאס. זי האט זיך געהייסן געבן פון דעם ווורשט צו פארזוכן, פון יענעם. מע זאל איר אראפנעמען אט דעם פון דער הייך. מע זאל איר אנהייבן יענעם אויפן האק... פון אלע ווורשטן האט זי פארזוכט און ס׳האט איר נישט געשמעקט... ווי האט איר געקאנט שמעקן, אז ס׳האט זיך פון אלעם געפילט קנאבל... נו, לאכטס נישט אזוי פיל... בענקאר־טעס וואס עץ זענט!... זע נאר ווי זיי פלאצן פון געלעכטער... נו, יא, ס׳איז דאך געווען יידישער ווורשט... די שוויגער מיינע, שרה־גיטל, האט געשניטן פענעצ־

לעך ווורשט, וואָס אַמאָל דינערע, דערלאַנגט אויפן שפּיץ מעסער צום פּאַרזוכן און זי כסדר געפרעגט:

— גראַוויצאַ?...[1] גראַוויצאַ?... און דאָס געפעלט אייך, מאַדאַם?

זי האָט נאָך נישט געוווסט אַז די דאַמע איז פון די הויכע פענצטער, אַזש אַ גענעראַלס אַ ווײַב. נאָר וואָס איז איר אַ נפקא־מינה ווער די דאַמע איז, אַז ס'גאַנצע בלוט איז איר שוין געקומען אין פּנים אַרײַן פון אויפרעגונג. אַ קליי־ניקייט, אַזוי פיל ווורשטן אָנגעהויבן, דאָס אַלץ וועט קאַליע ווערן און עס „גע־שפעלט" איר נאָך אַלץ נישט, דער פאַנפערעאָנקע...

די גענעראַלשע האָט יעדעס מאָל גענומען דאָס פענעצל ווורשט צווישן די ציין, גלײַך ס'וואָלט געווען פון גלאָז, אָפּגעביסן אַ שטיקעלע, אַראָפּגעשלונגען און געדרייט מיט דער נאָז:

— ניעט... ניע גראַוויצאַ... ס'שמעקט איר נישט...

זי האָט שוין אַלע סאָרטן פליישן געהאַט פאַרזוכט און ס'איז איר נאָך אַלץ נישט געפעלן: „ניעט" און „ניעט".

אַ פאַרצווייפלטע איז שוין די מאַמע אירע — ווײַזט פײַוויש אָן אויפן ווײַב זײַנס, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער קיך ווי אויף הייסע קוילן — אויף אָן אמת אַרויס פון געדולד — אַזאַ איבערקלײַבערין האָט זי נאָך אין איר לעבן נישט געהאַט... מע זאָל איר אַזוי אויסדרייען די הענט... און בײַם דערלאַנגען דער גענעראַלשע נאָך אַ שטיקל ווורשט — אַז זי האָט געהערט דעם „ניעט" — האָט זי פאַרן גאַנצן געוועלב קונים אין די אויגן אָנגעכאַפּט די גענעראַלשע מיט צוויי פינגער בײַם אונטערשטן חלק, איר אַ קניפּ געגעבן אין גראָבן פלייש און צוגע־טראָגן די צוויי פינגער דער גענעראַלשע צו דער נאָז:

— אַ עטאָ, באַרישניאַ, וואַם גראַוויצאַ? דײַן אייגן פלייש שמעקט דיר יאָ?... — — —

— אָך־כאַ־כאַ!... אוך־כאַ־כאַ!...

די געסט בײַם טיש האָבן זיך געשיט פון די בענקלעך פון לאַכן, זיך גע־ווישט דעם שוויס פון שטערן און פּנים און נישט געהאַט קיין ווערטער אָפּצו־לויבן פײַווישס שוויגער, וואָס האָט אַזוי אָנגעלערנט אַ קאַצאַפּיכע:

— טאַ סוראַ־גיטליאַ בילאַ טאַמטאַ באַבאַ!...[2]

— גוט געטון... מײַנע נעמונעס...

— שוין איינמאָל אַ ייִדענע געווען!...

— נו, דערצייל ווײַטער...

---

[1] ס'געפעלט אײַך?

[2] די שרה־גיטל איז געווען יענע ייִדענע!

— דערצייל, דערצייל...

— ווײַטער איז געווען יום־טוב אין דער וואָכן... פרעגט שוין בעסער נישט. די גענעראַלשע איז רויט געוואָרן אויפן גאַנצן פּנים, גלײַך ווי מע וואָלט זי אָפּגעגאָסן מיט הייס וואַסער. זי האָט זיך אַזש פאַרקײַכט פון ווייטיק, אַרויס־געלאָזט אַ דינעם פּישטש ווי אַ פייגעלע, און געמאַכט אַ חלש אויף אַ רעכטן אמת... אַוועקגעפאַלן אין געוועלב, זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג... און אַזוי ווי זי איז געווען אין זיבעטן, צי אין אַכטן חודש — האָט זי געמפּילט... יאַק באָגאַ קאָכאַם...[1] געמפּילט!... אַ פּײַג האָט זי שוין געגעסן, נישט קיין ווורשט... פרעגט זי, אָט שטייט זי דאָך דאָ, מײַן ווײַב, צי איך זאָג איין וואָרט ליגן?... מ׳האָט די מאַמע אירע געשלעפּט צו די סלעדזאָוואַטעלעס...[2] זי האָט געהאַט צו טון מיט „סאָנדעס״[3], מיט טורמעס... מ׳האָט זי אײַנגעזעצט אין פּאַוויאַק אַרײַן... וואָס פרעגט איר... דעם שווער האָט געקאָסט אַ מאַיאָנטעק מיט געלט ביז ער האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט... מ׳האָט זי שיִער נישט פאַרשיקט קיין סיביר צו די ווײַסע בערן...

— און די גענעראַלשע?

— וואָס איז געוואָרן מיט דער גענעראַלשע?

— מיט דער גענעראַלשע, פרעגט איר? זי איז געבליבן מיט אַ שוואַרצן פלעק אויפן הינטן ביזן הײַנטיקן טאָג. אַלע ריכטער, זײַט מיר מוחל, האָט זי געמוזט ווײַזן, כ׳בעט אײַך איבער, וואָס זי פאַרמאָגט... פאַרן גאַנצן געריכט... אין געריכטזאַל... כ׳זאָל אַזוי זען גוטס אויף מײַנע אויגן, ווי מ׳האָט געזען אויפן גאָלן לײַב צוויי פינגער ווי די ביקעס... אַזוי לאָמיר אַלע לעבן און געזונט זײַן...

---

1 ווי גאָט איז מיר ליב.

2 אויספאָרש־ריכטער.

3 געריכטן.

## קאַפּיטל אַכט

# דער בלוטיקער מיטוואָך אויף טעאַטער־פּלאַץ

ווי לאַנג ער האָט דערציילט, פּיַוויש, די מעשה מיט דער גענעראַלשע, איז זי, שיינדעלע, נישט צוגעגאַנגען צום טיש. געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער קיך מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט און געקוקט אויף איר „געראָטן מאַנעלע״, ווי דאָס קלאַפּט אַזוי ווי אויף שרויפן, אַז ס׳מויל זאָל אים נאָר אויס־געדרייט ווערן אויף דער אַנדערער זײַט, טאַטע־פּאָטער אין הימל... ווען ס׳קינד אירס האָט זיך גענומען וועקן, זיך אָפּגעקאָפּעט מיט די פיסלעך דאָס איבערבעטל, איז זי מיט שווערע פּאַמעלעכע טריט צוגעגאַנגען צום וויגעלע, אײַנגעדעקט דאָס קינד מיטן פוכן איבערבעטעלע און געדעדט צום פּיצעלע ווי צו אַ גרויסן:

— דאָס טאַטעלע דײַנס... קוק עס אָן... אַ שוואַרץ ליַיט געוואָרן פון אים... ווער ס׳ווינטשט מיר שלעכטס זאָל כאַפּן אַזאַ מציאה ווי איך האָב געכאַפּט... זי האָט געגעבן האַסטיק אַ צעוויג די וויג און געשאָלטן די געסט אויפן קול:

— האָלעדראַנצעס אַ באַנדע... צ׳זאָלט נאָר צוריקגעבן מיט פּראָצענט... זיך אָנגעזעצט אויף מײַנע ביינער, זולל־וסובהניקעס אַזעלכע... אַזוי לאַנג פוילט עך נײַן איילן טיף, ווי איך אײַך וועל נאָכאַמאָל אָנגרייטן אַזאַ טיש...

אַז ס׳קינד איז צוריק אײַנגעשלאָפן, איז זי צוריקגעגאַנגען צום קעכל, באַ־טראַכט דעם פול־אָנגעשטעלטן טיש מיט די אויסגעליידיקטע טעלער, פּולמיסיקס און אומגעקערטע פּוסטע פלעשער; געקוקט אויף פּיַווישן, וואָס האָט מיט אַ שלאָבעריקער האַנט צוגעפירט דאָס גלאָז צום מויל און פאַרגאָסן מער אויף דער פּאַדלאָגע ווי צו זיך אין מויל אַרײַן. זי האָט באַדויערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און געטראַכט אַז די מאַמע איז געווען גערעכט, אַ לאַכטיק גן־עדן זאָל זי האָבן, ס׳וועט שוין פון דעם יונג קיין ליַיט נישט זײַן.

די שיכורע געלעכטערס בײַם טיש זענען געגאַנגען ביז אויף דער גאַס אַרויס... בײַם אויפהייבן זיך פון די ערטער איז מען אַרויפגעפאַלן איינער אויפן אַנדערן, מ׳האָט אומגעקערט שטולן, זיך פאַרפּלאָנטערט אין גיין מיט די צעוואַקלטע טריט און זיך אַראָפּגעגליטשט פון אַלע שטיגלעך אַראָפּ — צוריק אין שטוב אַרײַן, נאָכשלעפּנדיק איינער דעם צווייטן, אַזש אויף שיינדעלעס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, אַזוי קאָמיש האָבן זיי אויסגעזען, די צאַבאַנעס, מיט די גאָלע קעפּ, וואָס האָבן זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס.

בלויז דער מיטן גערדיכטן קענדזשער האָט זיך גוט געהאַלטן. כאָטש ער האָט געטרונקען פּונקט אַזוי ווי זיי. ער איינער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן מער מענטש ווי זיי אַלע. ער האָט זי איבערגעבעטן, זיך אַנטשולדיקט פאַר איר, וואָס מע לאָזט דאָ איבער אַזאַ באַלאַגאַן אין דער שטוב... ס׳וועט אויסגיין צו איר־

קאָפּ... ער האָט מער גאָרנישט באַוויזן צו זאָגן. אָן אויסגעשטערקטע לאַפּע האָט
אים אַ שלעפּ געטון מיט אַ ריזיקן כוח צו די שטיגלעך, וואָס פירן צום דרויסן
אַרויס, אַז ער האָט שוין נישט געבראַכן רוק און לענד.

נאָך זייער אַוועקגיין איז אין שטוב געבליבן שטיין אַ זויערער ריח פון אַ
שענק. אַ געדיכטער טשאַד פון פּאַפּיראָסן־רויך האָט זיך געהאַלטן אינדערלופטן.
די „קאָפּטשוכעס" האָבן געוויכערט ביליקע מאַכאָרקע, וואָס זיי האָבן געשיט אין
ביבעלע־פּאַפּיר און פאַרקלעפּט מיט שפּײַעכץ. זיי האָבן געקאָפּטשעט איין פּאַפּי־
ראָס נאָכן אַנדערן ווען ס'איז שוין מער נישט געווען וואָס צו טרינקען, ווען די
פלעשער האָבן זיך שוין געוואַלגערט ליידיקע אויפן טיש און אונטער די פיס.

— שווינטוכעס דאָס זענען! — האָט זיך שיינדעלע גענומען צום אַראָפּ־
רוימען פון טיש... געסט אויף מײַן קאָפּ... אָנגעמאַכט, אָנגעמושבט און אַוועק־
געגאַנגען... ס'איז דאָך דאָ אָן אומזיסטע דינסט אין שטוב, פאַרוואָס נישט... וואָס
בין איך דאָ — מער ווי אַ דינסט? ווײַטער וועט עס אַזוי נישט גיין... ביין,
ברודערקע, דאָס לעצטע מאָל אַזאַ הוליאַנקע...

ווען פּײַוויש איז צוריקגעקומען, נאָכן אַרויסבאַגלייטן די געסט ביזן ראָג־צו,
און זי געוואָלט אַרומנעמען, איבערבעטן — האָט זי אים נישט צוגעלאָזט צו זיך.

— איך האָב עס שוין גענוג, פּײַוויש, זעסט, ביז דאַנען־אָ... — האָט זי אים
געוויזן מיט דער האַנט אויפן האַלדז.

נאָר פּײַוויש געהערט נישט צו די, וואָס שטייען אַזוי גיך אָפּ. ער האָט זיך
מיכלומרשט געמאַכט אַוועקדרייען, נישט איז נישט, נאָר גלײַך זי אַ נעם געטון
פון אַ זײַט און אָנגעהויבט אויף איר מיט הייסן שיכורן אָטעם, געזוכט מיט די
ליפּן זיך אײַנצוזויגן אין איר קאַרק, וואָס דער קאָפּ האָר האָט פאַרדעקט.

שיינדעלע האָט זיך מיט אַלע כוחות געווערט קעגן אים און מיטביידע הענט
אים געדזשאָכעט אין די זײַטן אַרײַן:

— טשעפּע זיך אָפּ פון מיר מיט גוטנס, זאָג איך דיר... כ'וועל דיך זאַמאַ־
לעווען, אַז דו וועסט מיך נישט אָפּלאָזן...

— כ'האָב דאָך דיך ליב, שיינדעלע — האָט ער געפּרייכט אויף איר מיט
זויערלעכן שווייס.

— דערצייל עס די באָבעלע, קאַטאַזשאַן וואָס דו ביסט!... האָב מיך אַ ביסל
ווינציקער ליב — האָט זי זיך געריסן פון אים — און צאַפּ מיר נישט ס'בלוט.

— כ'וועל שוין נישט מער, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן, קום שוין...

— גיי אַוועק! גיי, זאָג איך דיר, וואָרן...

און מיט אַ „זאַמאַך" האָט זי אים געגעבן אַ שטופּ אָפּ פון זיך, אַז ער איז
אַ פאַל־געטון אויפן בעט אַרויף ווי אונטערגעזעגט... און זיך שוין נישט געוואַגט
מער צוצורירן צו איר אַ גאַנצע נאַכט.

פון דעמאָלט אָן האָט זי, שיינדעלע, אויפגעהערט אָנגרייטן אויף שבת אָן איבעריקן ביסן. נישט געבאַקן מער קיין קוכנס מיט קיין שטרודלען. זיך אויפ־געהערט פאָרען טאָג און נאַכט ביַי דער קיך. אַז זי איז פאַרטיק געוואָרן מיטן באַלעבאַטישקייט, האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק מיטן קינד אין קראַ־שינסקיס גאָרטן אַריַין, אַ ביסל שפּאַצירן, זען אַ מענטש פאַר די אויגן. זי האָט שוין געהאַט פאַרגעסן ווי אַ גאַס זעט אויס...

אַזוי פירנדיק איין מאָל דאָס קינד אין וויזיקל אויפן שפּאַציר אין דער ברייטער אַלייע, וואָס גייט אַרויס צו דער נאַלעווקעס, האָט זיך פון גאַס דערטראָגן אַהער אַ געטופּעריַי פון פערדישע קאָפּיטעס. קאָזאַקן אויף פערד האָבן זיך פאַר־ביַיגעטראָגן ווי די רוחות. זיי זענען געפלויגן אין גאַלאָפּ פון מוראַנאָוו צום ראָטהויז אויפן טעאַטער־פּלאַץ. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און שוין איז דער גאָרטן פול געווען מיט אָנפּלייצנדיקן עולם, אָן די קאַפּעלושן, מיט צעפלויגענע בינדעס און שאַלן. צעיושעטע ריַיטער אויף קאָזאַקישע פערד האָבן זיך געיאָגט נאָך זיי פון אַלע זיַיטן און מיט בלאַנקעדיקע שאַבלעס געפּאַטשט אין דער לופט אויף רעכטס און לינקס. די ווייסעפּינעטע, פאַרשוימטע פערד זענען אַרויף אויף מענטשן, אומגעקערט קינדער־וועגעלעך, געפלויגן איבער די בענק אין גראָז אַריַין. די קאָזאַקן האָבן זיך געיאָגט מיט די פערד איבערן גאָרטן און מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן — צעטראָטענע, צעבלוטיקטע, צעמימתטע. דער גאַנצער גאָרטן איז פול געוואָרן מיט געשרייען און גוואַלדן און קינדערשע געוויינען. נאָך גוט וואָס זי, שיינדעלע, האָט זיך געפינען מיט נאָך עטלעכע פרויען ביַים הויכן מויער מיט די געדיכטע קשאַקעס אויף רעכטס אין דער אַלייע וואָס פירט צום אַרויסגאַנג אויף דער אַנדערער זיַיט צום פּלאַץ קראַשינסקי, אַנישט וואָלט זי נישט אַרויס מיטן קינד קיין לעבעדיקע.

דאָס האָט דער גובערנאַטאָר קאָנסטאַנטינאָוו באַפוילן פונאַנדערצוטריַיבן דעם ריזיקן עולם, וואָס האָט זיך אין יענעם בלוטיקן מיטוואָך צונויפגעקליבן אויפן טעאַטער־פּלאַץ פאַרן ראָטהויז און אויפן פּלאַץ גזשיבאָווסקי אַרום קלויס־טער. דאָס טרעטן אויף די מענטשן אין קראַשינסקיס גאָרטן איז געווען אַ שפּילכל אַקעגן דעם וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די אַנדערע שטאָט־טיילן. אויפן טעאַטער־פּלאַץ און אויפן גזשיבאָוו האָט מען געהאַקט קעפּ ווי אין קרויט אַריַין.

די קאָזאַקן האָבן זיך דאָ מיט די פערד אַריַינגעשניטן אין דער געדיכטער מאַסע מענטשן אַריַין און געשניטן אַ בלוטיקן שניט. ווער איז דאָרט נישט געווען? גאַנץ וואַרשע איז זיך צונויפגעקומען אויפן פּלאַץ־טעאַטראַלני. ס׳האָט זיך געטון קאָפּ אויף קאָפּ. דאָס גאַנצע פאָלק איז זיך געקומען פרייען מיטן מאַניפעסט, וואָס האָט אַ ווייַע געטון מיט פריַיע ווינטן און פאַרדרייט דעם קאָפּ. דער אַלטער חלום פון אַ פוילן, אָן קייטן, אָן נאַגיַיקעס און ראַפּניקעס; אַ פריַי פוילן, וואָס

װעט אויפשטיין פון אונטערן רוסישן שטיװול צו אַ נײַ זעלבשטענדיק לעבן פּאַר אַלע גלײַך, האָט אַלעמען געדופן אין גאַס אַרויס אויסדריקן די צעכוואַליעטע פרייד, וואָס האָט פאַרפלייצט גרויס און קליין, יונג און אַלט ביזן פאַרגעסן זיך, אַז אָט די פרייד קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּאַסטקע, אַ געפערלעכן רינג אָן אָן אַרויסגאַנג. דער געדראַנג איז געווען אַזוי גרויס, אַז די אייזערנע שטאַכעטן פון די סקווערלעך אויפן גרויסן פּלאַץ אַנטקעגן ראַטהויז זענען אײַנגעבויגן גע־וואָרן און זיך אײַנגעשניטן אין די מענטשן אַרײַן. ווען די מאַניפעסטאַציע איז צעטריבן געוואָרן איז אויפן פּלאַץ געבליבן אַ מאַסע געהרגעטע און צעקײַלטע אין גרויסע קאַלוזשעס בלוט ווי אין אַ שעכטהויז. אין מיטן גאַס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט קאַפּעלושן, מאַנטלען, שטעקנס און אָפּגעריסענע מענטשלעכע אברים. די זשאַנדאַרמען האָבן דאָס אַלץ צוזאַמען צונויפגעקליבן אין אַ קופּע הינטער די פּילאַרן פון גרויסן אָפּערע־טעאַטער. און די סטרוזשעס פון „ראַטוש" זענען געשטאַנען מיט די גומענע קישקעס, געשפּריצט מיט וואַסער און אַראָפּ־געשווענקט דאָס בלוט פון די טראָטואַרן און ברוק אין רינשטאָק אַרײַן.

זעט אויס, אַז דאָס מזל האָט זייביידן צוגעשפּילט. אויך פּײַוויש איז געווען אויפן טעאַטער־פּלאַץ מיט זײַנע קאַלעגעלעך ווען די קאָזאַקן זענען אָנגעפלויגן אויף די פערד מיט די ווײַס־פאַרשוימטע מאָרדעס. אַלע גאַסן אַרום זענען געווען אָפּגעשלאָסן. נישט מעגלעך געווען דורך וואַנען זיך אַרויסצוקריגן. לעבן אים איז געפאַלן דער הויכער, דער מיטן געדיכטן קענדזשערער האָר. דער קאָפּ איז אַוועק־געפאַלן באַזונדער. ס׳האָט געפעלט אַזוי פיל־אַ, אַז אויך ער, פּײַוויש, זאָל בלײַבן מיט אַ קאָפּ נידעריקער. ער פאַרשטייט נישט אַליין ווי אַזוי ער איז אַרויס אַ גאַנצער פונעם בלוטבאָד.

אין קאָפּ איז זיי נאָך אַלץ געשטאַנען אַ שום, אַ רויש פון די פאַרטײַבנדיקע יאָמערלעכע קולות פון די געפאַלענע און געיאָגטע. שיינדעלע האָט דערלאַנגט צום טיש דאָס נאַכטמאָל, כאָטש פּײַוויש האָט געזאָגט, אַז ער קאָן גאָרנישט נעמען אין מויל אַרײַן. נאָר אַז זי האָט שוין אויפגעגעבן האָט ער געגעסן מיט אַפּעטיט, אַז אויך זי האָט דערפילט דעם הונגער, אַז ס׳נאָגט איר אונטערן לעפעלע.

ער האָט גענומען דאָס קינד, פּײַוויש, פון שיינדעלעס הענט און עס אַוועק־געזעצט צו זיך אויפן שויס. דאָס קליינטשיקע האָט אים געפּעטשלט מיט די גראָבטשינקע פולע הענטעלעך איבערן פּנים, אים אַרײַנגעפּאַקט אַ האַנט פינגער־לעך אין מויל אַרײַן, וואָס ס׳האָט אים, פּײַווישן, עפּעס דאָס ערשטע מאָל, דאַכט זיך, פאַרשאַפט פאַרגעניגן פון אַ טאַטן. ערשט איצט האָט ער דערפילט, אַז ער האָט ליב דאָס קינד, ווי אַ טאַטע דאַרף ליב האָבן, ווי זײַן אייגנס. דאָס טאַ־טישע געפיל האָט אים אַרומגענומען מיט אַ זעלטענער וואַרעמקייט וואָס האָט האַסטיקער געמאַכט שלאָגן אין אים דאָס האַרץ.

## קאַפּיטל ניין

# שיינדעלע באַגלייט פּיווישן צו די זעלנער

אין וואַרשע האָבן זיך געשטעלט שווערע טעג. אין דער לופט האָט געשמעקט מיט פּולווער, מיט אַטענטאַטן, מיט אויפשטאַנד און רעוואָלוציע. אין שטאָט איז געוואָרן שווער מיט פּראָוויאַנט. ס׳האָט אויסגעפעלט פלייש. פאַר אייער און פּוטער האָט מען געצאָלט דרײַ מאָל אַזוי פיל און ס׳איז נישט געווען צו קריגן. וועגן פלייש איז שוין געווען אָפּגערעדט. וויפל מ׳האָט געבעטן האָט מען גע־צאָלט. ס׳איז אָבער צו זייער ווייניק מענטשן אָנגעקומען. ווו נעמט מען אַזוי פיל פלייש, מ׳זאָל אַלעמען קאָנען „דאָגאָדזשען"?[1] מ׳האָט געמוזט פאָרן קיין פּראַגע אין שעכטהויז אַרײַן ברענגען פלייש. און די פּראַגער בריק איז געווען באַוואַכט פון קאָזאַקן וואָס האָבן געהיט פון ביידע זײַטן.

ער האָט זיך איין מאָל אָנגעשיכורט, פּיווויש, אין די טרייפענע האַלעס און זיך צעשלאָגן מיט די „קאָלעגעלעך", די שותּפים זײַנע — די פּוילישע קײַלער־יונגען. קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט פאָרן קיין פּראַגע נאָך פלייש. ער האָט שוין עטלעכע מאָל געשמוגלט פלייש פון פּראַגער שעכטהויז, יעדעס מאָל געווען אײַנגעשטעלט מיטן לעבן. און זיי, די שותּפים זײַנע, זענען זיך געקומען צום גרייטן. איין מאָל האָט ער געהאַט אַ מפּלה, געליטן אַ דורכפאַל. ס׳איז געווען אַ שלעכטע וואָך. מ׳האָט אים צוגענומען דעם זאַק מיט פלייש און אַרײַנגעוואָרפן אין דער ווײַסל אַריין. ס׳האָט נישט געפעלט קיין סך אַז די קאַצאַפּעס זאָלן אויך מיט אים טוען דאָס זעלבע... ער האָט זיך קוים אַרויסגעדרייט פון די „כאַכ־לאָקעס".

די שכנים אין דער יאַטקע האָבן אים אָבער געוואָרנט, אַז ער זאָל דעם טאָג נישט פאָרן. ס׳אַ פּאַסקודנע וואָך. מע קויפט זיי איבער און זיי טוען ס׳זייעריקע. ווען זיי האָבן שוין די גרײַצערס אין דער קעשענע, הייסן זיי גיין און גיבן אַ

[1] באַפרידיקן, צופרידנשטעלן, אָנטקעגנקומען.

שטעל אָן די ביקסן, מ׳זאָל זיך אומקערן און אַרויסלייגן אַלץ וואָס מע פאַרמאָגט. אַנישט איז אַ קויל אין קאָפּ. ער אַליין האָט עפּעס אויך נישט געהאַט קיין חשק, נאָר גיי מאַך, אַז יענע, די שותפים זײַנע, שלאָגן אים אַרײַן אין דער אַמביציע, אַז מיט ייִדן איז נאָר גוט צו מאַכן אַ שנאַפּס און שפּילן אין קאָרטן... ווײַטער איז זיך נישט מיט זיי אַרויסצוהעלפן פון דאַנען אַהער. איז ער זיי געגאַנגען ווײַזן אַז שלימזלען זאָלן זיי זוכן צווישן זייעריקע. געפאָרן קיין פּראַגע און אַרײַנגעפאַלן מיטן קאָפּ. וואָלט עס נאָך נישט אַזוי אויסגעמאַכט. מילא, נישט מיט איינעם טרעפן זיך אַזעלכע פאַלן. זענען זיי זיך נאָך געגאַנגען מיט אים רייצן און אים אײַנרעדן, אַזעלכע סוואָלאָטשעס, אַז ער האָט דאָס פלייש ערגעץ אָפּגעשטעקט בײַ װעמען. נישט־קשה, ער האָט אַ ייִדיש קעפּעלע. אים וועט מען קיין סחורה נישט צונעמען. ער וואָלט פריִער די וואַך געשיקט אויפן דנאָ איידער זיי וואָלטן זיך באַוויזן צוצורירן צו אים... אויב אַזוי טאָ זאָלן זיי איצטער פאָרן און זאָלן זיי ברענגען איין קעלבערן ביייליקל — צאָלט ער אַלע געלטער...

די פּוילישע קײַלערס האָבן געהיט זייער פּעל. איז נישטאָ קיין פלייש — איז נישט. ווער ס׳וויל עסן פלייש — זאָל אַליין פאָרן קיין פּראַגע אין שעכטהויז אַרײַן... ס׳גייט זיי נישט אין לעבן צו באַזאָרגן די גאַנצע וועלט... אַז ס׳וועט זײַן גרינגער מיט פלייש, וועט די קליִענטעלע אַליין צוריקקומען... זיי וועלן נאָך דאַנקען גאָט, אַז מע וועט זיי כאָטש געבן עטלעכע שפּיקביינער. זיי וועלן טאַקע נישט פאָרן, נאָר אים, פײַוויִשן, וועלן זיי קיין קאָפּיקע נישט צושטײַער געבן צום קאָנפיסקירטן פלייש. ער האָט באַדאַרפט האָבן דעם קאָפּ אויפן קאַרק. נישט גיין ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַרײַן... צום ריווח זענען זיי טאַקע דאָ, נאָר צום היזק נישט. דער היזק דאַרף זײַן זײַנער, ער זאָל זיך נאָכאַמאָל היטן די ביינער, אַנישט קאָן ער זיי דאָך בדיל־הדל שטעלן. מע וועט אים כסדר קאָנפיסקירן די סחורה און זיי וועלן דאַרפן דעקן דעם באַטרעף... שפּעטער וועט ער פון דער העלער הויט ווערן אַ גרויסער גביר און זיי וועלן האָבן אַ קרענק... אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און די הינטישע יוכע האָט זיך צעשפּילט אין זיי. מ׳האָט זיך דערלאַנגט אין די ציין אַרײַן און געטרייבערט די געדערעם אַזוי ווי קצבים קאָנען. מ׳האָט זיך געקײַלט מכות־רצח. פײַוויש האָט די שותפים זײַנע, די „קאָלעגעלעך” אונטערגעהאַקט די זײַטן און אַליין האָט ער פאַרלאָזט די האַלעס אַ צעבלוטיקטער, מיט אָפּגעריסענע קלאַפּעס און אַן אויפגעטרענטן אַרבל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין אַרויפרוקן אויפן אַקסל.

אין דרויסן אויסער די האַלעס האָט אים אויפגענומען אַ גאָס רעגן, אַ בייזער, אַ האַרבסטיקער באַגלייט מיט קאַלטע ווינטן. דער רעגן האָט אים געשמיסן מיט בײַטשן איבערן צעבלוטיקטן פּנים. ער האָט נישט געפילט קיין ווייטיק. ער איז געגאַנגען נישט צו וויסן וווהין. נאַ דיר חברים, קאָלעגעס „פּאָ פּאַכו”, פּשיאַ־

טשעלעס, אַז אויסרײַסן זאָל עס זיי. ער האָט זיי ווייניק געשניטן, באַדאָרפן „זאַקאַטרופּיען״[1], אַזעלכע מערזאַווצעס. וואָס מע טוט פאַר זיי איז זיי נאָך אַלץ שלעכט, ווילן זיי נאָך, נאָך און נאָך... ער האָט זיי דאָך געשטעלט אויף די פּיס, געמאַכט פאַר לײַט, פאַר גאַנצע סוחרים אין די האַלעס. וואָס זענען זיי געווען פריִער — אונטערשטופּערס בײַ יענעם, נישט געהאַט די וואָך איבערצוקומען. שוין אָפּגערעדט פון שטעלן ווען אַ גלעזל בראָנפן. ער האָט זיי אויסגעשטעלט פאַר מענטשן. איז דאָס צאָלן זיי אים איצט אָפּ. ער איז נישט אַוועק גלײַך אַהיים. ער האָט נאָך אָפּגעטרעטן אין אַ שענק, פאַרטרונקען דעם וואָרעם וואָס טאָטשעט אין אים ביז ווייטיק. ערגעצווו אויף אַ ראָג איז ער אַרײַן אין אַ קנייפּע, גיכער מער אויף איבערוואַרטן דעם כליאַפּ, ווי אויף טועם זײַן עפּעס. ער איז צו צום בופעט, זיך געהייסן געבן אַ „טשעטושקע״־גלעזל און מיט איין קער עס אַראָפּ־געלאָזט אין קעל. און באַלד נאָך דעם איינס. זאָל עס ברענען, זאָל עס אויס־רײַסן דעם האַלדז מיט די קישקעס. ס'איז אים שוין אַלץ איינס. מער וועט ער מיט זיי קיין געשעפטן נישט מאַכן. זיי מעגן שוין פאַרגעסן. ער האָט אַרויסגע־גראַבלט פון קעשענע אַ צעריבן באַנקנאָטל, גענומען אַ רעשט און צוריק אַרויס אונטערן רעגן. ער איז אַהיימגעקומען אַן אײַנגעהזירטער ווי פון אַ רינשטאָק און אָן אַ וואָרט זיך אַרײַנגעוואַלעט מיט די שטיוול אין בעט אַרײַן.

שיינדעלען האָט עס אָפּגענומען דאָס לשון זעענדיק אים אין אַזאַ וויסטן מעמד. דאָס מאַנעלע אירס מוז אײַנרײַסן מיט דער גאַנצער וועלט. וויפל ער האָט — האָט ער אַלץ ווייניק. זי האָט אים אַראָפּגעצויגן די שטיוול און אים געלאָזט אַזוי אין אָנטועכץ.

ער איז אָפּגעלעגן אַ שיינע פּאָר טעג דאַמאָלסט, פּײַוויש, גערעדט פון וועג... געשריגן, אַז ער וועט זיי בעמען אויפן יאַטקע־קלאָץ און מאַכן פון זיי קרעפּל־פלייש. פון די געשרייען האָט זיך דאָס קינד אויפגעכאַפּט פון שלאָף און זיך גע־ריסן אין וויגל, אַז זי האָט עס קוים געקאָנט אײַננעמען דאָס פּיצלס. ווען ער פלעגט זיך אויפזעצן, פּײַוויש, און נעמען שרײַען, האָט זי אַליין אַזש מורא גע־קריגן, ס'זאָל אים נישט עפּעס זײַן, איר פּײַווישן... זיי האָבן אים געמוזט שלאָגן איבערן קאָפּ, די דראַניעוואַטע יונגען דאָרט אין די האַלעס... זי איז געלאָפן כסדר צום שעפל און אים געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צום קאָפּ.

אַ קורצע צײַט נאָך דעם ווי פּײַוויש איז זיך צעגאַנגען מיט די שותּפים איז שיינדעלע אויפגעווען אַ גאַנצע נאַכט בײַם אויפנייען אַ פּלעצאַק און צוגרייטן אַלץ וואָס אַ סאָלדאַט דאַרף האָבן אין מיליטער אַרײַן. אין עטלעכע טעג אַרום איז זי אים — ווי אַ סך אַנדערע פרויען — זייערע מענער — געגאַנגען באַ־

[1] מימתן.

גלייטן מיטן פּעקל צו דער באַן, וואָס דאַרף זיי, אַלע פּריזיוואָניקעס, אַוועקפירן אויף מיליטער־דינסט ערגעצוו אין טיף ראַסיי, ווו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט, דער טײַוול וויסט זיי ווו...

ער איז געווען אומבאַהאָלפן, פּײַוויש, ווי אַ קינד, געשטאַמלט מאָדנע פאַר־לוירענע רייד צו איר פון דער ריי אַרויס. זי האָט רעכט נישט געהערט וואָס ער זאָגט צו איר. די רייד זענען פאַרטומלט געוואָרן פון די וואָרטשענדיקע טראַמ־פייטן פאָרנט פאַר די זעלנער... און דער באַראַבאַן האָט נישט אויפגעהערט צו פאַרהילכן דעם גאַנצן וועג ביז צום וואָקזאַל.

זי האָט זיי נישט געקאָנט דעריאָגן אין גיין און כסדר געמוזט מיטן קינד אויף דער האַנט אונטערלויפן אַ פּאָר טריט, בכדי זיך אויסצוגלײַכן מיט זײַן ריי און ווידער צו בלײַבן הינטערשטעליק מיט נאָך איינע אַזאַ, וואָס האָט אויך געהאַט, ווי זי, אַ קינד אויף דער האַנט. אַזוי אונטערלויפנדיק האָט זי דערפילט אַ מאָדנע גלײַכגילטיקייט צו דעם אַלעם, וואָס קומט דאָ אַרום איר פאַר. און אַ קאַלטקייט און פרעמדקייט צו אים, צו פּײַווישן, האָט איר שוין אָפּגעטיילט פון אים. כאָטש ער איז נאָך געווען אָט־דאָ, אַ פּאָר טריט פון איר, אינעם אויסגעמיש מיט די אַלע מאַרשירנדיקע זעלנער, וואָס זינגען מיטאַמאָל נידעריק און מיטאַמאָל הויך — פאַרטייבנדיק. זי האָט אין דער מינוט נישט אים און נישט זיך באַ־דויערט. זי האָט זיך נאָר, ווי מיסתמא יעדע מאַמע, געוויקלט מיט די געדאַנקען אינעם קינד וואָס זי האָט געטראָגן צוגעדריקט צו דער ברוסט.

שפּעטער־צו, ווען מ'האָט פון וואָקזאַל גענומען אונטערטרייבן די זעלנער צו די לײַדיקע וואַגאָנען, צו די טעפּלושקעס מיט די אויפגערוקטע טירן, האָט ער זיך דורכגעקריגן צו איר, פּײַוויש. אין דער גיך אַראָפּגענומען פון איר דאָס פּעקל און זיך עס פאַרוואָרפן אויף דער פּלייצע. ער האָט זי פעסט אַרומגענומען מיט זײַנע שטאַרקע קצבישע הענט, אין וועלכע זי האָט זיך שטענדיק געפילט אַזוי זיכער און באַשיצט, נאָר איצט האָט עס איר בלויז וויי־געטון און פאַרמישט דעם קאָפּ פונעם פעסטן אײַנקלאַמערן זי און פונעם זעלנערישן זויערן ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אים, ווי פון אַלע זעלנער, וואָס דערשמעקן נאָר די קאַזאַרמע. ער האָט זיך צוגעדריקט מיטן באַוואָקסענעם פּנים צום קינד און אַרויסגעשטאַמלט:

— געב אַכטיק אויף איר, שיינדעלע... זי איז אַ מיידל...

ס'האָט זיך איר געדאַכטן, שיינדעלען, אַז די דאָזיקע ווערטער קומען פון אַ הוילקייט אַרויס. ס'איז גאָרנישט זײַן קול געווען. זי האָט באַרויִקנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, גלײַך דאָס קינד וואָלט שוין טאַקע געווען אַ גרויס דערוואַקסן מיידל און מע דאַרף אויף איר אַכטיק געבן... זי איז געווען אַזוי צעטומלט, אַז זי האָט דערווײַל פאַרגעסן אים צו בעטן, אַז ער זאָל אַ סך שרײַבן וועט עפּעס אָנקומען.

שפּעטער, ווען ער איז פאַרשווינדן צווישן די וואַגאָנען, איז, ווי מאָדנע דאָס

זאל נישט זײַן, איר געוואָרן אַ ביסל לײַכטער אויפן האַרץ. זי האָט אַזש אָפּגע־זיפצט, ווי זי וואָלט אַראָפּגעפּאַטערט פון זיך אַ שווערן עול פון קאָפּ, אַ שווערע דריקנדיקע לאַסט...

ערשט איצט האָט זי באַנומען, אַז די דאָזיקע ס'איז־מיר־שוין־אַלץ־איינס־קאַלטקייט איז גיכער געווען אַזאַ ווידערווילן צו אים, ווי סתם גלײַכגילטיקייט. ער איז דאָך פאַרט געווען איר מאַן, דער ערשטער, וואָס איז געווען מיט איר אַזוי נאָענט, לײַבלעך נאָענט און אויסגעפּילט מיט זיך איר וועלט, אַז זי האָט שוין אויף קיין אַנדערן נישט געוואָלט אַפילו קיין קוק געבן. זי האָט נישט גע־קאָנט פאַרשטיין פון וואַנען ס'האָט זיך צו איר דערנומען אַזאַ געפיל פון אָפּגע־פרעמדטקייט. קאָן זײַן, אַז דער מאַמעס שטענדיקע רייד וועגן דעם, אַז ס'פּילט זיך פון אים מיט געפּגרטע פערד, זאָלן דאָס האָבן געווירקט אויף איר. אָדער אפשר איז דאָס געווען דער כוח, וואָס האָט זי אָפּגעהאַלטן נישט צו פאַרצווייפ־לען און נישט אָפּטון זיך עפּעס אַ מעשה. זי האָט רעכט נישט באַמערקט ווען די וואַגאָנען מיט די זעלנער האָבן זיך אַוועקגעשאַרט, זיך אַ רוק געטון אין דער ווײַטער נאַכט אַרײַן... זי איז נאָך לאַנג אַזוי געשטאַנען פאַרהאָרכט אינעם קינד אויף דער האַנט, וואָס האָט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַ געוויין. מיט גיכע צוגעאײַלטע טריט האָט זי זיך גענומען דערווײַטערן פונעם פּוסטלעכן פּעראָן, און ביזן הײַנטיקן טאָג ווייסט זי נישט, ווו זײַן געביין איז אַהינגעקו־מען... אַוועק ווי אין וואַסער אַרײַן...

## קאַפּיטל צען

# מיט דער פּוטער אַראָפּ...

פונעם גאַנצן ווילטאָג, וואָס שיינדעלע האָט געהאַט בײַ איר פּײַווישן, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. ער איז געווען לײַכטזיניק, פּײַוויש — ער האָט געלעבט אומבאַרעכנט, געהאַט שיטערע פינגער, געקאָנט אויסגעבן ביז אַ קאָפּיקע און נישט געטראַכט וואָס ס׳וועט זײַן מאָרגן.

זי האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכן, שיינדעלע. וואָס האָט זי דען געהאַט איבער אים צו זאָגן, אַזוי ווי אַנדערע פרויען, וואָס ווייסן ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט אַ מאַן, אַז ער זאָל בײַ זיי טאַנצן לויט אַ דודעלע. דעם אמת געזאָגט איז זי אַליין אויך געווען פאַרנאַרט. זי איז נאָכגעגאַנגען זײַן קאָפּ. זי האָט זיך באַדאַרפט אָנגרייטן אַ קניפּל, די שוואַרצע שעה זאָל נישט קומען... אַלע פרויען טוען אַזוי. האָט זי אויך באַדאַרפט האָבן דעם קאָפּ אויפן קאַרק. מע זאָל אַפילו האָבן אַ צוגעציילטע קאָפּיקע, קאָן מען אויך עפּעס אָפּשפּאָרן... בײַם אײַנקויפן אויף מיטאָג, צי בײַ עפּעס אַנדערש. מע קאָמבינירט שוין אַזוי אויס, אַז ס׳זאָל זײַן וואָס צו עסן און ס׳זאָל אויסמאַכן ביליק. בײַ איר איז שטענדיק געווען פאַרקערט: ס׳האָט געקאָסט טײַער און ס׳איז נישט געווען וואָס אויפצוגעבן. זי האָט פּײַווישן נישט געקאָנט „דאָגאָדזשען" מיט זײַנע פּאָסמאַטשקעס. יעדן טאָג האָט ער געמוזט האָבן נישט אַנדערש נאָר היגדעלעך. ווער מיר גוטס גינט סאַראַ קייסערלעך מיטאָג מע קאָן מאַכן פון געמאָלן פלייש. מע טוט אַרײַן אַ זעמל און מע פאַרשלאָגט מיט אַ צוויי אייער, קומען די קלאָפּסלעך אַרויס ווי זיי וואָלטן געווען פון ווײַס פלייש. די מענער קוקן דאָך נישט אַרײַן אין טאָפּ. פרעגט זיי בחרם וואָס מע לייגט דאָרט אַרײַן. אַבי ס׳זאָל זיי שמעקן, ס׳זאָל זײַן באַטעמט און צעגיין אין מויל. אַז ס׳זאָל זיי אָפּנעמען דעם חשק צו גיין אין די רעסטאָראַנען.

אויסגעבן אומזיסט געלט. ווארן אַ גוט ביסעלע עסן האַלט דעם מאַן נאָך מער צוגעבונדן צו דער שטוב.

איז דאָך אָבער פּיניוויש געווען אַ קצבֿ־יונג, האָט ער פֿײַנט געהאַט רינדערנס בתכלית השנאה. ער האָט נישט געקאָנט קוקן דעריף. געגעבן אַ שמעק און אַוועקגערוקט דעם טעלער אין אַ זײַט. און זי, שיינדעלע, האָט אים געמוזט קאָרמענען מיט קורטשאַקלעך, קאַטשקעלעך, געגנדזענע פּופּקעס... און נאָך זײַן אַוועקגיין אין מיליטער איז זי איבער נאַכט געבליבן אַ קבצנטע אין זיבן פֿאָלעס.

די צײַט איז געוואָרן ערגער און ערגער. זי האָט נישט געוווסט, שיינדעלע, וואָס אָנצוהייבן טון, צו וואָס זיך צו נעמען. זי איז געבליבן ווי אויפֿן וואַסער און דערצו מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט...

זי זעט איצט, שיינדעלע, סאַראַ זינדיק באַשעפעניש דער מענטש איז... אָסור צי ער איז ווערט וואָס די ערד טראָגט אים. און טאַקע אַזוי. אַז פּיניוויש איז געווען אין דער היים און איר געבערענגט דעם גראָשן אין שטוב אַרײַן איז איר געווען שלעכט. זי האָט כסדר געמוזט האָבן צו „נאַזשעקען"¹ אויף אים. שטענדיק געהאַט צו אים טענות, אים געהאַלטן אין איין יאַדען: ווי אַזוי זיצסטו בײַם טיש? עס ווי אַ מענטש! פֿאַל נישט צו מיר צו ווי צו אַ הייסגעבראָטנס... דאָס האָט איר נישט געטויגט, דאָס איז איר נישט געפֿעלן... ער איז געווען אַ גאָלדענע נשמה, דער פּיניוויש, אַ מזג־טובֿ, ס'זאָל אים נאָר בײַשטיין אין אַ שלעכטער מינוט... איצט, אַז ער איז נישטאָ — איז שוין גוט... אַז אָך און וויי. זי פֿילט שוין איצט דעם טעם וואָס עס הייסט זײַן אָן אַ מאַן. אַלע שונאים אירע, וואָס ווינטשן איר שלעכטס, זאָלן וויסן פֿון דעם טעם.

וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז אַ מענטש קאָן קיינמאָל נישט אָפּשאַצן דאָס ביסעלע גוטס וואָס ער פֿאַרמאָגט — דאַמאָלסט ווען ער האָט עס. ערשט ווען עס פֿעלט אים, ווען עס טוט זיך פֿון אים אָפּ — קריגט ער ערשט אָפֿענע אויגן און זעט וואָס פֿאַר אַן אוצר ער האָט געהאַט אין דער האַנט... נאָר וואָס קאָן מען זיך העלפֿן. ס'איז שוין דאָן צו שפּעט... דאָס פֿייגעלע איז אַוועקגעפֿלויגן...

ווען דער טאַטע אירער, האַרשל פֿון דער קראָכמאַלנע, זאָל זײַן אָפּגעשיידט, האָט נאָך געלעבט, האָט זי אים נישט געוואָלט אָפּעסן די ביינער, זיך אָנלייגן אויף זײַנע פּלייצעס. זי איז נאָך דעמאָלט געווען פֿאַר דער חתונה, שיינדעלע. זי האָט נישט געקאָנט פּועלן בײַ זיך אַוועקצוגעמען בײַם טאַטן דעם ביסן פֿון מויל. וואָסי, זי האָט נישט קיין צוויי געזונטע הענט? זי קאָן זיך באַרכאַשעם אַליין פֿאַרדינען אויפֿן שטיקל ברויט. זי האָט אים טאַקע גאָרנישט געזאָגט, נישט

¹ אויסרעדן, זיך קלאָגן.

געוואָלט מיט אים טענהן, און איז אַוועק אַרבעטן אין אַ קנעפּפֿאַבריק אויף דער דזשיקע־גאַס. אַ סך מיידלעך האָבן דאָרט געאַרבעט. נישט קיין קלענערע יחסנטעס ווי זי. ס׳איז זיי קיין האָר נישט געמינערט געוואָרן פֿון זייער שטאַנד. אדרבא, זיי זענען נאָך געווען שטאָלץ, זיך געגריַיסט וואָס זיי זענען אַרבעטאָרינס. זיי האָבן שטענדיק געזונגען ביַי דער אַרבעט. די גאַנצע פֿאַבריק איז פֿול געווען מיט זייער געזאַנג.

זי האָט זיך דאָרט געפֿילט גוט ביַי דער אַרבעט, שיינדעלע, און זיך גיך צונויפֿגעלעבט מיט די פֿאַבריק־מיידלעך, וואָס האָבן איר צוגעוויזן ווי זיך אומצוגיין מיט די פֿאַרשפּיצטע מעסערס, וואָס קאָנען מיטן קוק אָפּהאַקן אַ פֿינגער. די שניַידמאַשינען האָבן אונטערגעציטערט פֿונעם האַסטיקן רוישיקן געלייף פֿון די טראַנסמיסיע־פּאַסן, וואָס האָבן מיטגעריסן אין זייער לויף די מאַשינרעדער און רעדלעך אין נאָכאַנאַנדיקן שווינדלדיקן געדריי. אין דער לופֿט האָבן זיך געטראָגן די שטויבן־פּליטערלעך, ווי אַ געדיכטער שניישטורעם, פֿונעם דיל ביזן סופֿיט און איַינגעהילט די ווענט, פֿענצטער, מאַשינען, מענטשן, אַלץ און אַלעמען אין אַ דינער שטויבנגעץ, ווי אין דורכזיכטיקע קאָלירטע וואַלן.

די פֿאַבריק־מיידלעך זענען געזעסן מיט טיכלעך אויף די קעפּ, איינגאַנצן פֿאַרשטויביקטע פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אויף די הויכע בענקלעך און קעסטלעך ביַי די צערוישטע שניַידמאַשינען. מיטן מאַשין־הענטל האָבן זיי הין און צוריק צוגעפֿירט און אָפּגעפֿירט די פֿאַרזעצטע אויסגעשאַרפֿטע שאָב־און שיילמעסערס, און פֿון די קאָלירטע ביינפּליטן אויסגעשניטן אין די הונדערטער קנעפּ און קנעפּלעך אין פֿאַרשידענע מוסטערן און פֿאָרעמס.

נידעריק צו דער ערד האָבן די דיקע שיַיבעס צונויפֿגעהאָפּטענע פֿון קיַילעכיקע שטיקער שמאַטעס, זיך מיטגעדרייט אין שטויביקן געלייַף; געשליפֿן און פּאָלירט די קנעפּ, אַרויפֿגעזעצטע צו טוצן אויף די ברעטלעך, וואָס די מיידלעך האָבן אונטערגערוקט אונטער די לויפֿיקע פּוצשיַיבעס, די קנעפּ זאָלן קריגן אַ געשליפֿענעם גלאַנץ ווי די שפּיגעלעך. די שיַיבעס האָבן אויפֿגעהויבן אַ געדיכטן וואָלקנשטויב, וואָס האָט זיך אָפּגעלייגט אויף די קליידער, פּנים, אויגן, הענט און לונגען פֿון די מיידלעך, וואָס האָבן דערביַי זיך געריסן דעם האַלדז אינעם נעפּלדיקן שטיקנדיקן אָנגעשטויב, פֿאַרבענקטע און אויסגעהונגערטע נאָך יִינגלשע צערטלעריַיען. זיי האָבן געשטילט דעם ליבע־דאָרשט מיט סענטימענטאַלע האַרצריַיסנדיקע ראָמאַנסן פֿון פֿאַרראַטענע מיידלעך, וואָס די יִינגלעך זענען פֿון זיי אַנטלאָפֿן און זיי געלאָזט אַליין ווי אויפֿן וואַסער. די ליבע־לידער האָבן אַזאַ אויסגעבענקט פֿאַבריק־מיידל אַוועקגעטראָגן אויף זייערע דורכזיכטיקע חלום־פֿליגל וויַיט פֿונעם ביינשטויב און פֿאַבריק־ריחות, ערגעץ אין אַן אַנדער זוניקער צעגרינטער רייַנלופֿטיקער וועלט:

איך שטיי דאָ בײַם וואַסער
פאַרטרויערט און פאַרלאָזן
דער טײַך שווײַגט אַ בלאַסער
נאָך שטילער פון די גראָזן.
איך זע אים קעגנאיבער
און קאָן צו אים נישט קימען
איך וואָלט גערן אַריבער
נאָר איך קאָן נישט שווימען.

יעדן אינדערפרי איז זי געלאָפן מיטן פעקעלע עסן אונטערן אָרעם אין דער קנעפּפאַבריק אַרײַן. אַ סך מענטשן האָבן אַזוי געאײַלט צו דער אַרבעט, צו מיינסט ייִנגוואַרג. אין גרינעם זומער־מענטעלע מיט אַן אויפגעשטעלט קעלנערל, די צוויי שטיקלעך ברויט מיט אויפשניט אײַנגעפּאַקט אין אַ צײַטונג, האָט זי געפּענדזשעט איבער דער גאַס אַן אַדורכגענומענע פון די שאַרפע פרימאָרגן־ווינטעלעך וואָס האָבן גערינצלט די הויט. אײַלנדיק זיך האָט זי פונדעסטוועגן באַמערקט ווי ייִנגלעך קוקן איר נאָך. איינער אַ ייִנג בחורל האָט זי צודרינגלעך דורכגענומען מיט זײַן וואַרעמען בליק. ס׳איז איר אַזש הייס געוואָרן דערפון. ער איז שטענדיק פאַרבײַגעגאַנגען אין דער זעלבער צײַט, וואָס זי, דאָס שטיקל דזשיקע צווישן געבשע און שמאָלע־מילע. אַ שוואַרץ ייִנגעלע מיט טיפע ברענענדיקע אויגן ווי פײַער. ער איז זיכער געווען פאַרליבט אין איר, נאָר ער האָט זיך זי נישט דערוועגט צו פאַרטשעפּען. צומאָל קיין שמייכל נישט געגעבן, בלויז פאַרלאַנגזאַמט די שריט אַ ווײַל, נאָכגעקוקט צי זי האָט שלאַנקע פיסלעך, ווידער געכאַפּט אַ בליק הינטער זיך און ווײַטער געלאָפן.

פאַרטאָגס, ווען מע אײַלט זיך צו דער אַרבעט, איז נישטאָ קיין צײַט צו פלירטן, ס׳איז נישט קיין טאַנצזאַל, ווו מ׳קאָן זיך צופּוצן צו אַ מיידל, נישט אַראָפּלאָזן זי פון אויג, ביז מע כאַפּט זי אויף דער ווענדקע. די גאַס ווייס נישט פון קיין קונצן. איינער גייט אין איין זײַט, דער אַנדערער אין דער פאַרקערטער ריכטונג און גיי מאַך. אין די אָוונטן האָט זי דער טאַטע נישט געלאָזט אַרויסשטעלן קיין פוס. זי וואָלט סײַ ווי נישט געווען געגאַנגען. ס׳פעלט אַרבעט אין שטוב? זי איז געווען צופרידן וואָס זי האָט אַזוי פיל דערפאָלג, וואָס אַלע קוקן איר נאָך. מער דאַרף זי נישט. און אויפן לעבן פאַרדינט זי זיך אויף אַ לײַטישן אופן וואָס בעסער קאָן שוין נישט זײַן. זי דאַרף דאָך נישט אויסהאַלטן קיין שטוב מיט קינדער. פאַר אירעטוועגן, צו גיין אָנגעטון ווי אַ מענטש, סטאַרטשעט איר.

יעדן פרײַטיק האָט זי אָפּגענומען די פענסיע. די וואָך איז אַדורך און די פּאָר גראַצערס זענען איר גאַנץ גוט צונוץ געקומען. זי האָט זיך דאָרט טאַקע געניט אָנגעגעסן מיט שטויב... אַ געדיכטער נעפּל האָט זיך געהאַלטן אינדער־

לופטן, זיך אָפּגעזעצט אויף די ווענט, אויף דער פּאָדלאָגע, אויף די פענצטער — אַמאָל ווײַס, אַמאָל רויט, טייל מאָל ברוין, אָדער גרין. ס׳ווענדט זיך וואָס פאַר אַ קאָליר בײַן ס׳איז אַרײַנגעקומען צום אויסאַרבעטן אויף קנעפּ. דער פאַבריקער שטויב האָט זיך איר אָפּגעלייגט אויף די האָר און קליידער, אויפן גאַנצן פּנים ביז די ברעמען און ווינעס, אַלץ אויף איר איז געווען באַשיט ווי מיט אַ פּראָשעק. דער שטויב האָט אויסגעריסן דעם האַלדז. ס׳האָט איר אָבער נישט געאַרט. אַבי אַליין פאַרדינען דעם גראָשן, לעבן ווי אַ מענטש, פון אייגענער פּראַצע.

לאַנג איז איר נישט אויסגעקומען דאָרט צו אַרבעטן. דורך דער קנעפּפאַבריק האָט זי זיך באַקענט מיט איר פּײַווישן. אין אַ שבת־נאָכמיטאָג איז עס געווען. זי איז געגאַנגען, שיינדעלע, מיט די פאַבריק־מיידלעך אין פּראַגער וועלדל זיך הושטעווען, פאָרן אויף דער קאַרוזעלע. דאָרט איז געווען דאָס בעסטע אָרט זיך צו באַקענען מיט יינגלעך. זיי האָבן געפּונדעוועט לאָדעס, „געשטעלט" אויף די טישלעך מיט די האָניק־קיכלעך און „ראַטשקעס", וואָס זענען געלעגן בײַ יעדן נומער צום געווינען. די יינגלעך האָבן געצאָלט אויף פאַר זיי, די מיידלעך זאָלן אויך שפּילן, אפשר זענען זיי מער מזלדיק. און די מיידלעך האָבן די געוווּנענע קאַרמעלקעס מיט די ראַקלעך פונאַנדערגעטיילט צווישן זיך מיט אַ גדולה ווי ס׳וואָלט זיי געטראָפן דאָס גרעסטע גליק.

שפּעטער האָבן די יינגלעך פאַרגעלייגט צו פאָרן אויף דער קאַרוזעלע. אַלע מיידלעך זענען שוין געזעסן אויף די פערדלעך און בריטשקעס און זיך געהאַלטן אַרומגענומען מיט די יינגלעך, וואָס האָבן זיי געפּונדעוועט פאַר זייער געלט און זיי האָט נישט געקאָסט קיין גראָשן. נאָר זי, שיינדעלע, האָט גראָד דעם שבת נישט געהאַט קיין דערפּאָלג, זי איז קיינעם פון זיי נישט געפעלן געוואָרן... אפשר דערפאַר, וואָס זי איז געווען אַ גראָבע, אַ סך דיקער פון אירע חבר־טאָרינס. אַ פּנימל האָט זי אָבער געהאַט אַ שענערס פון זיי אַלע. ס׳האָט זי נישט געאַרט אַזוי, וואָס זי געפעלט נישט, ווי דאָס וואָס יענע געפעלן. אַקעגן איר זענען זיי דאָך „מאָזעפּעס" — דאַר און קוואַר, הויט און ביין — הוילע שטשאָקעס. נישט־קשה, זי וועט אויף זיך אויך קריגן אַן אַמאַטאָר. ס׳זענען דאָ מענער, וואָס ס׳געפעלט זיי דווקא דיקלעכע פּרויען, און אויף קיין שטשופּלע ווילן זיי אַפילו נישט קוקן מ׳זאָל זיי צוצאָלן וויפל... עד, ווען זי טרעפט דאָ דאָס יינגל פון דער דזשיקע־גאַס...

זי איז געווען אַזוי פאַרטראַכט, אַז זי האָט אַפילו נישט באַמערקט ווי ס׳האָט זיך צו איר צוגעשאַרט אַ הויכער יונג מיט אַ שוואַרצער שעוועלור. ער האָט צו איר געמאַכט אייגלעך אַז ס׳איז איר הייס געוואָרן אונטערן לעפעלע. אַ שיינער יונג ווי גאָלד. ער האָט זי גלײַך געגומען מיט זײַן בליק. נאָר זי האָט זיך גע־מאַכט ווי מע מיינט נישט זי, און זיך אַוועקגעדרייט אינגאַנצן פון אים. ס׳האָט

בישט געדויערט קיין רגע, ווי ער איז שוין געשטאַנען לעבן איר און איר געקוקט גלײַך אין די אויגן, מענעריש, פרײַ און זיך אָנגערופן:

— זי ווייסן, פריילן, זי געפעלן מאָ... יאָך קען ניש די שטיק, וואָס זאָלאָך טיִען... יאָך ווייס ניש ווי אַזוי מע מאַכט עס... צי קיין אַנדערע וואָלטאָך אין לעבן ניש ציגעגאַנגען... נאָר זי זענען מאָ געפעלן פון ד'ערשטע מיניט...

שיינדעלע האָט געפילט ווי דאָס האַרץ וואַקסט אין איר פון פרייד מיט אַן אומרו צוזאַמען. אַ הייסער שטראָם האָט געגעבן אַ גיי צום קאָפּ, און די ברוסט האָט זיך האַסטיקער גענומען הייבן הינטערן ווײַסן בלוזקעלע, נאָר אַרויסצושפּרינגען... זי האָט זיך אָבער גלײַך באַהערשט. ווי קאָן מען אַזוי צופאַלן צום ערשטן־בעסטן וואָס רוקט זיך אונטער? יענער קאָן נאָך טראַכטן בײַ זיך מי־יודע וואָס... און אָנשטאָט צוריקצושמייכלען, האָבן זיך אירע ליפּן צונויפגעשנירלט. זי האָט אים געגעבן אַ יאָג פאַר דער חוצפּה זײַנער צו פאַרטשעפּען אַ ווילד פרעמד מיידל:

— טראָגן זי זאָך אָפּ פון דאַנען יִנגאָמאַן... ז'האָבן ניש געטראָפן ס'קאַנטואָר... זי גאַיען זעאָך אויפן זיכאָ...

— כ'זאָל אַזוי זאַן אין אַזהויף, זי הערן פריילן, ווי יאָך גאַי ניש פון דאַנען אַוועק... ז'האָבן דאָך טאַזנט טאַם אַפילע ווען זי בייזערן זאָך אָף מיִאָ... זי מעגן מאָך אַפילע זידלען... אַרט מאָך אָך ניש...

שיינדעלע האָט געקריגן אַלע קאָלירן אין פּנים. די ברוינע ביר־אויגן האָבן בײַ איר אויפגעשײַנט מילד און שטיפעריש:

— דערציילן זי עס די ביבעלו, ניש מיִאָ... וועמען גייען זי טשאַקען... מע קען ענק שוין...

— אַניש איז מאַן נומען ניש פאַוויש, צי יאָך קאָן טשאַקען... זי גלייבן מאָ ניש?... כ'זוג איהן דעם ריינעם אמת... ווס זי ווילן נאָר קאָנען זי זאָך באַ מיִאָ אויסביטן... יאָך צאָל פאַר אַלץ... כ'בין אַ קצב... כ'אַרבעט אין די טרייפענע האַלעס... כ'פאַרדין שטיקאָ גאָלד... כ'האָ ניש ווס צי זשאַלעווען...

די קאַרוזעלע האָט זיך דערווײַל אָפּגעשטעלט. די יִנגלעך האָבן געהאָלפן די מיידלעך אַראָפּשפּרינגען פון די בריטשקעס און הילצערנע פערד. זיי האָבן געזען, די מיידלעך, די גאַנצע צײַט, ווי דאָס הויכע יִנגל האָט זיך געפּוצט צו שיינדעלען, און ווען זיי זענען אַראָפּ אויף דער ערד, האָבן זיי שיינדעלען אַוועקגעשלעפּט אין אַ זײַט:

— וואָס שטייסטע אַזוי אין גרויסן וואָס?... אַז ס'יִנגל צאָלט פאַר אַלץ — וואָס אַרט עס דיך?... לייגסט עפּעס צי צים עסק?... ס'קאָסט דאָך אַליין טייער? דו גרויסער נאַר וואָס דו ביסט...

נאָכן הושטעווען זיך אויף דער הושטאַוקע, ווו פּײַוויש האָט זיך געשטעלט

אין פאַסאָן און געוויזן גרויס בריהשאַפט, אַזש די געלעכטערס שיינדעלעס זענען געגאַנגען אין הימל אַרײַן, — זענען זיי שוין אַלע צוזאַמען — די גאַנצע קאָמ־פּאַניע — אַוועק אונטער אַ קאַשטאַנבוים און זיך צעלייגט דאָרט אויף די אויס־געשפּרייטע מאַרינאַרקעס פון די יינגלעך. יעדער איינער פון זיי האָט געפונדע־וועט זײַן מיידל — פּאַנטשקעס באַשיט פון אויבן מיט ווײַסן צוקערמעל, און גרויסע גלעזער ראָזן קוואַס...

פּײַוויש האָט זי שפּעטער צוגעפירט אַהיים, ביז צו דער טיר. פון דעמאָלט אָן האָט ער זי כסדר אָפּגעוואַרט בײַ דער אַרבעט. ער האָט אַזוי לאַנג אין איר אַרײַנגערעדט, אַז מע דאַרף קלערן וועגן אַ תכלית, אַז פונעם אַרומדרייען זיך וועט גאָרנישט ווערן, מע מוז זיך צו עפּעס דערשלאָגן אין לעבן, ביז זיי האָבן באַשלאָסן צו שטעלן אַ חופה און ווערן אַ מענטש...

און ווי לאַנג האָט עס געדויערט דאָס גאַנצע גליק אירס, מישטיינס גע־זאָגט? — אַ מיגניע מיטן אויג און שוין שטייט זי בײַם ראַנד פון תהום, נאָר אַרונטערצופאַלן אונטן אין דער טיפעניש.

## ק אַ פּ י ט ל   ע ל ף

# אַז מע קאָן נישט אַריבער...

נאָך דער מעשה מיט דער גענעראַלשע, ווען מ׳האָט פאַרחתמעט דאָס וואָרשטנגעשעפט און אײַנגעזוצט די מאַמע אירע, שרה־גיטל, אין „פּאָוויאַק" אַרײַן, איז דער טאַטע געבליבן אָן ברויט.

ער האָט זיך די גאַנצע צײַט נישט געקאָנט שענקען זײַן פּלוצימדיק פאַרלירן זיך אין יענעם פרימאָרגן, ווען די זשאַנדאַרן האָבן פאַרפולט די קראָם, גלײַך ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל געזען אַ זשאַנדאַר פאַר די אויגן... מיט די „פריקלאַדן" פון די ביקסן האָבן זיי גענומען אַרויסטרײַבן די קונים. די אַנדערע זעלנער האָבן דערווײַל אַראָפּגעצויגן פון בופעט אַראָפּ שטיקער וואורשט און געלייגט אין די טאַשן אַרײַן, זײַן פראַצע, זײַן האָרעוואַניע, ווי מע וואָלט פון אים אַליין געריסן לעבעדיקע שטיקער פלייש.

וואָס האָט זיך מיט אים דעמאָלט געטון? ער איז געשטאַנען ווי אַ לעמעלע לעבן שרה־גיטלען. זי איז געווען בלייך ווי די וואַנט. ער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון איר, גלײַך ווי ער וואָלט פאָרגעפילט, אַז ס׳גרייט זיך אויף אים אַ גרויס אומגליק, גרעסער ווי דאָס וואָס זיי צעטראָגן אים ס׳געשעפט.

ערשט ווען די זשאַנדאַרן האָבן געהייסן שרה־גיטלען גיין מיט זיי, אָט אַזוי ווי זי שטייט און גייט — אין ווײַסן שערץ — האָט ער זיך אָפּגעריסן פון אָרט און געגעבן אַ פאַל־צו צו זיי, געלאָפן פון איינעם צום צווייטן, געשלעפט זיי פאַר די אַרבל און זיך געבעטן זיי זאָלן א י ם נעמען... זי איז נישט שולדיק... ער, אַליין ער — האָט ער זיך געקלאַפּט מיט דער פויסט אין האַרצברעטל אַרײַן:

— ווינאָוואַט יאַ, ניע אַנאַ! יאַ! טאָלקאָ יאַ!...[1] זי ווייסט פון גאָרנישט... וואָס ווילט איר פון איר... לאָזט זי אָפּ!... מיך נעמט, מיך... — איז ער זיי נאָכגעלאָפן אַ שטיק גאַס און אַ האַלבע קראַכמאַלנע נאָך אים...

צום ערשט האָט עס זיי געווײַלט, די זשאַנדאַרן, זײַנע בעטנדיקע רייד, נאָר אַז זיי האָבן געזען ווי די גאַס ווערט פול מיט מענטשן, האָבן זיי אים געגעבן אַ נעם־אָן פאַרן קאָלנער און אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואַנט און גענומען צעטרײַבן דעם עולם מיט די אָנגעשטעלטע ביקסן אונטערן אָרעם, גרייט צום שיסן... זיי האָבן אים נישט געהייסן זיך רירן פון אָרט ביז זיי וועלן נישט געבן

[1] איך בין שולדיק, נישט זי, איך, נאָר איך!...

קיין באַפעל, אַנישט קריגט ער אַ קויל אין קאָפּ... ער איז לאַנג אַזוי געשטאַנען אין איין שרעק אויף דער אָפּגעליידיקטער גאַס, ביי דער וואַנט. דער טומל איז שוין געווען איינגעשטילט, קיין שאָרך נישט צו הערן אַרום. ווען ער האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ דריי־אויס — וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין — איז שוין קיי־נער פון די זשאַנדאַרן נישט געווען אַרום אים. די גאַס האָט נאָך געשטאַרט אַ פּוסטע, און דאָס היטל זיינס איז געלעגן אויף דער ערד. ער האָט זיך אַראָפּגע־בויגן אויפצוהייבן עס און זיך נישט געקאָנט דערמאָנען ווי אַזוי ער האָט עס פאַרלוירן פון קאָפּ אַראָפּ, און נישט געפילט די גאַנצע צייט אַז ער שטייט אין בלויזן קאָפּ.

דער טאַטע, שיינדעלעס, האָט זיך נישט אַזוי אויסגעטויגט צום מיסחר ווי די מאַמע. זי האָט געהאַט אַ פיינערדיקן קאָפּ אויף זיך. ער — נישט. זי איז דאָך אַרויסגעקומען פון פּאַדריאַטשיקעס, פּיהענדלער, וואָס האָבן צוגעשטעלט גאַנצע וואַגאָנען בהמות פאַר דער מלוכה... און ער האָט געשטאַמט פון בעלי־מלאכות — סטאָלאַרעס און שמידן. טאַקע פּראָסטע ייִדן. נאָר אָרנטלעכע, יגיע־כפּימני־קעס. יעדער גרייצער האָט געמוזט זיין כשר פאַרדינט, אויסגעפּראַצעוועט מיט ביטערן שווייס.

מענטשן האָבן אים אַפילו גענומען צורעדן, ער זאָל זיך וואַרפן אויף שמוגל־פאָרן קיין כאָרזשל צו דער דייטשער גרענעץ און ברענגען סחורה פון דייטש־לאַנד. מע קאָן נתעשר ווערן איבער נאַכט, אָנשיטן אַזאַ קאַפּל מיט געלט... אויב ס׳איז פאַר אים צו ריזיקאַליש, טאָ זאָל ער זיך מאַכן אַ „גאָזשעלניע" [1] פון בראָנפן, אויסאַרבעטן „פּאָ קריִאָמו" [2] שפּאַרטעס. צי גאָר האַנדלען מיט סאַכאַרין, אַ גאַנג־באַר אַרטיקל, ס׳קאָן אויך געבן גאַנץ שיין פּרנסה. נאָר מע דאַרף קאָנען איינ־שטעלן. אַלץ איז היינט אָן איינשטעלעניש. צו וואָס מע זאָל זיך נישט נעמען — דאַרף מען זיך היטן די ביינער.

דער טאַטע אירער, שיינדעלעס, האָט נישט געוואָלט הערן און געדענקען פון די אַלע גליקן. ער איז נישט פון דער גאַס אַראָפּ, עפּעס אַ ליאַדע לאַטיק. ער וועט זיך גיין איינריכטן די הענט מיט טרייפענע פּרנסות. אַז ס׳וואָר קאָן דאָס אַלץ פאַרפוילט ווערן ביז ער וועט זיך צורירן דערצו. און דער דלות האָט אָנגע־הויבן אַרויסקוקן פון אַלע ווינקעלעך. דאָס גאַנצע ביסל אָפּגעשפּאָרטע געלט, צו שטעלן זיך אויף די פיס, איז אַוועק אויף אַדוואָקאַטן, אויף „מאַכערס" און אַנ־דערע לאַפּיטוטנס; אויף צו „שמירן" ווו מע דאַרף אויף רעכטס און לינקס. דאָס גרעסטע פאַרמעגן, באַהיט זאָל מען ווערן, קאָן צעטרענצלט ווערן מיטן קוק, ווען מע הייבט אָן צו האָבן צו טון מיט די „סאָנדעס" [3]. דאָס געלט איז געגאַנ־

[1] פאַבריקל פון בראָנפן, [2] אין געהיים, [3] געריכטן.

גען ווי מצה־וואַסער, און די מאַמע האָט מען נאָך אַלץ אַזוי נישט צוריקגעזען אויף די אויגן. זי איז געזעסן פּעסט אינעם „פּאַוויאַק".

פון דער גאַנצער שיינער דירה אויף דער קראַכמאַלנע־גאַס, וואָס זיי האָבן פאַרנומען אויפן ערשטן שטאָק מיט די פענצטער אויף דער גאַס אַרויס, האָט מען זיך געמוזט אַרײַנקלײַבן אין דער קיך אַרײַן. אַלע שטובן מיט דער עסשטוב און סאַלע זענען שוין געווען פאַרנומען פון סובלאָקאַטאָרן, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעצויגן ווי די לעמעלעך און אויפגעשטאַנען ווי די לייבעלעך. אין דער פּרי איז געווען אַ גערודער מיט אַ געגייערײַ ווי אויף אַ וואָקזאַל. ס'איז שוין נישט געווען מעגלעך אויסצוהאַלטן פונעם גיהנום, און ס'האָט זיך גאָרנישט געזען קיין סוף־דערצו... וואָס אַמאָל האָט מען גענומען ענגער אײַנצײַען דעם פּאַסיק, געשפּאָרט דעם ביסן פון מויל און געפילט ווי דער גרונט רוקט זיך אָפּער פון אונטער די פיס.

ביז ס'איז אומגעריכט אונטערגעקומען די קעלערשטוב אויפן קאָזשלע־געסל מיטן בלעכער־וואַרשטאַט צוזאַמען — אַ גרייטע פּרנסה, אַ ברויט מיט אַ מעסער. ס'איז געווען צו נעמען בחצי־חינם. דער פריִערדיקער בלאַכאַזש, וואָס האָט גע־קריגן די וויזע קיין אַמעריקע, האָט עס אָפּגעטרעטן פאַר אַ שיבוש. אַזאַ גאָלדענע געלעגנהייט מאַכט זיך נישט יעדן טאָג. מע טאָר לאַנג נישט טראַכטן און צוקלאַפּן, אַנישט קאָן מען בלײַבן ווי יענער בײַ דער דראָזשקע.

חורבן האָט זיך געטון, אַז מ'האָט זיך באַדאַרפט איבערציִען פון דער קראָכ־מאַלנע־גאַס, איבערלאָזן אַזעלכע שיינע ליכטיקע שטובן און זיך איבערקלײַבן אין אַ פינצטערער סוטערינע, ערגעץ אין אַ לאָך, אויפן קאָזשלע־געסל, ביים „מקום". אין אָנהייב, ווען איסר־בער מיטן בלאָנדן בערדל, דער מעקלער פון דירות, האָט געבראַכן די פּיס צו אים, ער זאָל עס בלויז גיין אָנקוקן, ס'קאָסט דאָך נישט קיין געלט, אַ קוק געבן, נישט מער, — האָט ער זיך אויסגעלאַכט, דער טאַטע אירער. ס'האָט אים אויסגעזען ווילד. וווּ וועט ער זיך אַרײַנצײַען אין אַ לעבעדיקן קבר אַרײַן?... און נאָך וואָס דאַרף ער דעם בלעכער־וואַרשטאַט? — אַ צולאָג צו די צרות. וואָסי, ער וועט ווערן אַ בלאַכאַזש אויף דער עלטער. נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן. ער איז נאָך נישט אַזוי אַלט, נאָך קיין איין גראָע האָר נישט אין דער באָרד — שוואַרץ ווי אַ פּעך. נו, גוט, זאָל זײַן אַזוי — אַ יונגערמאַנטשיק. אָבער וואָס וועט די מאַמע זאָגן, אַז זי וועט מערצעשעם אַרויס פון די גויִשע הענט און צוריקקומען געזונטערהייט. זי וועט עס דאָך נישט איבערטראָגן. פון אַלעם געמאַכט טיל־תל און צו גאָרנישט צוגעקומען. זי האָט אים אַ גאַנץ לעבן נישט געלאָזט טון די האַנט אין קאַלטן וואַסער. פון אַ העמערל און אַ זעגעלע — האָט זי אים אים אַרײַנגעטענהט — האָט מען נישט צו לייגן אין מעגעלע. מוז מען אייביק בלײַבן אַ קבצן, אַ גאַנץ לעבן. מע קאָן זיך קיין מאָל נישט אַרויפאַרבעטן ווי ס'קער צו זײַן. אַ בעל־מלאכה שטאַרבט אַ — בעל־מלאכה... איז וואָס זשע

וועט ער זיך איצט פאַרדרייען אַ קאָפּ מיט בלעכערײַ? און צוריקגעשמועסט, איז איסר־בער נישט אין גאַנצן אומגערעכט. אָט זעט מען וואָס מיסחר איז. ער דאַרף נישט ווײַט גיין זוכן. דער בעסטער מוסר־השכל קאָן אַ מענטש אַראָפּנעמען פון זיך אַליין. אָט נעמט זײַן אייגן ווײַב, צום בײַשפּיל. בײַ דער גאַנצער חכמה אירער — אַ חכמעסטע איינע אין דער וועלט — האָט זי זיך אַזוי באַנאַרישט, די גאַנצע שרה־גיטל... ער זאָל זי שוין וואָס גיכער צוריקזען אַ לעבעדיקע. אין איין מינוט איז אַלץ געגאַנגען צו גרונט. אָט האָסטו דיר מיסחר... מיט אַ בעל־מלאכה קאָן זיך דאָס אַלץ נישט טרעפֿן... ער פֿאַרדינט זיך אויפֿן ברויט רויִק, אָן קאָפּדרייעניש, אָן בעלי־חובות און וויסטע צוטשעפּעענישן...

ער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן, דער טאַטע אירער. ווי זאָגט מען עס, אַז מע קאָן נישט אַריבער — מוז מען אַריבער. ער האָט זיך גענומען אין די הענט אַרײַן, אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם שבתדיקן ראָק, מיט בײדע הענט זיך אַראָפּגעקעמט די שוואַרצע באָרד און אַוועק מיטן מעקלער באַקוקן... וואָס קאָן עס אים דען שאַטן? אַז ס'וועט אים נישט געפֿעלן, וועט ער זאָגן אַ גוטן טאָג. ווי נאָר אָבער ער האָט אַריבערגעשטעלט אַ פוס איבער דער שוועל — איז ער שוין געבליבן בײַם וואַרשטאַטל, וואָס איז געווען אַ צולאָג צו דער דירה, און בײַם קעלער, וואָס איז געווען אַ בײַלאַגע צום בלעכערײַ.

די ערשטע צײַט האָט דער טאַטע אַליין נישט געאַרבעט. מ'האָט אַרײַנגענומען אַ געזעל אַ פאַכמאַן מיט אַ לערנייִנגל אַ געהילף. בײַם געזעלן האָט דער טאַטע אירער זיך אויסגעלערנט אַרבעטן, און ליב געקריגן דאָס בלאַכאַרסקע פאַך ווי ס'לעבן... דערצו האָט זיך געמאַכט אַרבעט אויף אַרבעט און דער הלוך האָט געילכט. ער האָט גאַרנישט געוווּסט, אַז אַזאַ נאַרישע מלאכה, ווי בלעכערײַ, קאָן אַזוי שטאַרק צונוצקומען אין לעבן, אַז מע זאָל זיך אָן אים נישט קאָנען באַגיין ווי להבדיל אָן אַ דאָקטאָר, מע זאָל אים נישט דאַרפֿן. ער איז דאָך דאָס אייבערשטע פון שטייסל — איינער אין דער גאַנצער געגנט... און ווען די מאַמע איז אַרויס פון „קוטשעמענט" [1] — אַ פאַרעלטערטע, אַ צעקנייטשטע, מיט קישעלעך אונטער די אויגן, מיט גראָע פּאַסמעס האָר, גאַרנישט די זעלבע שרה־גיטל — האָט זי שוין געטראָפן דעם מאַן — אַ „פאָלנעם" [2] בלעכער, וואָס האָט געהאַט אַ רים אויפן גאַנצן „מקום" אַרום, און דאָס קאָזשלע־געסל האָט אים שוין אַנדערש נישט גערופן ווי מיטן געקרוינטן נײַעם נאָמען — ר' האַרשל בלאַכאַזש. דעם „רב" האָט מען אים צוגעגעבן אויס דרך־ארץ פאַר זײַן געדיכטער, שווערער שוואַרצער באָרד.

---

1 טורמע.

2 גאַנצער, פּולקאָמענער.

קאַפּיטל צוועלף

# ר׳ האַרשל בלאַכאַזש שעפּט נחת

ווען זיי האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין קעלער אַרײַן — זי מיטן טאַטן — האָט שיינדעלע נישט געוואָלט, אַז דער חתן אירער, פּײַוויש מיט די וואָנסעס, זאָל וויסן דערפֿון, אַז ס׳איז בײַ זיי הײַנט נישט אַזוי פֿויגלדיק, „בראָך־מאָרדע״. זי האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט זי לאָזן שטיין, פּײַוויש, און זאָגן „צום ווי־דערזען״. אַ דירה איז איין האַלבער גדן און אַ שיין פּנימל — דער אַנדערער האַלבער גדן. פֿאַר אַן אמתן זיווג איז עס איבערגענוג, אַז דער שידוך זאָל צושטאַנדקומען און דער חתן זאָל וועלן גיין צו דער חופּה. און אַז פּײַוויש זאָל חלילה דערגיין, אַז זיי וווינען הײַנט מיט די שטיגן־אַראָפּ, אָנשטאָט מיט די שטיגן־אַרויף, און אַז פֿון די פֿיר צימערן מיטן באַלקאָן אויף דער גאַס אַרויס איז געוואָרן אַ הייל, אַ גרוב נישט קיין שטוב, — קאָן זי נאָך אַמאָל פֿון אַלע גליקן בלײַבן אויף דער פּליישבאַנק.

זי האָט זיך מער נישט געלאָזט פֿון פּײַווישן אָפּפֿירן אַהיים אין דער נײַער דירה, אויף קאָזשלע, ווו זיי האָבן שוין איצט געוווינט:

— מ׳עט מיך נישט אויפֿכאַפּן... און צווייטנס, זי וויל נישט, די גאַס זאָל רעדן, אַז זי שלעפּט זיך אַרום מיט יונגען... ס׳איז דאָך עפּעס די קראָכמאַלנע גאַס... נאָך וואָס דאַרף זי זײַן בײַ יעדערן אין מויל?

כאָטש דער הויכער פּײַוויש האָט נישט אַזוי קלאָר באַנומען פֿאַרוואָס מע טאָר נישט צובאַגלייטן אַ מיידל ביז צום טויער — האָט ער פֿונדעסטוועגן אײַנגעשטימט אויף אַלעם, נאָכגעגעבן אַלע אירע פֿאַרוועלענישן, די נאַרישע קאַפּריזן. ער האָט געהערט צו די מענטשן, וואָס האַלטן אַז מע דאַרף מיט אַלעמען לעבן בשלום. פֿאַר יעדן איינעם דאַרף מען האָבן אַ שמייכל, אַ גוט וואָרט, ווײַל מע ווייסט קיינמאָל נישט, צי מע וועט מאָרגן נישט דאַרפֿן צו יענעם אָנקומען. האָט ער איר אויך נאָכגעגעבן, אָן דערווידערונג:

— ווילסט אַזוי — זאָל זײַן אַזוי...

מיט אַן אָפּענעם שמייכל האָט זי אים געזעגנט אויף דער טראַמוויי־סטאַציע.

זי האָט זיך אויפגעזעצט אויפן טראַמוויי זעראָ און געפאָרן אַרום און אַרום, ביז זי איז צוריק אָנגעקומען אויף פראַנטשישקאַנער־גאַס נישט ווײַט פון קאָזשלע־געסל, וווּ ס'האָט זיך געפינען די נײַע „קבירה" — די קעלערשטוב, וואָס איז שוין איין מאָל אַ דירה, אויף אַלע שונאים געזאָגט...

פײַווישן האָט זי אין אָנהייב דערציילט, אַז זיי וווינען אין פיר צימערן מיט אַ קיך. זי האָט נישט געזאָגט קיין ליגן. זי איז נאָר נישט געווען ק'אַזאַ נאַר, זי זאָל אים גיין דערציילן, אַז אַלע פיר צימערן זענען פאַרנומען פון סובלאָקאַטאָרן — פראָווינצער יידן, גאַסנהענדלער און מאַרקשטייער; אַז אין שטוב איז אַ גיהנום, און אַז ס'איז טויזנט מאָל בעסער צו וווינען אַליין פאַר זיך אין אַ קעלער, ווי אין שיינע פּאַלאַצן מיט ווילדפרעמדע מענטשן, נישט דײַנס גלײַכן, און זיך פילן קרעמפּירט אויף טריט און שריט, נאָר לא־עלינו משוגע צו ווערן.

ווען זי איז אַרומגעגאַנגען מיט פײַווישן, האָט ער איר נישט איין מאָל געגעבן אָנצוגעהערן, אַז איר טאַטע וואָלט זיי באַדאַרפט אָפּגעבן אַ צימער. די מאַמע זיצט, מ'עט זי נישט אַרויסלאָזן אַזוי געשווינד, הלוואַי יאָ ווי נישט, און ער דרייט זיך אַרום איינער אַליין אין די אַלע שטובן. ס'כאַפּט דאָך אָן אַ שרעק. און אַזוי וועט זײַן היימלעכער. די סאַלע נישט, אָבער דאָס לעצטע שטיבל מיטן באַזונדערן אַרײַנגאַנג וואָלט געווען אַ טײַערע זאַך — שטעלט מען שוין מאַרגן אַ חופּה. זאָל זי עס אים זאָגן, דעם טאַטן. ער קאָן נישט מיט אים רעדן, ווײַל דער טאַטע אירער רעגט זיך באַלד אויף, און ער, פײַוויש, וויל זיך נישט קריגן, ס'לוינט אים נישט... זאָל זי בײַ אים פּועלן. וואָס איז? קיין נדן וויל ער דאָך נישט. ס'איז דאָך נישט קיין גערעדטער שידוך. זיי האָבן חתונה אויס ליבע — איז ער מוחל דעם נדן. אָבער עפּעס צושטײַער מעג ער דאָך געבן, דער טאַטע. ער מעג אויך עפּעס אַרײַנלייגן אין געשעפט אַרײַן...

שפּעטער, ווען ער איז געוואָר געוואָרן, אַז פון די פיר שטובן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, איז ער שוין באַשטאַנען אויפן קעלער אויך. ער האָט שוין נישט גערעדט אַזוי שיין. לאָמען אים שוין געבן אַ ווינקל אַבי צו קאָנען זײַן מיט איר צוזאַמען.

ער האָט נישט געקאָנט אײַנרוען, פײַוויש, פאַרוואָס זי לאָזט זיך נישט צופירן ביז אין שטוב אַרײַן, און באַשלאָסן צו דערגיין דעם סוד.

ער איז איר איין מאָל געהאַט נאָכגעפאָרן אין צווייטן וואַגאָן, שיינדעלען, און געזען ווי זי שטייגט אויס צוריק אויפן ראָג נאָוואָליפּקי און פראַנטשישקאַנער, גיט זיך אַ דריי אַרונטער הינטערן סקווערל און לאָזט זיך מיטן שטיקל פראַנטשישקאַנער אַראָפּ צום קאָזשלע־ געסל נישט ווײַט פון די טרייפענע האַלעס, האָט ער שוין פאַרשטאַנען אַז אין קיין פּאַלאַץ וווינט זי שוין נישט...

זי האָט זיך אַליין פאַרשעמט, ווען ער האָט עס איר דערציילט באַלד אויף

צומאַרגנס, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן נאָך דער אַרבעט און געגאַנגען שפּאַצירן צום „וווּינע־פּלאַץ". נאָך וואָס האָט זי אים טאַקע באַדאַרפן נאַרן? אַ פאַרגעניגן פון אַ מענטש צו זאָגן ליגן. זי ווייסט דען נישט אַז אים קאָן מען נישט גענאַרן, ער האָט דעם קאָפּ אויפן קאַרק...

— נאַרעלע, — האָט ער זי גענומען פעסטער אונטערן אָרעם, — מיר האָבן זיך שוין אַזוי צוגעוווינט צו זיך, אַז איך ווייס גאָרנישט, ווי אַזוי כ׳וואָלט זיך געקאָנט באַגיין אָן דיר כאָטש איין טאָג... ד׳עס מאַ גלייבן צי ניש? כ׳הער נישט אויף צו טראַכטן פון דיר קיין איין מינוט בײַם יאַטקע־קלאָץ... כ׳האָב זיך הײַנט שיִער נישט אָפּגעהאַקט אַ פינגאַ באַם איבערהאַקן אַ שפּיקביין... כ׳קיק שוין אָס די רגע, מ׳זאָל שליסן די האַלעס, כ׳זאָל דיך ווידער קאָנען זעען...

פון זײַנע זיסע רייד איז איר געוואָרן הייס ווי זי וואָלט געווען געטרונקען גוטן ווײַן. זי האָט זיך אָן אַ וואָרט צוגעבויגן צו אים נאָענט און מיט די פולע זאַפטיקע ליפּן זיך אײַנגעזויגן אין זײַנע אָט אַזוי ווי זיי זענען געשטאַנען אינעם בלאָען פאַרנאַכט אויפן ראָג פרעטע אַנטקעגן דעם שטומען טונקעלן קאָשטשאָל מיט די שווערע געשלאָסענע דעמבענע טירן.

מיט איין האַנט האָט פּײַוויש אַרומגענומען איר קאָפּ און צוגעדריקט צו זײַן צעוויגטער ברוסט און מיט דער אַנדערער זי געהאַלטן פעסט פאַר דער טאַליע:

— גלייב מיאַ, שיינדעלע, מ׳קאָן אין אַ קעלער פּונקט אַזוי זײַן גליקלעך, אפשר נאָך מער ווי אין די הויכע פענצטער...

די ערשטע צײַטן האָט זי, שיינדעלע, גענומען פון פּײַווישן געלט און געגעבן דעם טאַטן, ער זאָל זיך אײַנקויפן פאַרשידענע כלים צו דער אַרבעט, אַ פּלאַכ־צוואַנג, אַ נײַע שער צו שנײַדן דיקן צינקבלעך... און ווען זי איז אַהיימגעקומען פון דער קנעפּפאַבריק נאָך אַ טאָג אַרבעט — האָט זי נאָך צוגעהאָלפן דעם טאַטן עפּעס פאַרריכטן, צושנײַדן, אויסריכטעווען. ער איז געווען פאַרוואָרפן מיט אַר־בעט און זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיטן אַרויסקינטשען די באַשטעלונגען.

און אַז פּײַוויש האָט זי צומאָרגנס נאָך די שבע־ברכות נישט געלאָזט מער גיין אין פאַבריק אַרײַן אַרבעטן: מ׳קאָן דאָרט קריגן די סוכאָטעס, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, אַ גאַנץ לעבן האָבן צו טוען מיט דאָקטוירים און אויסגיין ווי אַ ליכט — האָט זי זיך נאָך מער אָפּגעגעבן אין וואַרשטאַט און געהאָלפן דעם טאַטן.

מ׳האָט זי שוין וויפל מאָל געוואָלט אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט, פּונקט ווי מ׳האָט אַראָפּגענומען דעם געהילף, דעם פעסטן יאַט מיטן געקרויזלטן קאָפּ האָר מיט די לעדערלעך אויף די הענט. דער גאַנצער „פּעטניאַק" האָט גלײַך אָן אַ וואָרט אָוועקגעלייגט אויפן קלאָץ דעם האַמער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט. אַ בלייכער גענומען דאָס רעקל אונטערן אָרעם און אַרויס פון קעלער־

צוזאַמען מיט די דעלעגאַטן. זיי זענען מיט אים אַוועק אין מעטאַל־פאַראיין אים מאַכן פאַר אַ מיטגליד, ער זאָל האָבן רעכט אויף אַרבעט און אַרבעטן דאָרט, ווו דער פאַראיין וועט אים שיקן, און נישט אַליין גיין אויף אייגענער האַנט זיך פאַרדינגען צו אַ באַלעבאָס אויף אַ נידעריקן לוין מיט איבער־שעהען, וואָס ס'איז פאַר יוגנטלעכע פאַרווערט דורכן געזעץ, וואָס שיצט די מינדעריעריקע קעגן אויס־נוצערײַ. נאָר טוט אָבער גאָרנישט אויף אויסצומײַדן די דאָזיקע טרויעריקע דער־שײַנונגען איבערהויפּט אויף דער יידישער גאַס. וואָרן וואָסער יידיש יינגל וועט גיין אין אַרבעט־אַמט מאַסערן זײַן באַלעבאָס, אַז יענער נוצט אים אויס אויף אַן אוממענטשלעכן אופן אין דער צײַט ווען דער זעלבער באַלעבאָס גיט אים צו פאַרדינען ער זאָל האָבן צו עסן.

שײַנדעלען אָבער האָבן די שטרײַקערס נישט געקאָנט אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט. זי האָט זיך נישט אַזוי פאַרלוירן ווי דער געהילף. זיך נישט געלאָזט פון זיי. זי דאַרף נישט מע זאָל איר אויסבעסערן די לאַגע... זי אַרבעט סײַ ווי אָן געלט... זי העלפט דעם טאַטן, ער זאָל נישט דאַרפן האָרעווען אַזוי שווער און פאַרדינען וואָסער אויף קאַשע.

די פאַראיין־דעלעגאַטן מיט די אַראָפּגערוקטע קאַפּעלושלעך האָבן מיט איר גאָרנישט געקאָנט מאַכן. זי לאָזט זיך נישט אײַנבײַסן, די מויד. זיי האָבן זי געהייסן קומען אין פאַראיין אַרײַן זיך פאַרשרײַבן פאַר אַ מיטגליד, ווי אַ מע־טאַל־אַרבעטער, אַז נישט...

— קענט איר מיר נאָר שיטן זאַלץ אויפן עק...

ר' האַרשל בלאַכאַזש האָט זיך ברייט צעשמייכלט, זעענדיק ווי די יונגע־לײַטלעך האָבן פאַררויטלטע פאַרביסן דעם שמייכל, וואָס האָט זיך זיי געוויזן אויף די בלייכע יינגלשע פּנימער, אַליין זיך קוים אײַנהאַלטנדיק פון לאַכן.

אַז האַרשל בלאַכאַזש האָט געזען, אַז זיי לאָזן שוין צו זיך רעדן, די שטרײַ־קער־יונגען, האָט ער זיך אויך אַרײַנגעמישט מיט זײַנע פאַר גראָשן.

— וואָס ווילט איר פון מיר האָבן וואָס, וויל איך וויסן? וואָס בין איך — ראָטשילד? וויסאָצקע? איך אַרבעט אַליין און מאַטער זיך אַזוי ווי איינער פאַרן טויט... גייט צו די בורזשויען... צו זיי נעמט זיך... נישט צו מיר... און אויף מײַן טאָכטער האָט איר נישט וואָס צו רעכענען. זי וועט אַזוי ווערן אַ מעטאַל־אַרבע־טער ווי איך אַ רביצין...

פון דעמאָלט אָן זענען זיי שוין מער נישט געקומען אין קעלער אַרײַן, די שטרײַקערס, נישט געדראָעט מער, אַז מע וועט אים צעטראָגן די „קאַטערינקע", דעם בלעכער־וואַרשטאַט, און אויפן ראָג איז שוין מער קיינער נישט געשטאַנען אויף וואַך ווי ביז איצט — פון דער פרי ביז בײַנאַכט, און נישט אַרײַנגעלאָזט צו אים קיין קליענטן.

— „אַליין מעגט איר אַרבעטן וויפל איר ווילט, נאָר מענטשן צו דער אַרבעט מוזט איר צונעמען נאָר פון פאַראיין" — אַרבעט איך אַליין, און מײַן טעכטערל, זאָל לעבן, האָט אויך נישט די הענט אין קימפּעט...

אַזוי האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַר יעדן איינעם, וואָס איז נאָר אַרײַנגעקומען אין קעלער אַרײַן, דער טאַטע אירער. ער האָט שטענדיק געקוואָלן, ווען זי, שיינדעלע, האָט אים צוגעהאָלפן פאַרלייטן אַ כלי, אָדער צושנײַדן צו אַ שיסל אַ דענקע — אַ קײַלעכיקע ווי אַ לבנה:

— ווו האָט זי געכאַפּט די סמיקאַלקע? — האָט ער זיך אַליין געוווּנדערט וואָס פאַרע געשיקטע הענט זי האָט; ווי זי גייט עס אַרום אַזוי געניט מיט דער שער איבער דער בלעך, אַזוי ווי איבער אַ גלאַטן שאָסיי:

— עץ זענט אַ מבין אויפן רעיעלן שטיקל אַרבעט? — האָט ער זיך געסטאַוויעט מיט איר, ווי מיט אַן אבן־טוב, פאַר יעדן באַקאַנטן פון די אײַנגייערס — ער האָט אויפגעהויבן די שיסל קעגן דער שײַן און אָנגעקלאַפּט מיטן אויסגעבויגענעם מיטלסטן פינגער אין דער דנאָ, ווי מע פּרווט פּאָרצעלײַ — דאָס האָט זי געמאַכט, די טאָכטער מײַנע, יאָ־יאָ... כ׳זאָל אַזוי זען מײַן ווײַב אַ געזונטע דאָ אין דעם קעלער, אַן אויסגעלייזטע פון די גוייִשע הענט — ווי זי אַליין, אָן קיינעמס הילף, האָט עס אויסגעפּאַרטיקט, ס׳שטיקל אַרבעט, זי מיט אירע אייגענע הענט... ווער מיר גוטס גינט סאַראַ איידל קינד דאָס איז, און אַ מויל האָט עס ווי אויף שרויפן... קיין שום בייז אויג זאָל איר נישט שאַדטן... זי קאָן שוין בעסער אַרבעטן פון מיר... כ׳וואָלט זי געלאָזט גיין אין פאַראיין אַרײַן, פאַרוואָס נישט... נאָר דעמאָלט וואָלט מען זי געשיקט אַרבעטן ערגעץ אַנדערש, נישט בײַ מיר... וואָס זשע דאַרף איך עס? אויף אַ גוטער כפּרה...

נאָר שיינדעלע האָט זיך נישט געמאַכט הערן די לעצטע ווערטער פון טאַטן. זי האָט העכער גענומען קלאַפּן מיטן האַמער איבערן אַרויפגעצויגענעם אויסגערונדיקטן בלעך אויפן שטאַנג, אַזוי ווי איינער זאָגט: — אַז כ׳וועל וועלן גיין, וועט מיר קיינער נישט קאָנען זאָגן קיין דעה, אַפילו דער אייגענער טאַטע נישט... כ׳בין שוין נישט קיין מפּיל־קינד... דערווײַל האַלט עס נאָך נישט דערבײַ, און כ׳ווער נאָך נישט קיין מיטגליד...

ר׳ הערשל בלאַכאַזש האָט נאָך העכער פון דער טאָכטער זײַנער גענומען האַמערן איבער די בלעכן, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען דער טאָכטערס כוונה, און איר געוויזן דערמיט, אַז אַ טאַטע האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן... דאָס טומלדיקע געקלונגערײַ איבער די צעבויגענע בלעכן האָט אָנגעפילט די קעלערשטוב מיט היימלעכקייט פון געזונטער האָרעוואַניע, און די פּנימער פון טאַטן מיט דער טאָכטער בײַם לאַנגן ווערקשטעלטיש אין מיטן שטוב האָבן געלויכטן העל אין געל־גרינעם אָפּשײַן פון גאַזלאָמפּ מיט דער ווײַסער ציטערדיקער שאַטקע.

# אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק...

ער איז געווען אַ קרעמפּע ייִדל, דער טאַטע, שײַנדעלעס. האַרשל בלאַכאַזש האָט געהאַט אַ פּאָר אײַזערנע הענט ווי די צוואַנגען. ער האָט דאָך עפּעס אַרויסגעשטאַמט פון ייִדן־שמידן, דורות ייִדישע בעלי־מלאָכות אויף פּוילנס ערד. דאָס ווײַב זײַנס, שרה־גיטל, האָט אים נאָר נישט געלאָזט טון די האַנט אין קאַלטן וואַסער. ווי פּאַסט עס פּאַר אַ גבאיטע פון דער ווײַבערשיל, אַז דער מאַן אירער זאָל האַקן טשוועקעס, צי בייען הויזן, קריכן אויף אַ לייטער. דאָס איז גוט פאַר דער „כאַלאַטע״ י, וואָס קאָן קיין צוויי נישט ציילן. נישט פאַר קיין לײַטישן מענטש. אַ שיינער ייִד דאַרף הײַנטיקע צײַטן שטיין הינטער אַ בופעט, ציילן געלט, פירן די חשבונות, רעדן מיט די הורטאָווניקעס, די פלייש־צושטעל־לער, זעען צי דער וווּרשט איז נישט קאַליע, זיך נישט לאָזן גענאַרן פון זיי, זײַן אַן אויסטויגער, צו גאָט און צו לײַט. און אַזוי ווי זי האָט זיך פאַרגענומען, אַזוי האָט זי אויסגעפירט.

איר מאַן האָט געמוזט אַרויס פון די שטיוואַלעס און טראָגן געמזענע קאַ־מאַשן מיט אַזאַ איידעלן סקריפּ און גענגל, ווי אַ באָרוועסער גייט אויף גלאָז. און אַז מע טוט נישט אַ לאַנגע צײַט גאָרנישט, ווערט מען אויסגעאיידלט, צע־קראַכן. ס'דאַכט זיך אויס, אַז מע קאָן שוין רעכט ס'מויל נישט עפענען. מע ווערט אַ לעמעשקע. מע פילט זיך שוואַך ווי אַ פרוי נאָך אַ קימפּעט. קוים וואָס מע שטעלט אַ פוס. ערשט ווען ער האָט דערפילט אין דער וועסטל־קעשענע דעם גאָלדענעם זייגער מיט דער שווערער קייט פון אַכצענער גאָלד, וואָס האָט חשיבות־דיק אַרויסגעגלאַנצט פון דער צעקנעפּלטער געהאַקטער קאַפּעטע אַפער, האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן זיכערער, יוסטער און פעסטער אין זײַן נײַעם מעמד פון אַ ייִד אַ סוחר, אַ וווּרשטנהענדלער, אַ געשעפט־פירער וואָס קערט וועלטן.

פון קליין — גרויס — זאָגט די וועלט — איז אַ ביסעלע שווערער ווי ווערן פון גרויס — קליין. נישט יעדער איינער איז מסוגל זיך צו דערשלאָגן צו גבֿי־רישקייט. אָבער אַ קבצן קאָן יעדער איינער ווערן איבער נאַכט, אַט ווי ער אַליין איז געוואָרן. ער האָט זיך אָבער גיך אַרײַנגעלעבט אין דער נײַער ראָל, ווי ער וואָלט צוריק אַרײַן אין זײַן אייגענער הויט. לויטן נידעריקן געשטעל זײַנעם איז

[1] המון.

ניִשט געווען אַזוי קענטיק, אַז מ׳האָט פאַר זיך אַזאַ גבר. ס׳האָט אויסגעזען ווי דער גאַנצער כוח זײַנער וואָלט געלעגן נאָר אין די הענט. בײַ אים האָט אַזוי געשפּילט אַ ראָלע אויסצובייגן אַ פרענט ווי אַריבערצוגיין די גאַס.

ר׳ האַרשל בלאַכאַזש האָט זיך גיך אײַנגעלעבט אינעם בלעכערפאַך. אַ פרעמדן וואָלט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז דער דאָזיקער מענטש האָט אַ גאַנץ לעבן זײַנס ניִשט געהאַט צו טון מיט עפּעס אַנדערש ווי נאָר מיט בלעכערײַ. די גויִים פון „מקום״, וואָס האָבן אים אָפּט געגעבן צו פאַרדינען, — ווער ס׳האָט באַשטעלט בײַ אים רערן צו אַן אײַוועלע, ווער אַ קענדל צו באַגיסן די בלומען־בײַטן, — אַלע האָבן זיי פון אים געהאַלטן אַ וועלט און ניִשט איין מאָל פאַרבעטן אויף אַ גלעזל בראָנפן צו קראַוטשיקן אין שענק. זיי האָבן זיך דאָרט געוועט ווער וועמען ס׳וועט „לייגן״ די האַנט. דער גאַנצער עולם האָט מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם נאָכגעפאָלגט ווי די צוויי פאַרפלאָכטענע הענט — אַ יִידישע און אַ גויִישע —ביידע מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, וואָס האָבן אָפּגעדעקט אַ האָריקע באַוואָקסנקייט, מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אָן טיש ווי אײַנגעשרויפּטע — האָבן זיך מיט אַלע כוחות עקשנותדיק געאַמפּערט, אַזש די אָדערן האָבן זיך אָנגעדראָלן נאָר צום פּלאַצן. יעדער איינער האָט זיך באַמיט — ביז דער העכסטער שפּאַנונג — אַריבערצוציִען דעם אַנדערנס האַנט אין זײַן זײַט, צובייגן צום טיש — לייגן זי אַ באַזיגטע.

כמעט שטענדיק איז האַרשל בלאַכאַזש אַרויס דער געווינער, דער זיגער. און דער פאַרשפּילטער האָט אים, כלומרשט גוטברודעריש, נאָר אינדעראמתן מיט באַהאַלטענער קינאה, געקלאַפּט אין דער פּלייצע און בחרפּותינו נאָך אַמאָל געמוזט שטעלן אַ „פּערציקסטל״ בראָנפן.

ער איז אַן אַנדערער מענטש געוואָרן, האַרשל בלאַכאַזש — אויס שווײַגער, אויס „מרוק״. ער האָט געקריגן הומאָר, אַן אויסגעלײַטערט פּנים, צוריקגעווינען די גלײַכגעוויכט. ער איז דאָך די לעצטע צײַט געהאַט אַרומגעגאַנגען ווי אויף יענער וועלט. ניִשט געוווּסט וואָס ס׳טוט זיך מיט אים. איצט איז אַ פאַרגעניגן אויף אים אַ קוק צו טון, צו רעדן מיט אים אַ וואָרט. גאָרניִשט דער זעלבער מענטש. ער זיצט בײַם ניִדעריקן וואַרשטאַטל מיט אַ קלאָרן ישוב־הדעת. שנײַדט און מעסט און בייגט און קלאַפּט. די אַרבעט ברענט אונטער די הענט. ער גיט אַ פיר מיט דער פײַל אויפן געלעכערטן אָרט פון דער כלי, אַ שמיר מיטן זאַלצזײַער, אַ כאַפּ דאָס לייטאײַזן פון די צעגליטע קוילן אַרויס און אַ לאָז אַרויף די הייסע טראָפּנס בלײַ. ווידער אַ פײַל אַרום, אַ גלעט אַהין, אַ פּוץ אַהער און שוין גייט אַ צווייט חפץ אין דער אַרבעט אַרײַן.

די הענט טוען געניט דאָס זייעריקע און די געדאַנקען טוען זייערס. דער מענטש איז ניִשט קיין מאַשין. ער קאָן אי אַרבעטן אי טראַכטן. בײַ דער אַרבעט

איז טאַקע גוט אַ טראַכט צו טון וועגן תוך־זאַכן, אַרײַנצוקלערן וועגן ענינים וואָס זענען למעלה מן השכל. טראַכט ער טאַקע אַרײַן אין עסק, האַרשל בלאַ־כאַזש. קלערט אַרײַן ווי דער אין הימל פירט דאָס רעדל אַז ס׳איז נאָר בילעטן צו נעמען... ווו איז נאָך אַזוי גוט זיך אויסצוטענהן מיטן אב־הרחמים אויב נישט בײַם פאַרלייטן אַ טעפּל וואָס איז אַזוי קײַלעכיק ווי דער כדור־הארץ:

— נישט־קשה, כ׳האָב זיך אויף וועמען צו פאַרקוקן, פון וועמען זיך אָפּצונעמען אַ מוסר־השכל... טאַקע פון דיר אַליין, מלך מלכי־המלכים, וואָס דו האָסט באַשאַפן דײַן וועלטל מיט אַ פעסטן באָדעם, מיט אַ וווּנדערלעך־בלאָ שטערצל פון אויבן, אַ דורכזיכטיקס דערצו, מיסטעריש צוגעפּאַסט צום טעפּל, וואָס האַלט זיך אין איין קאָכן, זידן און צוואַלעווען, און ס׳ווערט גאָרנישט אויס־געקאָכט, ס׳לויפט נישט אויס און ס׳ווערט נישט צוגעברענט...

נאָר דעם קוכער, זעסטו, האָסטו אַ ביסל ווינציקער אין זינען געהאַט ווי ס׳טעפּל דײַנס. מיט אים דרייסטו אַ וויאַדרע ווי מיטן וועטער־פענדל אויפן דאַך. קיינער קאָן דאָך דיר נישט זאָגן קיין דעה. וואָס דו ווילסט טוסטו. ווילסטו — האָט ער בײַ דיר די ווערט וואָס דאָס שטיקל בלעך אויף דער ערד; ווילסטו שטאַרק — טוסטו אים גאָר אָן דאָס קאָכעדיקע טעפּל אויפן קאָפּ, און — „טוטס מיר עפּעס, אַזוי וויל איך! ווער פירט די וועלט — איך צי איר? איך, טאָ מישט זיך נישט אַרײַן אין נישט־אײַערע געשעפטן״... און אַז דו ווילסט, טאַטעניו־פּאָטער, מאַכסטו אים עולה־לגדולה, הייבסט אים אויף אַזוי הויך, אַז דער קאָפּ קאָן זיך אים פאַרמישן פון גרויס שווינדלטאָג. זעצסט אים אַוועק אויבנאָן און שטעלסט פאַר אים מעדני־מלך, טאַקע פון דײַן ווונדערלעך טעפּל אַרויס, פון דער באַזונדערער קיך וואָס דו האָסט פאַר די יחידי־סגולה, פאַר די אויסדערוויילטע:

— נאָ, נעם און עס! לאָז זיך ווילגיין! לעב אַ טאָג! האָב הנאה פון דײַן לעבן! וואָרן לאוו כל אדם זוכה צו געניסן פון די אַלע טײַערע מאכלים וואָס האָבן טעם גן־עדן. שעם דיך נישט, נעם נאָך אַ שטיקל, כ׳זע ס׳שמעקט דיר, הייס זיך צודערלאַנגען נאָך אַ שטיקל. האָסט זיך נישט וואָס צו זשאַלעווען. ס׳איז אַלץ דײַנס, האָסט אַ גלײַכן חלק אין דעם וואָס קאָכט זיך בײַ מיר אין טעפּל, אַזוי ווי אין פּסוק שטייט „כל ישראל יש להם חלק״...

און וויל ער גאָר, די שעה זאָל נישט זײַן, גיט ער אים, אָן אַ פאַרוואָס, אַ נעם צו פון אונטער דער נאָז אַפּער, ווי אַן אמתער אוחז־ביד, די אַלע גוטע זאַכן מיט די פּשיסמאַטשקעס און נאַשערײַען, און אויב דאָס איז ווייניק, גיט ער אים נאָך פאַר אַ צולאָג קאַלטס און וואַרעמס אַז ער זאָל האָבן צו זינגען און צו זאָגן, אָט אַזוי ווי ער האָט אים אַליין גענומען אויף דער האָצקע, האַרשל בלאַכאַזשן... כאָטש וואָס האָט ער געהאַט צו אים? פאַרוואָס איז עס אים געקומען? פאַר וועל־כע מעשים־טובים? אַזוי פיל חרפות און בושות... גיי לאָד זיך מיט אים צום

ונתנה תוקף, אַז ער הערט דיך ווי דעם קאַטער; — אַז די שערי־רחמים זענען פאַרהעמערט, פאַרהאַקט אויף זיבן שלעסער, נאָר ווי בעת אַ מגפה, רחמנא־ליצלן...

זאָל ער נאָר נישט זינדיקן מיט די רייד, האַרשל בלאַכאַזש. ווער־ווער, נאָר ער האָט זיך נישט וואָס צו „סקאַרזשען״ [1] אויפן בורא־עולם. די אַרבעט, וואָס ער טוט, איז נישט חלילה קיין אָפּקומעניש ביי אים, קיין שווערע לאַסט וואָס מע וויל פון איר פטור ווערן. פאַרקערט, ער טוט עס אַפילו מתוך־הנאה. פון יעדן איינגעגעבענעם שטיקל אַרבעט קומט אים צו אַ שטיק געזונט. ער האָט נישט צוגעלייגט דערצו דער באָבעס ירושה. ווי לאַנג ער אַרבעט האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן אַ סך קרעפּקער ווי פריער. ערשט איצט איז ער געקומען צו די אמתע כוחות. פאַר איין זאַך האָט ער נאָר מורא געהאַט, האַרשל בלאַכאַזש, אַז זיין שרה־גיטל זאָל זיך נישט דערשרעקן. ווען זי וועט אים אָנקוקן ווי ער זיצט אויף דער „כסא־מלוכה״ אָן אַרומבאַלייגטער מיט כלים, בלאַ־געפּעסן, ראַנדלעס, טעפּ און רערן: וואָס ס׳איז געוואָרן פון איר מאַן, דעם „זיידענעם מענטש״, — ווי זי האָט אַלעמען געפּלעגט זאָגן וועגן אים, — „די איידלקייט אַליין, שמן־זית״ — און וואָס פון אים איז געוואָרן ווען זי איז נאָך נישט געווען אין דער היים.

אומזיסט האָט ער זיך געשראָקן, האַרשל בלאַכאַזש, ער האָט נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן. פאַרקערט. זי איז גאָר געווען צופרידן, זיין שרה־גיטל, ווען זי איז אין אַ שפּעטן אויפדערנאַכט צוריקגעקומען — אַ באַפרייטע פון תפיסה מיטן פּעקל וואַרעמע וועש אונטערן אָרעם און ווינטער־מאַנטל אויף דער האַנט און געטראָפן איר האַרשלען זיצן מיטן לייטאַייזן איבער אַ גרויסן טאָפּ מיט אַ נייער דנאָ. אַבי ער האָט אַזוי געציטערט, דער נאַר וואָס ער איז. זי האָט נישט פאַרבראָכן די הענט, זיך נישט געכאַפּט פאַרן קאָפּ, נישט געחלשט און נישט געזאָגט איבער אים ווי איבער אַ טויטן.

אַ מאָדנער אומעטיקער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף איר פּנים, ווען זי איז אַזוי געשטאַנען אויף דער שוועל און אַרומגענומען מיטן ערשטן בליק דעם גאַנצן וואַרשטאַט, די בעטן, די קיך, מיטן װערקשטעלטיש אין מיטן שטוב, אַלץ מיטאַנאַנד, מיטן אָנגעשטעלן פון כלים און בלעכן אַזוי ווי אין יעדער „פּראַצאָווניע״ [2]. זי האָט האַרשלען איבערגעגעבן דאָס קלומיקל, ער זאָל עס אַוועקלייגן אויף דער ערד, זיך געלאָזט פון אים אַראָפּפירן די עטלעכע שטיגלעך אין שטוב אַריין. און ווען זי האָט זיך אָנגעטראָפן מיט איר בלייך אויסגעצערט פּנים און גראָע פּאַסמעס האָר אויפן קאָפּ, וואָס דער שפּיגל האָט אַ שלאָג־אויף געגעבן פאַר איר אינגאַנצן אומגעריכט — האָט זי ווי פאַר זיך אַ זאָג געטון קוים צו הערן:

— וואָס פון מיין האַרשלען איז געוואָרן...

---

[1] באַקלאָגן, [2] וואַרשטאַט.

געמיינט האָט זי גיכער זיך אַליין ווי אים. ער האָט געהאַט אַ געזונטע צערע. זײַן פּנים האָט געלויכטן מיט אַ קופּערנעם אָפּגלאַנץ, און די שוואַרצע שוואַרצע באָרד האָט אים צוגעגעבן אַ מאַכטיקייט פון אַ גיבור, קיין עין־הרע נישט... פון איר איז נאָר געוואָרן אַ וויסטער תל. ווי זי וואָלט אויף זיך אַרויפגענומען אַ צען־פופצן יאָר. ס'וואָלט איצט קיינעם נישט אײַנגעפאַלן אַז דאָס איז מאַן און ווײַב. זי איז ווי אײַנגעשרומפּן געוואָרן. אַן עלטערלעכע נידערגעשלאָגנקייט האָט אַרויסגעקוקט פון איר בליק, פון איר יעדן באַוועג. זי האָט אויסגעזען קעגן איר האַרשלען, ווי זי וואָלט געווען זײַן מאַמע, אַ שאָטן פון יענער שרה־גיטל פון דער קראָכמאַלנע.

דאָס איז נאָר געווען די ערשטע עטלעכע וואָכן, נישט מער. מיט דער אָנוואַקסנדיקער באַשעפטיקטקייט און שטוב־דאגות איז זי גיך צוריק אַרײַנגעקראָכן אין איר אייגענער הויט, אָן יענעם גלאַנץ פון אַמאָל, אָן יענער זעלבסטזיכערקייט, דאָך פול מיט לעבן און ענערגיע. זי האָט גענומען „זשאָנדזשען"[1], באַלעבאַטעווען איבער דער שטוב, איבערשטעלן דאָס מעבל, זיך מישן אין אַלעמען, זאָגן דעות, געבן עצות, גלײַך ווי ס'וואָלט מיט איר גאָרנישט געווען געשען, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

אין דער זעלבער צײַט האָט זי נישט אויפגעהערט צו באַוווּנדערן איר האַרשלען, ווי „דאָס" טויג זיך אויס, סאַרע גאָלדענע הענט ער האָט עס, זי האָט גאָר נישט געוווּסט אַז איר מאַן איז אַזוי געראָטן — אַ געבוירענער בלאַכאַזש.

האַרשל בלאַכאַזשס אַ שטיקל אַרבעט, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, איז טאַקע באַר געווען ווי אויסצוקושן. אַזוי האָט עס געבלאַנקט. ס'איז נישט געווען אַזאַ זאַך, וואָס ער זאָל זאָגן, אַז ער קאָן עס נישט מאַכן. ער האָט אַלערליי באַשטעלונגען אָנגענומען אָן שום קווענקלעניש. אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שײַכות מיט בלעכערײַ, האָט ער זיך אונטערגענומען צו מאַכן... וואָס מ'האָט נאָר באַדאַרפן איז מען געקומען צו האַרשל בלאַכאַזש. ער איז געקראָכן אויף די דעכער, געלייגט לאַטעס, ס'זאָל נישט אַרײַנרינען; פאַרראַכטן רינוועס; געהעמערט; פאַרלייט און פאַרניטעוועט, ווי אָן אַלטער בלעכער־מײַנסטער — געניט און פינקטלעך.

דער גאַנצער „מקום" איז אויפגעוועגן מיט אים. מ'האָט גערעדט וועגן זײַן כוח וואָס ער האָט אין די הענט, אים באַוווּנדערט און געשיקט צו אים די קינדער מיט חפצים צו פאַרריכטן. זיי זענען געשטאַנען לעבן קײַלעכיקן קלאָץ און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון זײַנע קרעמפּע הענט וואָס האָבן געשווירן דאָס צינקבלעך ווי ביבעלע־פּאַפּיר, אָן אַ ריר מיט אַ ברעם.

שיינדעלעס מאַמע — שרה־גיטל — האָבן זיי גערופן האַרשעליאָווא. איר,

[1] רעגירן.

דער הארשעליאָווען האָבן זיי געגעבן דאָס געלט, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּירל, זיי זאָלן עס נישט פאַרלירן אויפן וועג.

די מאַמע אירע, שרה־גיטל, זי זאָל עס איר מוחל זיין, האָט נישט פאַרטראָגן די קליינע בענקאַרטעס מיט די פלאַקסענע קעפּלעך און בלאָע טרייפענע שלי־פיעס. די אומצופרידנקייט פון אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט זי אויסגעלאָזט צו זייערע קעפּ. זי האָט זיי געטריבן פון זיך ווי די הינט. אין יעדן איינעם שייגעצל, וואָס איז נאָך רעכט פון דער ערד נישט אויפגעוואַקסן, האָט זי געזען אַ קינפּטיקן שלעגער. אין דער היים וועט ער שלאָגן דאָס ווייב — האָט זי געפּלעגט זאָגן — און אין גאַס — די ייִדן. זי האָט געגעבן אַ כאַפּ פון זיי דאָס פּאַפּירל מיטן געלט, אַריינגעשטופּט דאָס טעפּל אין ביידע הענטלעך אַריין און באַגלייט ביז צו דער טיר מיט אַ גאַכשיט פון פסוקים, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען זייער טייטש און פאַרענדיקט אויף פּויליש:

— דאַי טאָ מאַמושי אי פּאָוויעדז יעי זשעבי גאָטאָוואַלאַ וו'נים אַ קאַדוכעס מיט לינגע־לעבלעך [1].

און אַז ס'צעטומלטע קינד פרעגט איר איבער:

— צאָ טאַקיעגאָ? [2]

שפּעט זי עס נאָך דעם „צאָ טאַקיעגאָ" און פאַרקלאַפּט די טיר הינטער דער באָז מיט אַ: — היידאַ, היידאַ... געגאַנגען, מאַרש!... און שוין אין שטוב אַריין צוגעגעבן:

— כ'וועל זיך באַלד אָוועקשטעלן מיט זיי טענהן, כ'האָב נישט מער וואָס צו טון...

הארשלען האָט עס געהויבן פון בענקל. ער האָט נישט געקאָנט סובל זיין אירע טראָציקע רייד. די גאַנצע צייט איז ער געזעסן ווי אויף הייסע קוילן. ער האָט אויסגעדרייט צו איר דעם קאָפּ מיט דער געדיכטער שוואַרצער באָרד און אַריינגעטענהט אין איר, אַז זי זאָל זיי נישט דערגיין אַזוי די יאָרן, זיי קאָנען נאָך דערציילן אין דער היים... אַז ס'איז סתם אַן עבירה פאַר גאָט צו טרייבן אַזעלכע שוועלבלעך. זיי זענען אויך גאָטס באַשעפעניש. ווען דער אין דער הייך וואָלט נישט געוואָלט, וואָלט ער זיי נישט געווען באַשאַפן, און אַז זיי זענען דאָ — דאַרפן זיי זיין. אלא וואָס — זיי וועלן שפּעטער רייסן בערד, אַז רייסן זאָל זיי ביי די קישקעס — דאַרף מען זיך נישט לאָזן פון זיי. דערויף האָט גאָט געגעבן אַ ייִד הענט, פונקט אַזעלכע ידים ווי זיי — אויף צוריקצושלאָגן, אַז ס'זאָל זיי פאַרגיין אין דער זיבעטער ריפּ... נאָר צוריקשלאָגן... קיין בעסער מיטל אַז ס'זאָל ווירקן, איז נאָך נישט אויסגעטראַכט געוואָרן...

---

[1] גיב עס דער מאַמען און זאָג איר זי זאָל קאָכן דעריין קדחת מיט לונג־און־לעבער.
[2] וואָס אַזוינס?

אַז שׂרה־גיטל האָט געהערט װעגן צוריקשלאָגן איז זי געװאָרן אַן אױפגע־קאָכטע. די הענט האָבן איר אַזש געגומען ציטערן פון אױפרעגונג:

— הער שױן אױף מיט דײַן צוריקשלאָגן, אַ נײַע תורה... ׳סטו געזען...

— דו אַלײן ברענסט זײ דאָך די טריט — האָט הערשל פֿאַרהױבן צו איר דעם קאָפּ מיט דער גלײַכגעשװירענער באָרד.

— אַלצדינג יאָ, נאָר נישט צוריקשלאָגן. כ׳האָב שױן גענוג געצאָלט רבי־געלט, נישט אױפצוהײבן אױף יענעם קײן האַנט... ער װידער מיטן צוריקשלאָגן...

— װאָס רעגסטו זיך באַלד אױף, שׂרה־גיטל־קרױן, כ׳האָב דאָך נישט גע־מײנט אױף קײן ראַכטן אמת — איז הערשל בלאַכאַזש צוגעגאַנגען צו איר נאָענט און זי גענומען גלעטן, שׂרה־גיטלען, מיט דער מאַזאָליעדיקער האַנט איבער דער פּאַרנטיקער גראָער פּאַסמע האָר אױפן קאָפּ — װאָס װילסטו האָבן, װאָס... די גױיִם פון „מקום״ לעבן דאָך מיט אונדז װי אמתע גוטע ברידער...

— גוטע ברידער — האָט שׂרה־גיטל געשאָקלט מיטן קאָפּ — לאָמיר זײַן געזונט... אַז די גוטע ברידער דײַנע... זײ זענען אַזױ לאַנג גוט, ביז... בעסער נישט רעדן דערפון... כ׳דאַרף דיר דערצײלן? און אַלײן קענסטו זײ נישט, דו װײסט נישט װער זײ זענען... אַז מע קאָן זײ נישט געטרױען פון דאַנען־אַהער... אַז „דאָס״ איז פאַלש װי די עבודה־זרה...

ס׳האָט טאַקע נישט געדױערט קײן סך צײַט זיך איבערצוצײַגן אַז שׂרה־גיטל איז געװען גערעכט װי דער טאָג. לאַנג איז זי נישט באַשערט געװען זיך צו פרײען אין אײנעם. ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, הערשל בלאַכאַזש, אַז ער װעט פאַלן פון זײערע הענט... אַז ס׳איז עמעצן באַשערט אַן אומגליק, באַהיט זאָל מען װערן, קומט עס אַלײן אין שטוב אַרײַן. נישט לאַנג פאַר „באָזשע־נאַראָ־דזעניע״ [1] איז עס געװען. עטלעכע פּריזיװניקעס האָבן זיך אָנגעשיכורט בײַ קראָװ־טשיקן אין דער קנײַפּע. האָבן זײ זיך אַקוראַט געמוזט צעשלאָגן פאַר זײַן שװעל. דער אײדעם זײַנער, פּײַװיש מיט די װאָנסעס, איז פונקט נישט געװען אין שטוב. זײַנע קאָלעגעלעך, די קצבישע שותפים פון די טרײפענע האַלעס האָבן אים גראָד אױפגעהאַלטן בײַם שליסן די יאַטקע, ער זאָל גײן מיט זײ אױסטרינקען. און ס׳איז נישט געװען װער ס׳זאָל הערשלען אָפּרעדן, ער זאָל זיצן אױף אַן אָרט, כל־זמן מע טשעפּעט א י ם נישט. שׂרה־גיטל מיט דער טאָכטער אַלײן זענען נישט געװען בכוח נישט צו לאָזן אים אַרױסגײן זען װאָס ס׳טוט זיך כאָטש דאָס װײַב זײַנס האָט אים געװאָרנט:

— מיש דאָך נישט, הערשל — האָט זי זיך בײַ אים געבעטן װי בײַ אַ קלײן קינד — ס׳אי ניש דאַן געשעפט איז עס ניש...

— װאָס הײסט, ס׳אי ניש מאַן געשעפט?... מ׳עט דאָך דיר די שױבן אױס־

---

[1] װײַנאַכט.

האַקן, וועסטו שוין זײַן צופרידן?... ווי וועסטי הײַנט קריגן שויבן אַרײַנצו־שטעלן?...

און אַז אין דער הייך פאַר דער טיר האָט זיך פאַרשטאַרקט דער טומל איז האַרשל בלאַכאַזש אין מיטן שנײַדן די בלעך, אָט אַזוי מיט דער שער אין האַנט אַרויס אין דרויסן פאַרטרײַבן די באַנדע האָלעדראַנצעס... קיינער האָט נישט גע־ווּוסט געגוי וואָס דאָרט איז פאַרגעקומען. האַרשל בלאַכאַזש איז שוין מער נישט געקומען צוריק אין קעלער אַרײַן.

אַז שרה־גיטל מיט שיינדעלען האָבן זיך געכאַפּט, אַז ער זוימט זיך עפּעס צו לאַנג, האַרשל, און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ צוריק — האָבן זיי זיךביידע מיטאַמאָל אַ לאָז געטון מיט די טרעפּלעך אין דרויסן אַרויס, אַרומגעכאַפּטע פון אַן אומבאַוווּסטן פּחד, ווי זיי וואָלטן פאַרגעפילט עפּעס אומגעהײַער שלעכטס, פאַרן מויל נישט צו ברענגען, און שוין אויף דער שוועל אויפגעהויבן אַ גוואַלד מיט אַ קלאַגערײַ, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן הויל איבערן פּוסטן פינצטערן געסל. אַרויפצו אויפן מיטן ברוק האָט זיך אין גיכן אָפּשײַן פון ווינקלדיקן גאַז־לאַמטערן געבערגלט אַ שוואַרצע מאַסע, אַן אויסגעשטרעקטער מענטשלעכער גוף. צעפּלאָ־שעטע האָבן זיך מאַמע מיט טאָכטער געלאָזט לויפן מיט געשרייען איבערן געסל און ווי וואַנזיניקע צוגעפאַלן צו האַרשלען, וואָס איז געלעגן מיטן פּנים צוגע־פּלאַטשט צו די שטיינער, אַן אויסגעשטרעקטער מיט צוויי צענומענע פיס, ווי די אָפענע פאַרבלוטיקטע שער, וואָס האָט זיך געוואַלגערט דערלעבן.

שרה־גיטל האָט זיך גענומען קלאַמערן צום אומבאַוועגלעכן גוף, אים גע־טרייסלט פאַר די אַקסלען מיט אַן אַלץ־צערײַסנדיקן געיאָמער:

— ה־אַ־ר־ש־ל!!! און ווײ איז מיר נישט!... וואָס האָסטע געוואָלט פון מײַן לעבן!?... — — —

נאָר ס׳איז שוין נישט געווען צו וועמען צו רעדן. האַרשל בלאַכאַזש האָט שוין נישט געלעבט. קיינער האָט נישט געקאָנט דערגיין געגוי, צי ס׳איז געווען אַן אָנשטעל אַזאַ פון די גויים, וואָס האָבן זיך געמאַכט שיכּור, כדי אים אַרויס־צוקריגן אין דרויסן אַרויס צו נעמען נקמה אין אים, און אויך פּרײַווישס שותּפים זאָלן האָבן דערין געהאַט אַ האַנט, אָדער ס׳איז געווען נישט מער ווי אַ פּראָסטער צופאַל, וואָס די שלעגערס האָבן שיכּורערהייט אויסגעלאָזט צו אים זייער שיכּורן כּעס וואָס איז נישט אײַנצוהאַלטן.

און ביז הײַנט איז האַרשל בלאַכאַזשס טויט געבליבן אײַנגעהילט אין אַ געהיימעניספולן שלייער, אַ רעטעניש פאַרן גאַנצן „מקום" — אַ סוד, נישט צו דערגיין, נישט אויפצוקלערן, וואָס נאָר איין האַרשל האָט אים געוווּסט און אים מיטגענומען מיט זיך אין פאַרשלאָסענעם קבֿר אַרײַן אויף אייביק.

# וואָס איינער נעמט זיך פאַר אין לעבן...

נאָכן גרויסן אומגליק מיט האַרשל בלאַכאַזשס משונהדיקן טויט איז די אַבלדיקע קעלערשטוב מיט אַמאָל ווי אַראָפּגעזונקען געוואָרן טיפער אין דער ערד אַרײַן. דער נישט־אויפגעקלערטער טונקעלער סוד פון זײַן ווערן אומגעריכט — אַ געזונטער און גאַנצער — אַרויסגעריסן פון לעבן האָט געשוועבט אין דער לופטן און אַנגעוואָרפן פונקט אַזאַ אומדערקלערלעכע אימה אויף אַלע, וואָס האָבן געקענט דעם בלעכער מיט דער שוואַרצער באָרד און אים געזען יעדן טאָג זיצן אויף זײַן בענקל בײַם פּאַרלייטן די טעפּ מיט די שיסלען.

מענטשן האָבן אויסגעמיטן פאַרבײַצוגיין דעם בלעכער־וואַרשטאַט גלײַך ווי ס׳וואָלט געווען געהאָנגען אַ קללה איבער דער דאָזיקער שטוב, און זיך געהאַלטן וואָס ווײַטער פונעם קאָזשלע־געסל, וואָס האָט בײַנאַכט געהאַט אַן אויסזען פון אַ לאַנגן, פּוסטן אָפענעם קבר וואָס וואַרט פאַרפולט צו ווערן...

פון גרויס דערדריקטקייט און צער איז אויך שרה־גיטל, די מאַמע, שיינדע־לעס — פונקט ווי דער גאַנצער קעלער — עפּעס ווי נידעריקער געוואָרן, אײַנ־געגאַנגען איבער נאַכט. זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט שבעה מיט נאָך אַ געגנוג גלײַ־כער פּלייצע, און אויפגעשטאַנען פונעם שבעה־בענקלע — אַן אײַנגעהויקערטע, אַ קליינטשיקע, מיט אַן אײַנגעצויגן קעפּל — נישט דער זעלבער מענטש — אַ חורבה.

זי האָט זיך נישט געקאָנט שענקען, שרה־גיטל, וואָס זי האָט איר האַרשלען געלאָזט אַרויסגיין אין דרויסן אַרויס אין יענעם פינצטערן אויפדערנאַכט, ערב ווייַנאַכט. זי האָט געהאַלטן, אַז זי איז די איינציקע שולדיקע אין איר מאַנס טויט, און אַז זי וועט זיך עס קיינמאָל אין לעבן נישט מוחל זײַן, וואָס זי האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן, האַרשלען... באַדאַרפן אים פאַלן צו די פיס, צושטיין צו אים מיט עקשנות, בעטן, חלשן פאַר אים, ער זאָל בלײַבן זיצן אויף אַן אָרט... מע מיינט נישט אים, מ׳האָט אים אַפילו נישט אין זינען...

וואָס מער זי האָט זיך געגריזשעט, שרה־גיטל, אַלץ מער איז איר דאָס פּנים אײַנגעפאַלן. די עלטער־קנייטשעלעך האָבן זיך איר געמערט אויפן פּנים און די

גראָע האָר — אויפן קאָפּ. זי איז געוואָרן אַן אַלטע ייִדענע. נישטאָ מער וואָס צו פאַרלייקענען. מע מוז קוקן דעם אמת אין די אויגן אַרײַן.

נאָך דער לוויה פון האַרשל בלאַכאַזש, ווען זי איז צוריקגעקומען פון בית־עולם אויף דער גענשע־גאַס, האָט זיך אין שטוב געטון חושך. ס׳איז מיטאַמאָל אויפגעגאַנגען פאַר איר דאָס אַלץ וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען אויפן פעלד, ווי די ווײַבער האָבן זיך אָפּגערוקט און זי צוגעלאָזט נאָענט צום סאַמע ראַנד, וווּ ס׳ענדיקט זיך דעם מענטשנס לעבן. זי איז אַליין געשטאַנען דערבײַ און געזען מיט די אייגענע אויגן ווי מ׳האָט איר האַרשלען אַרונטערגעלאָזט אַ שווערן, ווי ער וואָלט געווויגן אפשר צען פּוד. ער איז געווען אײַנגעהילט אין אַ ווײַס ליילעך, ווי אַ הרוג — אין די מלבושים, אינגאַנצן אָפּגעפּוישט, ווי אויפגעשוואָלן. ער איז קוים אַרײַן אינעם ענגן שמאָלן קבר אַרײַן.

זי האָט געקוקט אַ פאַרגליווערטע וואָס מע טוט אַלץ מיט איר מאַן, גע־הערט דאָס ווייכע פאַלן פון די לאָפּעטעס ערד אויף אים, און נישט געקאָנט דאָס מויל עפענען פון פאַרשטאַרטקייט. אָבער דאָ בײַ זיך אין דער היים, ווען זי האָט זיך געגעבן אַ קוק אַרום און געזען, אַז די שטוב איז וויסט, אויסגעליידיקט — האָט זיך אַלץ אין איר אויפגעטײַעט. זי האָט געגעבן אַ באָך אַרויס מיט אַ געוויין און געפילט ווי ס׳פאַרדרייט זיך איר דער קאָפּ. די קברדיקע פינצטער־ניש האָט איר געגעבן אַ שלאָג צום פּנים און זי איז געגעבן אַ קנאַק אום אויף דער פאָדלאָגע, שרה־גיטל. מ׳האָט אויף איר געגאָסן קאַלט וואַסער, געריסן פאַר די האָר אויפן קאָפּ און אונטערן בויך, געפּאַטשט איבערן פּנים, געדריקט די שלייפן. קוים וואָס מ׳האָט זי געקאָנט דערמינטערן. זי איז געבליבן זיצן אויף האַרשלס שטול מיטן הויכן אָנלען מיט אַ שטאַרן בליק פאַרקוקט ערגעץ אין אַנ־דערע וועלטן — אַ נישט־היגע, אַ פרעמדע.

שיינדעלע איז דעמאָלט צוגעגאַנגען צו דער מאַמע אירער און איר אײַנ־גערוימט אַ סוד, אַז זי זאָל אויף איר רחמנות האָבן און זיך באַרויקן, ווײַל זי, שיינדעלע, טאָר זיך נישט דענערווירן, טאָר נישט האָבן קיין עגמת־נפש... זי איז אין אַנדערע אומשטענדן... זי איז טראָגן...׳ זי פילט ווי ס׳דרייען זיך איר איבער די קישקעס אין בויך... ווער ווייס, צי ס׳האָט שוין נישט געשאַדט דאָס קינד...

ערשט דעמאָלט האָט זיך שרה־גיטל גענומען אין די הענט אַרײַן. דאָס גע־יאָמערײַ אין שטוב האָט זיך אײַנגעשטילט, געוואָרן אײַנגעהאַלטענער, אָבער אַלץ נישט אויפגעהערט. דאָס אומגליק מיטן מאַן אירן איז געווען גרעסער ווי דאָס גליק וואָס דאַרף ערשט קומען אויף דער וועלט. מ׳האָט זי גאָרנישט גע־קאָנט אײַננעמען, שרה־גיטלען. זי שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כוחות — האָט מען געזען — נישט אַרויסצובוכניען מיט קיין געוויין. וויפל מענטשן האָבן איר־

נישט געפרוווט אויסרעדן... זי האָט זיך אַלץ נישט געלאָזט טרייסטן אַז ס'איז אַ באַשערטע זאַך: מיסתמא איז אַזוי געווען באַשערט פון אויבן, אַז איר האַרשל זאָל פאַלן אַ קרבן פון גוייִשע הענט... דערפאַר האָט עס אים אַזוי געצויגן אין דרויסן אַרויס, ווי מיט צוואַנגען, נישט אָפּצוהאַלטן... ווען פּנוויש וואָלט אַפילו געווען אין שטוב, וואָלט ער אויך זיכער גאָרנישט געווען געפועלט בײַ אים... וואָרן אַז ס'איז אָנגעצייכנט פון הימל, קאָן אַפילו דער רבונו־של־עולם אַליין גאָרנישט העלפן...

נאָר שרה־גיטל איז געבליבן בײַ ס'איריקע. זי האָט געהאַלטן אין איין שאָקלען מיטן קאָפּ אויף ניין:

— ניין און ניין... מע וועט איר נישט אײַנרעדן קיין מעשות... קיינער וועט איר נישט פאַררעדן די ציין... זי אַליין איז געווען זײַן מלאך־המות... זי האָט זיך באַדאַרפן וואַרפן פאַר דער טיר און אים נישט לאָזן גיין...

מיטן קאָפּ אין ביידע הענט האָט זי זיך געוויגט הין און צוריק, אָן אויפהער, אַז מ'האָט באַשײַנפּערלעך געזען, אַז די אַלטע וועט זיך קינטשען... מיט אַ טרויעריקן ניגון פון אַ זאָגערין אויפן בית־החיים האָט זי געהאַלטן אין איין טענהן, אַז זי האָט שוין מער גאָרנישט וואָס צו טון דאָ אויפן עולם־השקר... אַז זי קאָן נישט פאַרשטיין, מע זאָל זי אַפילו מימתן, קאָן זי נישט פאַרשטיין פאַר־וואָס ס'איז אים געקומען אַזאַ שטראָף פון גאָט, אַז ער האָט דאָך צומאָל נישט געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנט... ער איז דאָך געווען אָן אַ גאַל... פאַר־וואָס איז עס אים געקומען און פאַרוואָס איז עס א י ר געקומען?... איר לעבן איז שוין מער קיין לעבן נישט... ער וואָלט אַ סך בעסער געטון, דער רבונו־של־עולם, ווען ער נעמט זי באַצײַטנס צו צו זיך, זי זאָל נישט דאַרפן לעבעדיקערהייט אויפגעפרעסן ווערן פון געוויסנביסן, וואָס זי און נישט קיינער איז געווען דער גורם פון זײַן טויט... נאָר גיי מאַך מיט אים, מיט זײַן ליבן נאָמען, אַז ער האָט שטענדיק ליב צו טון צו להכעיס. ער פירט זײַן וועלטל אַזוי ווי אים געפעלט און טוט פונקט משה־קאַפּויער ווי יעדער איינער באַזונדער וויל און נעמט זיך פאַר אין זײַן לעבן.

קיינער אין דער שטוב — נישט שרה־גיטל, און נישט זי, שיינדעלע — האָט נישט געוואָלט מער רירן קיין שום זאַך פון אָרט, נישט איבערשטעלן דאָס מעבל, נישט איבעראַנדערשן גאָרנישט. אַלץ איז דאָ געבליבן אָט אַזוי ווי האַרשל בלאַכאַזש האָט עס געלאָזן, גלײַך ווי ער וואָלט נאָרוואָס אַרויס אויף אַ ווײַל און דאַרף באַלד צוריקקומען. דעם טאַטנס הויכע שטול מיטן אויסגעריבענעם געזעס איז אויך אַזוי געבליבן שטיין אַ ליידיקע לעבן דעם טיש מיט די כלים פאַר די שטיגעלעך, וואָס פירן אַזיף אַרויף. קיינער האָט זי נישט גערירט פון אָרט. זאָל זי שטיין די שטול. זי שטערט דען וועמען? אַ מענטש ווייסט קיינמאָל נישט וואָס

ס׳קאָן אים נאָך אַלץ פאַרשטיין אין לעבן... האָט זי געפּלעגט רעדן צו זיך אַליין בײַם צורוימען די שטוב.

אַ צײַט האָט זי זיך צו גאָרנישט נישט צוגערירט, שיינדעלע. דאָס וואָס פּײַוויש האָט אַרײַנגעברענגט אין שטוב אַרײַן האָט געמוזט סטאַרטשען אויף אַלעם. און געגעבן האָט ער, פּײַוויש מיט די וואָנסעס, אויפן שפּיץ מעסער, קוים וואָס ס׳איז געווען אויסצוקומען. אַ העלפט פון זײַנע פאַרדינסטן האָט ער אויסגעגעבן אויף די קאַלעגעלעך זײַנע אין די טרייפענע האַלעס, נישט געדאַכט זאָלן זיי ווערן.

כל־זמן דער טאַטע האָט נאָך געלעבט און ס׳איז געווען איין שטוב און איין קיך איז אויך געווען איין קאַסע. קיינער האָט קיינעם נישט באַדאַרפט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון וואָס ס׳קומט אַרײַן און וואָס ס׳גייט אַוועק. מ׳האָט נישט באַדאַרפן צוציילן דעם גראָשן. אָסור צי בײַם גרעסטן גביר האָט מען געלעבט בע־סער. ס׳האָט ברוך־השם נישט געפעלט פון קיין פייגלמילך. אַלע זענען אַוועק־געגאַנגען פון טיש זאַט. און איצט, ווען זי האָט זיך מיישב געווען, שיינדעלע, אַז מע דאַרף פון פּײַווישן פאָדערן אַ חשבון פון די פאַרדינסטן, אַז ער זאָל נישט פאַרטאַכלעווען דאָס געלט אויף גאָרנישט — איז שוין געווען צו שפּעט. פּײַוויש האָט זיך נישט געלאָזט שפּײַען אין דער קאַשע. ער האָט נישט געוואָלט מע זאָל אים זאָגן אַ דעה ווי אַזוי ער האָט זיך צו פירן. ער איז נישט קיין מפּיל־קינד. ס׳איז גאַנץ שיין פון זײַן זײַט וואָס ער האָט ביז איצט אויסגעהאַלטן די שטוב און געגעבן מער נאָך וויפל מ׳האָט באַדאַרפן — איבערן קאָפּ אַריבער.

שיינדעלע האָט אים נישט צוריקגעענטפערט. ס׳איז אויסגעקומען נישט אַנ־דערש ווי אָנצוהייבן אַ מילחמה מיט אים און דאָס האָט זי נישט געוואָלט. ס׳איז אויך שוין אַפילו נישט אויסגעקומען ווען. ווארן ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און מ׳האָט אים געגעבן אַ כאַפּ צו די זעלנער, פּײַווישן. זי האָט זיך נישט באַ־וויזן אומצוקוקן ווי זי איז געבליבן אַליין מיט אַ קינד אויף דער האַנט.

פון דעם אַלעם, וואָס זי, שיינדעלע, האָט זיך פאַרגענומען אין לעבן, פּונקט ווי פון דעם אַלעם, וואָס די מאַמע אירע האָט זיך פאַרגענומען אין אירר לעבן, פון די אַלע חלומות זייערע, וואָס ס׳האָט זיך זיי געפּלאָנטערט אין די נעכט אויפן געלעגער — האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. די חלומות פון אַ שיין באַלעבאַטיש לעבן, פון אַ לעבן מיט שטאַט, פאַרנעמלעך — זענען צערונען ווי אַ זייפנבלאָז. ס׳איז זיך אַפילו נישטאָ פאַר וועמען צו באַקלאָגן, פאַר וועמען זיך אויסצורעדן דאָס האַרץ. וואָס קאָן מען מאַכן אין דעם נאַרישן לעבן, אַז ס׳איז נישט אַזוי ווי דער מענטש וויל...

ק אַ פּ י ט ל   פ ו פ צ ן

# שיינדעלע איז זיך מתקנא...

אַ שווערער ווינטער איז דאַן געווען מיט גרויסע פרעסט און זאַווערוכעס. די וואַרשעווער גאַסן זענען געלעגן אַזוי הויך מיט שניי. די וויטרינעס און פענצטער זענען געווען פאַרקאָוועט אין אײַז. אין די וויסטאַוועס האָבן אין מיטן העלן טאָג געברענט קליינע גאַגעלעך, וואָס האָבן צעלאָזט דעם אײַזיקן געפריר אויף דער שויב, מע זאָל קאָנען זען די אויסגעשטעלטע סחורות. כאָטש זעלטן ווער פון די אײַליקע פאַרבלאַבלטע פאַרבײַגייער האָט זיך אָפּגעשטעלט צו כאַפּן אַ בליק.

אַ פראָסטיק־שאַרפע בלענדיקע ווײַסקייט איז געווען אויסגעשפּרייט איבער די טראָטואַרן און אַראָפּגעבלאַנקט פון די נידעריקע שיפּע דעכער פון די צונויפגעקאַרטשעטע הײַזער אויף די פוסטלעכע הינטערגעסלעך אַראָפּצו צו דער ווײַסל.

דאָס זײַטיקע קאָזשלע־געסל, וואָס איז שטענדיק געווען אָפּגעלאָזן, פאַרשמאָדערט ווי אַ מיסטקאַסטן — פול מיט שטיקער פּאַפּירן, בלעכאָפּפאַל, ביינער און פעדערן פון דער דערבײַיקער האַלע — האָט איצט אויסגעזען יום־טובדיק, פּײַערלעך און געשײַנט קעגן טאָג ווי אַ פרישגעשײַערטער טאָפּ.

דער געדיכטאָנגעפּאַלענער שניי האָט איבער נאַכט פאַרשיט די קעלערטיפעניש האַרט בײַ דער מויער און אין דער פרי נישט געלאָזט עפענען די טיר פון דער קעלערשטוב.

פונקט ווי אין דרויסן איז פונעם שניי געווען העל און ליכטיק, אַזוי איז אונטן אין קעלער פונעם זעלבן שניי געווען מוטנע־גראָלעך דער גאַנצער לאַנגער ווינטערטאָג. די שנייען האָבן ביז אַרויף פאַרשטעלט דאָס קאַרגע ביסל ליכט אינעם נידעריקן פענצטער, וואָס האָט געגרייכט מיט די אייבערשטע שײַבלעך עטוואָס העכער איבערן טראָטואַר.

אין זעלבן יאָר טאַקע, ווען ס׳איז געשען דאָס אומגליק מיטן טאַטן, האָט זי, שיינדעלע, געשוואַנגערט מיט גיטשען, זאָל לעבן. זי איז שוין דענצמאָל געהאַט געווען אין פערטן צי אין פינפטן חודש. זי האָט געהאַט זייער אַ שווער טראָגן. געפילט נודזשאָטעס. וואָס זי האָט עפּעס געגעסן, האָט זי עס גלײַך

צוריקגעגעבן, נישט פאַר קיין שום פּרוי געדאַכט. זי האָט געפילט אַ שווערקייט אין לײַב, ווי זי וואָלט געווען געטראָגן אַ שטיין נישט קיין קינד. געשטעלט פאַמעלעכע טריט, אַרומגעגאַנגען מיט געשוואָלענע פיס ווי די באַרגער.

ענדלעך האָט זיך אָנגערוקט דער פרילינג מיטן ערב־פּסח צוזאַמען. דער פראָסט האָט געפּלאַצט און דער ברודיקלעכער שניי האָט גענומען צעגיין און צערינען. ס'האָט אָנגעהויבן פריילעך קאַפּען פון די דעכער. די אַראָפּגעהאַנגענע אײַזצעפּלעך האָבן זיך אָפּגעבראָכן און אַראָפּגעפאַלן. אין מיטן גאַס האָבן זיך געמאַכט קאַלוזשעס און די שטראָמלעך און ריטשקעס זענען ראַשיק אָפּגעלאָפן אין רינשטאָק אַרײַן מיט אַ געבולבל און געפּילדער.

די יונגע פרילינגזון האָט ווי אַ גוטע באַלעבאָסטע זאָרגפעליק אויסגעווישט די פאַרפרוירענע שויבן אויף ריין און די פאַרטערערטע אויגן אויף פאַרטרויערטע פּנימער — אויף טרוקן. גערופן יונג און אַלט אין דרויסן אַרויס:

— קומט אַרויס, זײַט נישט פויל. אין גאַס איז אַ סך וואַרעמער ווי אין שטוב.

אויך שרה־גיטל, שיינדעלעס מאַמע, האָט זיך אין די שיינע וואַרעמע טעג, וואָס דער פוילישער פרילינג ברענגט מיט זיך, באַוויזן אויבן פאַר דער קעלער־טיר מיט אַן אויסגעלייטערט פאַרעלטערט פּנים, געל ווי וואַקס. אַ בלײַך שמייכעלע האָט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער אירע געדיכטע טיפע קנייטשעלעך אַרום די פאַרבלאַזע אויגן און אײַנגעפאַלענעם מויל זעענדיק ווי דאָס קליינוואַרג פונעם געסל מאַכט קאָזשעלקעס, די קינדער קוילערן זיך איינער אויפן צווייטן, וואַלגערן זיך דאָרט קעגנאיבער אויפן שטענדיק־ליידיקן טראָטואַר, שפּילן זיך מיט פריילעכן האַרמידער וואָס פאַרהילכט די גאַס.

דאָס זענען שוין געווען די לעצטע שמייכלען אירע אין איר לעצטן פרילינג. דער לעצטער אויפפלאַם פאַרן פאַרגיין. זי האָט שוין טאַקע לאַנג נישט אָנגעצויגן, שרה־גיטל. ווען גיטשע איז געקומען אויף דער וועלט איז זי געגאַנגען פון דער וועלט. נישט באַוויזן צו דערלעבן דאָס נחת פון אַ באַבען. זיך פאַרזינדיקט קעגן רבונו־של־עולם, אים אויסגערעדט האַרשל בלאַכאַזשס טויט... איז זי גע־שטראָפט געוואָרן נישט אָנצוקוקן ווי דאָס נײַגעבוירן אייניקל זעט אויס.

אַזוי איז עס אין לעבן. אַ מענטש קאָן קיינמאָל גאָרנישט אויסרעכענען. דער אין הימל איז אַ בעסערער רעכן־מײַסטער. לויט אים איז שטענדיק דער חשבון צדק. זי האָט אויסגעשטעלט, שיינדעלע, אַז זי וועט האָבן אַן אָנשפּאַר, אַ הילף אין דער מאַמען נאָכן האָבן דאָס קינד. ס'וועט זײַן ווער ס'זאָל זיך דער־מיט פאַרנעמען. די מאַמע אירע וועט אַרומגיין אַרום דעם פּיצלס, וועט זי, שיינ־דעלע, אַזוי נישט האָבן קיין געבונדענע הענט...

קאָן דאָך אָבער דער אייבערשטער נישט צוזען ווי דעם מענטש גייט גלײַך

אויף דער וועלט, האָט ער אין דער לעצטער מינוט געגעבן אַ כאַפּ צו די מאַמע און גיי טו אים עפּעס...

זי איז געווען פאַרנומען, שיינדעלע, מיטן קינד ביז דאַנען־אַ, איבערן האַלדז. עס האָט איר אויסגעפילט אירע טעג און וואָכן, אַז זי האָט נישט געוווּסט ווו זיי קומען איר אַהין. אַלץ איז געפאַלן אויף איר קאָפּ. מ׳האָט באַדאַרפן וואַשן ווינדעלעך, אויפּנייען יאַקעלעך, ניאַנטשען, באָדן, צוואָגן, איבערלייגן צען מאָל אין טאָג, קאָרמענען, געבן מאַמקעס, שאָקלען עס, פאַרשפּילן, פאַרזינגען און פאַרוויגן, אַזוי ווי יעדעס קינד. און גיך, ווי דער פלי פון אַ פויגל, איז אַדורך דאָס יאָר.

ערשט נאָך פּײַוויִשס אַוועקגיין אין מיליטער אַרײַן, ווען זי, שיינדעלע, איז געבליבן, ווי אויפן וואַסער, האָט זי זיך דערמאָנט אין דער ירושה, וואָס ס׳איז איר געבליבן פון טאַטן — דאָס לייטאַצײַן מיט דער בלאַכאַרסקע שער.

זי זעט ערשט, שיינדעלע, ווי גוט זי האָט געטון, וואָס זי האָט זיך נאָך מיידלווײַז צוגעגרייט צו זײַן זעלבשטענדיק אין לעבן, נישט צו דאַרפן זײַן אָנ־געוויזן אויף קיינעם, נישט געניסן פון יענעמס לאָסקע, אַפילו נישט פון אייגע־נעם טאַטנס פאַרדינסטן, ווײַל ס׳קאָן שטענדיק אויסגיין באַקעם. אַז מע לעבט אומבאַרעכנט מאַכט עס שטענדיק אויס טײַערער.

אַ מענטש ווייסט קיינמאָל נישט וואָס ס׳גייט הינטער אים, וואָס ס׳קאָן אים אַלץ פאַרשטיין אין לעבן. נאָך גוט וואָס ס׳איז איר אײַנגעפאַלן צוצוהעלפן דעם טאַטן אין זײַן בלעכערײַ. צום ערשט איז עס בײַ איר געווען נישט מער ווי אַ שפּילכל, אַ צײַטפאַרטרײַב. ס׳האָט איר פאַרשאַפט הנאה, ווען זי האָט געזען, ווי די נײַע קענדלעך וואַקסן אויס אין אַ ריי — איינס און צוויי — ווי די זעל־נערלעך. ווי פון טויטע שטיקלעך בלעך ווערן קובליקלעך, קעסעלעך, מענאַשקעס — לעבעדיקע חפצים, וואָס האָבן אַ ווערט, קאָנען ברענגען אַ נוצן. אַ גאָלדן פאַך דאָס בלעכערײַ! בעסער ווי צו אַרבעטן אין דער קנעפּפאַבריק און אײַנעסן אין זיך דעם שטויב וואָס יאָגט אויף דיר פון די שײַבעס און שנײַדמאַשינען.

איצט, אַז די בויט האָט צוגעדריקט, זי האָט נישט מער געהאַט קיין ברירה — זי וועט דאָך נישט גיין אין די קאָמיטעטן אַרײַן ווי עפּעס דאָרט אַ שלעפּער — האָט זי געמוזט פאַרבייגן פון איר כבוד פון אַ יונגער מאַדאַם, כאָטש זי איז שוין אַ ביסל געהאַט אַרײַן אין דער ראָל און זיך געפילט אין איר אויסגעצייכנט און זיך גענומען צוריק צום העמערל.

מיטן אַוועקזעצן זיך בײַם טאַטנס וואַרשטאַט האָט זי זיך געמוזט אויך אָפּזאָגן פון איר שיינעם חלום, וואָס זי האָט זיך פאַרגעשטעלט אין דער פּאַנ־טאַזיע אויף איר קאַלטן איינזאַם־טרויעריקן געלעגער אין די שלאָפלאָזע פריילינג־דיקע נעכט. אָט וועט קומען אַ טאָג און ס׳וועט זיך צו איר אויסשטרעקן אַ האַנט,

װאָס װעט זיך מרחם זײַן אויף אירע יונגע יאָרן, זי אַרויסציִען פונעם פינצטערן גרוב און זי אַרײַנפירן אין ליכטיקע סאַלעס מיט בליצנדיקע זשיראַנדאָלן און שפּיגלען... זי קאָן זיך אים נישט פאָרשטעלן װי ער װעט אויסזען. װיפל זי באַמיט זיך נישט צו זען זײַן פּנים — קומט אַלץ גאָרנישט אַרויס דערפון. נאָר װאָס איז אַ נפקא־מינה װי ער זעט אויס... אַבי ער קומט נאָר װי אַ רעטער — מוז ער איר שוין געפעלן. ער װעט זי דאָרט געבן אַ נעם אַרײַן אין זײַנע פעסטע אָרעמס און דערקוויקן איר לײַב, װאָס גייט אויס פון דאָרשט און בענקשאַפט נאָך אַ װאָרעמען באַריר, אַ ליבלעכן גלעט... זי האָט דאָך אַזאַ סאַמעטיק לײַב װאָס שמעקט מיט יונגפרויִישע הייסע גלוסטן... ער װעט זי אַנזעטיקן, באַטרינ־קען װי מיט שטאַרקן װײַן און זי טראָגן אויף די הענט. זיך אַװעקשיפן מיט איר איבער די צעשטורעמטע כוואַליעס פון דער לײַדנשאַפט — אַרויף, אַראָפּ און װידער אַרויף... אין די פרימאָרגנס װעט זי הילן איר לײַב אין אַ בלאָ־זײַדן שלאָפ־ראָקל. אירע לײַביקע פאָרמען װעלן זיך בולט אַרויסשיילן אין די אַלע שפּיגלען אויף די װענט. ס׳װעט איר פאַרשאַפן פאַרגעניגן בלויז דאָס װאָס זי װעט פילן אַז ס׳איז דאָ נאָענט פון איר אַן אויג װאָס װעט דאָס אַלץ באַװוּנדערן, זיך אַנטציקן מיט די פולע געטאָקטע גלידער אירע, מיט איר מאַסיװ לײַב. זי איז דאָך אַ פרוי אין פולן בלי... זי װעט באַשענקען מיט אַזוי פיל צערטלעכקייט דעם װאָס גיט איר אַלץ װאָס זי דאַרף: פרייד, גליק, פאַרגעניגן, לעבן... לעבן אָט אַזוי װי אַלע יונגע פרויען לעבן, געניסן פון דער גאַנצער רחבות װאָס דאָס לעבן פאַרמאָגט און צעװאָרפט עס מיט אַזאַ ברייטער האַנט אויף רעכטס און לינקס... און װאָס פאַרלאַנגט זי דען? — אַ ברעקעלע בלויז פאַרן אויסגעהונגערטן לײַב — אַ דזשעבעלע אויף צו דערהאַלטן דאָס חיות... פאַרװאָס זאָל איר דאָס לעבן אַזוי זשאַלעװען, זײַן צו איר אַזוי קאַרג?... יעדער טאָג, װאָס גייט אַװעק מיט גאָרנישט, װיינט אַרײַן אין איר לײַב — אַ מאָנענדיק אומגעשטילט געװיין, און זי מוז זיך דאָ אַרומדרייען װי אַ חיה אין אַ שטײַג.

אַװדאי האָט איר נישט איינמאָל געגעבן אַ צופּ בײַם האַרץ, װען זי האָט געזען װי סאַלטשע די הויטנפּוצערקע פון יענעם עק קאָזשלע־געסל איז געגאַנגען שפּאַצירן געאָרעמט מיטן פריזירער פון דער נאָװיניאַרסקע־גאַס. װי לאַנג זענען זיי דען אַרומגעגאַנגען? אפשר דרײַ חדשים. הײַנט האָט ער שוין אַן אייגענע ראַזורע אויפן בוגאַי און זי גייט אָנגעטון אין די רײַכסטע שטעטער אַז ס׳פאַר־בלישטשעט דאָס אויג...

בלויז זי? און שולדנריין, דער װײַנהענדלערינס קינדער, װאָס באָדן זיך אין עסיק און האָניק — אַלע האָבן שוין געשעפטן אויף דער גאַס אַרויס. און טאָקע מלכהלע דער אײַנגייערינס טאָכטער, די שטשופּלע עלקע, װאָס האָט געטון אַזאַ גאָלדענעם שידוך. גענומען אַן אלמן מיט אַ באַקאַליי־געשעפט אויף דער נאַ־

לעווקעס. זי זיצט ביי דער קאַסע ווי אַ כראַבינע און נעמט געלט. ער איז טאַקע עלטער פון איר מיט אַ שיינע פּאָר יאָר, אָבער די מויד איז דאָך אַריין אין אַ שמאַלצגרוב. זי איז דאָך שוין פאַרזאָרגט אויפן גאַנצן לעבן. זי האָט זיך פאַר־קויפט פאַר געלט, זאָגט מען אויף איר. מילא וואָס אַרט עס איר וואָס מע זאָגט, אַבי זי מאַכט אַ לעבן. און די אַלע יונגע מאַדאַמען וואָס די מענער אַרבעטן פאַר זיי... די ווייבלעך האָבן מער גאָרנישט אין זינען אויסער נייע מאָדעס, נייע טענץ און פרישע פלירטן.

פאַרוואָס איז זי, שיינדעלע, אַנדערש פון אַלע פרויען אויף דער וועלט? פאַרוואָס האָט דער גורל אַוועקגעדרייט זיין פּנים פון איר, זיך אָפּגעקערט פון איר זייט? וואָס איז זי — לאָם, שטום, קרום? פאַרוואָס קומט עס איר אָפּצו־חושכן אַ לעבן אין דאַזיקן פינצטערן קעלער, אָפּקומען מיטן וואַרטן אויפן מאַן וואָס איז ערגעץ־ווו פאַרפאַלן געוואָרן, שרייבט נישט און לאָזט נישט פון זיך הערן קיין וואָרט?...

נאָכן לאַנגן אַריינוויינען אין קישן אַריין און באַנעצן עס מיט הייסע ברענ־דיקע טרערן, איז זי געקומען צום באַשלוס, אַז אַלץ מוז זיך ענדערן אין איר לעבן, אַזוי קאָן עס ווייטער נישט גיין, און איינגעשלאָפן מיט אַ פעסטן, טיפּ־אַטעמדיקן כראָפּ.

צומאָרגנס אין דער פרי איז זי אויפגעשטאַנען אַן אויסגעלייטערטע, אַן אויפגעפרישטע, אַ נייער מענטש, אַ מענטש, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט אַרומ־געבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד, געזוכט אַ וועג, אַ סטעזשקע, וואָס זאָל פירן צום אַרויסגאַנג, אַלץ טיפער פאַרקראָכן אין דער פאַרפלאָנטערטער געדיכטעניש פון שטעכיקן געצוויי, און מיטן אויפגיין פון דער זון געפינען דעם ריכטיקן וועג, אויף וועלכן ער דאַרף גיין, אָט טאַקע דאָ, אַ טריט פון זיך, נישט־דאַרפנדיק אים ווייט גיין זוכן, איז דער וועג געלעגן אָפן און קלאָר, ווי אויף דער האַנט.

## קאַפּיטל זעכצן

# די פֿעדער־שלייסערין פֿון שעכטהויז

נאָכן אַרומוואַשן זיך ביז אין דער העלפֿט איז שיינדעלע — אַ באַרויִקטע, מיט באַדאַכטע טריט צוגעגאַנגען צום קינדס בעטל. די קליינע גיטשע איז געלעגן מיט די פֿולכּנע הענטלעך פֿאַרלייגט אויף אַרויף אין אַ האַלבקריַיז, מיטן קאָפּ געלאָקטע האָר „גאַוונאַק"[1] אויפֿן קישעלע. זי האָט רעגלמעסיק געאָטעמט, די קליינע. זי איז נאָך געשמאַק געשלאָפֿן.

שיינדעלע איז געשטאַנען אַ וויַילע אַן איבערגעבויגענע איבערן בעטל, גע־קוקט אויף איר טעכטערל און געשאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ:

— מעגסט האָבן, טאָכטער, אַ בעסער מזל פֿון דער מאַמען דיַינער...

זי האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זיך דאָס קליידל, שיינדעלע, געכאַפּט אַ בליק אין שפּיגל אַריַין און אַ קוק געטון צום בעטל, צי ס׳קינד וועקט זיך נישט איבער. גענומען דאָס דערעלע אויפֿן קאָפּ און אויף די שפּיץ פֿינגער זיך געהויבן איבער די שטיגלעך צו דער טיר. זי האָט פֿאָרזיכטיק אויפֿגעשלאָסן, אַרויסגענומען דעם לאַנגן שליסל און אים אַריַינגעשטעקט אין שלאָס אויף יענער זיַיט טיר, איבער־געדרייט צוויי מאָל און מיט שטילע טריט זיך דערוויַיטערט פֿון דער שטוב, ווי זי וואָלט נאָך מורא געהאַט די קליינע זאָל זיך נישט אַמאָל אויפֿכאַפּן מיט אַ געוויין און איר צעשטערן דאָס אַלץ וואָס זי האָט זיך פֿאָרגענומען.

מיט איַיליקע טריט האָט זיך שיינדעלע געלאָזט גיין אַרויפֿצו מיטן געסל און אַריַין אין טונקעלן נידעריקן טויערל, וואָס פֿירט אינעם כמורנעם לאַנגן הויף, וווּ ס׳קומט קיינמאָל נישט צו קיין טראָפּן זונליכט, אַזוי ווי די זון וואָלט עקס־טרע אויסגעמיטן דעם דאָזיקן הויף, נישט צו וויסן פֿאַרוואָס און פֿאַר וועמענס זינד. די שווערע טונקעלקייט פֿון די אַרומגעשיילטע ווענט האָט שיינדעלען אַ

[1] אויפֿן רוקן.

שלאָג געטון צו דער נאָז. מיט אַ שפּרונג־אונטער איז זי פאַרביי דאָס אָפענע קלאָזעט, פון וואַנען ס׳האָט זיך געטראָגן אַן אַוויר איבערן גאַנצן הויף. אָט דאָרט אַ ביסל ווייטער, ביי יענעם הויז־אַריינגאַנג, דאָס ערשטע פענצטער מיטן פאַרשטאָפּטן טאָוול אַנשטאָט דער אויסגעהאַקטער פעלנדיקער שויב, — ס׳מוז זיין שוין איין מאָל אַ פּאַלאַץ! — דאָרט וווינט זי, נאַכטשע די פעדער־שלייסערין פון יאַראָשעווסקיס באַזאַר.

נאַכטשע, דאָס קליינטשיקע ווייבעלע, וואָס האָט קיין עין־הרע אַ פולע שטוב מיט קינדער, זיצט גאַנצע טעג אין איינעם פון די קעמערלעך ביים שעכט־הויז אויף פראַנטשישקאַנער נייַנצן און צופּט מיט פאַרבלוטיקטע הענט די פאַר־ביקע פעדערן פון די געקוילעטע הינער און גענדז. מיט מינוטן פריִער זענען די עופות נאָך אַרומגעלאָפן איבערן הויף, געפּילדערט, געמאַכט קולות און געוואַלדן, זיך נישט געלאָזט כאַפּן, געיאָגט זיך אין איין שרעק מיט צעגומענע פליגל, זיך געריטשקעט ביי די ווענט, געזוכט אַ באַהעלטעניש... און שוין זענען זיי שטיל, באַרויִקט, ליגן הכנעהדיק צופוסנס דער פעדער־שלייסערין און לאָזן שוין מיט זיך מאַכן אַלצדינג וואָס מע וויל נאָר פון זיי. פאַרן שניט פונעם חלף, וואָס טוט אינגאַנצן נישט וויי, האָבן זיי מורא געהאַט אימת־מוות, און איצט אַרט זיי אַפילו נישט וואָס מע פליקט זיי אַרויס די פעדערן צוזאַמען מיט שטיקער פלייש פון זייער איידל הינעריש לייב.

קיין איבעריק גרויסן חשק האָט זי נישט געהאַט, שיינדעלע, צו געטרויען דעם דאָזיקן ווייבעלע איר קינד. אַ פרויענצימער, וואָס האָט ליב צו זען בלוט, קאָן נישט זיין קיין גוטע מאַמע צו אירע קינדער, מכל־שכן נאָך צו אַ פרעמד קינד. נאָר וואָס זאָל זי טון, שיינדעלע? זי האָט אַ ברירה? אַז מע דאַרף דעם גנב שניידט מען אים אַפּ פון דער תליה.

נאַכטשע, די פעדער־שלייסערין איז שוין געשטאַנען מיטן שאַרען טוך אויפן קאָפּ גרייט צו לויפן אין שעכטהויז אַריין. זי האָט געריסן דאָס איבערבעט פונעם עלטסטן מיידל, זי זאָל נישט פּופן ביזן גרויסן טאָג אַריין און צוגרייטן פאַר די קינדער אָנבייסן. שרהטשע, די טאָכטער אירע, האָט זיך אַ האַלב־נאַקעטע געטור־ליעט אין קורצן העמדל אויפן צולייגבעטל און געזוכט מיט דער אויסגעשטרעק־טער האַנט דאָס איבערבעט, וואָס די מאַמע אירע האָט פון איר אַראָפּגעשלעפּט. זי האָט אַ פאַרשלאָפענע צונויפגעקאָרטשעט די פיס און מיטביידע הענט זיך פאַרשטעלט די ראָזיק־פאַרשפּיצטע בריסטלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקוועלט פונעם צעריסענעם העמדל אַרויס, ווי זי וואָלט זיך מיט זיי געשעמט פאַר זיך אַליין.

שיינדעלע איז געבליבן שטיין ביי דער טיר אַן אָפּהענטיקע, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט צוריקציִען, נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. נאַכטשע האָט זי שוין געזען אַריינקומען און איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַ גרייטער פאַרענטפע־

רונג אויף די דינע בלאָע ליפּן, אַז זי קאָן נישט זײַן אי דאָ בײַ די קינדער, אי דאָרט בײַ די היגער.

אַ צעטראָגענע האָט שײַנדעלע זיך פאַרריכט דאָס טיכל אויפן קאָפּ און איר געזאָגט, נאַכטשעו, וועגן וואָס עס גייט. זי איז געקומען איבעררעדן וועגן קינד. זי וויל עס בײַ איר איבערלאָזן יעדן טאָג ביז זי וועט צוריקקומען פון גאָס. נישט חלילה אומזיסט. וויפל ס׳וועט דאַרפן קאָסטן איז זי גרייט צו באַצאָלן. זי וועט נישט האָבן קיין גרויסן קלאָפּאָט מיט איר. ס׳איז אַ גאָלדן נשמהלע דאָס קליינ־טשיקע. מע הערט נישט די פּאַרע פון איר מויל. קיין פּיפּס גיט עס נישט אַ גאַנצן טאָג. זי וועט זיך נישט דאַרפן ספּעציעל אָפּגעבן מיט איר. זאָל זי בלויז אָנזאָגן דאָס עלטערע מיידל אירס, קיין עין־הרע, אויסגעוואַקסן אַ מויד אַ גאַנצע... זאָל זי איר זאָגן, אַז זי זאָל בלויז אַכטיק געבן אויפן קינד. מער דאַרף מען נישט. זי פאַרנעמט זיך דאָך סײַ ווי מיט די איבעריקע קינדערלעך, קיין שום בייז אויג זאָל זיי נישט שאַטן, וועט זײַן נאָך איינס לעבן זיי. זי וועט איר צאָלן פון חודש וועט זי איר צאָלן, און טאַקע באַלד פאָרויס. ס׳איז איר אַלץ איינס פרײַער צי שפּעטער. זי גיט נישט קיין געלט אויף פּראָצענט, זי זאָל דאַרפן קאָמבינירן מיט די פּאָר גראָשן. און אַז שײַנדעלע האָט גלײַך אָוועקגעלייגט — אויף דער פולער וואָך — די פּאָר קערבלעך פּאַפּירגעלט אויפן טיש, האָט זי שוין מיט דער פעדער־שלײַסערין נישט געהאַט קיין גרויסע אַרבעט.

נאַכטשע האָט זיך געדרייט אַרום דעם געלט ווי אַ קאַץ אַרום הייסע מילך. זי האָט זיך צום ערשט געקווענקלט, אַז דער מאַן אירער וועט דרייען מיט דער נאָז, די קינדער לאָזן אים נישט אַרײַנקוקן אין קיין ספר אַרײַן, זיי מאַכן אַן אַ טומל, אַז מע קאָן פון זינען אַראָפּ — שרײַט ער שטענדיק, ווען ער קומט אַהיים פון שעכטהויז אַ מידער, אַ פאַרמאַטערטער פון די מאַרק־קוויטשערײַען און גע־קרייען און געליאַרעם פון די הענער, וואָס לאָזן זיך נישט שעכטן פון אים. איצט אַז ס׳געזינדל וועט קיינאָרע פאַרגרעסערט ווערן, ס׳וועט צוקומען נאָך איינס צום רומל, וועט ער שפּרינגען אויף די גלײַכע ווענט. כאָטש צוריק געשמועסט, פרעגט זי נישט נאָך אים. ער האָט בײַ איר גאָר אַ קליינע דעה. איבער די עופות דאָרט אין שעכטהויז קאָן ער האָבן צו זאָגן און נישט איבער איר. ער איז טאַקע אַ שיינער ייִד, אַ שוחט, אָבער ער גיט איר נישט די גאַנצע פּרנסה. ווען זי זאָל נישט צופאַרדינען, וואָלט טאַקע געווען ביטער. ס׳איז אַזוי אויך דאָ ביז צום מויל. אַ קלייניקייט, אַזוי פיל פּיסקלעך זאַט צו מאַכן דאַרף מען זײַן ראָטשילד... זי רעדט שוין נישט פון קיין קליידל, קיין שוך... און אַ דערוואַקסן מיידל פאַ־דערט שוין פאַר זיך עפּעס מער, ווי אַ ציצנקליידל פון יום־טוב צו יום־טוב. טאָ פון וואַנען זאָל מען אויף דעם אַלעם נעמען... ווען נישט דאָס וואָלט זי פאַר קיין מיליאָן זיך נישט אונטערגענומען אַרײַנצונעמען נאָך אַ קינד אין שטוב אַרײַן.

נאָר זאָל שוין זײַן, זי איז דאָך עפּעס אַ שכנטע אויך, שיינדעלע. מילא... האָט זי שוין צום סוף מסכים געווען און איבערגעציילט דאָס געלט.

דאָס קליינטשיקע ווײַבעלע האָט זיך געגעבן אַ היל אײַן אינעם גרויסן טוך, פאַרשטופּט די פּאָר רובל אין בוזעם אַרײַן און געהייסן אַרײַנברענגען דאָס קינד אין אַ האַלבער שעה אַרום, ווען די קינדער אירע וועלן אויפשטיין. זי אַליין אײַלט זיך איצט. זי דאַרף לויפן אין שעכטהויז אַרײַן. זי האָט שוין באַדאַרפן דאָרט זײַן פון אַ גוטער האַלבער שעה. וואָס זאָל זי טון, זי קאָן זיך נישט צע־רײַסן. פון מאָרגן אָן וועט זי שוין קאָנען, שיינדעלע, ברענגען ס׳קינד אַזוי אין דער צײַט, אַ ביסל פריער. מײַן שרהטשע — האָט זי אָנגעוויזן אויפן דערוואַק־סענעם מיידל, וואָס האָט אַראָפּגעשטעלט די נאַקעטע פיס אויף דער פּאָדלאָגע — וועט עס אָפּהיטן ווי אָן אויג אין קאָפּ.

אַ צופרידענע האָט שיינדעלע אָפּגעזיפצט, ווען נאָכטשע די פעדער־שלײַסערין איז מיט דראָבנע טריטעלעך אַרויס מיט איר פון הויף און אָן אַ גוטן טאָג זיך געלאָזט לויפן איבערן געסל צו דער פראַנטשישקאַנער צו. זי איז צוריקגעקומען, שיינדעלע, אַ דערלייכטערטע אין שטוב אַרײַן און דאָך מיט אַ שווער געמיט זיך גענומען גרייטן די כלים צו דער אַרבעט, דאָס גאַנצע קלאָפּערגעצײַג פונעם בלע־כערײַ. באַלד האָט זי אַלץ געלאָזט שטיין און צו צו דער קליינער מויד, וואָס האָט אַרומגעטאַנצט אויפן בעטל און געפּלאָפּלט פּאָר פײַער און פּאָר וואַסער.

מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ האָט שיינדעלע געגעבן אַ כאַפּ דאָס קינד אויף די הענט, אויסגעקושט עס אַלע אברים, פאַרנורעט דאָס פּנים אירס אינעם קינדס געדיכטן קאָפּ לאָקן, אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם זויערלעך־זיסלעכן ריח פונעם קינדס לײַב, אויסגעשמעקט עס ווי גרויס עס איז:

— מײַן לאַכטיקע פּופּע־לאַלקע מײַנע... שמעקעדיקס מײַנס... ס׳מאַמעלע דײַנס האָט נישט באַדאַרפן געבוירן ווערן אויף דער וועלט... דו מעגסט האָבן אַ בעסערע מערכה פון מיר... גאָלדן לעבן שיינס...

זי האָט אָנגעטון דאָס קינד אַ ריין העמדעלע מיט אַ בלאַנקעדיק אויסגע־פּרעסט יאַקעלע, פאַרפלאָכטן אַ רויט סטענגעלע אין די האָר, צורעכט געמאַכט איר דאָס גזשיווקעלע איבערן שטערן און אַוועק מיט איר אין פינצטערן הייפל פון דער פעדער־שלײַסערין — אַליין מיט די אייגענע הענט איבערגעגעבן דאָס קינד אירס אין דער פרעמד.

* * *

דאָס גאַנצע ערשטע האַלבע יאָר האָט זי נישט אָנגענומען קיין אַרבעט אין דער היים. זי האָט נישט געוואָלט זיצן אויף קיין אָרט, זײַן צוגעבונדן צום פּלאַץ. ס׳האָט זי געטריבן פון שטוב אַרויס. זי מוז זיך צעשטרײַען די צעשרויפטע נערוון אירע, פאַרגעסן אין בינטל צרות. בעסער צו נעמען דאָס קעסטעלע צעגליטע

קוילן מיטן לייטאַײַזן און גיין איבער די הײף. אָנגעמען צו פאַרריכטן אויפן אָרט. װעט זי דאָך כאָטש זען אַ מענטש פאַר די אויגן. דאָ שמעקט דאָך הײַנט אַפילו קיין געפגרטער הונט נישט אַרײַן. װאָס זשע האָט זי דאָ צו זיצן? זי װעט װאַרטן אויף משיחן? זי מוז זיך אויף ס'כוח צו עפּעס „דאָראָביען" [1], צוקומען צו עפּעס. װערן אַ לײַט. אַ מענטש קאָן דאָך נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און װאַרטן אַז דער מן זאָל זיך אים שיטן גלײַך אין מויל אַרײַן. זי איז נישט ק'אַזאַ צדיקתטע, אַז זי זאָל זיך עס האָבן פאַרדינט בײַם רבונו־של־עולם. פאַרקערט, דאָס מזל האָט זיך שטענדיק מיט איר ליב צו שפּילן אין „טשוטשו־באַבקע", אין באַהעלטערלעך. יאָגט זי זיך דערנאָך דאָ, לויפט עס דאָרט. אָט דאַכט זיך איר, אַז זי האָט עס שוין אין דער האַנט. אין דער לעצטער מינוט גיט זיך עס איר אַ גליטש אַרויס. גיי זוך דעם נעכטיקן טאָג. זי בלײַבט שוין װידער בײַ גאָרנישט און מוז נאָך אַמאָל אָנהייבן פון ס'נײַ.

זי האָט אַ גאַנצן טאָג נישט אויפגעהערט טראַכטן, צי מע טוט נישט דאָרט איר קינד עפּעס שלעכטס. דאָס עפּעלע פּאַלט נישט װײַט פון ביימעלע, אַזוי װי די מאַמע — אַזוי די קינדער. יעדעס מאָל, װען זי איז אַהיימגעקומען פון גאַס אויף מיטאָג צי גייענדיק אין גאַס אַרײַן, האָט זי מיטגעבערענגט פאַר די קינדערלעך, נאַכטשעס, געפילטע צוקערלעך, בייגל, מאָנקיכלעך, כאַלווע. זי האָט געברענגט דאָס נאַשוואַרג, אַז דעם שוחטס בענקאָרטעס זאָלן נישט קנײַפּן די קליינע גיטשע װען זי װעט װיינען אַז זי װיל עסן, אָדער װען זי בענקט נאָך דער מאַמען. זי האָט זיי אָנגעזאָגט פאַרן אַװעקגיין און אַרײַנגעקוקט אין די גנבישע שליפּיעס זייערע, ס'זאָל זיי גוט אַרײַן אין קאָפּ אַרײַן װאָס זי בעט זיי, אַז זיי זאָלן זיך שפּילן מיט איר, מיט דער קליינטשיקער... ס'איז דאָך נאָך אַ פּיצלס און ס'האָט זיך ליב צו שפּילן... זיי זאָלן זי נישט לאָזן ליגן װי אַ פּלאַץ. באַזונדער האָט זי געבעטן שרהטשען, זי זאָל איר געבן אַ טרונק װען ס'װעט זי דאַרשטן... ס'איז דאָך אַ שטומע צונג, ס'קאָן דאָך נישט בעטן, װיינט עס, זאָל זי װיסן װאָס זי האָט צו טון... זי װעט זיי אַלעמען ברענגען אַזוינס װאָס ס'װעט זײַן די פינגער צו לעקן...

דאָס אָנגעכמורעטע, קיינמאָל־נישט־אויסגעשלאָפענע מיידל מיטן פולן נעזל און גרויסע אויגן האָט גענומען פון איר דאָס קינד, אויף אַלע אירע רייד, שיינדעלעס, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און צום סוף אַרויסגעפּלאַצט אַ ברוגזע:

— אַלעמאָל, שיינדעלע, זאָגן זי אינדז צי, זאָגן צי, ב'אַז ס'קימט צים געבן, געבן זי אינדז אַ פּײַג... אַ פאַרדאַרטן בייגל, אָדער אַ טוכלע קיכל, װאָס מע קאָן עס אין מויל אַרײַן נישט נעמען און זי װילן נאָך מ'זאָל זײַן גיט צים קינד...

---

[1] דערשלאָגן, דערגרייכן.

שיינדעלע האָט מיט אַ באַהאַלטן שמייכעלע, וואָס דאָס מיידל האָט איר אָפּן געזאָגט דעם אמת, אַ גלעט געטון שרהטשען איבער די האָר און זיך געפּרוווט פאַרענטפערן ווי אַ פאַרשולדיקטע:

— וואָס בין איך שולדיק, קינד מײַנס, אַז איך קום שטענדיק צום אויסקראַצעכץ, ווען מע פאַרמאַכט שוין די געשעפטן, און מוז נעמען דאָס וואָס בלײַבט איבער... דערפאַר וועל איך ענק שבת ברענגען אַ צוש, וואָס עץ האָט נאָך אַזוינס אין ענקער לעבן נישט געזען... אמתע מאַרצעפּאַנעס... ס׳צעגייט אַליין אין מויל...

אַז זי האָט געזען, אַז דער מזיק, די שרהטשע, איז שוין צופרידנגעשטעלט, האָט זי געכאַפּט דאָס קעסטעלע קוילן און געלאָפן אין גאָס אַרײַן.

אין יעדן הויף, ווו זי איז אַרײַנגעקומען, האָט זי געשריגן צו די פענצטער אַרויף מיטן זעלבן קול, וואָס אַלע בלאַכאַזשעס, נאָר שאַרפער און קלינגענדיקער:

— צו פאַרראַכטן! צו פאַרלייטן! ווײַבלעך, קינדער, ברענגט אַראָפּ! טראָגטס אַראָפּ! שיסלען! טעפּ! קיבלעס! טשייניקעס פאַרראַכט איך נאַ־פּאָטשעקאַניע!...

ס׳איז געווען אויף אַן אמת אָנגענעם און אויך גאַנץ נישקשהדיק פריילעך. אין יעדן הויף האָבן זיך אַנדערע יונגעלײַטלעך געטשעפּעט צו איר, געזאָגט פּעטע וויצן און בײַם געבן עפּעס צו פאַרלייטן אַ קיצל געטון איר אונטערן אָרעם, אַז זי האָט געמיינט, אַז זי חלשט אויפן אָרט... זי האָט זיי געזידלט און געצוואָגן די קעפּ, זיי זאָלן נישט קריכן ווו מע דאַרף נישט... זיי האָבן דאָרט גאָרנישט אַרײַנגעלייגט... זי האָט זיך קוים געקאָנט פון זיי אָפּטשעפּען.

נאָכן ערשטן ערב־פּסח האָט זי פון „כלים צו ווײַסן, כלים!" און פון „אַלץ ווערט געכשרט!" אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט. זי האָט געלאָזט אויסווײַסן די שטוב און צום ערשטן מאָל אויף ס׳נײַ אַרויסגעהאָנגען דאָס שטיק רער מיטן בלעכענעם פּלעטל פאַרן בײַשטידל פון דער טיר און אָנגעהויבן אָננעמען באַשטעלונגען אויפן אָרט.

## קאפיטל זיבעצן

# דער אָדעסער אַלמן

ווי גיך די פּאָר יאָרעלעך זענען געלאָפן! און וואָס דאָס וואַרשע האָט אַלץ דורכגעמאַכט אין די עטלעכע מילחמה־יאָרן! ס'איז גאָרנישט געווען קיין סוף צו די אָנשיקענישן פונעם קריג. מ'איז שוין מיד געוואָרן פון די שטענדיקע אַבלאַוועס און רעוויזיעס. ס'האָט זיך געצויגן אַ קייט אַ לאַנגע פון אַרעסטן און רעקוויזיציעס, דעזינפעקציעס און אינספּעקציעס, בויכטיפוס און פלעקנטיפוס — אָן אַן עק, אָן אַן אָפּשטעל, אַן אמתע מגפה. וואָס מער די דײַטשן האָבן געריכט אַלץ מער האָט דער טיפוס געפּאַנעוועט. ס'איז נישט געווען קיין ווונדער. ווער האָט געהאַט כוח צו די דײַטשע ערזאַצן. דאָס באָנעברויט איז נישט געווען צו נעמען אין מויל אַרײַן. מ'האָט אין זיך אַרײַנגעגעסן שטיקער ליים נישט קיין ברויט. פּרעהס עשר־מכות האָבן די דײַטשן מיט זיך געבראַכט און פוןביידע איז נישט געווען פּטור צו ווערן... מ'האָט זיך קוים דערוואַרט אויף זייער מפּלה.

נישט לאַנג נאָך דעם ווי די דײַטשן האָבן אויפגעריסן די באַנבריק — נאָכן אָפּטרעטן פון וואַרשע — ס'איז געווען אין אַ שבת אינדערפרי און אַלע שויבן זענען פונעם טראַמאַסק אַרויסגעפאַלן אין דער גאַנצער געגנט אַרום דער ווײַסל — האָט זיך אין קאָזשלע־געסל געיאַוועט אַ ייִד אַ ליטוואַק אין ברילעכלעך. ער האָט געהאַט אַ שפּיציק בערדל, אַ צוגעשוירנס, און געטראָגן אַ קאַשקעטל אויפן קאָפּ. ער האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין אַנדערן הויף. און יעדעס מאָל, ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס, אָדער צוריקגעקומען, איז אים אויסגעקומען פאַרבײַצוגיין דעם קעלער ווו שיינדעלע די בלאַכאַרקע האָט געוווינט.

קיינער פון די שכנים האָט נישט געוווּסט מיט וואָס דער ייִד פאַרנעמט זיך. צי ער האַנדלט אויף דער בערזע, צי ער איז אַ פּאָרער, אַ שמוגלער? און אויב אַ שמוגלער — וואָס אַזוינס שמוגלט ער? — מענטשן איבער דער גרענעץ, צי סחורה מיט דער באַן? ער האָט קיינעם נישט געזאָגט און קיינער האָט נישט געקאָנט פון אים גאָרנישט דערגיין. בלויז פאַר ר׳ סרולן דעם מילכיקער האָט ער זיך איין מאָל געהאָט אַרויסגעכאַפּט אין שטאַל, ווען ער איז אין אַן אויפדערנאַכט געקומען נאָך אַ קוואַרטירל מילך, אַז ער איז אַן אַלמן און שטאַמט פון אָדעס. וואָס אַלמן? ווען אָדעס? — קיין וואָרט נישט מער...

אויף גאַנצע נעכט איז ער פאַרפאַלן געוואָרן פון שטוב און ווען ער איז צוריקגעקומען פאַרטאָגס, איז ער נישט פריִער אַרויפגעגאַנגען צו זיך אין צימער אַרײַן, ער זאָל נישט אַ פרעג טון שיינדעלען אין דער אָפענער טיר, צי ס׳האָט אים ווער נישט געזוכט. ער וואַרט אויף זײַנעם אַ ברודער וואָס דאַרף צוריקקומען פון דײַטשן פלען. פאַר איין ווּעגס האָט ער שוין געבעטן אַ גלאָז קאַלט וואַסער, ס׳איז אים טרוקן אין האַלדז פון דאָרשט.

שיינדעלען האָט נישט געפּאַסט אָפּצוזאָגן. אַז אַ מענטש בעט אַ גלאָז וואַסער דאַרף מען אים געבן אַ גלעזל טיי, נישט קיין וואַסער. מיט סענץ איז טאַקע שווער און מיט צוקער נאָך שווערער. אָבער אַ גלאָז ציקאָריע מיט אַ סאַכאַרינקע קאָן מען דאָך אַ מענטש נישט זשאַלעווען. ביסלעכווײַז איז אַזוי דער אָדעסער אַלמן אָפּגעזעסן בײַ שיינדעלען אין וואַרשטאַט, ווו ס׳איז געווען אַן אָפענע טיר, גאַנצענע טעג. ער איז מער געווען דאָ אין דער קעלערשטוב, ווי בײַ זיך אין זײַן פּאַציאַטע־צימערל. ער האָט איר געהאָלפן אויסגלײַכן אַ שטיקל בלעך, צושנײַדן אַ לאַטע, פאַרניטעווען אַ הענטל פון אַ טשייניק. אין דער פרײַער צײַט איז ער אויך נישט געזעסן ליידיק. דאָ האָט ער צורעכט געמאַכט דאָס פוירהענגל איבערן פענצטער, אויסגעפּרעסט אַ קעלנערל, אַפילו געוואַשן דאָס געפעס, וואָס שיינדעלע האָט עס אים באַין־אופן נישט געלאָזט טון, ס׳איז נישט פאַר קיין מאַנצפאַרשוין. ער האָט זי נישט געהערט און ווײַטער געטון ס׳זײַניקע: — לאָזט אָפּ מיט די ווײַבערשע זאַבאָבאָנעס... און נישט פריִער אַוועקגעגאַנגען פון זלעוו ביז אַלץ איז נישט געווען אָפּגעוואַשן אויף ריין. דאָס אויסווישן די טעלער האָט ער שוין איבערגעלאָזט פאַר איר: — האָט איר סעינדעלע אויך אַ מיצווה.

צומיינסט פלעגט ער ליב האָבן זיך צו שפּילן מיטן קינד. די קליינע גיטשע איז שוין איצט געווען אין דער היים. ווי נאָר שיינדעלע האָט זיך פאַרלייגט דאָס וואַרשטאַטל, האָט זי ס׳ערשטע אָפּגענומען ס׳קינד פון דער פעדער־שלײַסערין. דער אָדעסער אַלמן איז צו איר געווען ווי אַ טאַטע. דאָס קליינטשיקע איז גערן צו אים געגאַנגען. זי האָט אים גערופן נישט אַנדערש ווי פּאַפּאַ, פּאַפּינקאַ. דאָס האָט ער, דער ליטוואַק, זי אַזוי אויסגעלערנט זאָגן. און בײדע, אי דער אָדעסער

אלמן, אי שיינדעלע — האָבן געקוואָלן פון דער קליינער מויד, ווי זי כאַפּט עס יעדעס וואָרט און ווייס באַלד וואָס נאָכצוזאָגן.

אַז שיינדעלע האָט אים אַמאָל געפרעגט: — זאָגט מיר, כ׳בעט אײַך, ווי רופט מען אייך? איר האָט נישט קיין נאָמען צי וואָס? — האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט אַרויסדרייען מער און איר געזאָגט, אַז ער הייסט בערל, און זי געבעטן, אַז זי זאָל אים רופן נישט אַנדערש ווי באָריס. עס דערמאָנט אים עפּעס פון זײַן יוגנט אַז מע רופט אים באָריס. ריכטיק וואָלט מען אים באַדאַרפט רופן באָריס יאַקאָוולעוויטש, נאָר זי — וויל ער — אַז זי זאָל אים רופן פּשוט, היימיש: באָריס. ס׳קאָן גאָר זײַן, אַז ס׳איז אינגאַנצן געווען אַ לינקער שמו. ער האָט מיסתם נישט געהייסן נישט בערל, נישט באָריס און נישט יאַקאָוולעוויטש... נאָר ווי ס׳זאָל נישט האָבן געווען מיט אים, איז ער אַזוי ווי ער איז געשטאַנען און געגאַנגען געווען אַ טשעקאַווער מענטש. ער אַליין האָט אויף זיך נישט איין מאָל געזאָגט:

— איך בין זשיך אַ טשודאַק, אַ־יע, סעינדעלע, ניט אַזעי?

יעדן פֿאַרנאַכט, ווי נאָר ס׳האָט גענומען טינקלען, איז ער געוואָרן אומרויִק, נערוועז. ער האָט זיך נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט. געזעסן ווי אויף שפּיל־קעס. געקוקט צום פענצטער, צו דער טיר, צי ס׳פוירהענגל איז גוט פאַרהאָנגען. צוריקגעזעצט זיך און ווידער אויפגעשטאַנען. צום סוף געזאָגט, אַז ער מוז שוין לויפן, ס׳ווערט שפּעט, מע וואַרט שוין אויף אים. ער האָט גענומען אויף זיך דעם דרייפערטלדיקן מאַנטל, וואָס איז נישט געווען נישט קיין קורטקע און נישט קיין סאַק; אָנגעטון דאָס קראַטענע קאַשקעטל טיף אַראָפּגערוקט איבערן שטערן, גע־געבן דער קליינער גיטשען אַ קוש אין קעפּל און געזאָגט אויף רוסיש צוביידן, צו דער מאַמען מיטן טעכטערל: — דאָ סווידאַניאַ, דאָראָגיִע... צום ווידערזען...

אָנשטאָט צו גיין צו זיך אַהיים, אין קאַוואַלערסקן צימערל, האָט ער זיך גאָר אַרויסגעשאַרט פון געסל דורך יענער זײַט, ווו די האַלעס זענען, און זיך געלאָזט גיין מיט די געסלעך אַראָפּ איבער די שטיינערנע שטיגלעך, וואָס פירן צום ווײַסל־ברעג, ווו ס׳געפינט זיך דער ציטאַדעל.

צומאָרגנס באַלד פאַרטאָגס איז ער געקומען אַ נישט־אויסגעשלאָפענער און געברענגט ווי יעדעס מאָל — יעדן צווייטן אָדער דריטן טאָג — ווײַסע חלה מיט עטלעכע קאָסקעס צוקער — פֿאַר ביידן: פֿאַר דער מאַמען מיט דער טאָכטער. די מאַמע — האָט ער געפּלעגט זאָגן — איז אויך אַ קינד. נאָכן האַלבן טאָג איז ער ווידער פאַרפאַלן געוואָרן אויף איבער נאַכט. אַמאָל האָט ער זיך צוויי־דרײַ טעג נישט געוויזן. מ׳האָט נישט געוווּסט ווו ער איז אַהינגעקומען, דער אלמן, נאָכער האָט ער זיך אויף ס׳נײַ געיאַוועט אין קעלער, קאַפּויער געקומען מיט

ווײַסער בולקע, האָניק־קיכלעך און צוקערלעך וואָס ער האָט געבראַכט אײַנגע־וויקלט אין טאַשנטיכל, און עס אָוועקגעלייגט אויפן טיש אַן אַ וואָרט.

שיינדעלע האָט זיך שטענדיק געחידושט אויף זײַן פירונג, אויף די מאָדנע גענג זײַנע. נאָר וואָס וועט זי זיך גיין אַרײַנמישן אין יענעמס געשעפטן? וואָס איז ער — איר מאַן, זי זאָל אים זאָגן אַ דעה? אַזוי ווי איינער וויל, אַזוי פירט ער זיך. נאָר איין מאָל, ווען ער איז געקומען פאַרטאָגס מיט די אַלע גוטע זאַכן, האָט זי זיך שוין נישט געקאָנט מער אײַנהאַלטן און אים אַ פרעג געטון:

— איר זאָלט מיר לעבן ר׳ בערלשי...

— ניט בערל און ניט בערלשי, נאָר וואָט: באָריס! פּאָניעמאַיעטע־לי? כ׳האָב עס אייך, סעינדעלע, ניט איינמאָל געבעטן און איר — בערל און בערל.

— ני, זאָל שוין זײַן ווי איר ווילט... באָריס... ס׳איז מיר נישט קיין חילוק... אַ נפקא־מינה, באָריס, בערל. איר ווילט באָריס זאָל זײַן באָריס... כ׳העב זיך גיין שפּאַרן מיט אײַך...

— איז וואָזשע ווילט איר וויסן?

— אַז איר לאָזט מיך נישט אויסרעדן... זאָגט מיר, כ׳בעט אײַך, פון וואַ־נען טאַשטשעט איר דאָס אַלץ? ס׳דאַרף דאָך קאָסטן אַ פאַרמעגן און מע קריגט עס דאָך נישט פאַר קיין געלט, אַזאַ ווײַסע חלה... פון ריין ווייצנמעל... איר האָט אַ בעקערײַ, צי אַ צוקערניע?

דער אָדעסער אלמן האָט זיך צעשמייכלט אין דער דלאָניע אַרײַן און זיך אַראָפּגעגלעט דאָס קאָמעץ־בערדל:

— וואָס פאַרסטעיט איר ניט, סעינדעלע — האָט ער זיך געמאַכט תמעוואַ־טע — איך בין זשיך אַ סאַראָוועד... איך קום אַף חתונות קום איך... האָב איך די פײַנקוכנס... סע סמעקט אײַך, יע? עסט זשיך געזשונטינקערהעיט און זאָל אײַך וועיל באַקומען...

אינעם פּאַציאַטעי־חדרל איז ער שוין איצט זעלטן אַרויפגעקומען. דאָרט איז ער בלויז געווען געמאָלדן. נאָר ווו ער האָט גענעכטיקט האָט קיינער נישט גע־וווסט. די פרײַע צײַט האָט ער געפּלעגט פאַרברענגען בײַ שיינדעלען אין וואַר־שטאַט. ער האָט איר געזאָגט אַז גלײַך ווי די מילחמה וועט זיך ענדיקן פאָרט ער צוריק אַהיים. קיין אָדעסע אויב זי, שיינדעלע, וועט וועלן מיט אים מיטפאָרן, וועט ער זײַן דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט. ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן אַזאַ פרוי ווי זי איז, זי זאָל זײַן אַזוי געראָטן ווי זי. בײַ די מעלות וואָס זי פאַרמאָגט, איז זי ווערט אַ בעסערע לעבן. זי האָט זיך עס כשר פאַרדינט, און נישט קיין אַנדערע ווי נאָר ער אַליין קאָן עס איר געבן מיט אַ ברייטער האַנט. אָדעס איז נישט וואַרשע, דאָרט האָט עס אַן אַנדער פּנים. דאָרט איז ער בײַ זיך אינדערהיים, זי וועט אָנהייבן אַ נײַ לעבן אין אַ נײַגעבוירן לאַנד.

זאָל זי זיך גוט באַרעכענען... וואָס וועט דאָ ווערן פון איר? זי איז אײנע אַליין און מיט אַ קינד בײַ דער זײַט... און אַזעלכע מענטשן ווי זי קאָנען דאָרטן ברענגען אַ סך נוצן... ער באַוווּנדערט זי פּשוט, ווי אַ פרוי קאָן זיך אַזוי אַן עצה געבן אין לעבן, זײַן אַזוי לעבן־פעיִק, אַזוי אָן פאַראורטיילן... ער האַלט, אַז זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ העכערן טיפּ פרוי, אַזאַ וואָס די צײַט דאַרף ערשט באַשאַפן... ער האָט נאָך אַזאַ פרוי ווי זי נישט געטראָפן אין זײַן לעבן...

ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר און איר געגעבן אַ קוש אין קאָפּ. ער האָט זיך צורעכט געמאַכט די ברילעכלעך אויף דער נאָז און אַן אַ וואָרט אַרויס פון קעלער. שיינדעלע איז געבליבן זיצן ווי אַ צוגעשמידטע צום אָרט. אַ הייסער שטראָם איז איר דורך איבערן לײַב און געגעבן אַ יאָג דאָס בלוט צום קאָפּ. אירע אויגן זענען געוואָרן פאַרלאָפן — פול מיט טרערן, וואָס זענען אַליין געפלאָסן איבער די באַקן און באַזאַלצן הייס די ליפּן.

ווען ער איז דאָס אַנדערע מאָל געקומען און ווידער אין איר אַרײַנגערעדט וועגן פאָקן ס׳פעקל און פאָרן קיין אָדעס, איז זי שוין געוואָרן אַ ביסל ווייכער, באַכגיביקער. זי האָט שוין נישט אַזוי מורא געהאַט וואָס אַזוינס זי וועט טון אין דער פרעמד און געזאָגט אַז זי וועט זען, אפשר, מעגלעך אַז יאָ... אַז זי וועט דאָס אַלץ איבערלאָזן און פאָרן מיט אים... נאָר מיט איין באַדינג, אַז ער זאָל איר העלפן דאָרט אין רוסלאַנד אויפזוכן איר מאַן, איר פּײַוויש. בלויז געוואָר ווערן ווו זײַן געביין איז אַהינגעקומען. עס קאָן דאָך נישט מעגלעך זײַן אַז ער זאָל האָבן פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַרײַן... ער איז דאָך אַ לעבעדיקער מענטש... איינס קאָן זי אים נאָר צוזאָגן, באַריסן, אויב זי וועט פּײַווישן נישט געפינען — פאַרבלײַבט זי מיט אים.

דער אָדעסער האָט ווי אַרײַנגעקריגן אין זיך אַ נײַע נשמה. מער האָט ער נישט באַדאַרפן. בלויז אויף דעם וואָרט האָט ער געוואַרט. וועגן דער מורא, אַז פּײַוויש זאָל זיך אָפּזוכן, איז ער אין גאַנצן רויִק. ווו — ווו, נאָר אין רוסלאַנד, אַז איינער ווערט פאַרפאַלן, קאָן מען שוין בטוח זײַן, אַז ער וועט שוין נישט צוריקקומען. שיינדעלעס צוזאָג צו בלײַבן זײַנע איז געווען פאַר אים אַן אויפלייזונג פון אַ טונקעלן פלאָנטער, פון וועלכן ער אַליין האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסוויקלען. אַ שווייס איז אים אַזש אַרויסגעטרעטן אויפן שטערן. ס׳גאַנצע פּנים זײַנס האָט אויפגעלויכטן, באַשלאָגן פון אַ רויטקייט ווי ער וואָלט אַרויס פון אַ שוויץ.

ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון פאַר פרייד. ער האָט געכאַפּט די קליינע מויד, וואָס איז אַרומגעלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע, און זי געהויבן אינדערלופטן. די קליינע גיטשעלע האָט געלאַכט, ס׳האָט איר געטון אַ הנאה און געבעטן, דער פעטער זאָל זי נאָך אַמאָל אַזוי הייבן אינדערהייך.

— גרויסע מויד וואָס דו ביסט, — האָט שיינדעלע אויף איר אָנגעשריגן גוטמוטיק, — זעסט דאָך אַז דער פעטער האָט שוין נישט קיין כוח, האָסט אים שוין פאַרמאַטערט... לאָז אים צורו, לאָז אים...

און ווען די קליינע גיטשע איז אַן אָנגעברוגזטע אַוועק מיט אַ שנעבעלע צום בעטל אירס זיך שפילן, האָט ער אָנגעכאַפּט ביידע הענט שיינדעלעס און זיי באַוואָרפן מיט קושן פון ביידע זײַטן...

— לאָזט שוין אָפּ, לאָזט שוין... ס'איז נישט שיין... ס'קאָן נאָך עמעצער אַרײַנפאַלן... וועלן מיר ביידע זײַן געהאַנדלט... מ'עט אונדז דאָ נישט אַרויסלאָזן פון מויל אַרויס... איר שפּילט זיך מיט די ווײַבער פון קאָזשלע־געסל, ס'איז דאָך פײַער...

דער אַדעסער אלמן האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, זיך אָפּגעקערט רויט ווי אַ טשוויק און זיך געהאַלטן אין איין פאַרריכטן די ברילן אויף דער נאָז. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף שיינדעלעס בעט און גענומען אונטערברומען אַן אַלט רוסיש לידל... ס'איז געווען אַזוי טרויעריק און אַזוי זיס, אַז זי האָט געוואָלט, שיינדעלע, אַז ס'זאָל זיך קיינמאָל נישט ענדיקן...

ערשט ווען די באָלשעוויקעס זענען שוין געשטאַנען הינטער וואַרשע און זי, שיינדעלע, האָט זיך שוין גענומען גרייטן אין וועג אַרײַן, ווי נאָר די „רויטע" וועלן פאַרנעמען די שטאָט, איז פּלוצים די גאַנצע קאָזשלע־גאַס אַרומגערינגלט געוואָרן פון פּוילישע זעלנער. אפשר אַ גאַנץ פּולק סאָלדאַטן איז ראַפּטעם אַראָפּגעקומען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט אײַננעמען אַ פעסטונג. די זעלנער זענען געלאָפן ווי די פאַרסמטע מײַז און אויסגעזוכט ווו נאָר אַ קאַנט, יעדעס ווינקעלע. זיי האָבן געשפּערעט אין אַלע לעכער, אין די קעלערן און אויף די בײַדעמס. זיי זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן ווי צום שיסן. אומעטום האָבן זיי זיך אויסגעפרעגט וועגן דעם זשידעק מיטן שפּיציקן בערדל, דעם סוקין־סין, דעם באָלשעוויסטישן שפּיאָן, וואָס איז געווען גרעסער פון אַ קאָמאַנדיר, אַ גאַנצע שישקע...

פון דעמאָלט אָן האָט זיך דער אָדעסער מער נישט געוויזן. ס'קאָן זײַן אַז די פּאָלאַקן האָבן אים געכאַפּט און אַוועקגעפירט אין ציטאַדעל צום דערשיסן, און מעגלעך אַז ער האָט זיך באַוויזן אַרויסצודרייען פון זייערע לאַפּעס און ער איז מיט גאַנצע ביינער אַריבער צוריק אויף יענער זײַט פראָנט, פון וואַנען מ'האָט אים געהאַט אַריבערגעוואָרפן אַהער אויף דיווערסיע־אַרבעט ווי אַ סך אַנדערע באָלשעוויסטישע עמיסאַרן...

און אַזוי איז זי שוין שיינדעלע אין ערגעץ נישט געפאָרן: די מילחמה, נישט געדאַכט זאָל זי ווערן, האָט אויך בײַ איר אין האַרץ איבערגעלאָזט אַ וווּנד — נישט אויסצוהיילן. זי האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו אים ווי צו אַן איי־

גענעם מאַן און לאַנג געבענקט נאָך אים, נישט געקאָנט אים פאַרגעסן. און ווען נאָר די קליינע גיטשע האָט זיך דערמאָנט אין אים, יעדעס מאָל ווען זי האָט געהערט טריט, וואָס דערנענטערן זיך צו זייער טיר, האָט זי אויסגערופן אַ פריילעכע און אויפגעלעבטע:

—מאַמעשי, דער פעטער באָריס גייט! דער פעטער באָריס איז געקומען!... טראַלאַלאַ! טראַלאַלאַ!!...

שיינדעלע האָט אָנגעשריגן אויף איר מיט אַ געמאַכטן גערייזער און אַ ציטער אין האַרץ:

— דער פעטער באָריס! דער פעטער באָריס! לאָמיך שוין געמאַך מיט דײַן פעטער באָריס. כ׳האָב דיר שוין וויפל מאָל געזאָגט, ער איז נישט קיין פעטער...

די מילחמה האָט זיך געענדיקט און דער אָדעסער האָט טאַקע מער נישט געלאָזט פון זיך הערן. אויסגערונען געוואָרן, פאַרלוירן געגאַנגען אַן אַ שפור, ווי אין וואַסער אַרײַן. אויך מיט פּײַווישן איז געווען שטיל, קיין פּיפּס נישט צו הערן פון אים. און אַזוי איז זי געבליבן אַן עגונה, שיינדעלע, אויף איר גאַנץ לעבן, און אָפּגעפּינצטערט אירע בעסטע יאָרן בײַם לייטאַײַזן דאָ, אין דער קעלערשטוב אויפן קאָזשלע־געסל.

# קאַפּיטל אַכצן

# וואָלגאַ, וואָלגאַ...

זעט אויס יעדן איינעמס גורל איז אָנגעחתמעט פון פריער. דער גרעס־טער חכם קאָן ביי אים ווערן אויסגעשטעלט צום נאַר. דעם גורל קאָן מען נישט אונטערקויפן. ער נעמט נישט קיין לאַפּקעגעלט. דער מענטש מעג זיך לייגן אין דער לענג און ברייט, זיך שטעלן אויפן קאָפּ — וועט ער ביי אים נישט פועלן וויפל די קרישקע איז ווערט, קיין האָר נישט...

זי האָט שוין געמיינט, שיינדעלע, אַז זי ווערט שוין געהאָלפן. אָט גיט זיך דאָס רעדל אַ דריי איבער און דאָס לעבן אירס וועט אַרויף אויף נייע רעלסן, ווי דער אָדעסער קאָמאַנדיר האָט איר שטענדיק געפלעגט צוזאָגן, ווי נאָר זיי וועלן אַריבער אויף יענער זייט. זי וועט דאָרטן ווערן אַ גאַנצער „יאַ־טעבע־דאַם” ביי די באָלשעוויקעס און קערן וועלטן. אין יענע צייטן האָט עס נישט געשפּילט קיין ראָלע. ס'איז געווען דעמאָלט איינס פון די גרינגסטע זאַכן, אַז אַ בילע־יאַקע לאַטוטניק זאָל איבער נאַכט ווערן אַ גאַנצער מאַכער, אַ גלאַוונער נאַטשאַלניק און אַפילו האָבן צו זאָגן איבער מענטשלעכע לעבנס... אַלץ זאָל זיין אין זיינע הענט.

זי ווייסט אַליין נישט וואָס אַזוינס דער אָדעסער, דער גרויסער קאָמיסאַר האָט אין איר דערזען, אַז ער זאָל ווערן אַזוי „פּאַרליאַפּטשעט” אין איר ביז איבער די אויערן. וואָס איז זי דען? אַ פּראָסטע יידענע. זיצט אָפּ טאָג און נאַכט איבער די טעפּ, פּאַרלייט בראָטפּאַנען און ראָנדלעס. אַ גרויסע מציאה. מע קריגט נישט אַזוינס פאַר קיין געלט. אמת, אַ שיין פּנים ביי אַ יונג ווייבל האָט אויך עפּעס צו זאָגן. וואָסי, זי קאָן אפשר נישט געפעלן? ווען זי זאָל זיך נאָר וועלן אַ ביסל צובייגן, אָפּגעבן זיך דערמיט, ווי אַ סך אַנדערע ווייבלעך טוען עס, וואָלט זי געהאַט אַן אָפּרייסעניש... פון די מענער איז זיך נישט אַזוי לייכט אָפּצוזאָגן... ס'גייט אָבער נישט בלויז אין געפעלן. מע דאַרף זיך אויך קאָנען אויסטויגן אין לעבן. נו וואָס זשע, טויג זי זיך אפשר נישט אויס? דאָ איז טאַקע נישטאָ ביי וואָס... אָבער דאָרט וואָלט זי געוויזן וואָס שיינדעלע קאָן... יעדנפאַלס,

דער ליטװאַק װאָלט שױן געמאַכט פון איר אַ לײַט. ער איז געװען מיט אַ קאָפּ. ער װאָלט אין פײַער נישט פאַרברענט געװאָרן. זי האָט געװוּסט װאָס זי טוט אַז זי האָט אױף אים אױסגעשטעלט. ס׳װאָלט איר גאָרנישט שלעכט געװען בײַ אים, כאָטש ער איז אַ ליטװאַק און אײַנגעשפּאַרט װי די װאַנט. ער װאָלט דאָרט געװען גאָר הױך... זי װאָלט נאָך אױך געװען געװוּסט פון אַ לעבן. צום סוף — באַדיר גאָר אַזאַן אומגליק!... זי האָט נאָך גוט אָפּגעשניטן מיט אים, שײנדעלע. װיפל האָט געפעלט אַז זי זאָל זיך אַזױ אַרײַנבאָדן אין אַ בלאָטע, אַז קײן צען פּױערן װאָלטן נישט געװען ביכולת זי אַרױסצוצי׳ען פון דאָרט אַ לעבעדיקע. װען עמעץ פון די שכנים גיט בלױז אַ פּיפּעץ, װאָלט זי שױן געװען געפּוילט אין תּפיסה ביי די פּאָלאַקעלעך. ס׳האָט דאָך פאַרט אַ גאַנצע גאַס מיט ייִדן געװוּסט, אַז ער שדכנט זיך צו איר, דער אַדעסער אַלמן און קלײַבט זיך צו גײן מיט איר אונטער די פיר דרענגער...

נו װאָס דאַרף מען מער? אָט האָסטו שױן אַן ערנסטן מענטש, אַן עלטסטער אַ גאַנצער, אַ קאָפּמענטש און „דאָס" האָט אַזױ אַלץ געבױט אױפן זאַמד, װי אַ קלײן קינד... גענומען בידים און איבערגעקערט די שיסל מיט דער דנאָ אַרױף... ער יאַק ער, נאָר זי, שײנדעלע, האָט זיך נישט געװוּסט װוּ אַהינצוטון נאָך יענער „חתונה" אין געסל... מיט די רעװיזיעס און זוכענישן װאָס האָבן אַ צײַט נישט אױפגעהערט. זײ האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט שענקען, די זשאַנדאַרמעריע מיט דער געהײם־פּאָליצײ, װאָס דער פױגל איז זײ פון אונטער די הענט אַרױס.

מילא, װאָס קאָן מען מאַכן, אַז דער מענטש האָט צו זאָגן איבער זײַן לעבן װי איבער אָט דעם שטיקל פּאַפּיר. זי האָט צו אים גאָרנישט. אדרבא, זי דערמאָנט אים צום גוטן, דעם באָריסן. זי האָט אים גיבציק געהאַט פון דער ערשטער מינוט אָן װען ער האָט באַטרעטן איר שװעל. ס׳איז געװען פרײלעך מיט אים. ער האָט געזונגען אַזעלכע שײנע רוסישע לידער אַז ס׳האָט זיך איר אַזש געגלוסט צו װײנען. אַז ער האָט גענומען „בוטשען" אַ סמוטנע מעלאָדיע, האָט זי געמײנט, אַז ער ציט פון איר אַרױס ס׳חיות. ס׳איז געװען אַזױ גוט צו זיצן מיט פאַרמאַכטע אױגן לעבן קעכל און זיך אײַנהערן אין די פאַרבענקטע נאָגנדיקע טענער... פאַר די אױגן האָבן גענומען פאַרבײַשװעבן אומהײמלעכע אָפּגעשניטענע פעלדער, פּױערישע שטרױענע כאַטעס, באַלױכטענע פון אַ צעפּײַערטן הימל אין זונפאַרגאַנג דאָרט װײַט בײַם האָריזאָנט.

אַזױ האָט זי זיך פאָרגעשטעלט דאַרף אױסזען זײַן „מאַטיושקאַ ראַסיאַ", כאָטש זי האָט ראַסײ קײנמאָל נישט געזען אױף די אױגן. ער האָט געשײַנט אינגאַנצן, באָריס, װען זי האָט אים געזאָגט, אַז זי איז פאַרליבט אין די רוסישע לידער און אַז ער זאָל זינגען נאָך. זי װאָלט אָסור נישט מיד געװאָרן צו הערן אַפילו אַ גאַנצע נאַכט... ער האָט געמוזט שטאַרק ליב האָבן רוסלאַנד, און נישט

בלויז רוסלאַנד... ער האָט נישט־קשה געפילט צו איר שטאַרקע „מיענטע". אַנישט וואָלט אים נישט געווען אַזוי געצויגן אַהער אין דעם קעלער אַרײַן דאָ. פון וואָס אַ מענטש האָט עס געהאַט פאַרגעניגן! צו זיצן און צו קוקן און נישט אַראָפּצו־נעמען קיין אויג פון איר. אַז ער האָט זיך צופעליק אָנגערירט אין איר מיט זײַן האַנט, אַפילו דעם בלויזן אַרבל אירן, איז ער רויט געוואָרן איבער די אויערן און נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט...

ווען ס'איז אים אָנגעקומען די מינוט און ס'האָט זיך אים פאַרבענקט נאָך זײַן אָדעס דאָרט בײַם שוואַרצן ים — איז ער פּלוצים געוואָרן טרויעריק, פאַר־טראַכט, נישט געהערט וואָס מע רעדט צו אים, געזעסן און געקוקט מיט אַ שטאַרן בליק אין איין פּונקט אויף דער וואַנט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, זיך געגעבן אַ ציִ אויס אויפן בעט „נאַוואַנאַק", מיטן שפּיץ בערדל פאַרריסן צום בעליק, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס אויפן הינטערשטן קאָפּשטיק פונעם בעט־ווענטל און זיך פאַרגאַנגען אין אַ טיף־נאָגנדיק געזאַנג וואָס האָט אים אַוועקגע־טראָגן אין אַנדערע וועלטן...

זי האָט שטאַרק ליב געהאַט, שיינדעלע, ווען ער האָט פאַרצויגן דאָס ליד וועגן קאָזאַקישן אַטאַמאַן סטיענקאַ ראַזין, וואָס האָט זיך געשיפט מיט דער בילדשיינער פּריצה איבער די וואָלגע־וואַסערן צומאָרגנס נאָך דעם ווי ער האָט מיט איר פאַרברענגט אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט די פּרינצעסין אַרײַנגעוואָרפן אין די אָפענע אָרעמס פון דער וואָלגע און די צעברויזטע כוואַליעס האָבן זי, די שיינע פּירשטן, אײַנגעשלונגען אין זייערע טיפע טיפענישן.

ס'איז אים, באָריסן, נישט געווען אַזוי אַ שאָד די שיינע פּריצטע מיטן ווילדן אַטאַמאַן, וואָס האָט זי דערטרינקען, ווי די וואָלגע אַליין, וואָס איז אַזוי ווײַט געווען פון אים, און ער האָט נישט אויפגעהערט צו רופן מיט זײַן טיפער אָנגע־נעמער ברוסטיקער שטים וואָס האָט זיך צעכוואַליעט איבער דער שטוב:

וואָלגאַ, וואָלגאַ, מאַט ראָדנאַיאַ,
וואָלגאַ, רוסקאַיאַ רעקאַ...

— — — — — — — — — —

## קאַפּיטל נײַנצן

# שיינדעלע וויל ברענגען אַן אורח אויף שבת

ער האָט זיך גרינג געטראָגן, באָריס, אויף די רחבותדיקע וואָלגע־כוואַליעס פונעם ליד. די וואָלגע האָט גערעדט צו אים מיט היימישע רוסישע רייד. און געבענקט האָט זיך אים אין נאָכן ברייטהאַרציקן מעלאָדישן רוסיש, אין נאָכן געמורמל פון די טונקעלע וואָלגישע וואַסערן מיט די שלעפּבאַרזשעס, פּי־שערשיפלעך און הפקרדיקן בורלאַקישן געזאַנג.

זי האָט איינמאָל באַמערקט, שיינדעלע, ווי ער האָט זיך אויסגעווישט אַ טרער, דער אַדעסער. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, אויסגעשטרעקט ביידע הענט אין דער הייך זיך צעצנדיק פויל מיט אַלע גלידער, און ווי ער וואָלט פאַר־געפילט עפּעס שלעכטס אַ שעפּטשע געטון מער צו דער שטוב ווי צו זיך.

— אַ רוסישער מענטש איז דאָ ריכטיק ווי פאַרלוירן...

איינמאָל האָט ער געזונגען אַ ליד, וואָס האָט אויך בײַ איר אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן. אַ ליד פון אַ רוסישער באַרישניע, וואָס דער חתן האָט זי אָוועקגעוואָרפן. זי האָט פאַרשוווירן מער נישט חתונה צו האָבן און אַוועקגיין אין אַ מאָנאַסטיר אַרײַן אָפּצוקומען אין איינזאַמקייט די רעשט יאָרן. שיינדעלען האָט עס פאַרקלעמט בײַם האַרץ. די טראַגעדיע פונעם אומגליקלעכן מיידל האָט איר דערמאָנט, שיינדעלען, אין איר אייגן לעבן. אים, באָריסן, איז עס גראָד נישט אַזוי שטאַרק געפעלן. ער האָט עס איר געזונגען ווײַל ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט איר מיט דעם צוטרעפן אין סאַמע פּינטל אַרײַן. זי האָט אים געמוזט לאַנג בעטן, ער זאָל עס נאָכאַמאָל זינגען. זי וויל זיך די ווערטער אויסלערנען אויף אויסנווייניק. ער האָט זיך געקווענקלט, געזאָגט, אַז ס׳איז סתם אַזוי אַ

ליד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין פאָלק, נישט כדאַי עס פּאַר איר זיך אויס־צולערנען. פאַראַן אין רוסישן בעסערע לידער, פון גרויסע דיכטער, ווי פּושקין, לערמאָנטאָוו, נעקראַסאָוו, אַ סך, אַ סך. יעדעס ליד זייערס איז אַ פּערל. אָט וועט ער איר פאַרלייענען... ניין, זי וויל נישט, אַן אַנדערש מאָל. איצט זאָל ער איר נאָר זינגען דאָס ליד, וואָס די אַרבעטער־מיידלעך האָבן אַמאָליקע צײַטן געזונגען אין די פאַבריקן בײַ דער אַרבעט. אַז שיינדעלע איז דווקא באַשטאַנען נאָר דערויף, האָט ער נאָכגעגעבן. ווי גייען דאָרט די ווערטער, האָט ער זיך ווי געפּרוווט דערמאָנען, גלײַך ווי זיי וואָלטן אים אויף אַן אמת געוועזן געהאַט אַרויס פון זינען. נאָר שיינדעלעס זויערע מינע האָט אים צוריקגעגעבן דעם זכרון און די ווערטער זענען אויפגעגאַנגען אַזעלכע באַנגלעכע, טרויעריקע:

אַדיענוס טיאָמנאָיע פּלאַטיע
אי וו׳מאָנאַסטיר פּאַידו,
אי באָגו דאַם יאַ פּריסיאַגו
טשטאָ זאַמוזש ניע פּאַידו.
ליובילאַ יאַ, סטראַדאַלאַ יאַ,
אַ אָן, אַ אָן בראָסיל מעניאַ... [1]

זי האָט אויך ליב געהאַט, געפירט אַ גליקלעך פאַמיליע־לעבן און אויך בײַ גאָרנישט געבליבן, אָט אַזוי ווי די רוסישע, אַן אומגליקלעך באַשעפעניש, די פרוי. די קריסטלעכע לײַדט אויף איר שטייגער און די ייִדישע — אויף איר שטייגער. איר האָט, וואָס אַן אמת, קיינער נישט אַוועקגעוואָרפן. אָבער בלײַבן אַן אייביקע עגונה ווינטשט זי נישט אַפילו איר ערגסטן שונא. די פּאָר יאָר זענען אַוועק מיטן ווינט. וואָס, מישטיינס געזאָגט, האָט זי געהאַט פון איר לעבן? גאָרנישט, אַ פאַרשפּילט לעבן.

מיט דער צײַט האָט זי פאַרגעסן אַלע לידער, און אויך פאַרגעסן אין באַ־ריסן מיטן בערדעלע. זי געדענקט שוין אַפילו נישט גענוי ווי פּנימיש האָט אויס־געזען. געבליבן איז בלויז אַ ווייטיק אין האַרץ און אַ מאָנענדיקער פאַרדראָס אויף זיך אַליין, וואָס האָט זי ווי אַ וואָרעם נישט אויפגעהערט צו טאָטשען איר די נעכט.

אַ גאַנצע וואָך האָט זי, שיינדעלע, נישט אַזוי געפּילט דעם עלנט פון אַ וויסטער עגונה. אַ מענטש איז פאַרנומען, מ׳אַרבעט, מ׳האָט נישט דעם קאָפּ צו זיך. וואָס קאָן מען טון? מע ווערט אַרײַנגעצויגן, פאַרנאַרט. מע קאָן אַפילו נישט

[1] כ׳וועל אָנטון אַ שוואַרץ קלייד און אַוועקגיין אין אַ מאָנאַסטיר, און גאָט וועל איך געבן אַ שבועה אַז חתונה־האָבן וועל איך נישט מער. געליבט האָב איך, געליטן האָב איך, און ער, ער האָט אַוועקגעוואָרפן מיך...

עסן צו דער צײַט. דאָ האָסטו באַשטעלונגען אָנצונעמען, דאָ קומט מען אויס־לייזן... ווי בײַ יעדן בעל־מלאכה. נאָר אַז ס׳קומט דער שבת און אַלע דאגות ווערן אַוועקגענומען ווי מיט דער האַנט — האָט שיינדעלע געמיינט, אַז זי וועט אַראָפּ פון זינען... וואָרן וואָס איז עס פאַר אַ גיין צום טיש אַליין? וואָסער טעם קאָן שוין האָבן אַזאַ לעבן? דער פּרײַטיקצונאַכטס וואָרט אויפן שלום־עליכם. דער זילבערנער בעכער מיט דער פלאַש ווײַן פון שולדנריינס ווײַנהאַנדל שטייט אויפן טיש און וואַרט אויפן קידוש. די געפלאָכטענע חלה מיטן שטריצל, איבערגעדעקט מיטן חלה־טישטעכל מיטן געהאָפטענעם „לכבוד שבת" וואַרטן אויף דער המוציא. און זי מיטן דערוואַקסענעם מיידל, מיט איר גיטשע, זאָל לעבן, קוקן זיך אָן און ווייסן נישט פון וואָס אָנצוהייבן.

האָט זי איינמאָל, שיינדעלע, — שבת־תשובה איז עס געווען, — גענומען דעם גראָבן קרבן־מנחה־סידור מיטן קאַליעדיקן שלאָס וואָס ס׳איז איר געבליבן בירושה פון דער מאַמען; אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דער מאַמעס טערקישן שאַל, וואָס זי האָט אים נאָך געטראָגן בײַ איר לעבן, און אַוועק אויף פראַנטשישקאַנער עלף אין דער ווײַבערשיל.

אַ מענטש דאַרף נישט זײַן בײַ זיך אַזוי געפאַלן. וואָס איז זי ערגער פון לאהלע די קײַלעריין פון צווייטן שטאָק איבער איר אינדערהייך. יענערס מאָן — זעט זי שטענדיק — שבת און יום־טוב — אַהיימגיין ברייטלעך מיט אָן אורח בײַ דער זײַט, מעשה גרויסער באַלעבאָס. זי האָט גאָרנישט ק׳אַזאַ ברייט האַרץ, די לאהלע — זי ציטערט שטענדיק איבער דער וואָג, ס׳זאָל נישט אַריבערוועגן קיין לויט, און גיט מער ביינער ווי פלייש. פונדעסטוועגן קאָן זי זיך פאַרגינען אַזאַ פאַרגעניגן, זאָל זי, שיינדעלע, זיך נישט דערלויבן? וואָסי, ס׳פעלט איר דען, חס־ושלום, אָן איבעריקער ביסן? ס׳בלײַבט סײַ ווי איבער נאָכן עסן און מע דאַרף עס נאָך דעם אַרויסוואַרפן אין מיסטקאַסטן אַרײַן. וואָלט דאָך געווען מער מיצווה, אַז אַ ייִד זאָל דערפון הנאה־האָבן, און ס׳איז שיין פאַר מענטשן... ווי אַזוי קוקט מען אויף לאהלע די קײַלעריין און וואָס פאַר אַ פּנים, מישטיינס געזאָגט, האָט זי, שיינדעלע... זי טשעפּעט טאַקע נישט קיין פליג אויף דער וואַנט. אָבער פאַר מענטשן איז עס ווייניק. מענטשן אינטערעסירט נישט וואָס עמעצער טוט פאַר זיך. זיי ווילן מע זאָל אויך טוען פאַר יענעם... העלפן יענעם — הייסט געטון גוטס. די וועלט האָט ליב צו זעען מיט די אייגענע אויגן אַז מע טוט עפּעס פאַר איר... דעמאָלט קריגט מען אָן אָנזען, אַ פּנים בײַ מענטשן.

אַזוי טראַכט שיינדעלע ביז דער שיל און בײַם דאַווענען שאַרט זי אַפילו אַ ביסל אָפּ דאָס פורהענגל און קוקט אַראָפּ אונטן צו די מענער, ווו זי זעט שטייען בײַ דער טיר — נישט־דרײַסטע און פרעמדלעכע — די אורחים — אָנגעפּאָרענע ייִדן פון דער פּראָווינץ, מדינה־גייער, וואָס ווילן האַלטן שבת בײַ אַ ייִדישן טיש.

אין געדאַנק קלײַבט זי זיך שוין אַפילו אויס איינעם פון זיי, אָט־אָ יענעם אין דער וואָכעדיקער קאַפּעטע, וועמען זי וועט אַהיימבעטן אויף שבת.

נאָר אַז מע ענדיקט דאָס דאַווענען, ווײַבער הייבן אָן אַרויסגיין, ס׳ווערט אַ שטופּעניש בײַ דער טיר, מע שאַרט זיך טריטנווײַז צווישן די בענק און גאָט העלפט מע קומט שוין אַראָפּ אונטן פאַר דער טיר — איז שוין די שיל האַלב־ליידיק. בלויז עטלעכע פאַרשפּעטיקטע לייגן נישט־געאײַלט צונויף די טליתים. אַלע אורחים זענען שוין פון לאַנג פונאַנדערגעטיילט און אַוועק מיט די באַלע־באַטים אַהיים. און אָט אַזוי, שטייענדיק בײַ דער טיר מיט זוכנדיקע אויגן, פאַלט איר אײַן, אַז אָט דאָרט, בײַ יענער באַנק, האָט מען פאַרגעסן איינעם יונגנמאַן. טוט זי זיך אָן אַ כּוח און גיט אַ גיי צו אַ באַשלאָגענע מיט שווייס — זעט זי, אַז ס׳איז גאָר שולדנרײנס, דער ווײַנהענדלערינס, איידעם וואָס פאַרשפּעטיקט זיך בכּיוון, אַז ער זאָל נישט אַרויסגיין מיטן שווער אינאיינעם. און אַ פאַרשעמ־טע שאַרט זי זיך אַרויס פון שיל, די בלאַכערקע, מיט אַן אינעווייניקסטע טענה צו זיך אַליין, גלײַך זי וואָלט עס געווען די שולדיקע דערין וואָס ס׳האָט זיך גאָרנישט באַקומען פון דעם אַלעם וואָס זי האָט זיך פאָרגענומען, און אַז דער אויבנאָן בײַם טיש וועט ווײַטער פּוסטעווען און זי וועט ווידער האָבן אַ פאַר־שטערטן שבת.

## קאַפּיטל צוואַנציק

# אַן אומגעריכטע באַגעגעניש

די סאַכאַטשעווער חסידים פון פראַנטשישקאַנער אַכט — ווו ס'דאַוונט ר' סרולע דער מילכייִד — בײַם אַנדערן מנין — שטעלן זיך שפּעט דאַוונען. אַ סך האָבן שוין עפּעס טועם געווען איידער זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. זיי האָבן זיך נישט דעריבער וואָס צו יאָגן. און די איבעריקע וועלן נישט פאַר־הונגערט בלײַבן. די געשעפטן וואַרטן נישט אויף זיי. ס'איז דאָך עפּעס שבת אויף דער וועלט.

די השכמה־ייִדן — פון ערשטן מנין — צומייסטנס עלטערע, מיט ווײַסע בערד — אײַלן זיך נישט אַזוי אָפּצודאַווענען. זיי באַווײַזן אַלצדינג. וואָרן זיי שטייען אויף מיטן מאָרגנשטערן צוגלײַך. זיי גייען אין מיקווה אַרײַן אויף פראַנ־טשישקאַנער גײַנצן אין יאַראָשעווסקיס באַזאַר. טוקן זיך אונטער זיבן מאָל אינעם לוילעכן וואַסער, גיבן אַ באַהאַלט דאָס פּנים איןביידע הענט און — אַ גיי אַרונ־ער אונטערן וואַסער, איין מאָל און נאָך אַ מאָל. קעפּ שווימען אַרויף, קעפּ גייען אַראָפּ. דער עולם איז נישט קיין גרויסער. ס'איז נישט פרײַטיק ערב־שבת, ווען מע קאָן נישט קיין שפּילקע אַרײַנוואַרפן און ס'איז נישטאָ ווו דאָס אָנטועכץ אַוועקצולייגן. אַלץ איז פאַרנומען, די שענקעלעך מיט די בענק. די גראַטשקע איז גרויס — סכנות־נפשות, און די פּאַרע איז — דערשטיקט צו ווערן.

איצט אָבער, שבת אינדערפרי, איז אַ מחיה. די בענק זענען פרײַ, מע קאָן זיך אַוועקזעצן ברייווה. ס'איז דאָ ווו אַרײַנצוהענגען דאָס אָנטועכץ, אַלע שענק־לעך שטייען ליידיק און אָפן. דער בעדער איז נישטאָ, ווײַל שבת לאָזט מען אים גאָרנישט איבער. דאָס וואַסער איז פריש און ריין... איז עס נישט אַזוי הייס. בדיל־הדל קאָן מען נישט ווערן דערפון. מע טוט זיך אָן בנעימותדיק, מע דאַרף

נישט וואַרטן אַ שעה צײַט ביז דער בעדער וועט צוקומען מיטן שליסעלע עפּענען ס׳שענקל. אין צוויי־דרײַ מינוט איז מען פאַרטיק מיט אַלעם. טריט־בײַ־טריט גייט מען זיך רוּק צו צום חסידים־שטיבל און מע וואַרט אָפּ מיט נאַסע באָרד און פּיאות דעם שמש ר׳ אַהרן, וואָס זוכט דעם גרויסן שליסל אין אַלע קעשענעס נאָך גייענדיק אויף די שטיגלעך, ער זאָל שוין עפענען דאָס שטיבל.

זיי באַווײַזן נאָך צו זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים פאַרן אָנטוען דעם טלית און מעיין־זײַן אין אַ ספר — אײַנגעהילט אין טלית, ביז ס׳קומט זיך צונויף אַ מנין און מע שטעלט זיך דאַווענען.

די השכמה־ייִדן זיפּן דאָס שבתדיקע דאַווענען פּונקט ווי אינדערוואָכן — געמיטלעך און ערנסט, אָן אַ פּיצל זמרל און נישט געאײַלט — מיט כוונה. זיי האַלטן אונטער דעם חזן, וואָס איז אַמאָל מיט יאָרן צוריק געווען אַ גוטער בעל־תפילה פון צווייטן מנין, נאָר צוליב דער עלטער האָט מען אים מער נישט צו־געלאָזט צום עמוד. דאַוונט ער איצט שחרית און מוסף בײַ די השכמה־ייִדן, און ציט צו להכעיס אויס וואָס לענגער דאָס דאַווענען, אַז די באַלעבאַטים פון אַנ־דערן מנין זאָלן מוזן אונטערסטעפּעקען אַ ביסל, ביז זיי וועלן זיך קאָנען שטעלן זאָגן אשרי.

ווען די שיינע ייִדן קומען זיך אָן — גוט־אויסגערוטע, מיט טומל און ברייט־קייט, צעלייגן זיך מיט די טלית־זעקלעך אויף די טישן — זענען יענע נאָך אַלץ נישט פאַרטיק:

— ני־ני, ניטע... אָסור להפסיק...

פריִער, ווען זיי זענען נאָך געווען אין שטוב — די לעדער־סוחרים פון דער פּראַנטשישקאַנער־גאַס — האָבן זיי געהאַט צײַט; איז ס׳געיעג נישט געווען בײַ זיי אַזוי גרויס. ווי נאָר אָבער זיי זענען אַרײַנגעקומען אין שטיבל אַרײַן, האָבן זיי שוין נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן. ס׳זענען דאָך עפּעס חשובע באַ־לעבאַטים! שטייט מען ווי אויף שפּילקעס און מע דרייט זיך אויף אַלע זײַטן. ווער ס׳רײַבט זיך די הענט אַזוי ווי נאָכן וואַשן זיך צום עסן, ווער ס׳פירט מיטביידע הענט איבער דער באָרד ביז צום שפּיץ, און ווער ס׳דרייט פון אומגעדולד דעם עק פונעם גאַרטל. מע זאָגט דערוויילע פון פאַרנט, יעדער באַזונדער, און דער חזן פון אַנדערן מנין, וואָס דאַרף זיך באַלד שטעלן דאַווענען, שאַרט זיך צו צום עמוד און נאָך איידער יענער לאָזט אויס, הייבט דער שוין אָן הייטערדיק־אויפ־גערוימט:

— הודו לה׳ כי טוב!...

אַזוי ווי איינער זאָגט: אָט דאָס הייסט געדאַוונט!

ווען דער חזן האַלט שוין בײַ נשמת כל חי באַווײַזט זיך ערשט אין פאָ־דערשטן חדר בײַם פאַרשפּעטיקטן מנין ר׳ סרולע דער מילכיקער אין דער לאַנגער

טוכענער קאַפּעטע מיטן רויטן סאַמעטענעם טלית־זאַק אונטערן אָרעם. דער געלער סרולע האָט איצט שבת געמאַכט בײַ זיך אין דער שטאָל... ווען נישט דער שבת וואָלטן די קי דאָרט פאַרפוילט געוואָרן לעבעדיקערהייט. ס׳וואָלט נישט געווען מעגלעך אַרײַנצוגיין אַהין פון בלויזן זאַדוך. אין מיטן דער וואָך קאָן מען זאַטכנט ווערן אין דער שטאָל פון די צוגעלעגענע ריחות. די קי קוקן שוין אויס דעם שבת ווי אַ ייִד — משיח. דער שבת לייזט זיי אויס פונעם נאַסן שטרוי וואָס ווערט איין מאָל אין דער וואָך געטוישט; פון די צוגעקלעפּטע שטיקער מיסט וואָס דערקוטשען דאָס לעבן.

דעם גאַנצן שבתדיקן פרימאָרגן איז דער געלער סרולע פאַרפאָרעט בײַ די קי זײַנע. דאָס איז דער איינציקער טאָג אין דער וואָך ווען מע מעלקט נישט די קי אין די פאַרמיטאָג־שעהען. ער דרייט זיך אַרום צווישן זיי אין די הויכע גומענע שטיוול, אַרומגענומען ביז דער העלפט מיט אַ פאַרטעך פון אַ רויער קיִעשער פעל און זעט דערין אויס ווי אַ טייל פון די קי. די שטומע באַשעפענישן קוקן אויף אים מיט קלוגע פאַרשטאַנדיקע אויגן פול מיט דאַנקבאַרקייט פאַרן אויסבעטן זיי מיט פרישן שטרוי די שטיינערנע געלעגערס. ער קעמט זײַנע קי מיט באַרשטן, לייגט אַן היי, שיט אַן קלײַען אין דער קאָריטע, גלעט זיי מיט דער וואַרעמער האַנט איבער דער געפּלעקטער סאַמעטענער פעל זייערער און רעדט צו זיי ווי להבדיל צו פאַרשטאַנדיקע ברואים. בײַ אים זענען די קי זײַנע נישט קיין קי נאָר לייבן. ער רופט זיי טאַקע שטענדיק נישט אַנדערש ווי „מײַנע לייבן״:

— מײַנע לייבן מעלקן זיך נישט הײַנט.

— בײַ מײַנע לייבן איז הײַנט שבת.

— מײַנע לייבן מעגן אויך אָפּרוען איין טאָג אין דער וואָך, ס׳וועט זיי אָסור גאָרנישט שאַדטן.

— מײַנע לייבן זענען נישט קיין ממזרים, כ׳האָב זיי נישט געפינען הינטערן פּלויט...

אין דער נידעריקער טונקעלער שטאָל זענען די קי נאָכאַמאָל אַזוי גרויס ווי אין פעלד. זיי זעען טאַקע אויס ריזעדיק גרויס ווי די בערן. זיי פאַרפולן מיט זיך די גאַנצע שטאָל. פונקט ווי דער געלער סרולע קאָן נישט לעבן אָן זיי — זיי זענען בײַ אים דאָס גאַנצע חיות — פונקט אַזוי פילט ער, אַז די לייבעלעך זײַנע וואָלטן נישט געקאָנט אויסקומען אַפילו איין טאָג אָן אים. זיי זענען טאַקע שטומע צינגער, מאַלעגיירען אַ גאַנצן טאָג, נאָר קלוגע באַשעפענישן. ס׳וואָלט גאָרנישט געפּאַסט פאַר בהמות צו זײַן אַזוי פאַרשטייעוודיק, טאַקע ווי אויפן ווונק. מע דאַרף זיך נאָר קאָנען מיט זיי אומגיין, פאַרשטיין זייער בליק, אַפילו יעדן באַוועג מיטן עק. זיי מרוקען אונטער ווען דער געלער סרולע קומט צו זיי צו. קערן אויס צו אים דעם שווערן קיִעשן קאָפּ און וואַרטן שוין ער זאָל אַ פיר־

טון מיט דער פלײשיקער האַנט איבער זײער פּעל; אַ פּליאַסקע טון איבערן קײַ־לעכיקן אויסגעפּילטן הינטער־חלק, ס׳זאָל אַזש אָפּהילכן איבער דער גאַנצער שטאָל. דאָס הײסט, אַז ער איז צופרידן מיט זײ, שעפּט פון זײ נחת. איצט קאָנען זײ זיך שוין לײגן און זיך צעשפּרײטן אויפן פרישן שטרוי װאָס שמעקט מחיהדיק מיט פריש פּאַשעגראַז און גרינע לאַנקעס.

דער געלער סרולע װאַרפט דאַן אַראָפּ פון זיך די געלע פּעל, װערט אויס טײל פון די קי און טרעט צוריק אַרײַן אין מענטשישן גבול. ער גײט אַרויף צו זיך אין שטוב מיט די דעמבענע שענק, טוט זיך איבער די שבתדיקע בגדים און לאָזט זיך גײן צום סאָכאַטשעװער שטיבל, װוּ מע קאָן צו יעדער צײַט קריגן אַ מנין צום דאַװנען. װעט ער האָבן פאַרשפּעטיקט צו שחרית, װעט ער טרעפן צו מוסף.

כאָטש די סאָכאַטשעװער חסידים האָבן אַ טבע זיך צו שטעלן שפּעט דאַ־װענען און באַגלײטן עס נאָך צו מיט זמרלעך און פײַערלעכע עליות, מיט אַן אויסגעצויגן־דרײדלדיק לײענען די פּרשה — דויערט עס פונדעסטװעגן נישט איבעריק לאַנג, דאָס גאַנצע דאַװנען. ס׳גײט בײַ זײ האַסטיק און גיך װי אַ מזמור. דאָך טרעפט זיך טײל מאָל, אַז מע צעגײט זיך פון שטיבל, װען ס׳איז אויף אַן אמת שוין גוט שפּעט, װען מע טראָגט שוין די טשאָלנטער פון בעקער.

נישט בלויז די רײַכע חסידים פירן זיך אַזוי. אויך די מתנגדים פון דער גרויסער שיל אויף פראַנטשישקאַנער עלף פאַרגינען זיך אָפּט מאָל צו פאַרציִען דאָס דאַװנען ביזן שפּעטן טאָג אַרײַן, צומײנסט װען עס רעדט אַ מגיד אין דער הפסקה־צײַט. דעמאָלט גלײַכן זײ זיך אויס מיט די חסידים, און ס׳װערט בײַ זײ דער זעלבער געאײַל און געלײף, װאָס גיכער שוין צו זײַן אין דער הײם, גלײַך װי מע װאָלט דאָרט פאַרשפּעטיקט מי־יודע װאָס...

איצט, װען שײנדעלע איז אַרויסגעקומען אויף דער גאַס — נאָכדעם װי זי איז אַרויס פון דער שיל אַן אָפּגעבאַרטע, אַ פאַרשעמטע און אַן אורח — האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטײן װי אַזוי זי איז איבערגעקומען דאָס דורכגײן די צװײ הײף װאָס פירן פון דער שיל אויף דער גאַס אַרויס. דאָס גאַנצע פּנים אירס האָט געפלאַמט פון בושה. שולדנרײנס אײדעם האָט אויף איר אַ קוק גע־געבן מיט אַ בליק, גלײַך זי װאָלט, באַהיט זאָל מען װערן, געװען חסר־דעה. אין זײַן בליק איז געלעגן אַזוי פיל שפּאָט און ביטול, אַז זי האָט געמײנט זי קריגט גלײַך אַן אַפּאָפּלעקציע אויפן אָרט. ערשט װען זי איז אַרויסגעקומען אויף דער אָפענער ליכטיקער גאַס איז זי אַ ביסל געקומען צו זיך. זי האָט ערשט פרײַער אָפּגעאָטעמט.

זי האָט געזען װי קעגנאיבער גײען שוין די סאָכאַטשעװער חסידים אַרויס פון דאַװנען, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ס׳מוז שוין זײַן גוט שפּעט. נאָר די גאַס

אַרום, האָט זי געזען, איז נאָך פונדעסטוועגן פרימאָרגנדיק־שבתדיק און מע זעט נאָך נישט קיינעם גיין מיטן טשאָלנט. האָט זי זיך נישט געמאַכט דערפון און אָנגעהויבן שטעלן אַ געמאָסטענעם טריט.

צווישן עולם דאָרט, האָט זיך איר געדאַכט, זעט זי אַ באַקאַנט פּנים. אַ רויט־לעכער באָרדפלאָם האָט זיך דורכגעפלעקט צווישן די שוואַרצע און גראָלעכע בערד. אַוודאי דער געלער סרולע — איז איר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — און זי האָט גענומען פאַרגיכערן די טריט. נאָר גלייך נעמט זי גיין נאָך געלאַסענער ווי פריִער, ווי זי וואָלט זיך עפּעס איבערגעלייגט אין געדאַנק, אַז ס׳לוינט איר בעסער צו שטעלן קליינע געצוימטע טריט.

צווישן די חסידים, וואָס זענען זיך צעגאַנגען ווער אויף רעכטס און ווער אויף לינקס, האָט זיך טאַקע אויסגעטיילט ר׳ סרולע דער מילכיקער. ער איז גע־בליבן אַ ווייל שטיין פאַרן טויער נישט־אַהין נישט־אַהער. ווי נאָר ער האָט באַ־מערקט שיינדעלען אויף דער אַנדערער זייט, האָט ער גענומען אַריבערגיין די גאַס. ער גייט דאָך אויך אין זעלבן וועג — צום קאָזשלע־געסל, וועלן זיי גיין צוזאַמען.

שיינדעלע האָט זיך אים נישט געמאַכט זעען. דאָס האָט איר איצט צוגע־פּעלט צום רומל, מער נישט. ס׳האָט זיך איר איצט נישט געוואָלט טרעפן מיט אים נאָך דער מפּלה וואָס זי האָט געהאַט אין דער שיל. וויפל האָט געפעלט, אַז זי זאָל אַהיימבעטן דאָס גבירישע קעסטקינד — שולדנריינס איידעם — אויף שבת?...

זי האָט איצט אַליין גענומען לאַכן אין זיך, כאָטש ס׳האָט איר געשניטן בײַם האַרץ פון ווייטיק פאַר זײַן פאַרשײַטן בליק:

— ס׳איז שוין איינמאָל אַן איידעמל!... נאָר שוין בעסער אַזוינס ווי גאָר־נישט... ווי האָט הײַנט געזאָגט דער מגיד: לאָוו כל אדם זוכה... און ווייי איז דעם וואָס איז געשטראָפט פון גאָט־באַשעפער נישט צו קאָנען נושא־חן זײַן בײַ מענ־טשן... גאָלדענע ווערטער...

אַזוי גייענדיק פאַרטראַכטערהייט האָט זי זיך, שיינדעלע, אָנגעטראָפן גלײַך אויפן געלן סרולע, דווקא דערפאַר ווײַל זי האָט אים געוואָלט אויסמײַדן. זי איז געבליבן אינגאַנצן אַ פאַרלוירענע, גלײַך זי וואָלט געווען זיכער, אַז דער מילכיקער האָט געלייענט אירע אַלע געדאַנקען. זי האָט זיך געוואָלט געבן אַ צי צוריק, נאָר זײַן אָפן פּנים צוזאַמען מיט דער געלער באָרד זײַנער האָט איר שוין ברייט און זיגעריש אַנטקעגנגעשמייכלט און ס׳איז שוין נישט געווען וווּ זיך אַהינצוטון פאַר אים. זי וועט שוין מוזן גיין אַהיים מיט אַ באַגלייטער גראָד איצט ווען ס׳גלוסט זיך איר זײַן אַליין.

## קאַפּיטל איינאונצוואָנציק

# ר׳ סרולע דער מילכיִד זאָגט־צו...

זי געדענקט שוין נישט די צײַט, שיינדעלע, ווען ס׳זאָל האָבן אַרײַנגעקומען אַ ביסל מילך אין שטוב אַרײַן. נישט זי האָט ליב מילך און נישט די טאָכטער. זי דאַרף נייטיק ס׳זאָל איר צוקומען. ס׳פעלט איר אַזוי אויך נישט צו דער וואָג, קיין שום בייז אויג נישט. אין די יונגע יאָרן, ווען זי האָט נאָך געוווינט מיט טאַטע־מאַמע אין די גרויסע „פּאָקאָיעס״ אויף דער קראָכמאַלנע־גאַס, האָט זי געוואָלט מיטהאַלטן מיט דער מאָדע און זיך כסדר געצערט זי זאָל זײַן שלאַנק און האָבן אַ טאַליע. נאָר ס׳האָט איר גאָרנישט געהאָלפן. זי האָט זיך געהאַלטן אין איין צערן און ס׳איז איר גאָרנישט אָפּגעקומען. בײַם טיש האָט זי נישט געוואָלט עסן, נישט פאַרזוכן צומאָל פון די אַלע גוטע עסנס. וואָס מ׳האָט איר דערלאַנגט בײַם טיש האָט זי אַלץ אָוועקגעשאַרט מיט דער האַנט: — זי האָט נישט קיין אַפּעטיט... נאָר אַז זי איז אַרײַנגעגאַנגען אין קיך אַרײַן האָט זי אַרײַנגעהאַקט אַ האַלבן פּולמיסיק פיש.

צערן זיך איז טאַקע אַ גאַנץ פײַנע זאַך, אָבער עסן מוז מען דאָך. ווען וועט זי גיין אָפּטון מיטן נישט עסן? נאָר זיך אַליין. און אַז זי האָט זיך גוט אָנגעטליקעט איז נישט געווען קיין ווונדער וואָס זי האָט נישט געקאָנט מער גאָרנישט נעמען אין מויל אַרײַן בײַם טיש. וויפל די מאַמע אירע, שרה־גיטל, האָט זיך נישט געבעטן בײַ איר, אַז זי זאָל האָבן רחמנות אויף אירע יונגע יאָר און עפּעס עסן... פאַר ווען האָט מען אָפּגעקאָכט — פאַרן טײַוולס וועגן? נאָר ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן: אַז מע צערט זיך קאָן מען דאָך נישט עסן.

הײַנט קוקט זי שוין נישט אַזוי שטאַרק אויף זיך. זי עסט שוין אַלץ. נאָר קיין מילך קומט ווײַטער נישט אַרײַן אין שטוב. פון זינט מ׳האָט איר פּײַווישן גענומען אין מיליטער אַרײַן האָט זי אויפגעהערט צו נעמען מילך בײַם מילכיִד.

אַזוי פּלעגט ער יעדן אינדערפרי, ווי גאָט גיט דעם טאָג, אָנמעסטן צוויי קוואַר־טירלעך מילך אין מילכיקן טאָפּ, וואָס איז שוין געווען צוגעגרייט פון נעכטן, און לאָזן שטיין אין דער זײַט אויפן צווייטן שטיגל בײַ דער טיר. ס׳האָט טאַקע געקאָסט עפּעס טײַערער ווי אין געוועלבל, איז עס אָבער געווען מילך גלײַך פון דער קו, פּעט — אַז מ׳האָט זי געקאָנט שנײַדן מיט מעסערס. די פּעלץ האָט זי אָנגעשמירט, אויפן ברויט אַזוי ווי ריינעם שמאַנט און זיך אַ סך מאָל אײַנגע־ברענגט פּוטער. פון די צוויי קוואַרטירלעך האָט זי, שיינדעלע, געמאַכט אַ פולן טאָפּ. פּײַוויש האָט ליב געהאַט קאַקאַאָ אַזוי ווי ס׳לעבן, און זי — דווקא נישט. פאַר זיך האָט זי געמאַכט באַוואַרקע... נאָך קאַקאַאָ דאַרשט זיך און ס׳בלײַבט אַ פּאַדזשקע אין מויל, נאָך באַוואַרקע נישט. אין דער קימפּעט האָט זי זיך געהייסן געבן קאַווע אויף דער מילך, אַזוי ווי מע פירט זיך אין די רײַכע שטובן. זי האָט זיך דעמאָלט געפילט אַזוי ווי אַ קייסערינע. אַן אויפגעבונדענע האָט זי זיך גע־קאָנט אויסביטן אַפילו דאָס טעלערל פון הימל. מיידלווײַז האָט זי בכלל נישט געהאַט וואָס צו גרימאַשעץ. ס׳איז איר נישט געווען קיין חילוק. ווען פּײַוויש האָט נאָך דער חתונה אײַנגעפירט אַז ס׳מוז זײַן קאַקאַאָ צו יעדן אָנבײַסן און ס׳דאַרף נאָך בלײַבן אַ גלאָז פאַר אים אויף וועטשערע — האָט זי אים געגרן צוליב געטון און אַליין אויך געטרונקען. ס׳האָט איר דעמאָלט אַפילו געשמעקט אויך.

נאָר ווען זי איז מיט גיטשען געווען אין צווייטן צי אין דריטן חודש איז אַז זי האָט נאָר דערפילט דעם „זאַפּאַך" [1] פון קאַקאַאָ, האָט זי צוריקגעגעבן דאָס פּאַריאַריקע עסן. שפּעטער, נאָכן „האָבן", האָט איר שוין נישט אַזוי „געראַ־זשעט" [2]. זי האָט שוין די קאַקאַאָ אַפילו אַליין געקאָנט דערלאַנגען דעם מאַן צום טיש. צומערשט איז איר אַדורך אַ שוידער, אַזוי ווי איינער וואָס רירט זיך צו צו אַ וואָרעם. נאָך דעם איז דאָס אויך אַוועק. ס׳האָט איר שוין אַזוי נישט געאַרט. נאָר געטרונקען האָט זי נישט. זי האָט גענוג געהאַט אַז ער טרינקט.

און ווען מ׳האָט אים, נישט הײַנט געדאַכט, צוגענומען צו די זעלנער, האָט זי שוין אײַנגאַנצן אויפגעהערט צו נעמען מילך. נאָך וואָס דאַרף זי איבערצאָלן יעדן טאָג? דורך דער וואָך זאַמלט זיך אָן אַ פאַרמעגן. זי אַליין קאָן זיך באַגיין. אלא ס׳קינד — קויפט זי עס סײַ ווי נעסטלע. מע צעמאַכט צוויי־דרײַ לעפעלעך נעסטלע מיט אַ ביסל געקאָכט וואַסער האָט עס דאָך טויזנט טעם. דעם קינד קומט צו דערפון. ס׳ווערט, קיין שום בייז אויג זאָל עס נישט שאַטן, גרעבער ווי לענגער... און פון דער מילך, וואָס זי האָט עס געגעבן, האָט ס׳קינד אָפּגע־

---

1 ריח.

2 געאַרט.

פירט עטלעכע מאָל אין טאָג... אָדער ס׳האָט גאָר געקריגן אַ האַרט מעגעלע און מ׳האָט עס באַדאַרפן מאַכן לעוואַטיוועס...

אַז זי האָט אויפגעהערט צו נעמען מילך, האָט מען זיך שוין נישט געזאָגט אַפילו קיין גוטמאָרגן אויך. נישט ווײַל ס׳איז איר נישט אָנגעשטאַנען, חלילה! דאָס נישט. נאָר וואָס דען? גלאַט אַזוי. אַז ס׳האָט זיך געמאַכט אַ שוואַרץ־צוזאַמענלויף, בײַ אַ געשלעג אין גאַס, צי אויף אַ לוויה אין הויף, באַהיט זאָל מען ווערן, איז פאַרקערט, געווען בײַ זיי קאָטשעלע־גדולות: און וואָס הערט זיך? און פאַרוואָס קומט ער נישט אַרײַן ר׳ סרולע? ס׳איז דאָך אַ פאַרגעניגן מיט אים צו רעדן... און ווען קעלבט זי זיך די געלע?... אַלע זענען טאַקע געלע, נאָר זי מיינט די, אָן די פלעקן אויפן בויך. ער ווייסט שוין וועלכע... וואָס מאַכט ער פון איר חוזק צי וואָס... גאָט זאָל טאַקע אָפּהיטן. ס׳זאָל דעם אויסוואַקסן אַ חוזק אויף דער נאָז, ווער ס׳טראַכט פון איר חוזק צו מאַכן. נאָר מ׳איז דאָך היימישע מענטשן... און אַזוי ווײַטער. און נאָך דעם דאָזיקן טרעפּעכץ איז ווידער ווי געווען. מ׳האָט זיך ווידער נישט געזען, און זיך רעכט נישט געגריסט. אַז דער קאָפּ איז פאַרדרייט, שונא־ציון, מע ווייסט נישט אויף וועלכער וועלט מ׳איז... און אין זיך בלײַבט זי צופרידן, שיינדעלע, דאַנקען גאָט, זי האָט זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן אויף איר גיטשען, אַ מויד אַן אָסאָבע — אַן דער קו־מילך... אויסגעוואַקסן — אַ קראַסאַוויצע — בלוט און מילך.

ווען זי איז אַזוי געגאַנגען פון דאַווענען, געשטעלט אַ געמיטלעכן טריט, אַזוי ווי איינער זאָגט: ס׳גליק וועט מיר נישט אַנטלויפן, האָט זי פאַרטראַכטערהייט נישט געזען אין אָנהייב, ווי ער וואַרט אַזוי אויס אַ ווײַל בײַם טויער און רעכנט אויס, אַז ווען ער וועט אַריבערגיין אויף דער זײַט טראָטואַר, וווּ זי גייט, וועט ער אויסקומען אָדער אַ טריט פאַר איר, אָדער אַ טריט נאָך איר. זי האָט זיך אָבער גלײַך געכאַפּט און גענומען גיין גאָר לאַנגזאַם, בכדי אים אויסצומײַדן. ס׳איז איר איצט נישט געווען צום לאַכן. ערשט אומגעריכט איז ער געבליבן שטיין פאַר איר ווי אויסגעוואַקסן פון אונטער דער ערד:

— שוין, מע דערקענט שוין נישט קיין מענטשן, שיינדעלע? איר זענט שוין, זע איך, אויף דער עלטער... אַ סברה...

— אײַ, זאָלט איר מיר געזונט און שטאַרק זײַן, ר׳ סרולע־לעבן, — קוקט זי אויף אים אַ שמייכלדיק־פאַרלוירענע, — האָט איר אַ גרינגן קאָפּ, אַלע ייִדישע קינדער געזאָגט...

— וואָסי, די שיפן זענען אײַך אונטערגעגאַנגען? — קוקט ער נישט אין איר זײַט און רוקט זיך טיפער אַרונטער דעם טלית־זאַק אונטערן אָרעם וואָס האָט זיך אים אָפּערגעגליטשט אין גיין.

— זײַט מיר הונדערט מאָל מוחל, ר׳ סרולע — מאַכט זי זיך צורעכט דעם

שאַל אויפן קאָפּ, אַראָפּרוקנדיק אים עטוואָס איבערן שטערן — איך האָב מיט זיך צו טון... איר ווייסט נישט...

— איך ווייס, איך ווייס — גלײַכט ער זיך מיט איר אויס אין גיין — איר ווילט זאָגן, אַז יעדער האָט זײַן פּעקל.

— איר זאָלט אַזוי טרעפן אַלדאָס גוטס — בייגט זי זיך צו אים צו און רירט זיך אָן אין זײַן עלנבויגן — גלייבט מיר, אַז ס׳איז מאָך נישטאָ וואָס מקנא צו זײַן. איך זאָג אײַך: אָן מזל איז נישט כדאַי צו לעבן. וואָס זאָגט איר, נישט אַזוי? איר זענט דאָך עפּעס יאָ נישט קיין נאַר.

— אַנטקעגן וואָס, שיינדעלע, זאָגן זי דאָס? — גיט ער זיך אַ רוק־אָפּ פון דער צו־שטאַרקער נאָענטקייט בײַם אַרײַנדרייען זיך אין קאָזשלע־געסל.

— איך זאָג עס אַקעגן שבת. ס׳איז אַ שבת — נישט פאַר קיין שום ייִדישע טאָכטער געדאַכט, אויך מיר אַ שבת...

— וואָס שוין ווײַטער? ווידער אַן אומגליק?

— דווקא אַן אומגליק? ס׳איז גענוג אַז דער שבת איז קיין שבת נישט... עונג־שבת, מישטיינס געזאָגט, אַז ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל קידוש־מאַכן.

— דאָס איז עס אינגאַנצן? — בלאָזט אַזש פון זיך אָפּ ר׳ סרולע, ווי ער וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ משא און ס׳איז אים דערפון גרינגער געוואָרן צו אָטעמען.

— וואָס נאָך האָט איר געוואָלט?

— דאָס גראָד, זעט איר, שיינדעלע, איז נישט אַזוי געפערלעך, — גיט ער זיך אַ שטעל אַנטקעגן איר, — וועגן דעם דאַרפט איר זיך זאָרגן? איך האָב גע־מיינט מי־יודע וואָס פאַרע עגמת־נפש איר האָט? — מע נעמט זיך אַהיים אַן אורח אויף שבת און ער פירט טיש ווי אַ קייסער.

— ס׳איז אײַך גוט צו זאָגן... און קריגן האָט זיך געשמדט?

ר׳ סרולע קאָן זיך שוין נישט אײַנהאַלטן, כאָטש זיי שטייען שוין נישט ווײַט פון זײַן טויער, און צעלאַכט זיך אויפן קול, אַז זי, שיינדעלע, גיט אַזש אַ צוק מיטן אַקסל און נעמט זיך אַרומקוקן אין אַלע זײַטן, צי ס׳גייט נישט עמע־צער וואָס קען זי... ס׳טוט איר שוין באַנג די גאַנצע מעשה וואָס זי האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ שמועס און ווייסט נישט ווי אַזוי זיך אַרויסצופּלאָנטערן, דערצו נאָגט איר שוין בײַם האַרץ:

— וואָס האָט איר זיך צעלאַכט וואָס? איך ווייס נישט וואָס דאָ איז דאָ צו לאַכן!

— וואָס ס׳איז דאָ צו לאַכן, פרעגן זי? — איך לאַך, וואָס איך ווייס נישט ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון די צוטשעפּעכצער, די למד־וואָווניקעס, די אור־חים־פורכים... זיי מערן זיך, באַרכאַשעם, מיט יעדן שבת... ווי די פיש אין וואַ־

סער. ס׳איז שוין באַלד דאָ מער שוחטים ווי הינער, מער אורחים ווי באַלעבאַטים. איך קאָן אײַך צושטעלן יעדע וואָך, ווי גאָט גיט דעם שבת — נישט איינעם, נאָר אַ גאַנץ טוץ אורחים ווי די בערן...

— טאַקע! — ווערט שיינדעלע אַן אַנדערע, ווי מע וואָלט איר אַרײַנגעזעצט אַ נײַע נשמה, און די פאַרב קריכט צוריק אַרויס אויפן פּנים.

— ס׳זאָל אײַך גיין אין דעם — גיט דער מילכייִד צו — איז מיין נאָמען נישט ייִד, צי איר קריגט נישט בײַ מיר יעדן שבת אַן אורח.

— לאַנג לעבן זאָלט איר, ר׳ סרולע — כאַפּט זי אים אָן פאַרן אַרבל — איר וועט זיך אין מיר קויפן עולם־הבא... — און אַ שײַנענדיקע — ווי דער דאָזיקער ייִד וואָלט איר צוגעזאָגט דאָס טעלערל פון הימל — גיט זי צו צוגייענדיק אַ טריט נענטער:

— איך האָב דאָך שיִער נישט פאַרגעסן אײַך צו בעטן: פאַרגעסט נישט, למען־השם, אַרײַנצוברענגען פון מאָרגן אָן אַ קוואַרטירל מילך. נישט פאַר מיר, פאַרן קינד. איר ווייסט נישט — אַ מיידל... זי דאַרף גיכער דאָס ביסל מילך ווי איך...

מיט אַ טאָפּלטן גוטן־שבת האָט זי אים ענדלעך געלאָזט אַרײַנגיין צו זיך אין טויער אַרײַן. דערפילנדיק מיטאַמאָל דעם סידור האָט זי אים טיפער צוגעדריקט אונטערן אָרעם. מיט אַ נאָגנדיק האַרץ און מיט זיכערע טריט האָט זי זיך, שיינדעלע, געלאָזט גיין נענטער צו איר אייגענער שטוב — אַ צעשטראַלטע פּונעם בלויזן געדאַנק, אַז די קומענדיקע וואָך, גאָט זאָל לאָזן לעבן מיט אַ גוט געזונט, וועט זי מירצעשעם האָבן, פּונקט ווי די לאהלע אויבן, די קײַלערין, — אַן אורח אויף שבת.

## קאַפּיטל איינס

# אין אַ רעגנדיקער נאַכט

דער קילער אָוונט איז צוגעפֿאַלן אומגעריכט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די וואַרשעווער גאַסן צוזאַמען מיט אַ געדיכטן נעפּל. פֿון אַלע טויערלעך און ווינקלען האָט די אָוונט־טונקלעניש געגומען שפּאַרן אין גאַס אַרײַן, זיך אַראָפּגעזעצט אויף די גראָע שטיינער־פּליטעס פֿון די שמאָלע טראָטואַרן און גענומען פּלאָנטערן די אומזיכערע טריט פֿון די דורכגייער.

דער בלאָלעכער נעפּל האָט זיך וואָלקנדיק אויסגעשפּרייט און פֿאַרצויגן די אויבערשטע גאָרנס פֿון די מאַסיווע רייען הײַזערבלאָקן, וואָס זענען פֿאַרשוויי־מען אין דער נעפּלדיקער געדיכטעניש מיט פֿאַרווישטע קאָנטורן. ערשט שפּע־טער־צו, ווען דער נעפּל איז צערונען און דער הימל־געוועלב איז געוואָרן קלאָ־רער, זיך גענומען אויסלײַטערן האָט פֿון דער ווײַסלזײַט אָנגעצויגן אַ כמאַרע, אַן אָנגעפּוישטע ווי אַ פּענכער און ס'האָט געגעבן אַ בוכע אַרויס מיטן בלעזל־דיקן כליאַפּ איבער די גאַסן און מויערן.

דער האַרבסטיק־דינער דורכנעמענדיקער רעגן האָט געוואַשן דעם ברוק און די טראָטואַרן. די שוואַרץ־צעגלאַנצטע שטיינער האָבן אָפּגעשלאָגן דעם גרינלעכן שימערן שײַן, וואָס האָט זיך געזופּט פֿונעם לאַמטערן מיט טויזנטער צעבליצטע שפּרענקעלעך ליכט, וואָס האָבן צוגעגעבן דעם קנופּ געסלעך אויפֿן נידעריקן שטאָט־טייל אַ פֿאַנטאַסטישן אויסזען.

די אָוונטיקע טונקעלע מויערן אויף דער שווענטע־יורסקע גאַס האָבן זיך קלאָגעדיקלעך געווייקט אינעם רעגנדיקן גאָס און ווי אַלטיטשקע באַבעס פֿאַר פֿאַרהעמערטע קלויסטערס אַראָפּגעזונקען אַלץ נידעריקער צו דער שטומער ערד.

די אייבערשטע פֿענצטער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, זענען פֿאַרפּולט געוואָרן מיט העלן מילכשײַן פֿון צעצונדענע גאַז־זשיראַנדאָלן, צעוויגטע איבער די שויבן. דאָס פּעטע ליכט האָט צוזאַמען מיטן לויכטנדיקן רעגן אין אים געפּלייצט שטראָמענווײַז אין גאַס אַראָפּ און זיך צע־שווימען אין גרינלעך־אומעטיקע פּלעקן אָפּשײַן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט

מיט אַ נישט־רעאַלער טיפקייט, ווי אַ לאַנגער ליכטוועג וואָס פירט ערגעץ־ווו אַראָפּ אין טיפעניש. דאָס רעגן־וואַסער האָט זיך געבולבעט מיט אַ פלעסקערײַ אין די רינשטאָקן און זיך געריסן מיט אַ כאָרכלערײַ אין די קאַנאַלן אַראָפּ ווי געיאָגט פון אַן אומגעזעענעם פּחד.

אײַליקע פאַרבײַגייערס מיט אויפגעשטעלטע שוואַרץ־צעפּלאַטערטע שירעמס האָבן געוואָרפן אַ זײַטיקן בליק אויפן צונויפגעקאָרטשעטן מענטש אין זעלנערישן שינעל וואָס איז געלעגן בײַ דער וואַנט מיט איין פוס אַן אויסגעשטרעקטן אי־בערן טראָטואַר און געלאָזט אַזוי פאַלן אויף זיך די רעגנדיקע בײַטשן וואָס האָבן אים געשמיסן אויף רעכטס און לינקס.

זיי האָבן אָפּגעטראָטן עטוואָס אַן אַ זײַט נישט צו פאַרטשעפּען זיך אינעם פוס מיטן זעלנערישן באַטשוועקעטן שוך וואָס האָט שטום געגלאָצט מיט אַ נאַסן צעגלאַנצטן טעמפּן נאָסיק אויף אַרויף.

ס׳איז זיך קוים געווען פאָרצושטעלן אַז אָט די שוואַרצע קופּע, וואָס בערגלט זיך אויפן טראָטואַר און רופט אַרויס צו זיך אַן אימה פון אַ געפּאַלענעם מענטש און זײַן גורל, איז אַמאָל, אַמאָל געווען אַ פּוכיק קינד מיט ראָזע בעקעלעך און פולכנע הענטלעך; מ׳האָט זיך געפרייט דערמיט און געהילט עס אין זײַדענע העמדעלעך; געהאַלטן עס צוגעטוליעט צו אַ מאַמישער ברוסט און איז געווען אַ קוואַל פון גליק און פרייד — פול מיט ריזלענדיקע האָפענונגען אויף אַ שיי־נעם צעבליטן מאָרגן פון אַ נײַ יונג לעבן. איצט ליגט אָט דאָס לעבן צוזאַמען מיטן שיינעם חלום אַן אומברחמנותדיק צעטראָטנס וואָס קיינער וויל זיך אַפילו נישט אומקוקן דערויף. יעדער איינער, וואָס גייט פאַרבײַ, מאַכט זיך נישט זען, מורא־האָבנדיק אַ טראַכט צו געבן אַז מיט יעדן איינעם קאָן עס אַזוי געשען דורך די שטורמישע לעבן־כוואַליעס ווען זיי גיבן זיך אַ צעברויז און צעקאָך.

אַ לאַנגער שאַרפער יאָמערנדיקער סקריפּ פון אַניאָגנדיקע טראַמוויי־רעדער איבער שטאָלענע רעלסן אין אַן אויסבייג האָט אַ שניט געטון אינדערלופטן ווי אַ סווישטש פון אַ קויל און אויסגעגאַנגען אין דער טיף פון דער אַנדערער גאַס. ערגעץ נישט ווײַט האָט נישט אויפגעהערט קלאַפּן אַ פליגל פון אַ האַלב־אָפּגע־בראָכענעם לאָדן וואָס האָט זיך געוויגט אין דער קרום אויף איין זאַוויעסע אַהין און צוריק.

ביסלעכווײַז האָבן זיך גענומען וועקן פון זיך אַליין די אָפּגעטעמפּטע חושים, וואָס זענען געווען ווי פאַרשטאַרט, באַהערשט פון אַן אָנמאַכט און ווילנלאָזיקייט. צוזאַמען מיטן קלעמענדיקן ווייטיק אין אַלע אברים האָט משה מעט דערפילט ווי ס׳קערן זיך אום אין אים די כוחות זײַנע, ווי וואַסערן נאָך אַ פאַרפלייצונג, וואָס נעמען לויפן פון אַלע זײַטן אויף צוריק, צוריק אין זייער אָרביטע אַרײַן.

דער צענעמענדיקער רויש אין קאָפּ איז ביסלעכווײַז אָפּגעטראָטן פון אים. נאָר

דאָס האַמערן פון די שלייפן האָט נישט אויפגעהערט. צוזאַמען מיט דער בלײַע־נער שווערקייט האָט אים אַ מטושטשער געדאַנק געדריקט אויפן מוח, געהאַלטן דעם קאָפּ אין קלעם, ווי דער שטאָלענער העלם בעת די אַטאַקעס אויפן פראָנט, וואָס מע וויל אים שוין וואָס גיכער אַראָפּוואַרפן פון זיך, באַפרײַען דעם קאָפּ, זאָל שוין זײַן וואָס ס'וויל, אַבי פּטור ווערן פון דער דריקעניש.

אויפגעפלעקטע שטיקער ליכט האָבן הינטער די פאַרמאַכטע אויגן־לעדלעך זײַנע, ווי סנאָפּעס שײַן פון רעפלעקטאָרן, זיך געצונדן און געלאָשן. אין זײַן פאַרטונקלטן באַוווסטזײַן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשיילן דײַטלעכע קלאַנגען און ווערטער, וואָס זענען געפאַלן גאָר נאָענט, פאַרבײַ זײַן אויער, נאָר ער איז נישט געווען מסוגל צו באַנעמען זייער זין און באַטייט... אַ פעסטע האַנט האָט אים אַ טרייסל געטון בײַם שולטער, איין מאָל און נאָך אַמאָל. ווער קאָן עס זײַן? — איז אים דורכגעלאָפן אַ ברעקל געדאַנק — וואָס וויל מען פון אים? ווו גע־פינט ער זיך ערגעץ אין דער וועלט? ער האָט געפּרווּווט עפענען די אויגן. אַלץ אַרום האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ צעוויג נאָר אומצופאַלן. ער האָט אינסטינק־טיוו געגעבן אַ שטרעק אויס די האַנט, ווי זיך אָנצוהאַלטן אין עפּעס און אונ־טערגעכאַפּט געוואָרן דורך צוויי פּאָר מענערשע הענט וואָס האָבן אים געהאָלפן אויפשטיין פון דער בלאָטע. ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט בלאָנדזשענדיקע בליקן, וואָס האָבן עפּעס געזוכט אַליין נישט ווויסנדיק וואָס... מיט שלאַבעריקע הענט האָט משה מעט באַטראַכט דעם שינעל אויף זיך. ער האָט דערפילט די קלעפּי־קייט פון בלוט צווישן זײַנע פינגער און אויפגעשווידערט מיט אַלע גלידער. ער האָט אַ קער געטון דעם בליק אין דער זײַט, אין דער אַנדערער און זיך אָנבאַ־געגנט מיט אַ פּאָר פאַרשפּיצטע וואָנסעס בײַ איינעם און קורצגעשניטענע וואָנסע־בערשטלעך בײַם צווייטן. צוויי נישט־יידישע נעז — אַ ביינערדיק־פאַרשאַרפטע און אַ טעמפּלעך־פאַרשאַרצטע — האָבן אים פרײַנטלעך באַגעגנט מיט שמייכל־שגיטן פון ביידע זײַטן אַרום מויל. ביידע האָבן געטראָגן אויף זיך אַרבעט־בלוזעס מיט ברעזענטענע הויזן, ווי אַלע שוואַרצאַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט בײַ די עפנטלעכע קאַנאַליזאַציע־אַרבעטן פון מאַגיסטראַט.

די צוויי פּוילישע אַרבעטער האָבן אים גענומען אונטערן אָרעם צום גיין. משה מעט האָט זיך אָנגענומען מיט כוח און אַרויסבאַפרײַט ביידע הענט זײַנע פון די פרײַנטלעכע אָרעמס:

— איך קאָן אַליין גיין... מע דאַרף מיך נישט פירן... כ'בין נישט קראַנק... ס'איז נאָך נישט אַזוי שלעכט מיט מיר...

— גוט צעשלאָגן, האַ?... אַזעלכע פאַרשיווצעס!... זעלנער זאָלן שלאָגן אַ זעלנער...

— נאַרישקייטן, ברידער... — האָט משה מעט אויסגעשפּיגן רויט אין רעגן

אַרײַן און מיט דער פּאָלע פון נאָסן שינעל זיך אַרומגעווישט דאָס פאַרבלוטיקטע מויל — אויפן שלאַכטפעלד איז געפערלעכער...

— געווען אויפן פראָנט?

— געווען.

— לאַנג?

— די גאַנצע מילחמה.

— הינטער ווילנע אויך?

— ווי דען? הינטער ווילנע אויך.

— טאָקע געווען דאָרט אַזאַ גרויסע שלאַכט?... אַלע צײַטונגען האָבן געשריבן... די גרעסטע... די געפערלעכסטע... די סאַמע דעצידירטסטע פאַרן אויסגאַנג פון דער מילחמה... פאַרן גורל פון פוילן... און איר האָט אָנטיילגענומען אין די קאַמפן? איר זענט דאָרט געווען?

— געווען, כלאָפּצי... געווען... און איצט?... זעט... קוקט אָן!... האַ?...

— נו, נישט געזאָרגט — האָט דער מיט די לאַנגע וואָנסעס געקלאַפּט משה מעט אין פלייצע — פוילן איז אונדזער... פרײַ אויף אַלע צײַטן...

— מע זאָל עס נאָר נישט אַליין צעטרענצלען מיט די אייגענע הענט — האָט דער צווייטער מיט דער קורצגעהאַקטער וואָנסע צוגעגעבן — ס'וועגדט זיך נאָר ווער ס'וועט שטיין בײַ דער מאַכט...

די צוויי יונגע פוילישע אַרבעטער זענען מיט משה מעטן צוגעקומען צו אַ ראָג מיט באַלויכטענע שויבן־טירן מיט פאַרצויגענע פוירהענגלעך. פון יענער זײַט טיר האָט זיך געטראָגן אין גאַס אַרויס אַ צוגעדושעט גרעמפּלען פון אַ האַנטהאַרמאָניע. דער רעגן האָט געפּויקט איבער דער שויב און אָפּגעפּלאָסן טראָפּנווײַז אַראָפּ. אויפן אַנדערן ראָג אַנטקעגן זענען עטלעכע פרויען־סילועטן מיט טיכלעך אויף די קעפּ געווען ווי צוגעקלעפּט צו דער וואַנט אַזוי ווי די שאָטנס — מאַט און אומבאַוועגלעך, רעזיגנירט.

די צוויי אַרבעטער זענען געבליבן שטיין מיט משה מעטן פאַרן באַר. דער העכערער מיט די פאַרשפּיצטע וואָנסעס האָט אָנגענומען די קלאַמקע:

— קומט... דאָ וועלן מיר אַרײַנגיין...

משה מעט האָט זיך געקווענקלט, גענומען זוכן מיט די הענט אין די קעשענעס:

— אַ דאַנק... איך נישט... גייט אַליין...

דער קריסט האָט אים אָנגענומען פאַרן אַרבל און זיך גוטמוטיק געבייזערט:

— וואָס מיינסטו... מירן דיך אָפּלאָזן גלאַט אַזוי, און נישט אויסטרינקען צוזאַמען אַ גלעזל?... פּע, פּזשעטשעזש פּאַן ז'פראָנטו... איר זענט דאָך געווען אויפן פראָנט... איך צאָל... מירביידע שטעלן...

ער האָט אַרײַנגערוקט די האַנט אין דער הויזן־קעשענע און אַרויסגענומען אַ זשמעניע פֿאַפּירנגעלט צעקנייטשט און צעקנאָדערט, ווי ס׳וואָלט נישט געווען געהאַט קיין שום ווערט, און עס צוגעטראָגן משה מעט אונטער דער נאָז:

— ס׳איז דאָ מיט וואָס צו צאָלן צי נישט?...

ער האָט געגעבן אַ פּראַל־אויף די טיר און אַ צי געטון משה מעטן מיט זיך. אַ וואַרעמע פּאַרע פֿון זויערלעכע עסנס האָט משה מעטן אַ שלאָג געטון צום קאָפּ אי רייצנדיק אי איבלדיק, אַז ער האָט זיך געמוזט אָנהאַלטן אָן דער שטול בײַם טישל לעבן דער טיר. ס׳האָט זיך אומגעקערט דער רויש אין קאָפּ. די לאָמפּן האָבן זיך אַ צעוויג געגעבן אין אָנגערויכערטן נעפּל פֿאַר זײַנע אויגן. ער האָט דערפֿילט אַ נאָגנדיקן הונגער וואָס האָט אים אויסגעדרייט די קישקעס אין בויך.

פֿון ערגעץ אַ ווינקל האָבן זיך געטראָגן פרייליכע טענער פֿון אַ פּוילישער מאַזורקע. די צוויי בלינדע קלעזמער האָבן שלעפּעריק געגרעמפּלט אויף דער פידל און האַנט־האַרמאָניע צוזינגענדיק דעם הוי־דאַנאַ־דאַנאַ מיט אַ הייזעריק פאַרטרונקען קול. מענער און פרויען, עלטערע און יונגע פּאָרלעך מיט צעפּלאָמטע פּנימער און צעשויבערטע האָר זענען געזעסן בײַ די טישלעך און איבערגעקערט כוסות. בײַ צוויי צונויפגערוקטע טישלעך איז געזעסן אַ פריילעכע חברותא און מיט שיכורע שטימען איבערגעשריגן איינער דעם אַנדערן. בײַ אַלעמען זענען די אייגעלעך געווען קליין און מאָנטנע, גלאַנציק־פאַרשוואומען. יעדע ווײַל האָבן זיי זיך געהויבן פֿון שטול, זיך צוגעבויגן איינער צום צווייטן מיט איבערגעטריבענע זשעסטן, זיך אַרומגענומען, געשאָלטן מיט טויטע קללות אין דער וועלט אַרײַן און זיך פאַרגאַנגען אין אַ כאָראַלער ריטשערײַ פֿון פאַרגאַנוועדט געזאַנג.

די צוויי פּוילישע אַרבעטער האָבן זיך צוגעזעצט מיט משה מעט בײַ אַ זײַטיק טישל אין אַנדערן ווינקל, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ באַזונדער שטיבל, נאָר אָן אָפּנס, אָן טירן. דער דיל איז דאָ געווען מיט אַ שטיגן צוויי הע־כער. אויף דער וואַנט איבערן טישל האָט אַרויסגעשטאַרט אַן אויסגעבויגן רערל מיט אַ שאַטקע אָן אַ גלעזל. דאָס גאַזלעמפּל האָט געצוקט און געזאָטן ווי אַ שטראָמל וואַסער וואָס פליסט אָן אויפהער איבערן קאָפּ...

אַ הויכער דאַרער קעלנער איז צוגעקומען מיט אַ ברודיק סערוועטל, געגעבן אַ וויש אַרום דאָס טישל און פאַרשווינדן מיט אַן אויסגעשריי צום בופעט:

— אַ האַלבער ליטער בראָנפן מיט דרײַ פאָרציעס פליאַקעס! [1]

משה מעט האָט אין זיך אַרײַנגעגאָסן דאָס ביטערע האַרבע געטראַנק, וואָס פאַרגיסט אַלע ווייטיקן און צרות, מאַכט אָן אַ פײַער אין די אינגעווייַדן און צעצינדט די געהירן. מ׳האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין די גלעזלעך און איבערגעדרייט

1 וועמפעלעך

איינס נאָכן אַנדערן. משה מעט האָט זיך צוגעכאַפּט צו די הייסע וועמפּלעך ווי נאָך אַ לאַנגן תענית. צווישן איין גלעזל און צווייטן האָבן די מיטטרינקער געפּלאַפּלט וועגן פּוילנס גרויסקייט, וואָס וועט זיך אויסשפּרייטן פון ים ביז ים, וועגן דער צוקונפט פון פּוילישן פאָלק, פונעם מאָרגנדיקן גרויספּוילן, וואָס וועט דיקטירן די גרויסמאַכטן די פּאָליטיק פון דער וועלט.

אויפן טיש און הינטערן טיש האָבן זיך שוין געוואַלגערט אויסגעליידיקטע פלעשער. אַלע דרײַ זענען געזעסן צעכראַסטעט אויף די שטולן מיט פאַרפלאַמטע פּנימער און צעגליטע נעז, אַרויספאַלנדיק איינער אויפן אַנדערן בײַם וועלן עפּעס זאָגן, און צוריקפאַלנדיק אויפן אָנלען פון די שטולן וואָס האָבן זיך שיִער נישט איבערגעקערט מיט די זיצערס אין איינעם.

משה מעט האָט נישט געקאָנט אויסהערן די הויכשטאַפּלערישע פּאַטריאָטישע רייד, וואָס זענען נישט ווערט געווען קיין צעבראָכענעם העלער. ער זעט דעם אָנהייב פון פּוילנס זינקען שוין בײַם סאַמע אויפשטײַג. די צעיושעטקייט פון יונגן פּוילן וועט זיי פירן אין שאול־תחתיה, מיטן קאָפּ אין דער ערד. אַ פּוילן פון כוליגאַניזם און טעראָר קאָן נישט און וועט נישט האָבן קיין קיום... ס׳האָט אים געגעבן אַ הייב פון אָרט, ווי אַלץ אַרום וואָלט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ פלאַם, און זיך צעשריגן הויך אויפן קול מיט אַ קלאַפּ מיט דער פויסט אין טיש, אַזש די גלעזער און פלעשער זענען אונטערגעשפּרונגען:

— וואָס פאַר אַ פּוילן איז דאָס בײַ אײַך?! ווי וועט איר האָבן אַ גרויספּוילן?? אַז מיר אַלע זענען הפקר!... הפקר!... ווי די שטיינער אין גאַס!... אַלע!... אַלע זענען מיר „נאַ וואָליע באָסקע״!...[1]

פון אַלע אַרומיגע טישלעך האָט מען זיך גענומען הייבן פון די ערטער. מ׳האָט זיך געהויבן און צוריקגעזעצט גלײַכגילטיקע צו די שיכּורע רייד פונעם זעלנערוק דאָרט אויבן אונטערן לעמפּל. די קעלנער האָבן גענומען אויפשטעלן די שטולן אויף די אָפּגעליידיקטע זײַטנטישלעך פאַרן שליסן דעם באַר. און די לעצטע טענער פון די בלינדע מוזיקאַנטן זענען געפאַלן מאַכטלאָז און אויסגעגאַנגען לעבן זייערע פיס אין מיטן אַ וואַלס, צוזאַמען מיט די שיכּורע זעלנערשע רייד.

[1] אויף גאָטס באַראָט.

## קאַפּיטל צוויי

# אויף די שטיגן פון אַ קלויסטער אויף אַלטשטאַט

די אויסגעבענקטע סוף־זומערדיקע טעג, וואָס משה מעט האָט אַזוי לאַנג געוואַרט אויף זיי די לעצטע צײַט פאַרן באַפרײַט ווערן פון מיליטער, זענען שוין אַ מהלך ווײַט הינטער אים. ווען ער איז אַרויס פון דער קאַזאַרמע — אַ דעמאָביליזירטער פון פראָנט — איז שוין לאַנג געווען נאָכן שניט. די פּוילישע פעלדער זענען געלעגן באַפרײַטע, נאַר דאַרע, נאַקעטע, אומעטיקע און פאַרגעלטע. ווי ער האָט עס שוין וואָס גיכער געוואָלט זײַן אין דער היים! ער האָט זיך געיאָגט גלײַך ס'וואָלט אים פאָרגעשטאַנען צו פאַרשפּעטיקן אַ גרויס גליק... די האַרבסטיקע טעג האָבן זיך איצט געצויגן ליידיקע און לאַנגע, נאָך מער אומדערטרעגלעכע ווי פריִער, ווען ער האָט נאָך געטראָגן אויף זיך די ביקס מיטן זעלנערישן רימען... ער האָט דעמאָלט עפּעס פאָרגעשטעלט מיט זיך, געווען אַ טייל פון אַ מעכטיקן כוח. בלויז דער באַוווּסטזײַן דערפון האָט צוגעגעבן מוט און אויסדויער צו קאָנען איבערקומען אַפילו דאָס סאַמע שווערסטע.

און וואָס שטעלט ער מיט זיך פאָר איצט, ווען די פרײַהייט איז שוין דערגרייכט, ווען פּוילן איז שוין פרײַ און אַלץ לעבט אויף, ווערט באַנײַט? ווער קען אים איצט און ווער וויל פון אים וויסן? וועמען גייט ער איצט אָן און וועמען איז ער אַצינד נייטיק?...

אַן אײַנגעטוליעטער אין פײַכטן שינעל זיצט ער צוגעשפּאַרט אויפן אויבערשטן שטיגל פון אַ שטום־פאַרהעמערטן קלויסטער אויף אַלטשטאַט ווי אַ היימלאָזער עלנטער הונט. אַ האַלבע נאַכט האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אַ באַרוישטער מיט וואַקלדיקע טריט איבער די טונקעלע קרומגעדרייטע פּוסטע געסלעך מיט די צוויי קריסטלעכע אַרבעטער. אַלע דרײַ זענען זיי געווען שיכור — לוט. זיי האָבן זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס.

די שמאָלע שיפּע טראָטואַרלעך זענען נאָכן רעגן געווען גליטשיק. ער האָט זיך צוויי מאָל אויסגעצויגן, משה מעט, אין דער בלאָטע. זיי האָבן אים געוואָלט

העלפן אויפשטיין און אַליין געפאַלן אויסגענאָרעטע. מיט אַ שלאַבעריקן שווערן גוף האָט זיך איינער אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און בײַם דערלאַנגען אַ האַנט משה מעטן צום אויפהייבן זיך, אַליין זיך געגעבן אַ וואַליע אַרויף אויף אים ווי אַ שטיק קלאָץ. צום סוף גאָר האָט משה מעט נאָך יענעם אויפגעהויבן, אים געהאָלפן זיך שטעלן אויף די פיס.

אַ גוטער יונג געווען דער מיט די פאַרשפיצטע וואָנסעס. בײַם אַרויסגיין פון רעסטאָראַן האָט ער אים אָוועקגעגעבן משה מעטן, דאָס געלט וואָס דער קעלנער האָט געבערענגט אַ רעשט פון בופעט. ער האָט עס נישט געוואָלט נעמען, משה מעט, נאָר דער צווייטער האָט אים געשטאָרגעט פאַרן אַקסל, ער זאָל נישט זײַן קיין פרײַער: אַז מע גיט — נעמט מען. אויף כּוח האָט יענער אים אַרײַנגעשטופּט די האַנט צעקנייטשטע באַנקנאָטן אין דער קעשענע אַרײַן.

אויף אַ ראָג געסל איז זיי אַנטקעגנגעקומען אַ מיידל מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ באַלויכטן פונעם גרינלעכן שיטערן שײַן פון גאַזלאַמטערן. באַלד נאָך איר האָט זיך ווי אָפּגעריסן פון דער וואַנט די צווייטע, וואָס האָט אויך געהאַט דעם קאָפּ אַרומגענומען מיט אַ געבלימט טיכל. זי איז עטוואָס אונטערגעלאָפן און זיך אויסגעגלײַכט מיט אירע דראָבנע טריטעלעך אויף די הויכע קנאַפּל מיט יענער וואָס איז דרייסט אַנטקעגנגעגאַנגען די שפּעטע הילכיקע מענערשע טריט. פון אונטער די טיכלעך בײַ זיי האָבן אַפּערגערוקט אַ פּאָר אונטערגעשלאָגענע אויגן מיט שוואַרצע ליאַמעווקעס פון געניטע שלעגערשע הענט. גאַסנפרויען. זיי האָבן גערעדט מיט האַרטע כריפּעדיקע שטימען נאַקעטע גראָבע רייד. איינע האָט זיך צו משה מעטן צוגערוקט נאָענט מיטן גאַנצן גוף. ס'האָט אויף אים אַ זעץ געטון אַ ריח פון ביליקן פּאַרפום און דורכגעשווייסט פּרויענלייב. איר קרומער שמייכל אַרום מויל מיט די רויטגעשמירטע ליפּן, ווי אַן אָפענע בלוטיקע ווונד, איז אים געווען אָפּשטויסנדיק ביז עקל. אינעם שעלמישן שמייכעלע איז געלעגן אַ ביטערער חוזק און גלײַכגילט צוזאַמען. פון אירע אויפגעלאָפענע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ פּײַעק פון נקמה און האַס פון אַ פאַרפירטער וואָס האָט נאָך נישט פאַרגעסן די קלעפּ וואָס האָבן זי באַטויבט. משה מעט האָט זי ברוטאַל אָפּגעשטופּט פון זיך, זי זאָל גיין צו אַלטע טײַוול, און גלײַך חרטה געקריגן וואָס ער האָט זי אומזיסט וויי־געטון. זי האָט זיך נישט געמאַכט דערפון און צוגעגאַנגען צו דעם מיט די פאַרשפיצטע וואָנסעס און ווי אויף צו להכעיס זיך געגעבן קאָקעטיש אַ טוליע אײַן אין אים מיט קעצישער ווייכקייט.

בײַם אָנבליק פון די צושטייענדיקע מיידלעך האָבן ביידע מענער גלײַך ווי פאַרגעסן אין אים, אין משה מעטן. זיי האָבן זיך געלאָזט פירן פון די גאַסנמיידלעך און פאַרשווינדן מיט זיי אין אַ שמאָל פינצטער טויערל, וואָס האָט זיך פאַרהאַקט הינטער די צוויי פאָרלעך מיט אַ זשאַווערדיקן סקריפּ פון אַ שלאָס.

אין דער קילער טיפקייט פונעם געוועלבטן קלויסטערשן פּאָדערהויז האָט דער שאַרפער ווינט, וואָס איז אַרויפגעקומען פון דער ווײַסל, נישט געהאַט אַהער קיין שליטה. וואָס מער ער האָט זיך געטוליעט, משה מעט, צו דער קלויסטער־וואַנט אַלץ מער האָט אים געשווידערט. ווי אין אַ פיבער האָט עס אים געוואָרפן פונעם בלויזן געדאַנק וואָס פון אים איז געוואָרן פאַר אַזאַ קורצער צײַט.

אָט ליגט ער —אַ קופּע שמאַטעס — אויף דער שוועל פון אַ קלויסטער אַן אויסגעשפּיגענער פון לעבן. ער האָט שוין אינגאַנצן פאַרלוירן דעם צורת־אלוקים. ווער ווייס צי ער וועט זיך נאָך אַ מאָל אויפהייבן פון דאַנען: צוריק ווערן מענטש, אויסגלײַכן די ביינער. און אָט צו די דאָזיקע גליקן האָט ער זיך עס געיאָגט...

ער וואָלט יענעם אָנגעשפּיגן אין פּנים, ווען מע וואָלט אים געזאָגט, אַז אַזוי וועט אויסזען דאָס צוריקקומען זײַנס אין ציווילן לעבן אַרײַן. וואָס פאַר אַ העלד איז ער? אַ שלעפּער, אַ שמאַטע... ווען דער הויכער בלאָנדער סערזשאַנט האָט אין קאַזאַרמע אויסגערופן זײַן נאָמען, האָט ער זיך שוין געזען אין גע־דאַנק צווישן טאַטע־מאַמע... די שימחה און די גדולה מיט זײַן קומען... ווי די ביידע מיידלעך אין שטוב פאַלן אויף אים אַרויף, ווי זיי כאַפּן זיך מיט אים אַרום, ביידע, די שוועסטער און די שטיפשוועסטער... זי איז נישט געווען קיין נאַר, די צירל. זי האָט זיך אויסגעטויגט אין לעבן. זי האָט שטענדיק געזוכט אים אונטערצוקומען, צו געווינען אים אויף איר צד, אַז די שוועסטער זײַנע, ביילקע, זאָל בלײַבן אַליין, די אומגערעכטע, די פאַרשפּילטע.

איצט איז ביילקע, „דאָס שיינע פּנימל“ ווי מ׳האָט גערופן זײַן שוועסטער, ערגעץ־ווו בײַ ווײַטע קרובים, און פון דער שטיפשוועסטער, פון צירלען, ווייסט ער בכלל גאָרנישט... ווער קאָן וויסן ווו זי געפינט זיך... דער טאַטע איז געוואָרן גענומען אין דײַטשישן געפאַנגענלאַגער און שפּעטער נאָכן צוריקקומען געשטאָרבן אויף טיפוס. די שטיפמאַמע איז נאָכן טאַטנס טויט אַרומגעגאַנגען אין אַ שרעק־לעכן מעמד — פאַרלאָזט פון אַלעמען. זי האָט אויסגעהויכט די נשמה אין מיטן גאַס — פון הונגער, פון האַרצווייטיק, פון צרות. דאָס טעכטערל אירס, די צי־רעלע, האָט נאָר אין זינען געהאַט זיך. זי האָט זיך געהאַלטן פאַר בילכער פון אַלע. אַ חוץ זיך אַליין איז איר מער קיינער נישט אָנגעגאַנגען. אַפילו ווען עס וואָלט עפּעס געשען איר אייגענעם חתן, וואָס זי האָט אים ליב ס׳לעבן, וואָלט זי זיך אויך נישט אַזוי שטאַרק איבערגענומען. אַבי ס׳זאָל איר נאָר נישט שאַטן... איר שטיקעלע לעבן האָט זי געוווּסט צו היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. און ווײַטער מעג זיך די וועלט איבערקערן, וואָלט עס איר אויך נישט געווען געאַרט. אַזאַ מאָדנער מענטש איז זי געווען.

ס׳האָט אים אַ סך מאָל פאַרדראָסן אויף איר, ווי זי האָט זיך דאָס ליב, ווי־

זי „דבאַיעט״ [1] אַזוי וועגן זיך, זאָרגט זיך אַז קיין הערעלע זאָל איר נישט אויסגעקרומט ווערן אויפן קאָפּ, פּײַלט זיך די נעגעלעך, קעמט זיך די ברעמען מיט אַ ספּעציעל באַרשטעלע פון דרײַ האָר, גיט אַ שפּײַ אַרײַן אינעם קעסטעלע מיט דער שוואַרצער פאַרבקע און אַ פּיר מיטן פּײַכטן באַרשטעלע איבער די ברעמען, זיי זאָלן זײַן ווי די בויגנס. פונדעסטוועגן האָט ער זי גאַנץ גינציק געהאַט. זי האָט פאַרמאָגט אַזאַ מאָדנע שמייכעלע אַרום די דינע ליפּן וואָס האָט אי אויסגעלאַכט אי צוגעצויגן צו זיך, און איר קוק מיט די גרינלעכע אויגן, וואָס האָט גאָרנישט געמעגט אויסן זײַן, האָט אים שטענדיק אַרײַנגעברענגט אין אַ צערודערונג.

אַז ער טראַכט פון איר באַשלאָגט אים אַ היץ אויפן פּנים. ער טרײַבט פון זיך דעם געדאַנק וועגן איר און ער טרעט נישט אָפּ, קומט כסדר צוריק. אַז מע וויל, איז זי דאָך אים אַ פרעמדע, צירל. די שטיפמאַמע האָט זי געבראַכט מיט זיך שוין אַ דערוואַקסן מיידל. אַלע האָבן געהאַלטן, אַז דער טאַטע טוט גוט, וואָס ער האָט נאָכאַמאָל חתונה, און אַז ס'איז אַ גלײַכע זאַך וואָס ער נעמט אַן אלמנה מיט אַ קינד.

זי איז צום ערשטן געווען צוריקגעהאַלטן, די קליינע, פאַרטײַעט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאַר אַ קלאַפּ; פול מיט אומצוטרוי, ווי אַ חיהלע וואָס מע ברענגט ס'ערשטע מאָל אין אַ שטוב אַרײַן. זי האָט זיך נישט געוואָלט שפּילן מיט קיינעם, געהאַט שכל נישט צו זײַן גרויס אין די אויגן, זי זאָל נישט ווערן קיין איבעריקע, מע זאָל זיך נישט דאַרפן וואָרפן מיט איר... זי האָט געמאַכט אַזוי אַז אַלץ זאָל מען זי דאַרפן בעטן; אַז זי זאָל עסן די זופּ. דאָס פלייש; זי זאָל נעמען נאָך אַן עפּעלע; אַז זי זאָל אָנטון דאָס נײַע קליידל וואָס דער טאַטע האָט איר געקויפט אויף יום־טוב. אַלץ האָט מען בײַ איר אין אָנהײב געמוזט פּועלן, און שפּעטער אַ ביסל, אַז זי איז געוואָרן מער היימיש, האָט זי שוין אַליין געריסן פון די הענט, געקריגן אַן אַפּעטיט אַזוי ווי נאָך אַ קרענק.

פאַר אים האָט זי זיך קרעמפּירט אַ ביסל. אַז ער איז געווען אין שטוב האָט זי זיך אויפגעפירט לײַטיש. וואָס זי זאָל נישט גיין טון האָט זי געזען צי ער קוקט. זיך געשעמט פאַר אים ווי פאַר אַ ווילדפרעמדן... אַז די מאַמע אירע אַליין האָט נישט איינמאָל אָנגעשריגן אויף איר, אַז ס'פּאַסט נישט אַזוי... פאַר אַ ברודער דאַרף מען זיך נישט שעמען... נאָר גייט שפּילט זיך מיט צירעלען. אַן עקשן פּונקט ווי אַלע מעטס. מיט דעם איינעם האָט זי אַרײַנגעראָטן אין דער מישפּחה.

שטענדיק, ווען זי איז געגאַנגען עפּעס איבערטון אויף זיך, האָט זי אים געהייסן זיך אויסדרייען צו דער וואַנט, ער זאָל נישט קוקן, ער קאָן נאָך הייזעריק

[1] טראַכט, זאָרגט, פּאַסט־אויף.

װערן... דװקא דערפאַר, װײַל זי האָט געװאָלט, אַז ער זאָל נישט קוקן װוּ מע דאַרף נישט, איז דער חשק בײַ אים געװען נאָכאַמאָל אַזױ גרױס צו זען װי זי טוט זיך איבער. ער האָט זי שטענדיק געפּאָלגט, װײַל זי האָט קײנמאָל נישט געבעטן נאָר כּמעט װי באַפֿױלן, אַזאַ דעצידירטקײט איז געלעגן אין איר טאָן, אַז ער האָט נישט געװאָגט זיך אױסצודרײען פֿריִער ביז זי האָט נישט געזאָגט אַז מע קאָן שױן...

אַזױ ליגנדיק אַן אײַנגעגנורעטער אין דער נישע־טיפֿקײט פֿונעם קלױסטערשן פּאַדערהױז — אַן אָפּשטױסנדיקער הױפֿן שמאַטעס, זיך נישט צוצורירן צו אים — איז פֿאַר אים אױפֿגעגאַנגען, מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון דער בענקשאַפֿט, די ליכטיקע גערױמיע הײמשטובן מיט די זשיראַנדאָלן, מיט די טיולענע פֿיר־האַנגען איבער די פֿענצטער, מיטן װײכן פֿוכענעם געלעגער זײַנעם, װאָס איז געשטאַנען אין דער עסשטוב בשכנות מיטן מײדל־צימער, װוּ ס׳זענען געשלאָפֿן די בײדע מײדלעך — די שװעסטער מיט דער שטיפֿשװעסטער, די „זגראַבנע" [1] צירל. ער זעט זי פֿאַר זיך אַ לעבעדיקע, אַזאַ שלאַנקע מיט איר קלאָר העל לײַב און פֿון אַזאַ באָענטקײט װי נאָך קײנמאָל נישט אין לעבן, נאָר אָנצוטאַפּן מיט דער האַנט, פּונקט װי דעמאָלט, װען ער האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ דרײ אױס און זי דערזען אַ נאַקעטע פֿאַרן שפּיגל, אַזש ס׳האָט אים אַ בלענד געטון אין די אױגן װי דער שנײַט פֿון אַ בליץ.

[1] שלאַנקע.

## קאַפּיטל דרײַ

# אַ לבנה־נאַכט אין דער היים

דאָס שטײַן אַזוי אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט יעדעס מאָל, ווען ער איז געווען אין דער היים און צירל האָט זיך אַקוראַט באַדאַרפֿט איבער־טון, האָט משה מעטן שטאַרק פֿאַרווײַלט. ס׳האָט אים אויסגעזען ווי אַ שפּיל אַזאַ צווישן צירלען און אים, אַט אַזוי ווי מע שפּילט זיך אין באַהעלטעלעך. ווען צירל האָט שוין געהאַט אַרויפֿגעצויגן אויף זיך דאָס שטובקליידל, האָט זי שטיל, קוים צו הערן אַ זאָג געטון דעם שטיפֿברודער אין שפּיגל אַרײַן, נישט־אומקערנדיק זיך צו דער שטוב:

— שוין, מע קאָן שוין...

משה מעטן האָט זיך אויסגעדרייט און געזען דעם שלאָפֿראָק, וואָס האָט נאַרוואָס אַראָפּגעשײַנט פֿון צירלען מיט אַזוי פֿיל רייץ, ליגן אַ צעקנאָדערטן, אַן עובר־בטולדיקן אויפֿן שטול־אָנלען און זי אַליין, צירל, ווי זי שטייט אַלץ פֿאַרן שפּיגל אין אָפּגעצויגענעם נעטן קליידל מיט דער שמאָלער טאַליע און אויספּאַר־מירטן ביוסט, און באַקוקט זיך פֿון אַלע זײַטן אַזוי, אַז אויך ער, דער שטיפֿברו־דער זאָל זען, וואָס פֿאַר אַ געטאָקטע פֿיגור זי האָט, און אַז זי איז שוין אינגאַנצן אַ רײַפֿע פֿרוי, ער זאָל מער נישט קוקן אויף איר ווי אויף אַ קינד.

טיילמאָל האָט ער זיך נישט געכאַפּט באַלד אַז מע קאָן שוין, און ווען ער האָט זיך געגעבן אַ קער אום מיטן פּנים צו דער שטוב, איז שוין קיינער נישט געווען אַרום. צירל האָט שוין געהאַט געכאַפּט דעם שלאָפֿראָק און אויף די שפּיץ נעגל אַרײַן אין אַנדערן צימער. זי האָט אים אויסגעשטעלט צום נאַר. די שטיפֿ־שוועסטער האָט זיך שוין דאָרט געפּאָרעט בײַ דער קליידערשאַנק, געזוכט אַ מענ־טעלע, וואָס גיכער צו אַנטלויפֿן פֿון שטוב, איידער די מאַמע אירע קומט פֿון אײַנקויפֿן אויף מיטאָג, זי זאָל נישט דאַרפֿן צוהעלפֿן אין קיך.

נאָר איינמאָל, ווען צירל האָט אים געהייסן נישט קוקן אין איר זײַט ווי זי טוט זיך איבער, האָט ער נישט אויסגעהאַלטן, משה מעט. ס׳האָט זיך אים אויס־

געװיזן, אַז ס׳געדױערט אַ ביסעלע צו לאַנג דאָס איבערטון זיך אירס און ער האָט זיך אומגעריכט פאַר צירלען געגעבן האָסטיק אַ דריי אויס צו דער שטוב. משה מעט האָט זי געטראָפן שטיין פאַרן שפּיגל אַן אויסגעטועטע. ער האָט מיט־אַמאָל דערזען צוויי האַלבנאַקעטע צירלס. דאָס העלקלאָרע לײַב אירס האָט, אַ געטאָפּלטס דורכן שפּיגל, געגעבן פאַר אים אַ בלענד מיט אַ ליכטיקייט, ווי אַ זון וואָלט געוועזן פאַרפולט די גאַנצע שטוב. ער האָט נישט באַוויזן רעכט אַרײַנ־צוזאַפּן אין זיך דאָס ליכט, ווי ס׳האָט זיך גלײַך אַזוי שנעל אויסגעלאָשן פאַר זײַן בליק.

זי האָט געזען, צירל, אינעם שפּיגל, ווי ער האָט זיך אויסגעדרייט, דער שטיפּברודער. פון איר קעל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פאַרשטיקט געשריי פון איבערראַשונג. זי האָט זיך געגעבן אַ קנויל צונויף, ווי מע וואָלט איר געגאַנגען ווער ווייס וואָס טון, אוןביידע הענט פאַרלייגט אין אַ קרײַץ איבער די נאַקעטע בריסט.

ער האָט זיך נישט געריכט, משה מעט, אַז ער וועט זי זען אויסגעטועטער־הייט. זי האָט דאָך באַדאַרפט בלויז אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס קליידל און אַנטון דאָס אַנדערע. טאָ ווי אַזוי זשע איז זי עס פּלוצים געבליבן שטיין פאַרן שפּיגל אַן אָפּגעדעקטע, אַן אַלעם?...

ער איז אַ גאַנצן טאָג שפּעטער אַרומגעגאַנגען ווי צעחושט און בײַנאַכט זיך געדרייט אויפן געלעגער, גלײַך ווי ער וואָלט געלעגן אויף הייסע קוילן. ס׳איז געוועזן אַ העלע לבנה־נאַכט, האַרבסטצײַט, אַזוי ווי איצט. די הויפקעץ האָבן יאָ־מערלעך געמיאַוקעט הינטערן פענצטער אין איין מורא די קאָטערס זאָלן זיי נישט באַפאַלן. דאָס געמיאַוקערײַ האָט דערמאָנט אין איבערגעשראָקענע קינדערשע געוויינען, און נישט געלאָזט צוטון קיין אויג. ער איז געלעגן מיט האַלבגעשלאָ־סענע אויגן און נישט געקאָנט אײַנשלאָפן. אויסדרייענדיק זיך אויף דער אַנדע־רער זײַט האָט ער באַמערקט צום שטויגען, אַז די טיר אַנטקעגן אים אויף לינקס, וואָס פירט אין מיידל־צימער, איז עטוואָס אָפּגעלענט, אין דער צײַט ווען ער האָט זי אַליין פאַרמאַכט פאַרן אַרײַנגיין אין בעט אַרײַן. זאָל ער האָבן שלעכט צוגע־מאַכט און זי האָט זיך אַליין געעפנט, אָדער עמעצער פון אינעווייניק האָט קע־וואָלט אַרײַנגיין און זיך צוריקגעצויגן און די טיר געלאָזט אָפן? אַ קרומער פּאַס שײַן, זעט ער, ציט זיך פון דער טיר ביז צום צופוסנס פון זײַן בעטל גלײַך ווי אין יענעם צימער וואָלט געוועזן ליכטיק. די מיידלעך האָבן אַוודאי פאַרגעסן אַראָפּצודרייען דעם גאַז און צוליב דעם אָפּשײַן קאָן ער נישט שלאָפן. ער איז אַראָפּ פון בעט אין הוילן העמד צומאַכן די טיר. ער האָט נישט געפילט קײַן קעלט. געשטעלט פאָרזיכטיקע טריט ווי אַ גנב, נישט איבערצווועקן וועמען. זיך צוגעשאַרט אויף די שפּיץ פינגער. ער איז געבליבן שטיין אַ ציטערדיקער מיט אַן

אײַנגעהאַלטענעם אָטעם. ער האָט זיך אײַנגעהערט אַ ווײַל אין דער שטילקייט און אָפּגעשפּאַרט עטוואָס די טיר אויף אַזוי פיל, אַז מע זאָל קאָנען אַדורך·

דאָס שלאָפצימער פון די מיידלעך איז געווען העל באַלויכטן מיט אַ קלאָר זילבערדיק ליכט, וואָס איז געקומען פון אַן אַנדערער וועלט, גלײַך פון דער לבנה אַראָפּ. די מאַטע בלומען אויף די טאַפּעטן זענען אויפגעגאַנגען מיט לעבן. זיי האָבן זיך געצייכנט בולט מיט אַ מעטאַלענעם אָפּגלאַנץ פונעם לבנה־שײַן, אָט אַזוי ווי אויסגראַווירטע בלומען, וואָס מע זעט אויף די טרומנעס און פּאַזשעבן, די גאַנצע שטוב האָט אים איצט דערמאָנט מיט איר לענגלעכקייט און קילקייט אין אַ טויטנהייל, מיט אײַנגעשלאָפענע בת־מלכהס, וואָס וועלן זיך קיינמאָל נישט אויפכאַפּן, פאַרזונקענע אין אייביקן שלאָף. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די שטוב איז עפּעס ווי גרעסער געוואָרן. די אומהיימלעכקייט האָט געשראָקן און אין דער זעלבער צײַט געצויגן ווי מיט אומגעזעענע שטריק. דער נייגער פון אַן ערשטמאָליק אַנען דעם אָנקום פון אַ פריידיקער אַנטפּלעקונג האָט אים אינגאַנצן פאַרכאַפּט. ער האָט זיך מיטאָמאָל געזען שטיין בײַ די מיידלעך צוקאָפּנס. ביילקע איז געלעגן בײַ דער וואַנט צוגעדעקט ביז אַרויף. די שוועסטער איז פעסט געשלאָפן. פון דער זײַט, וווּ ער איז געשטאַנען, איז געלעגן צירל מיט אַן אָפּגעדעקטן אויסגערונדיקטן אַקסל. מיט דער אַנדערער האַנט אויפן קישן אונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ.

די שויבן האָבן געגלאָצט אויף אים ווײַס, פול מיט בלענדיקן לבנה־ליכט, אַלץ אין שטוב איז געווען באַגאָסן מיט אַ מאָדנעם קאַלטן טויטנשײַן. ער איז געשטאַנען בײַם בעט אַ פאַרבלענדטער און צעגליטער ווי אַ שטיק פײַער. ביידע מיידלעך זענען רויִק און שלווהדיק געשלאָפן. זייער רעגלמעסיק אָטעמען האָט אים ווי געקילט דאָס לײַב. ער האָט געבלאָנדזשעט מיטן צעפיבערטן בליק איבער צירלס בלײַכן פּנים מיט די רעגולערע שטריכן, מיט די גרויסע ברעמען־בויגנס און דינעם שניט פון די ליפּן, איבערן שאַטינענעם קאָפּ האָר און ווײַסן האַלדז מיטן שניטן־שטעגעלע צווישן ביידע בריסטן, וואָס זענען געווען פאַרדעקט מיטן איבערבעט. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און דערטאַפּט דעם ווייכן פוכיקן ברעג. געהאַלטן אַ ווײַל דאָס שפּיץ איבערבעט אין האַנט און מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם גענומען פאַמעלעך עס אויפהייבן פון דער שלאָפנדיקער און אָפּציִען נידעריקער אַראָפּ... קוים צו פילן האָט ער עס לאַנגזאַם געצויגן צו זיך נאָך עטוואָס און נאָך אַ ביסל... און געגעבן אַ לײַכטן דריק־אײַן דעם ווייכן פוך אַז ס'זאָל נישט צוריקפאַלן. ביידע מיידלשע בריסטן האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר זײַנע אויגן פולבלעכע, רונדע, פול מיט רייץ און שטיפערישער פאַרשײַטקייט. זיך אַרויסגעהויבן קוועליקע און רײַפע מיט ראָזלעך־צאַרטע וואָרצעלעך אין מיטן, נאָר זיך אײַנצוזייגן אין זיי מיט זיסן תענוג.

ער איז געשטאַנען אינעם לאַנגן נאַכטהעמד ווי באַהערשט פון אַ היפּנאָז. אַ צעציטערטער פון קעלט האָט ער געפילט ווי הייסע שטראָמען יאָגן צום קאָפּ און פאַרשטאַרקן דאָס האַקן אין די שלייפן. ער איז געווען ווי צוגעוואַקסן מיט די באָרוועסע פיס צו דער הוילער פּאָדלאָגע, נישט צו רירן זיך פון אָרט. ער האָט זיך צוגעבויגן נאָענט מיטן פּנים צום אָפּגעדעקטן פרויענלײַב. ס׳האָט אויף אים אַ שלאָג געטון אַ היץ ווי פון אַ באַק־אויוון. מיט אַ צעוויגטער ברוסט האָט ער אַרײַנגעצויגן אין זיך דעם שמעקעדיקן פאַרשיכורנדיקן ריח, וואָס איז אויפגעגאַנגען פונעם יונגמיידלשן לײַב. ער האָט נישט געפילט ווי ער פירט לײַכט מיט דער האַנט איבערן קאַלטן ווײַסן איבערבעט, וואָס האַלט אין זײַן פאַרבאָרגעניש אַ רייצנדיקן סוד. זײַן צעגליטער בליק האָט מיט לײַדנשאַפטלעכער אַנטציקונג געגלעטעט די רונדע אַקסלען, די בריסטן, ווי אַ דאָרשטיקער געשלונגען די באַקעטקייט פונעם צעבליטן פרויענלײַב, וואָס ער זעט און פילט אַצינד מיט אַלע חושים דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן פון אַזאַ נאָענטקייט.

ער האָט מיטאַמאָל דערפילט ווי ער וואָלט אַרײַן אין אַ נעץ פון וואַנען מע קאָן נישט מער אַרויס. ווי אַ פיש וועט ער זיך צאַפּלען אַ פאַרפּלאָנטערטער און פאַרוויקלטער אינעם געפלעכט פון די דינע אומצערײַסיקע פעדעם, וואָס וועלן אים פון איצט אָן פאַרנעמען זײַן לײַב, זײַן גוף און נשמה, זיך אײַנשנײַדן אין אים ביז ווייטיק.

ס׳האָט זיך אים פלוצים געדאַכט, אַז ער הערט צוגעדושעטע טריט פון אַנדערן צימער. ס׳וואָלט אים מער נישט געפעלט, דער טאַטע זאָל אַזוי געבן אַן עפן די טיר און אים דערזען אין בלויזן העמד בײַ די מיידלעך... ווי אַ פאַרוויר־טער און פאַרבלענדטער פונעם לבנה־שײַן האָט ער זיך האַסטיק גענומען צוריק־ציִען פון בעט אין איין מורא, ער זאָל נישט פאַלן איבער עפּעס און אויפוועקן די גאַנצע שטוב. ער האָט דאָס שלאָפנדיקע מיידל געלאָזט אַן אָפּגעדעקטע און נישט אָנגערירטע אַפילו מיט קיין נאָגל. מיט אויסגעשטרעקטע הענט פאָרויס, ווי אַ בלינדער — דורכגעפרוּירן ווי אַ שטשאָק אין ווײַסן נאַכטהעמד — האָט ער גענומען זוכן דעם וועג צו דער טיר, וואָס ער האָט געלאָזן האַלב־אָפן בײַם אַרײַנגיין אַהער אין מיידלשן צימער.

קאַפּיטל פיר

# נאָכן רוף פונעם בלוט

משה מעט איז צומאַרגנס פאַרשווינדן געוואָרן אויף אַ גאַנצן טאָג פון שטוב, ווי ער וואָלט אַפּגעטון מי־יודע וואָסער פאַרברעכן. ער האָט דעם טאָג נישט גענומען די פרימאָרגן־צײַטונג אַדורכצוקוקן בײַם צײַטונג־פאַרקויפער אויפן ראָג, צו זען אויף דער לעצטער זײַט צווישן די דראַבנע שורהלעך צי ס׳ווערן נישט געזוכט מענטשן צו דער אַרבעט, בײַ וואָס ס׳זאָל נישט זײַן, אַבי נישט צו זײַן געענגט אין אַ גראַשן. עפּעס אַן אומרו האָט אים געטריבן צו זײַן וואָס ווײַטער פון דער היימישער געגנט, קיינעם נישט באַגעגענען, זיך נישט ווײַזן אויף די אויגן פאַר קיינעם.

זי ווייסט זיכער, צירל, אַלצדינג וואָס ס׳איז געשען בײַנאַכט. זי האָט שוין מיסתמא באַוויזן צו פאַרציילן דער שוועסטער זײַנער,ביילקע מיטן שיינעם פּנימל, וואָס דער תכשיט האָט געטון; אַז דאָס שטיפברודערל האָט זיך מיטן דער נאַכט געטשעפּעט צו איר... זי האָט מורא געהאַט צו שרײַען, די מאַמע זאָל זיך נישט איבערשרעקן. זי איז אַזאַ איידעלע, אַ שוואַכע, די מאַמע, אַ שטילע טויב, זי וואָלט עס נאָך איבערגעקרענקט... ווער ווייס מיט וואָס ס׳וואָלט זיך געווען געענדיקט...

ער וואָלט זיך פאַר דער שוועסטער מער געשעמט ווי פאַרן טאַטן מיט דער שטיפמאַמע. ביילקע איז דאָך אַזאַ שיינע, זי האָט אַ שיין נעזל מיט אַ קליין מײַלכל, ווי אַ לאַלקעלע, אַז אַלע יונגעלע קריגן פאַר איר די כפּרה. נאָר אים גייט זי אינגאַנצן נישט אָן. ער גיט אַפילו נישט קיין קוק אויף איר. זי האָט אים שוין וויפל מאָל געפרעגט, ביילקע, ווער ס׳קאָן מער געפעלן — זי צי צירל, און ער האָט איר שטענדיק געזאָגט אַז זי, אַז אַזאַ שיינקייט ווי זי איז דאַרף מען זוכן מיט ליכט און ערשט נישט געפינען. און דאָ האָט ער זיך גאָר געטשעפּעט צו איר גאָר, צו צירלען.

וואָס האָט זיך עס טאַקע געטון מיט אים די נאַכט? נאָך וואָס האָט ער עס באַדאַרפט? ווען מע קאָן צוריקצי׳ען די פאַרלאָפענע נאַכט?... ער וואָלט געגעבן וויפל... און וואָס איז אים איצט געבליבן פון דעם אַלעם? — אַ וואָרעם אין האַרץ בײַ אים וואָס גריזשעט און טאַטשעט און וויל נישט אָפּלאָזן. פון יעדנס אויגן, פילט ער, שרײַט אַרויס צו אים אַ טענה, אַ פאַראַכטונג, און פון זײַנע אויגן — די זינד...

זי וואָלט געווען אַ גרויסער נאַר, די צירל, ווען זי צעפּלוישט עס פאַר אַלע. ער וואָלט טאַקע געקריגן די אמתע פּאָרציע מוסר פון טאַטן מיט צוויי פּעטש פאַר אַ צולאָג. איר אָבער, צירלען, וואָלט עס מער געשאַדט. ביילקע וואָלט איר דערגאַנגען די טעג מיט די יאָרן. זי קאָן נישט הערן, אַז מע זאָגט אַ גוט וואָרט אויף דער שטיפשוועסטער, אַז זי זעט אויס אינטערעסאַנטער פון איר, אַז זי קאָן אויך געפעלן... אויף אַלע איז זי אייפערזיכטיק, „דאָס שיינע פּנימל״, ווער ס׳זאָל נישט זײַן, אַפילו אויפן אייגענעם ברודער אירן. צירל דאַקעגן נישט. איר אַרט נישט, אַז אַ צווייטע האָט אויך „פּאָוואָדזעניע״ [1]. זאָלן אַלע געפעלן. פאַרוואָס נישט. אַבי זי דערגרייכט אירס. ווײַטער גייט איר נישט אָן. זי לאַכט זיך אויס פון די אַלע ווײַבערישע זאַבאַבאָנעס. פאַרקערט, וואָס מער מע האַלט די יינגלעך שטרענג, זיי זאָלן נישט קוקן אויף קיין צווייטע, אַלץ מער לויפן זיי צו אַנדערע. גיט מען זיי פרײַע הענט — ווען זיי ליגן אײַנגעלייגט. סײַ ווי קאָן מען קיינעם נישט צוהאַלטן פאַר דער פאָלע. אַ יינגל איז נישט קיין פייגעלע, וואָס מע קאָן עס האַלטן אין אַ קליאַטקע. און ווי קאָן מען עס בכלל עמעצן פאַרווערן צו קוקן אויף אַנדערע. דערויף האָט דאָך אַ מענטש אויגן אַז ער זאָל קוקן. ביילקעלע אָבער וואָלט שוין געהאַט אויף איר אַן אויג. זי וואָלט איר, צירלען, געבערענט די טריט, ווען זי ווייסט, אַז יענע קאָן מער אויסנעמען בײַ יינגלעך ווי זי. אַז ס׳וואָלט נאָר אָנגערירט איר אייגנליבע, וואָלט זי צירלען פאַריאַדעט דאָס לעבן.

ער האָט זיך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן, משה מעט, ווי זיי וואָלטן נישט געווען די זעלבע. ער האָט געקוקט אויף אַלץ אַרום זיך, ווי ס׳וואָלט ביז איצט געווען פאַרהוילן פון זײַן אויג. ווי ער וואָלט דאָס אַלץ געווען געזען צום ערשטן מאָל. ער זעט מאָדנע זאַכן — צום שטוינען ממש. ווי אַזוי האָט ער עס ביז איצט נישט באַמערקט דאָס אַלץ? פון אַלע זײַטן זעט ער גיריקע, דורכדרינגענדיקע בליקן, אַזעלכע תאוותדיקע בליקן פון מענער וואָס קוקן נאָך מיידלעך, אַזוי אַדורכנעמענדיק, גלײַך ווי זיי וואָלטן די פאַרבײַגייענדיקע פרויען אויסגעטון נאַקעט אין געדאַנק. עלטערע מענער קוויקן זייער בליק מיט די לײַביקע פאָרמען פונעם פאַרבײַגייענדיקן שיינעם מין, אויסדעקאָלטירטע פרויען מיט נאַקעטע אָרעמס, וואָס זענען אויסן צוצי׳ען צו זיך מענערשע אויגן, ווי פליגעלעך צום פײַער. די פרויען קליידן זיך אַזוי, אַז ס׳זאָל זיך וואָס בולטער אָנזען די רייצנדיקע אויסגערונדיקטקייט פון די בריסטן. אין זייער וויגן זיך אויף די פולע היפטן אין גיין ליגט אַזוי פיל צוזאָגנדיקס, אַרויסרופערישקייט און רייץ, אַפילו אָן זייער אייגענעם וויסן. אַן אומאויפהערנדיק פלאַטערנדיק געיעג פון מאַנענדיקע אומגעזעטיקטע בליקן, אַן ער־און זי־שפּיל אויף טריט און שריט. אָט

[1] דערפאָלג.

קושט זיך אַ פּאָרל אין פּאַרק לײַדנשאַפטלעך פאַרפרעסט; אַ יינגל מיט אַ מיידל שטייען אַרומגענומען בײַם סטאַוו און שפּיגלען זיך פאַרליבטע אינעם גרין־בלאָען וואַסער פול מיט הימל און צוויַיגיק געפלעכט. אַ שלעפעריש פאָר אין צעריסענע טראַנטעס טוליעט זיך אין גראָז אונטער דער בריק; אַן עלעגאַנטער הער פירט אַ דאַמע געאָרעמט אין דער ביימער־אַלייע און קושט איר פאַרפומירט הענטל אין מיטן גיין; אַ בחור מיט אַ מיידל אין קורצע הייזלעך שיפן זיך אָפּגעברוינטע אין אַ שיפל אויפן טײַך און האַלטן פאַרפלאָכטן די פיס אין אַ בייגל; אַ כאָפּטע הינט אויפן ברעג מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער יאָגט זיך אין געשפּאַר נאָך אַן אַלטער צויג מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם עק — נישט אָפּצוטרעטן פון איר, נישט מיד צו ווערן און נישט אָפּצושטיין...

ס'איז נישטאָ ווו זיך אַהינצוטון, ווו צו אַנטלויפן, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פונעם פאַרכישופטן קרײַז פון לעבן. די בילדער טרעטן נישט אָפּ פון אים, פאַרפאָלגן, יאָגן זיך נאָך אים, ווי די פאַרסלינעטע הינט נאָך דער סוקע, מיט חיהשער אײַנגעשפּאַרטקייט און צודרינגלעכקייט, גלײַך ווי ס'וואָלט מער עפּעס אַנדערש נישט געווען עקזיסטירט אויף דער וועלט... דער לײַדנשאַפטלעכער לעבנס־טריב האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אין זײַן גאַנצער נאַקעטער אכזריותדיקייט און אָפּשטויסנדיקייט. דער סעקסועלער שטראָם האָט אים אַרײַנגעצויגן מיט אומגעזעענע פעסטע לאַפּעס אין סאַמע מיט פונעם ווירבלקרײַז מיט צוזאַגע־נישן פון זעלטענע פאַרגעניגנס, וואָס לאָזן זיך מיט גאָרנישט פאַרטרעטן, אַפילו נישט מיט די שענסטע שפּילערײַען, און וואָס מע קאָן זיי נישט אײַנשטילן, נישט צוימען און נישט פאַרטויבן...

ערשט שפּעט אין אָוונט האָט ער זיך דערזען פאַר זייער הויז ווען דער סטרוזש איז שוין געגאַנגען שליסן דאָס טויער. דער טאַטע איז שוין לאַנג געהאַט געקומען פון דער פאַרבערײַ. אַלע אין שטוב האָבן שוין געהאַט געגעסן וועטשע־רע. ער האָט זיך אַרײַנגעשאַרט ווי אַ פאַרשולדיקטער און שוין געוואַרט, מע זאָל זיך צו אים וואַשן ווי ס'קער צו זײַן. באַלד וועט דער טאַטע אַרויס מיט לשון. די שטיפמאַמע, וואָס מע הערט נישט איר דעך, וואָס דאַנקט גאָט אַז מע טשע־פּעט זי נישט, וועט זיך אָפּטראָגן אין אַנדערן צימער, זי זאָל נישט דאַרפן בײַ־זײַן בײַ דער „עקזעקוציע", ווי דער טאַטע וועט אים צוואָגן דעם קאָפּ... און די שוועסטער מיט דער שטיפשוועסטער וועלן זײַן פאַרשטעקט אין אַ ווינקל מע זאָל זיי נישט אַרויסזען, וואָרן אַז מע האָקט האָלץ פאַלן שפּענער.

ער איז שוין געווען גרייט, משה מעט, זיך צונויפצודרייען ווי אַ יעזש, זיך צו ווערן קעגן די שטעכיקע רייד וואָס וועלן זיך באַלד אַ שאָט טון אויף אים נאָך ערגער ווי קלעפּ. נאָר קיינער האָט אים גאָרנישט געזאָגט קיין וואָרט, גלײַך ווי ס'וואָלט גאָרנישט געווען פאָרגעקומען אין דער דאָזיקער שטוב. דער טאַטע

איז געזעסן אויבנאָן, אַרײַנגעקוקט אין אַ ספר און נישט געענטפערט אויף זײַן גוטנאָוונט, אים נישט באַמערקט, ווי שטענדיק, ווען ער איז מעיין אין אַ קבלה־ספרל. די מאַמע האָט געקליבן אַרבעס פון אַ גרויסן פולמיסיק. מיט ביילקען האָט ער זיך אָנגעשטויסן בײַם אַרײַנקומען, זי איז אַרײַנגעלאָפן צו אַ שכנטע אָקעגנאיבער. און צירל, די שטיפשוועסטער איז צו אים מאָדנע גוט געווען. זי איז געווען נאָך מער צוגעלאָזן ווי אַלע מאָל ווען זי וויל אים געווינען אויף איר זײַט.

ער האָט זיך אַ שטילער צוגעזעצט צום שפּיץ טיש מיט צוריקגעהאַלטענער פאַרזיכטיקייט, ווי דער טיש וואָלט געווען געשטאַנען אויף דרײַ געזונטע פיס און מיטן פערטן בלויז אונטערגעשפּאַרט. צירל איז אויסגעוואַקסן פאַר אים מיט אַ טישטעכל אין האַנט. ער איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. ווען זי האָט אויסגעשפּרייט פאַר אים דאָס טישטעכל אויפן טיש זאָרגעוודיק און אַקוראַטנע, האָט ער געהאַלטן דעם קאָפּ אָוועקגעדרייט עטוואָס אין אַ זײַט, זיך נישט אָנצוטרעפן מיט איר בליק. אָן אַ וואָרט צו פרעגן האָט זי אים צודערלאַנגט דאָס צוגעוואַרעמטע מיטאָג. ווען ער האָט שוין גענומען דעם לעפל צום מויל, האָט זי אים דערציילט, אַז ס׳זאָל בלײַבן אַ סוד, אַז זי האָט זיך געמוזט אײַנשטעלן פאַר אים, ווײַל ביילקע האָט שוין געוואָלט אויסגיסן דאָס עסן אין פּאַמעשאַף אַרײַן, ער זאָל וויסן אויף נאָכאַמאָל, אַז מע דאַרף זײַן בײַם מיטאָג צו דער צײַט... מע וועט נישט גרייטן קיין באַזונדערע טישן ווען דעם פּריץ וועט זיך גלוסטן צו קומען...

ס׳איז אויף איר גאָרנישט געווען צו דערקענען דעם פײַער־שטורעם פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. ער האָט געמיינט, אַז ער וועט אַרויס אַן אָפּגעזעצטער פון קאָפּ ביז פיס, און זי, צירל, וועט אים ערשט שיטן זאַלץ אויף די וווּנדן. צום סוף מאַכט זי זיך בכלל נישט וויסן, רעדט אים נישט איבער קיין וואָרט. סאַראַ קאַלטע לונג־און לעבער דער ווײַברישער מין האָט!... ער אַליין האַלט, אַז פאַר אַזאַ זאַך איז ער חייב־מיתה, און זי, — נישט געענוג, וואָס זי האָט אים נישט פאַרגעוואָרפן גאָרנישט, נישט געמאַכט אים קיין סצענעס, — האָט זי אים נאָך באַהאַנדלט ווי אַ קייסער, אַרויסגעוויזן אַ גרעסערע געטרײַשאַפט ווי די אייגענע שוועסטער. זאָל זי טאַקע האָבן געשלאָפן און ווייסט פון גאָרנישט צו זאָגן?...

ס׳איז אויפגעגאַנגען אין אים אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט צו איר, צו צירלען, וואָס זי האָט אים אײַנגעבערנגט אַזוי פיל האַרצקלעמעניש און יסורים, און באַשלאָסן, אַז מער טרעט זײַן פוס נישט אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע בײַנאַכט, מעג אַפילו די גאַנצע שטוב אַוועקגיין מיטן פײַער.

## קאַפּיטל פינף

# אַ שלאָפלאָזע נאַכט

פון די אַלע דריי שטובן, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, האָט ער נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטון, משה מעט. ס׳איז אים דאָ געווען ענג אין דער היים. דער בײַנאַכטיקער סוד, וואָס האָט זיך דאָ געהאַלטן פאַרמישט מיט די צעשויי־בערטע שאָטנס אויף די ווענט, האָט פון אים צוגענומען די רו. ער האָט זיך דער־פילט ווי אַן איבעריקער, אַ נישט נייטיקער. און גלײַך נאָכן אָפּעסן, נישט אויס־טרינקענדיק דאָס גלאָז טיי, זיך געלייגט שלאָפן.

נאָר דער געגאַרטער שלאָף, וואָס זאָל אים אויסלייזן פון אַלע צעהיצטע מאַ־טערנישן און טראַכטענישן, קומט נישט דעמאָלט ווען מע וואַרט אויף אים ווי אויף אַ ליבן גאַסט; ווען מע קוקט אים אויס ווי אַן אַנטרינונג. גראָד דאַן אײַלט ער זיך נישט אַזוי שטאַרק. ער האָט צײַט. זאָל זיך די זינדיקע נשמה גוט אָנ־שוויצן פון די אַנגסטן, פונעם קאַלטן שווייס, וואָס טרעט אַרויס בײַם געדאַנק, אַז די צוועלפטע שעה — די שעה פון שליטה פון אַלעם שלעכטן — דערנענ־טערט זיך לאַנגזאַם, טריט בײַ טריט, אָבער זיכער, נישט אָפּצושטופּן זי פון זיך, ווי אַן אומפאַרמײַדלעכקייט, אַ פאַרפלייצונג.

טאַקע דעמאָלט — ווייסט ער — וועלן נישט העלפן קיין שום נדר און שבועה, קיין שום פאַרנעמעניש, וואָס דער מענטש נעמט זיך אַזוי גיך און לײַכט פאָר און מיינט אַז ער איז שוין אַ געהאָלפענער, באַפרייט פון דער ווירקונג־ספע־רע פון די בייזע גײַסטער.

דער פײַער־עיגול פון באַשווערן זיך אַליין זיך אָפּצוגרענעצן פונעם סמיקן קוואַל, פון צוימען אין זיך דעם יצר־הרע, דעם צוריידער צו אַלע זינדיקע מעשים, ווערט פאַרצערט פון אַ גרעסער פײַער, פון אומגעזעענע גיהנומדיקע פלאַ־מען, וואָס שטראָמען דורך אונטערערדישע קאַנאַלן און עטערישע וועגן, און גיבן זיך איבער דעם מענטש אויף אַ געהיימען אומדערקלערלעכן אופן פון עפּעס דאָרט אַ נאַרישן פרויען־גוף קעגן וועלכן דער מענטש בלײַבט אומגעלומפּערט הילפלאָז. כאָטש אַליין איז אָט דער מיידל־קערפּער אין אַ פּאַסיוון צושטאַנד, אין

קלעם פון שלאָף, כמעט אַ באַוווסטלאָזער און אומבאַוועגלעכער, ווי אַ שטיק ליים, האָט ער אָבער אין זיך אַזעלכע משונהדיקע איבערנאַטירלעכע כוחות וואָס וואַלגערן־אום, לייגן־אײַן, צעשיטן און צעדרויבלען די שטאַרקסטע פעסטונג־מויער וואָס דער מענטשלעכער ווילן קאָן אויפשטעלן ווי אַ שוצוואַל, אַ צוים. זיי שלאָגן דורך אַ וועג אַז גוף זאָל זיך דערנענטערן צו גוף, באַזײַטיקן אַלע שטרויכלענישן וואָס שטערן און לאָזן נישט אַז לײַב זאָל זיך צונויפגיין מיט לײַב. זיי לייגן־אײַן וועלטן אים צוצופירן נאָענט — קערפּער צו קערפּער — אַבי ער זאָל דערגרייכן דאָס זײַניקע, צו שטילן זײַנע גלוסטענישן, זעטיקן זײַנע תאווה־דיקע תשוקות און באַגערן.

מיט אַן אויפשוידער פון אַלע גלידער האָט זיך משה מעט צעטשוכעט פון די מחשבות און זעונגען וואָס האָבן פאַר אים פאַרשטעלט די אַרומיקע אַלטעג־לעכע וואָר, זי אָפּגערוקט פון אים אויף אַן אומדערגרייכיקן שטח. מיטן אַרויס־רײַסן זיך פון זייער קלעם, מיט זײַן אויפטויכן פון זייערע מוטנע טונקעלע טי־פענישן האָט זיך פאַר זײַן בליק צוריק ענג צונויפגערוקט די אָוונטיקע שטוב מיטן אויסגעשפּרייטן געלן שײַן פון דער גאַז־שאַטקע, וואָס האָט באַלויכטן די צוויי דעמבענע שענק, מיט דער הויכער קרעדענץ מיט די קלאָשן פון רויטן קרישטאָל, מיטן גרינעם פּלושענעם אָטאָמאַן און שוואַרץ־מאַכאָגאָנענעם ספרים־שענקל מיט די גלעזערנע שויבן, ווו דער טאַטע האָט שטיין זײַנע קבלה־ספרימלעך, גרעצס וועלט־געשיכטע און העפטן מיט פאַרשידענע נוטריקון און גימטריות, מיסטישע געאָ־מעטרישע צייכענונגען און פיגוראַטיווע ליניעס, די צוועלף מזלות אויסגעלייגט אויף אַ קערה, אויף אַ צווייטן טעלער — די שטערן־קאָנסטעלאַציע, און סתם סודות פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ און פון וועלטבאַשאַף נאָך פון ששת ימי בראשית.

דער טאַטע איז אַנטדרעמלט געוואָרן בײַם טיש איבערן אָפענעם ספרל — מיד פון אַ טאָג אַרבעט אין דער פאַרבערײַ מיטן דאַמף, מיט דער היץ און פײַכט־קייט, ווי אין אַ שוויצבאָד, וואָס ציט אַרויס דעם קליי פון די ביינער. ער איז די לעצטע צײַט געוואָרן שווײַגעוודיק־פאַרביסן, דער טאַטע. ער דריקט אין זיך. די דעלעגאַטן פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פאַרמאַטערן אים מיט זייער צודרינג־לעכקייט. זיי ווערן נישט מיד צו קומען צו אים, ער זאָל ווערן אַ מיטגליד אין פּראָפפאַראיין, אַנישט וועלן זיי אים אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט. ער לאָזט זיך נישט פון זיי און האַלט זיך בײַ ס׳זײַניקע. דער וואָס צאָלט פּענסיע, דער האָט רעכט צו „זשאָנדזשען״ [1]. ווייניק וואָס ער האָט איין באַלעבאָס אויף זײַן קאָפּ, וואָס ער וואָלט אים אויך געוואָלט פּטור ווערן, זאָל ער נאָך איצט דאַרפן הערן די „שוויצערס״ אויך. דאָס איז שוין אַ ביסל צו פיל פאַר אים. ס׳וועט אים אָבער

[1] רעגירן, באַלעבאַטעווען.

גאַרנישט העלפן, דעם טאַטן, ער וועט בעסער ווערן און מוזן נאָכגעבן. מיטן פּאַראַיין שפּילט מען זיך נישט. ער גיט זיך מיט אַלע אַן עצה. די בלאַסע יונגע־לײַטלעך מיט די אַראָפּגערוקטע קאַפּעלושלעך זענען נישט קיין איבערגעשראָ־קענע. אַז זיי האָבן כוח צו צווינגען די באַלעבאַטים, וועלן זיי זיך מיט אַ פֿאַר־עקשנטן פֿאַרבער, ווי דער טאַטע איז, אַוודאי געבן אַן עצה.

יעדעס מאָל, ווען די פֿאַך־קאָמיסיע רופֿט אים אויף אַ פֿאַרזאַמלונג, זאָגט ער, אַז ער וועט נישט גיין — און גייט. און פֿון קומען אויף פֿאַך־פֿאַרזאַמלונגען ביז ווערן אַ מיטגליד איז שוין נישט קיין גרויסער מהלך. ער וואָלט שוין אפֿשר געוואָרן אַ מיטגליד, נאָר ער האָט מורא, אַז מע ווײַזט אַ הונט אַ פֿינגער וויל ער די גאַנצע האַנט; אַז ער וועט זיי אָנהייבן פֿאָלגן, קאָנען זיי נאָך שפּעטער פֿון אים פֿאַרלאַנגען, אַז ער זאָל אַמאָל אַרבעטן אין שבת אויך. און אַזוי — לאַכט ער פֿון זייער באָבע. נאָר קיין רו גיט עס אים נישט. ער גייט אַרום אַ פֿאַר־דאגהטער, פֿאַרטון אין זיך. ווען ער פֿאָלגם אים, דעם זון זײַנעם, וואָלט ער זיך פֿון לאַנג אײַנגעשפּאַרט אומזיסטע זאָרגן. ער וואָלט דעם טאַטן אויפֿגעוויזן, אַז ער דאַרף זײַן צופֿרידן, וואָס דער פֿאַראיין וויל אים אָננעמען פֿאַר אַ מיטגליד. ער וועט זײַן פֿאַרזיכערט מיט דער אַרבעט. דער באַלעבאָס וועט אים נישט קאָנען אַרויסוואַרפֿן. און וואָס ס׳וועט זײַן מיט אַלע וועט זײַן מיט דער כלה. ער וועט פֿאַרשפּאָרן צו בעטן הוספות פֿון גראָשנס און שטיין אַליין אויפֿן שלאַכטפֿעלד, אויף חוזק פֿון אַלע אַרבעטער. נאָר ווי וועט דער טאַטע אים גיין פֿרעגן און נאָך וועלן הערן זײַנע עצות, אַז ער קוקט אויף אים ווי אויף אַ ייִנגלטשיגע, אַ סמאַרק, פֿון אויבן אַראָפּ. פֿרעג אים בחרם ווער ס׳האָט אים געשלײַערט... ער ווייסט נישט, דער טאַטע, אַז דער זון זײַנער איז שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ בר־דעת, אַ מאַנצפֿאַרשוין.

משה מעט האָט זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע נאָר דער שלאָף איז נישט געקומען. פֿאַרשידענע בילדער זענען אין אים אויפֿגעגאַנגען וואָס האָבן זיך פֿאַרמישט איינס מיטאַנאַנדער. פֿאַרעמלאָזע געשטאַלטן מיט פֿאַרווישטע קאָנ־טורן, אָן פּנימער, האָבן זיך דערנעענטערט צו זיך, צונויפֿגעקנוילט גוף מיט גוף, זיך דערווײַטערט, אָפּגערוקט זיך און ווידער זיך צונויפֿגעגאַנגען אין איינס. ער איז געלעגן האַלבוואַך, האַלב אין דרעמל. ווען ער האָט אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ פֿון אונטער דער קאָלדרע אָפּער, איז שוין אין שטוב געווען גוט פֿינצטער. ער האָט נישט געזען ווער ס׳האָט אַראָפּגעדרייט דעם גאַז. דער טאַטע איז שוין נישט געווען בײַם טיש. די שטיפֿמאַמע האָט אים, ווײַזט אויס, זיך געהייסן גיין לייגן, ער דאַרף מאָרגן אויפֿשטיין פֿרי, צו דער אַרבעט. זי האָט זיך נישט געמישט צו אים אין זײַנע געשעפֿטן, אַזוי ווי דאָס ערשטע ווײַב. די מאַמע זײַנע האָט פֿון אַלץ געוואָלט וויסן. זי האָט גלײַך דערקענט אויף אים, צי ער איז אין אַ פֿאַר־

לעגנהייט, אָדער גייטיקט זיך אין אַ ראָט, אַ גוט וואָרט. נישט איינמאָל האָט זי אים געהאָלפן אַרויסשלעפּן דעם וואָגן פון בלאָטע. די — נישט. דער שטיפמאַמען גייט אײַנגאַנצן נישט אָן דעם טאַטנס עסקים. איר ליגט נאָר אין זין דאָס באַלעבאַטישקייט, מער גאָרנישט. וואָס אײַנצוקויפן אין שטוב אַרײַן, וואָס צו קאָכן הײַנט אויף מיטאָג, אַ קרופּניק צי אַן אַרבעס־זופּ, וואָס קאָכן מאָרגן. יעדן טאָג באַקט זי אַנדערע קוכנס, האָניק־לעקעכלעך, כרעמזלעך צו דער יויך, יאַגעדע־קיכלעך, און מיט דעם גייט בײַ איר אַוועק דער גאַנצער טאָג.

די נאַכטיקע שטילקייט אַרום האָט אים געזשומעט אין די אויערן. אַלץ שלאָפט. בלויז ער און דער וואַנטזייגער זענען וואַך. ביידע ציילן זיי די רגעס וואָס לויפן אָפּ — איינע נאָך דער אַנדערער — רעגלמעסיק און מאָנאָטאָן. אַ גאַנצע אייביקייט וועט אַדורך ביז ס׳וועט ווערן טאָג.

ווי פון אַ נעפּל אַרויס האָט זיך גענומען אַרויסשיילן אַ שאַטינענער קאָפּ האָר, אַ פאַרביסענער דינער שניט פון אַ פּאָר מיידל־ליפּן און לאַנגע אַראָפּגעלאָזטע וויִעס אונטער הויכע ברעמען־בויגנס. צירל. זי שלאָפט שוין איצט זיכער פעסט דאָרט, אין דער אַנדערער שטוב. פאַרוואָס האָט מען געשטעלט זײַן בעט דאָ, אַקוראַט אַנטקעגן דער טיר וואָס פירט אין מיידל־צימער. וואָס האַלט מען אים פאַר אַ קינד, צי וואָס דאָרט? אָט וועט ער ווײַזן אַז ער איז טאַקע נישט קיין קינד, אַז מע דאַרף זיך פאַר אים היטן. אַוודאי איז אויך הײַנט אָפן די טיר. וואָס דען — זי וועט זײַן פאַרמאַכט? ס׳זענען דאָך נישטאָ דאָ קיין גנבים. און וואָס איז ער — נישט קיין גנב? אָט גייט ער אַראָפּ פון בעט און שאַרט זיך צו צו דער טיר, הערט זיך אײַן אַן אָנגעשפּיצטער צו יעדן שאָרך, אָט אַזוי ווי אַ גנב ווען ער גייט אויספירן אַ שטיקל אַרבעט. אינעווייניק איז שטיל. מע שלאָפט. ס׳הערט זיך אַ שנאָרכן. דאָס כראָפּעט צירל. זי ליגט מיט איין פוס אויפן איבערבעט. דורכן לײַכטן העמדל האָבן זיך געצייכנט די ווייכע ליניעס פון דער מיידלשער פיגור. זי איז געלעגן מיט ביידע הענט אַרומגענומען, ווי זי וואָלט עמעצן געדריקט צו זיך. אפשר אים? אפשר זעט זי אים אין חלום? אויף יענער זײַט גרענעץ פאַלט אַוועק די בושה, אַלע צוימען פאַלן אײַן ווי קאָרטנהײַזלעך. דער ווילן איז דעמאָלט פרײַ ווי דער ווינט אין אָפענעם פעלד. קיינער ריכט נישט מיט אים און ער ווערט פון קיינעם נישט געפירט — אַ יינג לאָשעקל אויפן גרינעם פליין פון די מענטשלעכע תשוקות און שלומערנדיקע באַגערן.

ער האָט שוין נישט געציטערט אַזוי, משה מעט. ווי אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט, ווען ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיך. ער איז געשטאַנען ווי אַ פאַרכישופטער. ער האָט געלייגט זײַן האַנט אויפן ראַנד פון בעט און ווי פון זיך אַליין האָט זיך די האַנט גענומען באַוועגן אַלץ נענטער צום מיידלשן לײַב. פון זײַנע שפּיצן פינגער האָט אַ יאָג געגעבן דורכן רוקנביין אַ הייסער שטראָם

צום קאָפּ. זײַן האַנט האָט זיך אָנגערירט אָן דורכזיכטיקן דינעם העמדל אויפן גאָלן לײַב. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט ווי ער פאַרלירט די מאַכט איבער דער האַנט, גלײַך ווי ס׳בלוט וואָלט פון איר אָפּגעלאָפן ערגעץ־ווו משוגענער־הייט. ער קאָן זי מער נישט רירן פון אָרט. ס׳האָט אַזוי געדויערט לאַנגע מינוטן ביז די שטאַרעניש האָט נאָכגעלאָזן און די האַנט איז אויפגעטײַעט געוואָרן. ער האָט דערפילט ווי זײַן האַנט האָט באַרירט דאָס גאָלע מיידללײַב וואָס האָט געבריט אַזוי ווי פײַער. דאָס בלוט אין אים האָט געקרוישט. ס׳איז געלאָפן האַסטיק, נישט אָפּצושטעלן אין לויף. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, ווי עמעצער וואָלט אים מיט אַלע כוחות געצויגן אין אַן אָפּגרונט אַרײַן. ער איז נישט געווען מער בכוח זיך צו ווערן, אַנטקעגנצושטעלן. דאָס בלוט זײַנס, האָט זיך אים אויסגעוויזן, האָט זיך ווי צונויפגעגאָסן מיטן בלוט פונעם קאָכעדיקן פרויען־קערפּער אין איין ראַ־שיקן שטראָם באַרגאַראָפּ.

ערשט ווען צירל האָט זיך געגעבן אַ באַוועג, ווי זי וואָלט זיך געהאַלטן בײַם איבערוועקן, האָט ער זיך אַן איבערגעשראָקענער געגעבן אַ צי צוריק, און מיט איין שפּרײַז שוין געווען אויף יענער זײַט טיר. ער איז פלינק ווי אַ קאַץ אַרײַן אין בעט אַן אַ שאָרך און זיך איבערגעדעקט מיט דער וואַטענער קאָלדרע איבערן קאָפּ. אַ צעקאָכטער מיט אויפגערודערטע בלוטן האָט ער געפילט ווי ער ווערט געטראָגן אויף צעשטורעמטע כוואַליעס, ווי אַ שיפל, וואָס אָט גיבן זיי עס אַ הייב אין דער לופטן און אָט אַ גיי דערמיט אַרונטער אַלץ טיפער אַראָפּ, אַראָפּ, אין אַן ענדלאָזער פאַרזינקעניש.

ק אַ פּ י ט ל ז ע ק ס

# פֿאַר איינעם אַ פֿרייד און פֿאַרן צווייטן אַ לייד

אויפֿן אַנדערן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען ווי צעחושט, משה מעט. ער האָט זיך אַליין נישט צוגעגלייבט, אַז דאָס אַלץ, וואָס ס'איז מיט אים פֿאַרלאָפֿן בײַנאַכט, איז געווען אַן אמת, איז טאַקע געשען אויף דער וואָר און נישט אין חלום. ווי דורך אַ נעפּל האָט זיך אים פֿאַרגעשטעלט דאָס שלאָפֿנדיקע מיידל אינעם דורכזיכטיקן העמדל און אין געדאַנק האָט ער איבערגעחזרט יעדן באַוועג און צוריר צום מיידלשן לײַב, וואָס ס'האָט אים פֿאַרשאַפֿט אַזאַ זיסן תענוג און איז גלײַכצײַטיק געווען געמישט מיטן ביטערן טעם, מיטן סם פֿון שרעק, וואָס ס'פֿילט אַ גנב אין ערשטן מאָמענט ווען ער קריגט זיך אַרײַן אין יענעמס הויז. שפּעטער, ווען ער פּאַקט שוין דעם רויב אין זאַק אַרײַן און קריגט אים בשלום אַרויס אין דרויסן איבער דער שוועל אַריבער, אַרט אים שוין גאָרנישט. נאָכן אָפּלייגן די גנבה קאָן מען אים שוין אַפֿילו אָנברעכן די ביינער, גיט עס אים שוין נישט קיין טשעפּ. דאָס סאַמע אומדערטרעגלעכסטע פֿאַר אים איז נאָר איידער ער רירט זיך צו עפּעס צו. דעמאָלט פֿאַרשעלט ער זיך אַליין זײַנע יאָרן און זײַן ביטער מזל.

אויך משה מעט האָט זיך געפֿילט אין דער זעלבער ראָל, ווי ער וואָלט אַרומגעגאַנגען מיט אַ שאַנדפֿלעק אויפֿן אָפֿענעם פּנים, אַז אַלע זאָלן זעען. ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אין צירלס זײַט, מורא געהאָט זיך אָנצובאַגעגענען מיט איר בליק, זי זאָל נישט אַראָפּלייענען דעם גאַנצן אמת פֿון זײַן פּנים. ער איז געווען פֿאַרטראָגן מיטן געדאַנק אין אַנדערע וועלטן, אַ צעטראָגענער האָט ער נישט געהערט וואָס מע רעדט צו אים און אין זיך געשוויגן, נישט געקאָנט פֿאַר־שטיין פֿון וואַנען ס'נעמט זיך צו איר, צו צירלען, אַזאַ זאָרגלאָזע צעכראַסטעט־קייט און פֿריילעכקייט.

זי האָט אַ גאַנצן טאָג געזונגען, צירל. דאָ אַ וואַלס, דאָ אַ פּאָלקע־מאַזורקע, דאָ אַן אַריע פֿון „זשידוווקאַ”. ווי אַ קאַנאַריקל האָט זי געטרילערט מיט איר גלעקלדיק שטימעלע. געטון אַלץ אין שטוב מיט אַ גערנווויליקייט, מיט חשק.

אַרומגעשפּרונגען ווי אַ יונג קאָזעלע. מיט מיידלשער צעשפּילטקייט געגעבן אַ באַפּ אָרום ביילקען צום טאַנצן און זי באַוואָרפן מיט קושן ווי גרויס זי איז געווען.

קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס ס׳איז געשען מיט דער „משוגע־נער מויד״. אָט גייט זי אַרום ווי אַ מרוק, בייז, אָנגעלאָדן אויף דער גאַנצער וועלט, און אָט ווערט זי פריילעך ווי אַ גדולה וואָלט זי באַטראָסקעט. ס׳וועט מיסתמא לאַנג נישט אָנהאַלטן ביי איר. זי איז עפּעס צו גוט, צירעלע. נישט לויט איר טבע. ס׳וועט זיכער באַלד אויסברעכן אַ שטורעם מיט אַ בעטשערײַ, וואָס וועט די גאַנצע גוטסקייט אירע פאַרשווענקען ביז אַ לעצטן טראָפּן.

וואָס פריילעכער זי איז געווען אין די דאָזיקע טעג, צירל, אַלץ מער פאַר־מרה־שחורהטער איז משה מעט אַרומגעגאַנגען אין די אויפגערוימטע שטובן. דער טאָג איז פאַר אים געווען אַ פינצטער אָפּקומעניש. יעדער אויפגעקומענער גע־דאַנק וועגן צירלען האָט אים געשטאָכן ווי מיט שפּיזן אַזש אַ קאַלטער שווייס איז אויף אים אַרויסגעטרעטן. ער האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן אויף דער באַכט, וואָס האָט אים געבראַכט צום צעהיצטן לײַב פונעם מיידל, וואָס ער האָט זי בײַטאָג כמעט ווי נישט געזען און ס׳איז אים נישט ניחה געווען איר באַדינען אים, דאָס אַרומגיין אירס אַרום אים ווי אַרום אַן אבן־טוב. ער האָט זי פּשוט נישט פאַרטראָגן בײַטאָג. זי איז אים געווען דערווידער אין אַלעם. איר זינגען האָט אים געלעכערט דעם מוח. ער וואָלט געווען אַ סך צופרידענער, ווען זי גייט צו אים צו און לאָזט אים נאָך צוויי פּעטש, אַז פונקען זאָלן אים פליִען פאַר די אויגן. איר הייטערקייט און זעלבסטצופרידנקייט האָט אים געהויבן פון אָרט. בײַטאָג האָט ער זי פּשוט נישט געקאָנט פאַרלײַדן. נאָר בײַנאַכט איז ער צו איר צוגעפאַלן ווי אַ דאָרשטיקער צו אַ קוואַל, ווי ער וואָלט זיך גאָרנישט געקאָנט אָנטרינקען צו דער זעט.

בײַ יעדן מאָל זיך אַרײַנגנבענען אינעם מיידל־צימער האָט זיך אים אויס־געוויזן ווי ער וואָלט זיך באַדאַרפט אַראָפּלאָזן אין אַ הייל אַרײַן וואָס ווער ווייס צי ער וועט זיך פון דאָרט צוריק אומקערן אַ גאַנצער, אַ נישט־געניזוקטער, און דאָך איז ער געקראָכן.

ס׳האָט זיך אים אָדנע אויסגעוויזן אַז דאָס שלאָפצימער פון די מיידלעך איז בײַנאַכט אַנדערש ווי בײַטאָג, ס׳ווערט אינגאַנצן ווי פאַרענדערט. אַלץ, וואָס איז בײַטאָג געווען אינעווייניק פול מיט לעבן און יונגמיידלשן רייץ, האָט בײַ־נאַכט אָנגענומען דאָס טויזנט־אויגיקע געשטאַלט פון טויט. די אויסשניצעכצער פוןביידע זײַטן קליידערשאַנק זעען אויס אין טיפלאָען נאַכטיקן שײַן ווי טויטנ־שאַרבנס מיט טיפע אויגנלעכער און אײַנגעפאַלענער נאָז. דער סטאָיאַק מיטן וואַזאָן אין ווינקל לעבן קאָמאָד, וואָלט ער געשווירן, אַז ס׳איז אַ שטייענדיקער

ביינער־סקעלעט. דער טויט לויערט דאָ פון אַלע ווינקלען און ווייעט מיט קעלט פון יעדער זאַך ווו ס׳פאַלט זײַן בליק. יעדעס מאָל, ווען ער איז אַריבערגעטרעטן די שוועל, האָט ער זיך געמוזט ראַטעווען צום בעט פון די אַלע צעשויבערטע געשטאַלטן וואָס האָבן אים פאַרפאָלגט. דאָס מיידלבעט איז פאַר אים געווען ווי דער ברעג פאַר אַ טרינקענדיקן. קוים גרייכט ער נישט דאָס רעטונגברעט גייט ער אַרונטער צום גרונט. ווען ער איז ענדלעך צו צום ראַנד פון בעט און האָט דערפילט אויף זיך צירלס הייסן אָטעם, איז דאָס האַסטיקע האַרצקלאַפּן איבער־געגאַנגען פון שרעק אין צעגליטער גליסטעניש, וואָס האָט צעשפּאַרט אין אים אַלע גלידער פון אַן אומבאַוווסטן שווייסיק־זיסן פאַרזינקענדיקן תענוג.

ער איז איינמאָל אַזוי אין אַ נאַכט צוריקגעגאַנגען פונעם מיידלבעט, נאָר אָנשטאָט צו זיך אין אַנדערן צימער אַרײַן, ווו ס׳שטייט זײַן צולייגבעטל, האָט ער פּלוצים דערזען, אַז ער געפינט זיך אויף דער גאַס. איבער די מויערן ברענט אַ פֿײַערדיקער האָריזאָנט און ער דאָ איז אָדם־נאַקעט. ער האָט גאָרנישט אויף זיך, אַפילו נישט דאָס העמד. ער שטייט אַן אָפּגעדעקטער מיט נאַקעטער שוואַרץ־באַוואָקסנקייט. מענטשן גייען פאַרבײַ — אײַליקע, פאַרטועגע, און זעען אים נישט און קוקן אַפילו נישט אויף אים. ער שטייט אַזוי אַן אומבאַהאָלפענער, אַ פאַרצווייפלטער — נישט צו שטעלן קיין טריט — נישט אַהין און נישט אַהער. פּלוצים זעט ער לעבן זיך דעם טאַטן אין דער לאַנגער קאַפּעטע מיטן שטעקן אין האַנט. ער גייט איצט אַוודאי פון דער פאַרבערײַ נאָכן אָפּאַרבעטן אַ נאַכט פאַרן שבתדיקן רוטאָג.

— וואָס טוסטו דאָ אין מיטן דער נאַכט? קום אַהיים.

— כ׳קאָן נישט, כ׳בין דאָך נאַקעט.

— וואָס הייסט, ביסט נאַקעט? ווי האָסטע ס׳אָנטועכץ?

— וואָס הייסט ווי? אין שטוב, בײַם בעט, אויף דער שטול.

— נאַ, נעם אַרויף אויף זיך דאָס כאַלאַטל.

אַרויפציִענדיק אויף זיך דעם טאַטנס קאַפּעטע, האָט ער זיך פּלוצים אַרומ־געזען, אַז נישט דאָס אַלפאַגענע כאַלאַטל האָט ער אויף זיך אַרויפגעצויגן, נאָר ווייסע בגדים. דער טאַטע איז ערגעץ פאַרשווינדן, און ער איז געבליבן אַליין, פאַרלאָזט פון אַלעמען. ער ליגט אויסגעצויגן אין אַ לאַנגן קאַסטן וואָס שטייט אויפן פענצטער אין דער גרויסער שטוב ווו ער שלאָפט.

— וואָס טוט ער דאָ? — איז אים דורך אַ געדאַנק וואָס האָט אים געקילט דעם שאַרבן ווי פון אַ פראָסט — ס׳איז דאָך אַ קאַסטן פאַר אַ מת. מע דאַרף זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן פון דאַנען, אַבישט קאָן מען אים נאָך אַוועקטראָגן אויפן בית־עולם. ער האָט זיך קוים מיט צרות אַרויסגעקריגן פונעם שוואַרצן קאַסטן. און זיך אַזש געפרייט פונעם גליקלעכן געדאַנק: סאַרע טײַערע זאַך דאָס איז —

צו לעבן נאָכן טויט, אַרומצוגיין געשטאָרבענערהייט; צו קאָנען נאָכן שטאַרבן אַרויסגיין צוריק פון קאָסטן אַרויס. ער איז שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע און דאָך גייט ער אַרום, באַוועגט זיך, זעט און פילט אַלץ וואָס ס׳קומט פאָר אַרום. אָט זעט ער ווי עס עפנט זיך די טיר און דער טאַטע קומט אַרײַן פון גאָס אָן כּאַלאַטל. די מאַמע אײַנגעהילט אין שלאָפראָק — אַ פאַרשלאָפענע מיט צעשויבערטע האָר — גייט צו און פרעגט אים מיט אַ כריפּעדיק פאַרשלאָפן קול:

— ווי האָסטו ס׳כאַלאַטל? ביסט דאָך אָן דער קאַפּעטע! קאָנסט זיך נאָך פאַרקילן...

— ס׳עט מיר גאָרנישט זײַן... קאָנסט מיר שוין אָפּגעבן מזל־טוב, קאָנסטע מיר שוין...

— וואָס איז די גדולה וואָס? ס׳אַרויס ס׳גרויסע געווינס?

— נאָך ערגער! כ׳בין געוואָרן אַ מיטגליד אינעם פאַרבער־פאַראיין. כ׳האָב זיך שוין מער נישט געקאָנט אַרויסדרייען פון זייערע הענט. ווי דו קוקסט מיך אָן בין איך אויף דער עלטער געוואָרן אַ פאַראיינמענטש. אַ סאָכאַטשעווער חסיד און אַ מיטגליד בײַ די בעזבאָזשניקעס. אַזאַ צײַט איז הײַנט געוואָרן... פון הײַנט־מאָל אָן קאָנסטע מיך שוין רופן חבר. כ׳בין שוין געוואָרן אַ חבר בײַ זיי... גוטע צײַטן דערלעבט, ווער ס׳זענען מײַנע חברים... מאיר טשאָמפּע מיט האַרשל קאַמאַשנמאַכער... ווי גייט ס׳לידעלע זייערס:

הערשל האָט געשפּילט
אין אָרדע־באָרדע־שאָרדע
איז געקומען מאיר טשאָמפּע
און אים אָנגעהאַקט די מאָרדע.
הײַנט גייט ער אַרום
מיט אַראָפּגעלאָזטע נאָז,
געקריגן יענע לייגעס
און ער ווייסט נישט פאַרוואָס.
האַרשל, ווי ביסטע,
האַרשל, וואָס טיסטע,
האַרשל, ווי האָסטע
דײַנע גראָבע הענט?
דו האָסט שוין נישט קיין הענט,
דו האָסט שוין נישט קיין ווענט,
דו וועסט שוין מער נישט נעמען
פון דער נאַלעווקעס פּראָצענט.

— נאָ, קוק אים אָן, דעם שיינעם ייִד, ווי ער האָט זיך עס אַוועקגעשטעלט

זינגען אין אַ פֿראָסטן מיטוואָך! ס׳פּאַסט פֿאַרן בלינדן קלעזמער וואָס זינגט אויף די הייף — האָט ריוועטשע פֿאַרלייגט אַ האַנט אויף אַ האַנט, ווי זי וואָלט געהאַט בויכווייטיק און געקוקט אויף איר שיִען, ווי ער וואָלט חלילה געווען נישט מיט אַלעמען.

— נו, ווי געפֿעלן דיר די חברים מײַנע? אַ שיינע געזעלשאַפֿט, האָ? נישטאָ וואָס צו רעדן... וווּ איז דער בן־יחיד מײַנער?

— וווּ זאָל ער זײַן? ער איז דאָך נאָרוואָס דאָ געווען... איך ווייס וווּ ער איז?

ער האָט געזען, משה מעט, ווי מע זוכט אים אַרום איבער דער שטוב. מע גייט צו צום בעט זײַנעם. דאָס בעט שטייט ליידיק. מע קוקט אונטערן בעט — ער איז נישטאָ. ער האָט שטאַרק מורא, מע זאָל נישט אַמאָל אַרײַנגיין צו די מיידלעך אין שלאָפֿצימער אַרײַן. דעמאָלט איז ער אומגליקלעך. מע וועט אים דאָרט זיכער טרעפֿן לעבן צירלען מיטן פּנים פֿאַרנורעט אין צירלס צעהיצטער בריסט. ער וויל זאָגן, מע זאָל אים נישט זוכן, אָט איז ער דאָ! אָט דאָ!.. נאָר קיינער הערט אים נישט און קיינער זעט אים נישט. ער וויל נעמען שרײַען, נאָר ער קאָן נישט עפֿענען ס׳מויל. די קעל איז פֿאַרשטיקט. ער זעט ווי דער טאַטע מיט דער שטיפֿמאַמע גייען אַרײַן אין מיידלצימער. איצט וועט מען אים זיכער פּאַקן בײַ צירלען. אָבער ס׳איז אים שוין אַלץ איינס. צוריק אין קאָסטן וועט ער נישט גיין. ער וועט אים אינגאַנצן אַרויסזאַרגען דורכן פֿענצטער. ער גיט אַ גיי צו און עפֿנט אויף דאָס פֿענצטער, נאָר צום קאָסטן האָט ער זיך מורא צוצורירן אַפֿילו מיט אַ פֿינגער. די שוואַרצע גלאַנציקייט שרעקט מיט טויט. קוים רירט ער זיך נאָר צו צו אים — איז ער זיכער — וועט אים דער טויט אַרײַנכאַפּן צו זיך. ער נעמט זיך רוקן אויף הינטערווײַלעכץ צוריק צום בעט און זעט אַ דער־שטוינטער ווי דער קאָסטן רירט זיך פֿון אָרט. הייבט זיך אויף פֿון זיך אַליין עטוואָס העכער איבערן פֿאַראָפּעט, דרייט זיך אויס מיט דער ברייטער זײַט פֿון צוקאָפּנס צום דרויסן און גייט אַליין אַרויס דורכן פֿענצטער, ווי אַרויסגעטראָגן פֿון אומגעזעענע הענט. ער האָט געהערט אַ צוגעדושעטן טעמפּן טראָמאַסק פֿונעם פֿאַלן אויף די שטיינער. ער האָט געגעבן אַ לויף צו צום פֿענצטער און דערזען, אַז אונטן איז גאָר אַרונטערגעפֿאַלן נישט דער קאָסטן, נאָר צירל. ער האָט מיט אַלע כּוחות אַרויסגעלאָזט אַ געשריי:

— צ־י־ר־ל!!!

ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט אַ באַגאָסענער מיט קאַלטן טויטשווייס איבערן גאַנצן לײַב. ס׳האָט אים געוואָרפֿן ווי אין קדחת. ער האָט נישט געוואַגט אַרײַנ־צוגיין אין אַנדערן צימער, זען צי צירל איז דאָ אין בעט.

ס׳איז געווען פּונקט נאָך האַלבער נאַכט.

## קאַפּיטל זיבן

# אַ חתן אויף צו להכעיס

נאָך יענער נאַכט, ווען דער טויט איז אים געקומען צו חלום, משה מעטן, אים געוויזן זײַן סוף און דעם משונהדיקן טויט פון צירלען, ווי ער האָט זי געזען ליגן אונטן אין הויף אַן אומבאַוועגלעכע אין שלאָפראָקל מיט צעלאָזטע האָר און געשטרעקטע הענט און פיס אויף די שטיינער, — איז ער אינגאַנצן געענדערט געוואָרן, ווי נישט דער זעלבער משה מעט.

ער האָט קיינעם נישט דערציילט פונעם קאָשמאַריקן חלום, וואָס ער האָט געזען. וועמען האָט ער געהאט צו פאַרציילן. יעדער איינער איז דאָ אַ וועלט פאַר זיך, אַ באַזונדערע, פאַרשלאָסענע. וואָס איינעם זעט אויס זעלבסטפאַרשטענדלעך און נאַטירלעך, איז פאַרן צווייטן משונהדיק ווילד, אומבאַגרייפלעך. יעדער איינער ציט אין זײַן זײַט און אַלע צוזאַמען פילן נישט אַז זיי שטייען מיט אַ פוס אין בלאָטע. נאָר זײַן לאַגע איז נאָך אַן ערגערע. ער געפינט זיך מיט ביידע פיס אין אַ זומפּ וואָס ציט אים אַלץ טיפער אַראָפּ, אַראָפּ אין דער אומענדלעכקייט, אין פאַרפאַלנקייט.

ער האָט זיך געזען אין שפּיגל אַ בלאַסן, אַן אויסגעצערטן מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן, ווי ער וואָלט געליטן פון שלאָפלאָזיקייט. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענער און ווי נישט באַמערקט קיינעם אַרום זיך. מ׳האָט צען מאָל געקאָנט צו אים רעדן ביז ער האָט זיך אָנגערופן מיט אַ וואָרט. ער האָט זיך כמעט נישט צוגערירט צום עסן. נישט טועם געווען רעכט פון דער שטיפמאַמעס באַבקעס און פוטערקוכנס. יעדע זאַך האָט פאַר אים פאַרלוירן איר רייץ. ס׳האָט זיך אים געדאַכט ווי דער באָדן גליטשט זיך אים אַפּער פון אונטער די פיס. ער וועט נישט האָבן אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן און בלײַבן הענגען נישט־אַהין, נישט־אַהער.

ס׳איז אים אויסגעקומען מאָדנע אומפאַרשטענדלעך און לעכערלעך, טראַגיש און נעבעכדיק דער גאַנצער הו־האַ, דאָס אויפרוימען מיט די פּאָרעכצער, דאָס ערנסטע פאַרטועכקייט פון די שטוביקע און דאָס געיעג פון די מענטשן אין גאַס — אַלץ האָט פאַר אים פאַרלוירן דעם זין. ווי קאָן זײַן אַ זין אין אַ צײַלאָז דרייען זיך פון בלינדע אויף איין אָרט אין אַ קרײַז פון וואַנען ס׳איז נישטאָ קיין אַרויסגאַנג? אויב ס׳איז נישטאָ קיין וווהין — טאָ וואָס זשע איז די גאַנצע אײַלעניש? טאָג־טעגלעך די זעלבע זשמודנע טועכצער, די זעלבע צאָל באַוועגונגען און גענג. פון געוועלבל אין מאַרק, פון מאַרק אַהיים, פון שטוב אין קיך און פון קיך אין שלאָפצימער. מיט דעם פילט מען אויס אַ וועלט, אַ לעבן, אַ גאַנץ לעבן. באַשטייט דען טאַקע דער לעבנגאַנג פון נאָכאַנאַנדיקע איבערחזרונגען, וואָס זענען

אויסן צו דערהאַלטן די גלײַכגעוויכט פון לעבן, אַז זיי פירן גאָר לסוף צום וויסטן ברעג, צום יאָמערטאָל פון טויט; צו אָט דעם שמאָלן שוואַרצן קאַסטן וואָס ער האָט געזען אין חלום?

אין דער זעלבער צײַט, ווען ער האָט אָנגעהויבן נאָכלאָזיק ווערן און גלײַכגילטיק צום אַרום און צו זיך אַליין, האָט גלײַכצײַטיק אין אים טיף־טיף געריזלט דער נאָגנדיקער חשק צום לעבן אַזוי ווי ס׳איז, מיט אַלע קאַפּריזן און ווידעראַנאַנדן. נאָכן זען דעם אייגענעם סוף, האָט זיך אים ערשט געגלוסט לעבן, זײַן, עקזיסטירן, נישט פאַרשווינדן, נישט ווערן אָפּגעווישט ווי אַ שטויב פון דער אויבערפלאַך — אָן שפּור, אָן אַ צייכן פון האָבן געווען אַ טייל פונעם אַרום.

בײַ דער גאַנצער אויפגעוואַכטער תשוקה און חשק צום לעבן האָט ער כמעט ווי גאָרנישט געטון דערצו צו געניסן פון לעבן. פאַרקערט, ער האָט עס אָנגעהויבן אויסמײַדן, אַנטלויפן ווי פון אַ פײַער, זײַן וואָס ווײַטער דערפון. ער איז געוואָרן אָפּגעלאָזן, און גאַנצע טעג אַפילו נישט אַריבערגעטרעטן די שוועל פון מיידל־צימער, גלײַך ווי פון דאָרט וואָלט עס געקומען דאָס גאַנצע שלעכטס וואָס האָט אים צעטרייסלט, צעשרויפט זײַנע נערוון און הערט אים נישט אויף צו מאַטערן. דער חלום, וואָס ער האָט געזען אין יענער נאַכט, איז טאַקע געווען אַ וואָרענונג פאַר אים, אַ סיגנאַל וואָס זאָגט אָן דאָס דערנענטערן זיך פון אַ סכנה...

ער האָט זיך אין די נעכט געוואָרפן אויפן צעהיצטן בחורישן געלעגער, נישט געקאָנט אײַנשלאָפן, פאַרפאָלגט פון אַ געמיש פון אויסטערלישע בילדער, וואָס האָבן אים געוויזן ביידע זײַטן פון דער מטבע פון לעבן אין אַ שווינדלדיקן בייט. ער האָט זיך אַ סך מאָל געביסן די נעגל ביז בלוט, אַזוי האָט עס אים געצויגן צו צירלען דאָרט אין יענעם צימער. אָן אָנגעשפּיצטער מיט אַלע חושים צום מיידלס בעט האָט ער זיך קראַמפּהאַפּטיק געקנוילט אויף זײַן געלעגער אָן איבערגעדעקטער מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ ביז דער שלאָף איז צו אים געקומען און אויסגעלייזט כאָטש איבער נאַכט פון די מאַטערנישן און בענקענישן.

ביסלעכווײַז האָט דאָס ציִעניש און נאָגעניש אויפגעהערט צו מאַטערן. עס האָט נאָכגעלאָזן. פּונקט ווי ער, משה מעט, האָט צוריק געווינען די גלײַכגעוויכט, אַזוי האָט זי, צירל, צוריק פאַרלוירן איר פרייליעכקייט און צעזונגענקייט. זי איז אויפגעשטאַנען אָן אָנגעכמורעטע, ווי אַ פאַרוואָלקנטער הימל; זיך אַרומגעדרייט אַ פאַרזויערטע, מיט צונויפגעצויגענע ברעמען און אויסגעשפּיצטער נאָז — אַ בערוועזע און קריגערישע ווי זי וואָלט זיך אויפגעהויבן אויף דער לינקער זײַט.

מיטן היות איז מען נישט געווען זיכער אַרײַנצופאַלן דאַן אין איר מויל. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צערייצטע ווי אַ טיגערין אין אַ שטײַג נאָכן צונעמען פון איר דאָס קליינוואַרג. דאָס פּנים אירס, וואָס האָט געהאַט אַ געענדערטע מראה,

האָט טאַקע דערמאָנט אין אַ בייזער כמורנער קאָץ, גרייט יעדע רגע אַ שפּרונג צו טון מיט די פאַזורעס און אויסדראַפּען די אויגן.

זי האָט זיך געזוכט צו אים, צום שטיפברודער, אים געוואָלט וויי־טון. יע־דעס מאָל צוגעוואָרפן פאַרבײַגייענדיק שטעכווערטלעך אויף זײַן חשבון וואָס האָבן אים געבריט ווי פּריסיק־זאַמד. זי האָט געוואָרט ער זאָל זיך דענערווירן און צוריק ענטפערן, וואָלט זי אים דערלאַנגט אַ גאָב, אַזוי ווי מע גיסט איינעם אָפּ מיט קאָכעדיקע סמאָלע...

ער האָט געהאַלטן ס׳מויל זײַנס ווי אויף זיבן שלעסער. די אונטערשטע ליפּ זײַנע, וואָס האָט עטוואָס אַרויסגעשטאַרט פאַר דער אויבערשטער און אָנגעוויזן אויף עקשנות און פאַרביסנקייט, האָט ער איצט נאָך מער אַרויסגעשטופּט און פאַרדעקט מיט איר די אויבערשטע ליפּ. מע זאָל זיך אַפילו שטעלן אויפן קאָפּ, וועט מען בײַ אים נישט פּועלן, ער זאָל אָפּטרעטן איין טראָט פון דעם וואָס ער האָט זיך פאַרגענומען. ער וועט בכלל אויסמײַדן פּרויען, זיך נישט געפינען אין זייערע דלד־אמות. זיי עקזיסטירן נישט פאַר אים מער. ער וועט אין זייער זײַט נישט קוקן. זיי קאָנען דעם גרעסטן פעלדז צעקרישלען און מאַכן פון אים פּראָך.

דאָס דזשאָכען זיך פון דער שטיפשוועסטער מיטן שטיפברודער וואָלט זיך זיכער געווען צעפלאַקערט אין אַ גרויס קריגערײַ. אַ נס וואָס זי האָט נישט לאַנג נאָך דעם באַקענט איר חתן. האָט זי זיך אַ ביסל באַרויקט. ער איז געווען אַ גאַנץ ווויל יינגל, אַ שטילער, אַ שעמעוודיקער, אַ צוריקגעהאַלטענער, אָט אַזוי ווי אַלע יינגלעך, וואָס טרעטן ס׳ערשטע מאָל אַריבער אַ שוועל אין אַ שטוב, וווּ זיי הייבן אָן אַרויפקומען צום מיידל זייערס. אין אָנהייב זענען זיי כּומיקלעך, קאָנען קיין צוויי נישט ציילן, לאָזן זיך זאָגן און זענען גרייט צו קריכן אונטער די נעגל, אַזוי געהאַרכזאַם זענען זיי. און שפּעטער, נאָך דער חתונה, מוזן דאָס זעלבע טון די ווײַבער, נאָר געצוווּנגענערהייט, הכנעהדיק, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. די באַפעלער זענען טאַקע נישט קיין אַנדערע ווי די אייגענע מענער אַליין.

ער האָט געמיינט, משה מעט, אַז דאָס יינגל איז אָט אַזאַ טאַקע ווי אַלע יינגלעך וואָס יאָגן זיך נאָך אַ מיידל צו פאַרדרייען איר דעם קאָפּ, נישט מער, און אים נישט גענומען ערנסט. ער איז סײַ ווי נישט קיין גרויסער צעלייגער, דער חתן צירל׳ס. קיין איבעריק „פּשיסטוינער״[1] מאַנצפּאַרשוין איז ער אויך נישט. ער האָט געטראָגן אויף די שמאָלע אַקסלען אַ פאַרפּעטסט אָנצוגל, דאָס ליציפּעטן־היטל „נאַ באַקער״, אויף אַ זײַט, ער זאָל אויסזען מער מענערישער, ווווילעריש. ער איז געווען אַ משרת אין אַ קאָלאָניאַל־געוועלב אויף דער דזשיקע־גאַס. יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויפגעקומען, האָט ער איר געברענגט „כאַמי־שוסאַ״ — אַ שקאָרמיצל מיט געפאַרבטע ציקערלעך, ניסלעך, פײַגן און טייטלען.

---

1 פאַרנעמער, שלאַנקער.

אַמאָל איז געלעגן אַ געפּילטע קאַרמעלקע אויך, אײַנגעוויקלט אין פאַרביק זיל־בער־פּאַפּיר, פּײַערדיק רויט, אָדער לויכטנדיק גרין. זי האָט דאָס אַלץ אַליין אַרײַנגעהאַקט, ווי אַלע מיידלעך־נאַשערינס. דער מאַמען אירער האָט זי גע־פלעגט אונטערשטופּן אַ טייטל דורכזיכטיק ווי בורשטין. ביילקען האָט זי פון יוצא־וועגן מכבד געווען אין דער קיך, דער חתן זאָל נישט זען אַז זי טיילט זיך מיט איר. ער קאָן נאָך אָנהייבן ברענגען אויך פאַר דער שטיפשוועסטער. ס׳גייט נישט אינעם צוקערל. זי וועט נישט זשאַלעווען זײַנס. ס׳הייבט זיך אָן מיט אַ צוקערל און ס׳גייט איבער צו אַ וואָרט און פון אַ וואָרט ביז אַ קוש איז איין שפּרײַז.

זי איז נישט געווען ק׳אַזאַ שלעכטע, צירל. מ׳האָט נאָר באַדאַרפט קאָנען מיט איר אויסקומען, טאַנצן אַרום איר, נאָכגעבן אירע קאַפּריזן, פאָלגן אַלץ וואָס זי וויל, ווערן איר שאַלאַטן־שמש, אַ גאַרנישט, אַ פאַנטאָפּל־מאַן... פאַר אַזעלכן וואָלט זי געווען אַן אידעאַלע פרוי...

נאָר אַרום און אַרום איז זי געווען אַ סמאַרקאַטע פון אַ מויד און אַ גרויסע עגאָיִסטקע דערצו. אַז ס׳יִינגל האָט גענומען אַרויפקומען אין שטוב אַרײַן האָט מער פאַר איר קיינער נישט עקסיסטירט. קיינער איז איר מער נישט אָנגעגאַנ־גען ווי נאָר דער חתן:

— מײַן וועלוול.

מער האָט מען פון איר נישט געהערט: וועלוול און וועלוול. און דאָס שטענ־דיק ווען ער, דער שטיפברודער, איז געזעסן בײַם טיש, זיך צו רייצן מיט אים, אָפּצוטון אים עפּעס אַ צו להכעיס, אויף צעפּיקעניש. אַנדערש איז נישט געווען צו פאַרשטיין וואָס אַזוינס ס׳איז איר אַזוי שטאַרק געפעלן אין דעם יִינגל.

ווי נאָר משה מעט האָט זיך צוגעזעצט עסן מיטאָג, האָט זי זיך נישט גע־קאָנט אײַנהאַלטן, צירל, און זיך אָנגערופן צו ביילקען הויך אויפן קול אַז אויך ער זאָל הערן:

— איך גיי דעם שבת אַוועק מיט מײַן וועלוולען. מײַן וועלוול נעמט מיך אין יידישן טעאַטער אַרײַן. ס׳גייט עפּעס אַ וואַזשנע שטיק. כאַשע די יתומה... ס׳טוט זיך דאָרט סכנות. יעדע נאַכט איז פול, געהרגעט צו ווערן. מיט דרײַ טעג פריִער מוז מען אויסקויפן בילעטן. אַנישט מוז מען צאָלן טאָפּלט די אויפקוי־פערס און זיצן אויף דער גאַלאַרקע.

— מײַן וועלוול האָט מיר געזאָגט, אויב ס׳וועט שבת זײַן אַ שיינער טאָג, וועלן מיר מאַכן אַ „וויטשעטשקע" קיין מלאָטשין. מ׳עט פאָרן מיטן סטאַטעק אויף דער ווײַסל. ווילסט אפשר מיטפאָרן, ביילקע? וועסט זיך אָבער אַליין מוזן קויפן אַ בילעט. ער קאָן דאָך נישט פונדעווען ביידע, מיר מיט דיר. ער פאַרדינט נישט אַזוי פיל... נעם מיט דײַן ברודער וועט ער צאָלן פאַר דיר.

דאָ האָט שוין אויך ביילקע געפילט דעם שטאָך און זיך נישט געקאָנט מער איינהאַלטן:

— דו זײַ נישט קיין גוטע מיט יענעמס... אַז איך וועל וועלן פאַרן פעלן מיר נישט קיין אַמאַטאָרן. ס׳זאָל מיר אַזוי נישט פעלן קיין געלט ווי ס׳פעלט מיר נישט קיין „פּאַוואָדזעניע״. אַזעלכע יונגעון לויפן מיר נאָך, ווי די האַמאַנעס. נאָר ווער קוקט זיך אום. איך שטיי נישט נאָך זיי. מיר „פּאַלוביעט״ באַסער אַז איך האָב זיי פונדערווײַטנס. אַז איך וויל פאַרברענגען גיי איך מיר אין טאַנצזאַל און טאַנץ נאָר מיט מײַנע קאָלעזשאַנקעס, די ייִנגלעך קוקן און ווערן צעפּלאַצט קוקנדיק. און דאָס ווײַלט מיך צו מיינסטן.

— מײַן וועלוול האַלט נישט פון טאַנצן. ער האָט ליב צו זען אַ גוטע פאַרשטעלונג, אַן אָפּערע, מוזיק, אַ באַלעט, פּאַוסט, אַ קאָנצערט אין פילהאַרמאָניע. דאָס האָט ער ליב. אַז ער האָט נישט קיין געלט — זאָגט ער — גייט ער אויף „גאַפּע״. מע דאַנזשעט זיך נישט אומצוקוקן איז ער שוין אינדערהייך. אויף אַלע שטאָקן שטייען קאָנטראָלערן און ער קריגט זיך דורך ווי אַ קאַץ, אַזוי פלינק איז ער. מוזיק האָט ער ליב ווי ס׳לעבן. נאָר אַז איך זאָג, כ׳וויל גיין אין אילוזיאָן, איז אויס אָפּערע, אויס פּאַוסט, גייט מען אין אילוזיאָן אַרײַן. מײַן וועלוועלע וועט פאַר מיר גיין אין פײַער אַרײַן. אַלץ, וואָס מײַן מויל זאָגט אַרויס, איז פאַר אים הייליק. איך דאַרף אים נאָר זאָגן איין וואָרט:

— גיי! — לויפט ער.

אַזוי האָט זי געפּלעגט רעדן, די צירל, וועגן איר חתן הינטער זײַנע אויגן, געהאַט אַ פול מויל מיט זאַפט ווען זי האָט גערעדט פון אים. נאָר ווען ס׳ייִנגל איז אַרויפגעקומען אין אָוונט, האָט זי זיך געבלאָזן ווי אַן אינדיטשקע, אים געהאַלטן ווי אַ הונט אויף דער קייט, נישט צוגעלאָזט אים צו זיך צו נאָענט. אַז זי האָט אים דערלויבט אַ גלעט צו טון דעם אַרבל בלויז, איז ער געווען אין זיבעטן הימל, דאָס כשר בהמהלע, דער וועלוול מאַגיד. די אייגעלעך האָבן זיך אַזש צעגלאַנצט בײַ אים פון גרויס גליק.

ווי נאָר אָבער דער שטיפברודער איז אַרײַנגעקומען, איז זי צוגעלאָפן צום שפּיגל, צירל, זיך פאַפּראַוועט די האָר און מאַלעווענדיק די ליפּן מיט דער קרעדקע האָט זי אַ זאָג געטון צום חתן מיט אַ זיס שמייכעלע:

— זי ווילן זאָך אפשר איבערגיין אַ ביסל, פּאַניע וועלוועלע, טאָ קימען זי... וואָס עמאָ דאָ זיצן און גענעצן, אַז ס׳אי נישטו מיט וועמען אַ וואָרט צי רעדן.

דאָס האָט זי געמיינט דעם שטיפברודער, וואָס זי האָט זיך געמאַכט נישט-זען, אַז ער איז שוין אַרײַנגעקומען אין שטוב אַרײַן, און נעמענדיק וועלוול מאַגידן אונטערן אָרעם איז זי אַן אויסגעפּיאָקעוועטע, מעשה כלה, אַרויס מיטן חתן פון שטוב, נישט זאָגנדיק צומאָל קיין גוטע נאַכט.

## ק אַ פּ י ט ל  אַ כ ט

# דער אָפּערן־זינגער

אין אָנהייב האָט ער, משה מעט, נישט פֿאַרטראָגן דעם חתן צירלס, דעם ווילעוול מאַגיד. נישט געקאָנט פֿאַרלײַדן דאָס מאָדנע געגנגל יענעמס, אַ הולך ווי פֿון עפּעס רעכטס, ווי איינער וואָס מאַכט זיך וואַזשנע. דאָס פּאָכען מיטן נעזל, דאָס אונטערהוסטלען זיך זײַנס: הם־הם... ווי אַ חזן וואָס פּרוּווט די שטים. ס'איז אים געווען דערווידער דער גאַנצער געשטעל פֿון דאָזיקן נעבעכדיקן אויסגעדאַרטן גופֿל, דאָס קליינע מענטשעלע, דאָס העריננגל, די דרויבע, וואָס גיט שטענדיק אַ הייב די אַקסלען אַרויף, ווייל אָנגיין פּאַר אַ שטאַרקן, אַ קאָלאָס — הערקולעס. מיט איין בלאָז לייגט ער אים אַוועק אויףביידע לאָפּאַטקעס, דעם גאַנצן ריז.

ער האָט נאָך נישט געוווּסט, משה מעט, אַז נישט אַזוי אין חומר ליגט די גרויסקייט אָדער קלײנקייט פֿון אַ מענטש ווי אין די מענטשלעכע אַמביציעס, אין די פֿאָרבילדונגען זײַנע, אין זײַן גײַסט. לויטן דאָזיקן גראַד, לויט דער גײַסטיקער קראַפֿט דאַרף מען מעסטן, און נישט נאָכן אויסערלעכן פֿיזישן אויסזען.

דאָס ערשטע מאָל, ווען דאָס בחורל איז אַרויפֿגעקומען און מיט אַ פֿאַרשטיקט שטימעלע זיך געפֿרעגט אויף דער פֿאַננע צעשע, האָט משה מעט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ טראָציקן בליק פֿון אויבן ביז אַראָפּ און אים געלאָזט שטיין אין קיך בײַ דער טיר נישט זאָגנדיק צי זי איז יאָ דאָ צי נישט, די פֿאַננע צעשע.

מיט געלאַסענע, נישט־געאײַלטע טריטעלעך איז משה מעט אַרײַנגעגאַנגען צו צירלען און איר צוגעוואָרפֿן פֿון אַ זײַט, אַז עפּעס אַ יאַטל דאָרט, אַ שטשעניאַק פֿרעגט זיך אויף איר, אויף דער פֿאַננע צעשע, און אַליין האָט ער זיך אָפּגעטראָגן אין אַ ווינקל, משה מעט, זיך צוגעזעצט אויפֿן אָטאָמאַן לעבן קאַכלעגעם אויוון צו זען דאָס חפֿץ וואָס זי האָט זיך אויסגעקליבן, צירל, איר גוסט, וואָסער ייִנגל ס'קאָן איר געפֿעלן.

דער בחור האָט זיך געשאַרט האַרט הינטער צירלען זיך צו דעקן מיט איר, ווי אונטער אַ זיכערער שוץ. ער האָט אויסגעטון דאָס שאַרע קאַפּעלושל מיטן שמאָלן ראַנד און באַלד זיך עס צוריק אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ עטוואָס אַראָפּ־גערוקט איבער די אויגן. זיך אַרומגעקוקט נישט דרייסט און פאַרזיכטיק, ווי ער וואָלט זיך געריכט אויף קלעפּ, וואָס דאַרפן זיך אָט באַלד פון ערגעץ אַ שיט טון אויף אים פון אַלע זייטן. אַז דער האָגל קלעפּ איז נישט געקומען, האָט ער אָנ־גענומען אַ מינע, דאָס נעבעכל, פון אַ גרויסן מענטש, אַ „סטאַוויאַק״[1] — פול מיט אַרויסרופערישער זעלבסטזיכערקייט, מעשה פּאַן און הערשער, ווי קיינער וואָלט נישט געווען צו אים גלייך.

משה מעט איז געזעסן פאַרשטעקט אין ווינקל אויף דער קאַנאַפּע און זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון לאַכן פון יענעמס קאָמישקייט. ער האָט פּלוצים געגעבן אַ כיכיקע אַרויס, אַז דער בחור ביים טיש האָט אַזש אַ ציטער געטון פון שרעק. געוואָרפן אַ שטאַרן בליק אין משה מעטס זייט, אים אַוודאי געהאַלטן פאַר אַ צעדרייטן. דאָס האָט אים נאָך מער געווילט, משה מעטן און ער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעלאַכט. טרערן זענען אים אַזש געשטאַנען אין די אויגן, אַזוי האָט ער זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

ערשט ווען צירל האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט איר דורכנעמענדיקן בליק — פול מיט פאַרצווייפלונג און פאַראַכטונג — האָט ער מיט אַמאָל אויפ־געהערט לאַכן, אָפּגעהאַקט און זיך אויסגעדרייט צו זיי ביידע מיט דער פּלייצע.

דער יונגערמאַן איז געזעסן ביים עק טיש ווי אויף הייסע קוילן. ער האָט שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין אונטן, אויף דער גאַס. נאָר צירל האָט זיך צו אים צוגעזעצט גאָר נאָענט — אַ שטול לעבן אַ שטול, גענומען זיין האַנט אין אירע און אַ זאָג געטון פריי און הויך, צו ווייזן אַז זי האָט אַליין איבער זיך אַ דעה און אַז זי פרעגט נישט ביי קיינעם:

— זי האָבן זאָך נישט וואָס צו קרעמפּירן דאָ... פילן זי זאָך ווי באַ זיך אין דער היים... מיין מאַמעלו איז ניש קאַ פאַנאַטיש מענטש... איר אַרט ניש אַז אַ יינגל קימט אַראָף אין שטוב אַראַן, ער וועט זי נישט אויפעסן...

דאָס יינגל איז געוואָרן דרייסטער און זיך צוגערוקט צו איר, זיך אָנגערירט מיט זיין קני אין אירע, געקוקט אויף איר צאַרט לענגלעך הענטל מיט די מאַני־קירטע נעגל, וואָס ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין האַנט, און אַריינגע־רעדט אין איר לאַנג, לאַנג. צום ערשט מיט אַ צוגעדושעט קול און שפּעטער אַלץ העכער מיט צעפּלאַמטע אויגן און געצוימטער היץ. מיטאַמאָל זיך אָנגערופן מיט אַ געהעכערטער שטים, אַז ס'זאָל דערגיין אויך צו משה מעטן דאָרט אין ווינקל:

[1] גרויסהאַלטער, שוויצער.

— זי הערן, פרײלין צעשע! די אַנדערע װאָך גיט מען בעטהאָװון! די נײַנטע סימפאָניע! די קרוין פון דער קלאַסישער מוזיק! דאָס געניאַלע װערק!... זי זענען שוין געװען אין דער פילהאַרמאָניע?

משה מעט האָט זיך אַ נײַגעריקער אויסגעדרייט אין זײער זײַט. ער האָט געװאָלט זען װי די צירל װעט דאָ אָנהאָקן ליגנס. זי איז דאָך נאָך קײן אײן מאָל נישט געװען אין דער װאַרשעװער פילהאַרמאָניע.

פון דער אומגעריכטער פראַגע האָט זיך צירל אַ ביסל פאַרלוירן, זיך טאַקע פאַרשעמט װאָס זי קען נישט די פילהאַרמאָניע, און געשטאַמלט אין פאַרלעגנהײט מיט אַ שמייכעלע, װאָס איז מער ענלעך געװען צו אַ גרימאַס פון װײטיק:

— די פילהאַרמאָניע, זאָגן זי? האַ, ניין, אָסור װי חזיר. קיינמאָל ניש געװען דאָרט. כ׳על אין זוגן דעם ריינעם אמת, כ׳װײס אַפילו ניש װי זי געפינט זאַך, אויף װעלכער גאַס, װי מע קימט דאָרט אַהין... זי האָבן מיך גענימען אין דער אָפּערע, אין גרויסן טעאַטער אויפן טעאַטער־פּלאַץ הינטער די פילאַרן — בין איך געגאַנגען... װאָס האָבן מיאָ געזעען, שאַ... פּאַוסט, אמת?

— ריכטיק, ס׳איז טאַקע איינע פון די שענסטע אויפפירונגען אין הײַנטיקן סעזאָן, — האָט װעלװול מאַגיד אונטערגעשטראָכן מעשה־מבין און װידער אין איר אַרײַנגערעדט מיטן הײזעריקלעכן טעמבער, װי מיט אַ צוגעדושעט קול, ס׳זאָל צוגעבן װאָג זײַנע רייד, װעגן דער צױבערקראַפט פון מוזיק, װאָס קאָן אַ מענטש אַװעקטראָגן װי אויף פליגל אין אַנדערע, אומבאַקאַנטע, אויסגעחלומטע װעלטן... אַז דאָס איז די העכסטע און לויטערסטע קונסט װאָס שטײגט איבער אַלע אַנדערע קונסטן. מוזיק דאָס איז בלויז גײַסט, אָן שום צומיש פון מאַטעריע, אָן אַ ברעקל חומר. פּאָעזיע מוז האָבן װערטער, אַ קערפּערלעכן לבוש אויף זיך, אַ פּאַנצער פון רייד. מאָלערײַ מוז האָבן פאַרב, אייל, לײַװונט. ס׳איז אָנצוטאַפּן, בפועל ממש, מיט די הענט. די שיינקייטן זייערע זענען געפּאָרט מיט ערדישקייט. ערגעץ־װוּ זענען זיי פאַרנאָפּלט מיט דער גשמיות װאָס ליגט־אונטער דעם משחית פון צײַט. די מוזיקאַלישע ספערע איז פרײַ. זי האָט דאָס אַלץ נישט נייטיק. די מוזיק־קונסט איז בלויז שיינקייט, בלויז גייסט, אַ װעלט פון הוילע קלאַנגען און טענער װאָס דרינגען אַרײַן אין אים, מאַכן דעם מענטש איידל, לײַטערן אים ביז די סאַמע דינסטע עמפּינדונגען און װיברירונגען פון דער נשמה, פון זײַן האַרץ, פון זײַנע געפילן. זיי זענען בכוח אים אַרײַנצוברענגען אין אַ צושטאַנד פון באַגײַסטערונג ביזן העכסטן עקסטאַז...

װי אַ בײַשפּיל צו װײַזן װאָסער כוח מוזיק פאַרמאָגט, און אַליין אַ באַגײַסטערטער פון די אייגענע רייד, האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אַװעק אין אַ פּאָזע פונעם העלדנטענאָר אין דער אָפּערע און אָנגעהויבן זינגען אַן אַריע פון „אַידאַ" מיט אַ פולברוסטיקער װאַרעמער שטים װאָס האָט געקלונגען אָנגענעם פאַרן אויער:

„אָ, באַסקאַ אַידאָ־אָ־אָ!

יעדעס מאָל, ווען ער האָט געגעבן אַ נעם הויך, האָט זיך געדאַכט, אַז ער גיט אַ גיי אינדערלופטן, ווי ער וואָלט מיטגעשוועבט אַ געטראָגענער אויף צע־וויגטע כוואַליעס. אָט גיבן זיי זיך אַ נייג אויף אַראָפּ, אַראָפּ, און אָט אַ שטייג־אויף, אויף אַרויף, ווי אַ פֿויגל אין מאַיעסטעטישן פֿלי.

ביידע — אי משה מעט וואָס האָט זיך איבערגעזעצט נענטער אויף דער זייט קאַנאַפּע, אי צירל ביים עק טיש — האָבן פאַרגאַפטע געקוקט דעם זינגער אין אויפגעריסענעם מויל אַריין, ווי ער נעמט אַלץ העכער און העכער, און נישט באַמערקט, ווי אויף דער שוועל איז אומגעריכט אויסגעוואַקסן דער טאַטע, וואָס איז אַהיימגעקומען פון דער פאַרבעריי, און מיט צענומענע הענט אַ געשריי געטון מיט אַ טרוקענער וואָכעדיקער שטים:

— וואָס איז עס פאַר אַ זינגען דאָ אין מיטן דרינען? וואָס איז היינט פורים?

אַלע דריי זענען געבליבן אַזוי ווי אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפל קאַלט וואַסער. צירל האָט געקריגן אַלע קאָלירן אין פנים, און אָפּגעשפּרונגען פון עק טיש ווי אַן אָפּגעבריטע. דער זינגער האָט געגעבן אַ כאַפּ דעם צעקנייטשטן קינסטלער־קאַפּעלוש אויפן קאָפּ, ווי ער וואָלט נאָרוואָס אַרונטער פון אַ שטאַק שטיגן און שיִער נישט געבראָכן הענט און פיס. ער האָט אַן אומבאַהאָלפענער געפינטלט מיט די אויגן און געזוכט אַ הילף אין משה מעטס זייט.

משה מעט איז דער ערשטער געקומען צו זיך און אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ פאַרטיקן ליגן, וואָס האָט באַדאַרפט אַלע ביידע ראַטעווען, צירלען מיט וועלוולען, דער טאַטע זאָל זיך נישט כאַפּן אַז דאָס האָט צירל געברענגט דעם יונג אין שטוב אַריין, מער וואָלט איר נישט געפעלט, אין שטוב וואָלט זיך געטון חושך, און דאָס וואָס צירל וואָלט דערווייל אַריינגעכאַפּט וואָלט געווען אירס, אויך אויפן יונגנמאַן איז געווען אַ גאָטס רחמנות — איז זיי משה מעט פאַרלאָפן דעם וועג:

— ס׳איז מיין חבר... דער טאַטעשי זעט דאָך... ער איז געקומען צו מיר... אַ זינגער... ער זינגט אין שניאורס כאָר... דער בעסטער זינגער... ער וועט נאָך איינעמען די וועלט. אַ צווייטער שאַליאַפּין...

פון דעמאָלט אָן האָט וועלוול מאַגיד אָנגעהויבן שטעטס אַרויפצוקומען. ער האָט זיך שוין נישט באַדאַרפט מער קרעמפּירן פאַר קיינעם. ס׳האָט געהייסן אַז ער קומט צו משה מעטן און נישט צו צירלען. ער האָט געשפּילט מיט משה מעטן אַ שאָך, געמאַכט מיט אים אַ דאַמקע ווען טאַטע־מאַמע זענען געזעסן ביים טיש, און ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב, האָט ער נישט אויפגעהערט אַריינ־צורעדן אין צירלען, זיך געהאַלטן אין איין סודלען מיט איר, וואָס ס׳האָט משה מעטן אינגאַנצן מער נישט געאַרט. און אַז ער האָט נאָר געזען ,משה מעט, אַז צירל האַלט אים פון זיך פונדערווייטנס, דעם מאַגידן, און מער ווי אַ גלעט טון

דעם אַרבל לאָזט זי זיך נישט פון אים, האָט ער זיך גאָר אָנגעהויבן מיט אים צו חברן, געוואָרן מיט אים אַ גאַנצער שמעלקע, אויף אַזוי פיל, אַז ווען משה מעט איז געוואָרן פאַרבער אין טאַרגאָנסקיס פאַרבערײַ אויף דער שווענטע־יורסקע־גאַס, האָט ער אַזוי לאַנג אַרומגעאַרבעט ביז ער האָט אויך מאַגידן אַרײַנגעדרייט אין דער פאַרבערײַ. וואָרן ס'וואָלט פון אים געוואָרן אַ שוואַרץ־לײַט, ווען ער בלײַבט אַזוי שטעקן אינעם קאָלאָניאַל־געוועלב, ווו מע וועגט צוקערלעך אויפן לויט און מע פאַרדינט אויף שנאָרוואַדלעס צו קאָמאַשן.

און אַזוי ביסלעכווײַז, אַז ער איז שוין געוואָרן אַ היימישער מענטש, מאַגיד, מיטגעהאַלטן מיט וועטשערעס און מלווה־מלכהס אין שטוב, האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז דאָס ייִנגל, וואָס קומט אַרויף צו משה מעטן, וועלוול מאַגיד דער אַפּערן־זינגער, איז צירלס חתן.

## קאַפּיטל נײַן

# אוים כלה - וױיטער מויד

איינמאָל אין אַ שבת־צונאַכטס איז מאַגיד געקומען צו צירלען אין שטוב און געטראָפן אַ פולע שטוב מיט מענטשן צו דער מלווה־מלכה. ער האָט זיך נישט געכאַפּט גלײַך וואָס דאָ קומט פאָר. געמיינט אַז ס׳איז מיסתמא אַ סעודת־מיצווה, אַ יאָרצײַט־מאָלצײַט נאָך צירלס טאַטן, אָדער נאָך משה מעטס מאַמע; נאָך צירלס באָבע פון דער מאַמעס צד, וואָס איז אין די לעצטע טעג שוין געווען עובר־בטול. אויף דער חתונה פון איר טאָכטער דער אלמנה — בײַם רב אין שטוב — איז זי געקומען מיט אַ קוילעטש אין ביידע הענט אַנטקעגנצוטאַנצן חתן־כלה וואָס האָבן שוין ביידע געהאַט דערוואַקסענע קינדער. די שמשים האָבן זי נישט צוגעלאָזט, זי אָפּגעשטופּט מיטן קוילעטש וואָס זי האָט נישט געוואָלט אַרויסגעבן פון דער האַנט; צי גאָר איז עס הײַנט אויסגעפאַלן די יאָרצײַט נאָך ר׳ שיִעלע פאַרבערס פאָטער מיט דער אונטערגעהאַקטער באָרד, משה מעטס זיידע, וואָס האָט געפלעגט זיצן גאַנצע טעג אין קראַשינסקיס גאָרטן און דערציילן מעשות פון די „ראָזורוכעס״ אין פינפטן יאָר, פון רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, פון ר׳ שמואל זביטקעווער, וואָס האָט צעטיילט אַ זאַק מיט גאָלד פאַר געכאַפּטע ייִדן, געצאָלט גאָלדענע רענדלעך פאַר טויטע און לעבעדיקע ייִדן וואָס די קאָזאַקן האָבן אים געברענגט אין שטוב אַרײַן. פאַר די לעבעדיקע האָט ער געצאָלט טאָפּלט, האָט ער אויף אַזאַ אופן אָפּגעראַטעוועט אַ ביסל ייִדן פון די גויִישע הענט.

אין אַזעלכע שטובן, ווו אַן אלמן מיט אַן אלמנה האָבן צווישן זיך חתונה, טרעפן זיך אָפט פאַרשידענע היימישע מישפּחה־סעודהלעך. ס׳זענען דאָך נישט סתם קיין צוויי צדדים, נאָר געטאָפּלטע, צעצווײַגטע פון פריִערדיקע און איצטיקע זיווגים און מחותנעשאַפטן. איז נישט קיין וווּנדער וואָס מע טרעפט אומגעריכט אַרײַן אויף אַזאַ שמחה ווי די איצטיקע.

ער האָט געזען פאַר זיך, מאַגיד, צוויי ווײַסגעדעקטע טישן באַשטעלט מיט אייערקיכלעך און הערינג, בראָנפן און בייִריש ביר. בײַ איין טיש זענען געזעסן ייִדן מיט סאַמעטענע היטלען און זײַדענע קאַפּעטעס מיט גאַרטלען, און בײַם אַנדערן — ווײַבער מיט אויסגעקעמטע שייטלען מיט ציטער־שפּילקעס און בראָשקעס מיט בלאָע און רויטע שטיינער, מיט שײַנענדיקע פּנימער אין דערוואַרטונג פון עפּעס גרויסאַרטיקס און וויכטיקס...

שטייענדיק אויף דער שוועל פון דער אָפענער טיר איז אים געקומען אויפן זינען, מאַגידן, וואָס די צירל האָט זיך אינגאַנצן נישט געמאַכט וויסן פאַר אים אַז אין שטוב וועט דעם שבת זײַן בײַ זיי אַ „פשיִענטשע״ [1], אַ גאַנצע שמחה. ער וואָלט נישט געווען אַרויפגעקומען די נאַכט. ס'איז דאָך דאָ בלויז מישפּחה, פעטערס מיט מומעס, קוזינען מיט שוועסטערקינדער. ווו קומט ער דאָ אַהער. ער געהערט דאָך נישט צו דער מישפּחה. ער קען קיינעם נישט פון זיי. וואָלט ער זיך סײַ ווי געווען געפילט שלעכט...

ווען ער איז געבליבן שטיין — אַ צוריקגעהאַלטענער — אין דער טיר, האָבן די ייִדן צווישן זיך עפּעס אַ שושקע געגעבן איינער צום צווייטן, געצופּט פאַר אַ פּאָלע, אים גענומען באַשויען פון אַלע זײַטן, אָפן, אָן פּאַקסן, ווי אָפּצושאַצן, צי ער איז ראוי אַרײַנגענומען צו ווערן אין דער גזע, אין דער מישפּחה. צוגלײַך מיטן מענערטיש האָבן אויך די ווײַבער גענומען קוקן אויף אים, ווי מע וואָלט אים געווען אויסגעקוקט מיט „גאַזאָווע שוויעטשקעס״ [2], אַט אַזוי ווי מע קוקט אויס אַ בעל־שמחה, אַ חתן־דנן, וואָס מע וועט אים דאַרפן פירן אונטער די פיר דרענגער.

דאָס האַרץ האָט אין אים אַ זעץ געטון ווי מיט אַ האַמער. נישט אַנדערש, מע גייט אים דאָ פאַרשלײַערן אויף ס'כוח, נעמען אויף דער האַצקע און פאַרכנסן, דאָס איז עס טאַקע דאָס כנס־מאָל? און ווו איז נדן? אַ דירה? אויסשטײַער? ווי קאָן ער זיך בכלל איצט אונטערנעמען אויסצוהאַלטן אַ ווײַב, אַז ער קאָן זיך אַליין נישט אויסהאַלטן. און וואָס עפּעס שוין חתונה האָבן? וואָס איז ס'געיעג? די כלה איז דאָך נישט אין נײַנטן חודש וואָס מע יאָגט זיך אַזוי. וואָס וועט ער זיך שוין נעמען פאַרדרייען אַ קאָפּ מיט אַן עול פון אַ ווײַב, אַ ווירטשאַפט. ס'קאָן באַלד קומען אַ קינד אויף דער וועלט, נאָך פאַרן יאָר... וואָס זשע וועט זײַן מיטן זינגען, מיטן כאָר, מיט דער קאַריערע, מיטן חלום צו ווערן אַ גרויסער זינגער, טאַקע אַ צווייטער שאַליאַפּין? ווי וועט ער שוין ווערן אַ גרויסער זינגער, אַז ער וועט דאַרפן ניאַנטשען קליינע קינדער, וואַשן ווינדעלעך און לויפן פאַר־טאָגס אין אַ „קראָפּלע מלעקאָ״ [3] נאָך אַ פלעשעלע פרויענמילך. אים ציט דאָך אַזוי צו די בינעברעטער. ער קאָן אַזוי פיל געבן פון זיך. מיט אַזאַ שטים קאָן מען דאָך טאַקע אײַננעמען אַ וועלט...

פונעם ווײַבערטיש, ווו צירל איז געזעסן אויבן אָן אין אַ ווײַס באַטיסטן בלוזקעלע, ווי אַ כלה, האָט זיך דורכגעקריגן צו אים איר מאַמע וואָס האָט זיך געפּאָרעט בײַ די געסט אַ צעיאַכמעטע. דאָס העלע שייטל איז געווען אָנדולירט מיט אַ סך קאַרבן. דאָס שטענדיק־אומעטיקע פּנים — צעלויכטן, ווי פון אַ גרויס

[1] אַן אויפנאַמע, [2] גאַזליכטלעך (רעדנאַרט איראָניש), [3] „טראָפּן מילך״.

פאַרשטייענדיק גליק, וואָס ס׳זאָל איר נאָר נישט פאַרשטערט ווערן חלילה. זי האָט מאַגידן אָנגענומען מיט אַ פּיצטלעכער ביינערדיקער האַנט און געהייסן גיין ווייטער, העכער, אַרויף, צו די מענער...

אויבנאָן ביים מענערטיש איז געזעסן משה מעט מיטן טאַטן. פון ביידע זייטן — צוויי עלטערע יידן מיט ווייסע בערד ווי פלאַקס און מאַכיק־פאַרגרינטע וואָנסעס פון שמעקן טאַביק. ער האָט געקוקט צו משה מעטן, נאָר יענער האָט זיך אים נישט געמאַכט זען. ער איז געבליבן צעטומלט, מאַגיד. ער האָט נישט געוואָלט גיין, זיך געווערט אַ פאַרשעמטער:

— לאָזן זי... ס׳עט גיט זיין דאָ... ביים ברעג טיש עט אויך גיט זיין.

נאָר קיינער האָט אים נישט געהערט. די מאַמע צירלס האָט אים געהאַלטן פעסט פאַר דער האַנט, ווי אַ חדר־יינגל, ער זאָל נישט אַנטלויפן, און זיך דורכגעשטופט מיט אים אין דער ענגשאַפט צווישן דער קרעדענץ און די שטולן, וואָס האָבן זיך צעסקריפּעט אינעם געררוקעריי אַדורכצולאָזן דעם חתן.

פאַר די אויגן האָבן אים גענומען שווינדלען שטיקער בערד, שוואַרצע און ווייסע באָרדיקע פלעקן. איין באָרד אַ רויטע ווי אַ פייער האָט געהאַלטן אויף אים אַן אויג. ווי דורך אַ נעפּל זענען צו אים דערגאַנגען פאַרבלאָזע, טאָנלאָזע שטימען, אַ מורמלען ווי אַ פאַרשפּעטיקט דאַווענען וואָס מע וויל עס גיך אַריינכאַפּן, אַ שעפּטשען פון ברכות און פסוקים, אַ ווייסע פאַטשיילע האָט אַ פלאַטער געטון מיט אַ בלענד פאַר די אויגן, און איידער וואָס־ווען, האָט מען געבראָכן טעלער און זיך געווינטשן מזל־טוב. די יידן האָבן געטרונקען לחיים, געכאַפּט מיט די הענט הערינג מיט ציבעלעס פון פולמיסיק אַראָפּ און פאַרביסן מיט די געלע צעבלעזלטע אייערקיכלעך וואָס האָבן זיך געקרישלט אונטער די הענט.

ביים ווייבערטיש האָט מען זיך געהאַלטן אין איין ווינטשעווען. מ׳האָט זיך געווישט די אויגן, געשנייצט די נעז, און פאַרטרונקען מיט ווישניק פון קליינע קעלישיקלעך.

באַלד איז אַ טייל עולם אויפגעשטאַנען פון די ערטער, פאַרצויגן ענגער די לויזע גאַרטלען און זיך גענומען אייליק געזעגענען. ווייבער האָבן זיך געקושט מיט דער כלה, מיט דער מחותנתטע און געווינטשן ס׳זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה, מיט מזל־ברכה אויף דער פולער וואָך.

ביים אָפּגערוימטן טיש מיט די ליידיקע פולמיסיקס זענען געבליבן עטלעכע פעטערס און מומעס. אַז ס׳איז שוין געווען נאָך אַלעמען איז די מאַמע צוגעגאַנגען צו צירלען און אַרויפגעלייגט די האַנט מיט די קנאָכיקע רייפלעך אויף דער טאַכטערס פולן אַקסל:

— צ׳עט זאָך עפּשאַ איבאָגאָין אַ ביסל, קינדאָ?

— פאַרוואָס ניש? מיטן שענסטן פאַרגעניגן... די מאַמעלו איז טאַקע גע־

רעכט... קים,ווילסט אַראָפּגיין, וועלוול... מ׳עט זאָך אַ ביסל אָפּפרישן אויף דער ליפּט... האַ, וועלוול... וועלוול!...

וועלוול מאַגיד האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ בייזן חלום, זיך אַרומגע־קוקט און געזען צירלען לעבן זיך פון איין זײַט און איר מאַמע מיטן אָנדולירטן קאָפּ פון דער צווייטער זײַט. ווו איז ביילקע? דאָס שיינע פּנימל איז ווי אַוועק־געקומען. זי האָט זיך נישט געוויזן אַ גאַנצן אָוונט. נישט געוואָלט זײַן דערבײַ, די שטיפשוועסטער, זיך אָפּגעטראָגן אויס קנאה, צי סתם אויס פאַרדראָס... זעט אויס, זי איז גאָרנישט ק׳אַזאַ נאַר, דאָס קאָקעטקעלע. דער נאַר איז ער. אַ שטיק בהמה, אַ גלאָמב... ווי אַ גולם געלאָזט מיט זיך אַלץ טון, אָפּנאַרן, פאַרשלײַערן, פאַרקויפן — אַפילו נישט פאַר קיין טאָפּ לינדזן... פאַר אַ פּאָר נאַרישע גלעזלעך בראָנפן מיט אַ טעלערל אײַנגעמאַכטס...

— שלאָפסט, וועלוול? חלומסט? כ׳רעד דאָך צו דיר, וועלוול, הערסט נישט... קים, וועמאַ אַראָפּגיין אין גאַס אַרײַן...

— ווער? איך? נאָכוואָס?

— מיר ביידע. פאַרשטייסט נישט וואָס מע רעדט צו דיר? גיי, נעמאַ אַראָפּ דעם פאַלטן מײַנעם, וועלוולשי, ער הענגט אין שאַנק אויפן הענגער... ניש דעם... יענעם... דעם ברוינעם מיטן פיטערן קעלנערל... ס׳איז קיל אין דרויסן...

אים איז געווען הייס, מאַגידן, אַזש אַ היץ האָט פון אים געשלאָגן. אַ שווייס איז אויף אים אַרויסגעטרעטן ווי ער וואָלט זיך געפינען אין אַ שוויצ־באָד. אַזאַ „קאָוואַל״![1] דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטון צום קאָפּ. אַלע לאַכן מיסתמא פון אים. מ׳האָט פשוט פון אים געחוזקט, אים אויסגעשטעלט אויף לײַטיש געלעכטער. און ווי זיכער זי פילט זיך שוין אין דער נײַער ראָל, צירל!... ווי זי „זשאָנדזשעט״ זיך שוין מיט אים... זי האָט שוין געכאַפּט דעם פויגל אין דער שטײַג... ער האָט נישט געהאַט ווו די אויגן אַהינצוטון. אין יעדנס בליק וועט ער זיך זיכער אָנבאַגעגענען מיט שפּאָט. די צוויי ווײַבער דאָרט מיט די בלאָנדע שייטלען סודלען זיך מיסתמא וועגן אים, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אַזוי אַרײַנפּרײַערן...

ער איז געשטאַנען מיט צירלס פאַלטן אין ביידע הענט, אַ גרייטער אָפּצו־געבן געהאָרכזאַם דאַמען־ערע דער כראַבינע. זי איז צוגעקומען אַ שטאָלצע און פאַרריסענע, צירל, זיך צו „סטאַוויען״ פאַר די מומעס, און זיך געשטעלט צו אים מיט דער פלייצע, אויסשטרעקנדיק הינטנאַרומעט די האַנט אין אַרבל אַרײַן.

ווי אויף צו להכעיס, צו ווײַזן אַלעמען, אַז ער איז נישט קיין מפיל־קינד, מע זאָל אים נישט האַלטן פאַר קיין שמעגדע, האָט ער מיט איין האַנט צוגע־

[1] אַ שפּיצל.

האַלטן אונטן בײַם אַרבל, אַז דאָס הענטעלע אירס זאָל נישט קאָנען אַדורך. צירל האָט געשטופּט די האַנט, געשטופּט אין אַרבל אַרײַן און אַ נעכטיקער טאָג. דער אַרבל איז געווען ווי פֿאַרנייט. זי האָט אַרויסגעקריגן צוריק די האַנט, באַקוקט דעם אַרבל פֿון אַלע זײַטן, ווידער אַרײַנגעשטעקט די האַנט און ווידער איז די האַנט נישט אַדורך, געבליבן דאָרט אין אַרבל־טיפֿעניש ווי פֿאַרפּאַקט.

משה מעט האָט דער ערשטער אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, און גלײַך נאָך אים האָבן זיך צעלאַכט אַלע געבליבענע פּעטערס און מומעס. אויפֿן שטיפֿטאָטנס פּנים האָט זיך געוויזן אַ האַלב־לבנהלע פֿון אַ נצחונדיק שמייכעלע, וואָס האָט ווי געזאָגט: נו, ווער איז גערעכט געווען — איך, צי איר אַלע, חכמעסטעס מײַנע? אַפֿילו די מאַמע האָט זיך צעשמייכלט זעענדיק ווי צירל דרייט זיך אויפֿן קאַריק און קאָן נישט דורכשטופּן די האַנט דורכן אַרבל, וואָס דער חתן האַלט צו פֿון אונטן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אָפּצולאָזן, ס׳זאָל זיך נישט נעמען שיטן פֿון דאָרט ווי פֿון אַ לעכערדיקן זאַק.

פֿונעם אײַנגעהאַלטענעם געלעכטער און שטילן כאַכאַטשען האָט זיך צירל געכאַפּט, אַז דאָס האָט דער חתן אירער חוזק געמאַכט פֿון איר, ער האָט זי פֿאַרשעמט פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. „אַזאַ נאַכאַל״!... אַזאַ גרינגשעצונג צו איר שוין איצט, טאָ וואָס וועט שוין זײַן שפּעטער? — ער וועט זי דאָך נאָכדעם טרעטן מיט די פֿיס... זי האָט אַזש גענומען ציטערן פֿון אויפֿגערעגטקייט, און זיך נישט געמאַכט זען, ווי די מאַמע, אַ צעשמייכלטע נאָך, קנײַפּט זיך אַ באַק, אַז זי זאָל מאַכן אַ שווײַג, די טאָכטער. די צירעלע האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און גלײַך אויפֿגעשטאָכן דעם בלאָטער:

— זוגן זי נאָ ייִנגאַמאַן וואָס פֿאַר אַ פּוילע שטיק איז דאָס? בײַ וועמען האָבן זי דאָס געזעען? יאָך גיי ניש אין ערגעץ! קאָנסט גיין אַליין אַז דו ווילסט, אָבער שוין! די רגע! כ׳זאָל דיך מער ניש אָנקוקן אויף די אויגן!... כ׳העב דיך אָפּקאָכן מיט אַ טשייניק הייס וואַסער!...

זי האָט געגעבן, צירל, אַ רײַס אַרויס דעם פּאַלטן פֿון וועלוול מאַגידן, אים געלאָזט שטיין מיט צענומענע הענט, ווי אַ נאַר, מיט אַ פֿאַרלוירן שמייכעלע, מיטן פּאַלטן אונטערן אָרעם איז זי אַרײַן אין קיך, געגעבן אַ צעפּראַל די טיר און צוריקגעקומען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, וואָס האָט געוויזן וועלוול מאַגידן די ריכטונג, וווהין ער זאָל זיך גלײַך לאָזן גיין און נישט פֿאַרבלאָנדזשען:

— וואָן סטאָנד! די מינוט אַרויס פֿון דאַנען! פֿאַשאָל! רוק זיך! אָבער שוין!... אַוועק פֿון מײַנע אויגן!...

ווען וועלוול מאַגיד איז שוין געווען אויף יענער זײַט טיר, איז זי אַרײַנגעלאָפֿן, צירל, צו זיך אין מיידל־צימער, זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן בעט און לאַנג, לאַנג אַרײַנגעהעשעט אין קישן אַרײַן.

קאַפּיטל צען

# ווי איינער בעט זיך אַזוי שלאָפט ער

פונעם שלימזלדיקן שידוך צווישן צירלען און מאַגידן איז טאַקע גאָר־נישט געוואָרן. מ׳האָט מער נישט גערעדט וועגן דעם. פאַר איר זײַן ׳טרייפענעם נאָמען. ס׳האָט איר געגומען טאַטשען דער וואָרעם פון אומצוטרוי צו די מענער, צו זייערע שיינע וואָזעלינע־ריידעלעך, צו זייער געמאַכטער העפלעכקייט. אַלע זענען זיי נאָר אויסן איינס: צו שטילן דעם יצר־הרע זייערן. מער גאָרנישט. וויפל מע זאָל זיי נישט טרײַבן פון זיך איז אַלץ ווייניק. מע טאָר זיי נישט אַריבערלאָזן איבער קיין שוועל. וואָס פאַרע פאַלשע ברואים דאָס זענען! איבער נאַכט קאָנען זיי ווערן היימיש, נאָענט שבנאָענט, פאַמיליאַר, און פונקט אַזוי גיך — גלײַכגילטיק, קאַלט, אינטערעסלאָז, שטוינענדיק פרעמד.

נישט בלויז צירלען האָט עס נישט געלאָזט רוען, אויך משה מעט איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אינעם פּלאָנטער פון די פאַרקייטלונגען צווישן מענטש און מענטש; פונעם יינגל־מיידל־קנופּ וואָס לאָזט זיך נישט אַזוי לײַכט אויפקניפּן. ס׳איז נישט איין פאָדעם אויפצוּוויקלען, נאָר אַ קנויל פון טויזנט פעדעם. עס שידוכט זיך נישט אַזוי געשווינד ווי דער מענטש וויל. זעט אויס, אַז ס׳גייט נישט בלויז אינעם געפעלן ווערן אַליין. אַ שיין פּנים מיט שיינע פיס איז נאָך נישט אַלץ. מע קאָן אָנטרעפן אויף אַ שיינער פרוי, וואָס זאָל זײַן פול מיט רייץ, פול מיט סעקס־אַפּיל, צוציִענדיק, און מע זאָל האָבן פון איר צו זינגען און צו זאָגן, זיך נאָר צו פאַרווינטשן דעם טויט. זי קאָן האָבן אַ שיין פלוימענמײַלכל נאָר צום קושן, און נײַן מאָס רייד צו פאַרדולן אַ קאָפּ. זי קאָן שפּילן מיט די אויגן צו קריגן די נכפּה פאַר איר, און מאַלן ווי אַ מיל אַז ס׳זאָל זיך פאַרמישן דער מוח מיט די געהירן. אַזאַ שיין דאַמעלע, וואָס ס׳דאַכט זיך אַז זי קאָן קיין צוויי נישט ציילן, קאָן זײַן אַ פלאַטשוף, טראָגן פון איינעם צום צווייטן און אָנמאַכן אַ פײַער, אַז גאַנצע מישפּחות זאָלן זיך רײַסן פאַר די קעפּ ווי די הענער.

דאַקעגן קאָן מען אָנטרעפן אויף אַ פּרוי, וואָס איז נישט אַזוי שיין און נישט אַזוי באַחנט, אָן איבעריקן רייץ און אַלע אַנדערע ווײַבערישע שטיק, און זאָל האָבן אַ נשמה ווי אַ ברילאַנט, זי זאָל זײַן אַ מזג־טוב, וואָס זאָל קאָנען אַ מאַן פאַרזיסן דאָס לעבן. מע מוז זיך טאַקע גוט היטן די ביינער, מע זאָל נישט אַרײַנפאַלן מיטן קאָפּ. ס׳איז דאָך עפּעס אויף אַדורכצוגיין מיט אַ מענטש אַ שטיקל וועגס, מער ווי אַ שטיקל וועגס — אַ גאַנץ לעבן!...

אַזוי זענען אַלע מיידלעך פײַן און גוט און וויל און איידל, און אַלע ייִנג־לעך טויגן אַזוי לאַנג ביז ס׳קומט נישט צו רייד וועגן אַ תכלית. האַלט עס אָבער בײַ אַ שידוך — פאַלט אַלץ אַרונטער אונטער אַ חשד, אַזוי ווי אין אַ געריכט, ווו קיינער איז נישט באַגלייבט אָן עדות. מ׳הייבט זיך אָן באַקוקן פון אַלע זײַטן, זיך נאָכקוקן, נאָכפאָרשן איינער דעם צווייטן נאָך יעדן באַריר און באַוועג, נאָך יעדער מינע און סיגע. ווי אַזוי מע שטעלט דעם פוס, ווי אַזוי מע נעמט דעם לעפל צום מויל. דאָ האָט דער חתן געלאַכט צו הויך. דאָ האָט די כלה געדעדט צו שטיל. כאָטש גיי באַשאַף אַ נײַעם טיפּ מענטש וואָס זאָל זײַן מיט אַלע מעלות־טובות, אָן איין חיסרון. דאָך איז אָבער דער סוף אַזאַ — האָט מען געזען — אַז די איבערקלײַבער, די וואָס קלײַבן לאַנג — פאַלן צום ערגסטן אַרײַן, זיי בלײַבן אויף דער פליישבאַנק, ביי גאָרנישט. אין בעסטן פאַל מיט אַ קליאַק, אַ טויגעניש — נישט צו גאָט און נישט צו לײַט.

וועןביילקע דאָס שיינע פנימל איז אַזייגער איינס בײַנאַכט געקומען פון טאַנצזאַל האָבן זיך שוין אַלע געלייגט שלאָפן. אין דער גרויסער שטוב, ווו משה מעט איז געלעגן אין בעט, זענען די צוויי שימחה־טישן געשטאַנען ווי פאַרשעמ־טע, נישט אַראָפּגערוימטע. דער גאַז איז געווען אַרײַנגעדרייט אַ ביסל און דאָס גאַזליכט פון דער שאַטקע איז געפאַלן איבער דער שטוב מאַט און בלייך.

ביילקע האָט זיך אַ נײַגעריקע אין בלויזן הינטערקליידל צוגעזעצט צום ברודער אויפן בעטל, ער זאָל איר דערציילן ווי ס׳איז צוגעגאַנגען די „קאָמעדיע״.

משה מעט האָט אַרויפגעלייגט אַ פינגער אויף די ליפּן און מיטן ווײַזפינגער פון דער אַנדערער האַנט האָט ער איר אָנגעוויזן אויף דער טיר פון אַנדערן צי־מער, ווו צירל איז, נאָכן פאַרקלאַפּן די טיר הינטער מאַגידן, אַרײַנגעלאָפן מיט אַ געוויין און געקריגן ספּאַזמעס.

— בייג זיך צו נענטער, ביילקע, וועל איך דיר זאָגן. קאָנסט זיך פאַר־שטעלן, ס׳איז געווען יענע חתונה! פרעג שוין גאָרנישט. בילעטן צו נעמען...

— האָב איך דאָך גוט געטון וואָס כ׳האָב זיך באַצײַטנס אָפּגעטראָגן פון יאַריד.

— אַלץ הייסט גוט... דו האָסט דאָ צוגעפּעלט ווי אַ לאָך אין קאָפּ.

אַרײַנאָטעמענדיק אין זיך דעם אָנגענעמען זיסלעכן ריח פונעם מיידל, וואָס

איז געזעסן איבער אים אויפן בעטל, האָט משה מעט אַרויסגעלייגט פאַר איר אַלץ וואָס ער האָט געוווּסט: אַז מאַגיד האָט זיך שוין אַדורכגעלאָזט פון צירלען; אַז זי האָט אים אויפגעשפּילט אַזאַ קאָנצערט וואָס ער האָט נאָך אין זײַן לעבן נישט געהערט! ס׳איז שוין איינמאָל געווען היימלעך, מער ווי בײַם ברעכן די טעלער... צירל האָט אים אַרויסגעוואָרפן פאַרן קאָפּ און אַפילו באַוויזן צו מאַכן אַ חלש אויף אַ רעכטן־אמת:

— צום ערשט וואַרפט זי אים אַרויס — האָט משה מעט צוגעגעבן צום סוף — און נאָך דעם חלשט זי. וואַרף נישט און חלש נישט. באַרעכן פריִער וואָס דו גייסט טון — וועסטו דאָך פאַרשפּאָרן חרטה צו האָבן... נישט אַזוי? — האָט משה מעט זי אָנגענומען פאַר דער הייסער האַנט אירער.

ביילקע האָט געגעבן אַ טאַנץ אַראָפּ פון ברודערס בעטל און געטון אַ שטעל אַרײַן אין שפּיגל דאָס לאַלקע־פּנימל אירס, צונויפגעשנאָבלט די ליפּעלעך, ווי צום געפעלן ווערן די ייִנגלעך און ווי צו זײַן זיכער אַז מיט איר קאָן אַזוינס נישט געשען, זיך אויסגעדרייט צום ברודער מיטן אָנגעשטעלטן קאָקעטישן מי־בעלע:

— ווען זי וואָלט געווען אַזוי קלוג, וואָלט זי דאָך געהייסן שלמה און נישט צירל. אַ מענטש זאָל זײַן אַזוי „וויבערעדנע”[1] און כסדר גרימאַשען: דער געפעלט איר נישט, יענער טויג איר נישט... וואָס שטייט זי אַזוי אין גרויסן וואָס?... ווער ס׳זעט נישט די מציאה וואָס מע קאָן דאָ כאַפּן אין איר... נישט אַנדערש נאָר די מאַמע אירע האָט צוגעגרייט פאַר איר אַ שפּאָר קניפּל, אַ פעטן נדן...

— ס׳גייט נישט אין נדן — האָט משה מעט איר געעפנט די אויגן — זי האָט מורא אַז דו זאָלסט פריִער נישט חתונה האָבן, און דעמאָלט וועט זי טויגן בלויז אויפן יאַטקע־קלאָץ, זי וועט בלײַבן אויף דער פליישבאַנק אַזוי ווי אַלע פאַרזעסענע מיידן... זי איז דאָך עלטער פון דיר, וויל איר די מאַמע אירע פריִער אַרויספּאַקן פון שטוב...

— איך לאָז איר צו דאָס גליק צו יעדער מינוט — האָט זיך ביילקע גע־געבן אַ שטעל מיט די בריסטלעך פאָרויס — זי האָט זיך געיאָגט — האָט זי. נאָך טאַקע גוט וואָס איך בין נישט געווען בײַ דערבײַ. ווען ס׳טרעפט אַזוי אויף מיר, אַ ייִנגל זאָל מיר טוען אַזאַ זאַך — גיי איך אַראָפּ פון פערטן שטאָק...

— שאַ! רעד נישט אַזוי הויך, צירל קאָן נאָך הערן... זי ליגט אינעווייניק אויפן בעט אַזוי ווי זי האָט זיך אַרויפגעוואָרפן — אין אָנטועכץ...

— אַ נאַרישע מויד אַזאַ... ס׳פעלן ייִנגלעך... זי האָט דאָך אים נישט ליב געהאַט... די ליבע האָט בײַ זיי געברענט ווי אַ נאַסע שמאַטע. זי האָט זיך דאָך

[1] איבערקלײַבעריש.

נישט געלאָזט אָנרירן פון אים... ווי זי וואָלט געווען אַ הייליקע... איז אַ וווּנדער וואָס אַ יינגל אַנטלויפט...

— גייסט זיך אַריין לייגן, ביילקע, פרעג זי גאָרנישט... זי וועט זיך באַלד ווידער צעוויינען... ווייבער, ווייבער... ס'איז דאָ מיט וועמען צום טיש צו גיין...

פּונקט ווי דאָ, פון דער זייט מיידל־צימער, איז אָנגעגאַנגען אַ שמועס וועגן צירלען, אַזוי איז אויך אויף יענער זייט פון צירלס צימער, אין דער שלאָפשטוב פון טאַטן מיטן ווייב זיינעם — גערעדט געוואָרן וועגן דעם צעבאַלעוועטן פירעכץ פונעם הײַנטיקן יונגוואַרג וואָס רעכנט זיך נישט מיט קיינעם און מיט גאָרנישט, נאָר מיט זיך אַליין. זיי זענען דאָס אייבערשטע פון שטייסל, דער פּופּיק פון דער וועלט, זיך האָט מען אין זינען, אַז ס'זאָל נישט געמינערט ווערן קיין הערעלע אויפן קאָפּ. אַלץ אַרום מעג אַפילו אײַנזינקען, וועט זיי אויך נישט אַרן, נישט געבן צומאָל קיין טשעפּ...

נאָר ר' שיִעלע פאַרבער איז פון די מעטס. די מישפּחה מעט האָט פיינט זיך צו נעמען צום האַרץ בילע־וואָס, זיך איבערנעמען מיט יעדער נאַרישקייט. ס'איז דען דאָ עפּעס טײַערערס בײַם מענטש ווי דער מאָטאָר זײַנער? קיין בעסערס אויף אריכת־ימים, ווי אַ געזונט האַרץ, האָט נאָך דערווײַל קיין שום דאָקטאָר נישט אויסגעקלערט. מוז מען עס היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. אַלץ קאָן מען אין מענטש פאַרבײַטן אַ חוץ אַ האַרץ. קיין צווייטס וועט מען דיר נישט אַרײַנזעצן. טאָ געב אַכטיק ס'זאָל נישט צופיל אָפּגעניצט ווערן. נאַרישע מענטשן האָבן אַ טבע צו מאַכן באַלד פון יעדער קלייניקייט אַ גאַנצע טראַגעדיע, אַז ס'איז זיך נישטאָ פון וואָס איבערצונעמען:

— ווייסאָך וואָס... אויך אַ מענטש צום טיש... ער איז אַזוי אַן אָפּערן־זיבגער ווי איך אַ טענצער... אַ לאַטיק דאָרט... זי האָט גאַנץ גוט געטון דײַן צירל. אָפּגעהאַקט און פאַרטיק. בעסער פריִער צו וויינען איידער שפּעטער. ס'וואָלט געווען ערגער ווען זי קריכט מיט אים אַרײַן אין די הויכע גדולות אַרײַן, און אַזוי — אויס כלה, ווײַטער מויד. ס'איז איר דען עפּעס אָפּגעקומען? מילא, איז נישט געטראָפן. אָבער ווען מע הייבט באַלד נישט אָן, אַזוי ווי איך האָב געזאָגט, וואָלט צו דעם אַלעם נישט געווען געקומען. דאָס איז אַז מע פאָלגט נישט קיין מאַן, און מע גייט נאָך נאָכן ווײַבערישן שכל... אַזוי ווי איינער בעט זיך — אַזוי שלאָפט ער... וואָס איז זיך דאָ איבערצונעמען? ס'איז דאָך שוין אָפּגעטון, יאָ? איז פאַרפאַלן... וויש זיך אָפּ ס'מויל און מאַך אַ שוויַיג.

ריווטשען אָבער האָט עס געקאָסט אַ שטיק געזונט. זי האָט זיך עס גאָר נישט געקאָנט שענקען. זי איז דאָך צירלס מאַמע. יעדע מאַמע אויף איר אָרט וואָלט עס איבערגעקרענקט, אַזאַ ווייטיק! זי האָט זיך שוין געהאַט אַרײַנגעפילט אין דער ראָל פון אַ מחותנתטע. שוין געוואָלט דערלעבן אַ שטיקל נחת פונעם

מיידל. די שטענדיקע מורא, די טאָכטער זאָל נישט אַרויס לתרבות־רעה, האָט זי געטריבן צו טון כלערליי אומבאַרעכנטע זאַכן, און שפּעטער זאָל זי זיך דאַרפן רײַסן די האָר פון קאָפּ.

זי האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט צוטון קיין אויג. די געזאָלצענע הערינג מיט די אייער־קיכלעך האָבן בײַ איר אַרויסגערופן אַ ברענעכץ אויפן האַרץ און געקלעמט אין מאָגן, אַז זי האָט געמיינט, זי קומט אום.

ס׳זאָל איר אַזוי נישט ברענען, ריוועטשען, האָט זי זיך אויפגעזעצט אין בעט, גענומען העכער דאָס קישן, ס׳זאָל איר זײַן באַקוועם צו זיצן. זיך צורעכט געַ־מאַכט די קופּקע אויפן אויסגעשוירענעם קאָפּ מיטן שיטערן בינטל האָר בײַ די זײַטן, וואָס זי קעמט זיי אין שייטל אַרײַן, ס׳זאָל אויסזען ווי די אייגענע האָר, און געטענהט מיט זיך אַליין, כאָטש זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז איר שיִעלע אין אַנדערן בעט, אַקעגנאיבער בײַ יענער וואַנט, שלאָפט נאָך נישט:

— אין וועמען געראָט עס אַרײַן, וואָלט איך געוואָלט וויסן? אַ מענטש זאָל זיך נישט קאָנען באַהערשן... וואָס האָט ער דען אַזוינס געטון? גאָרנישט. גע־מאַכט אַ וויץ... און דאָס האָט אַזאַ פּאַסקודנע בלוט אין זיך, די מויד, אַז ס׳איז גאָרנישט צו מאַכן מיט איר. ס׳האָט איר מיסתמא געמוזט גוט ווײ־טון... וואָס אַ מיידל דאַרף אַלץ אויסשטיין — פריִער, שפּעטער און נאָכדעם... אָרעם שוועל־בעלע מײַנס! די מאַמע דײַנע איז מער שולדיק פון דיר... נישט באַדאַרפט צו־רעדן... ס׳וואָלט דאָך אָבער נישט גענומען קיין סוף און קיין ענד... עפּעס האָט עס מיר אויסגעזען ווי זי אַליין, צירל, וואָלט עס געוואָלט אויסגעקוקט, ס׳זאָל זיך אַזוי ענדיקן... נישט אַנדערש, נאָר זי טראַכט וועגן אַן אַנדערן ,אַ צווייט יינגל... שיִעלע, שלאָפסט, שיִע?...

פון צווייטן בעט איז נישט געקומען קיין ענטפער. בײַ שיִעלע פאַרבער קאָן מען פּועלן, ער זאָל זיך מאַכן שלאָפן אויך... ער זאָל זיך נישט דאַרפן דענער־ווירן, צופּיל אַרײַנטראַכטן, דרייט ער זיך אויס צו דער וואַנט און: — שלאָגט זיך אַליין קאָפּ אין קישן... וואָס דאַרפט עץ מיך פאַר אַ שותף?... — אוי, מאַן מײַנער!... ווי דאָס האָט זיך ליב...

אַזוי זיצנדיק אָנגעשפּאַרט אויפן הויכן קישן מיט אָפענע אויגן אין דער פינצטער ביז גוט שפּעט, האָט עס איר מיד געמאַכט, ריוועטשען. דער קאָפּ האָט פּאַמעלעך גענומען אַרונטערפאַלן, זינקען, זיך פאַרהייבן און ווידער אַרונטער־לאָזן זיך, איין מאָל און נאָך אַמאָל, און אַזוי האַלבליגנדיק איז זי אײַנגעשלאָפן, נישט קריגנדיק פון מאַן קיין ענטפער.

קאַפּיטל עלף

# פּאַרטאַנס אויף אַלטשטאָט

צומאַרגנס אינדערפרי איז די פאַרשעמטע כלה אויפגעשטאַנען נאָך איידער עמעץ האָט זיך איבערגעוועקט אין דער שטוב. אין פענצטער האָט קוים געגומען גראָען אויף טאָג. דער שלאָפשפּינוועבס האָט זיך נאָך געפּלאָנטערט אין די מיידלשע צעשויבערטע האָר. זי האָט זיי נישט צונויפגענומען, צירל. זיי זענען געפאַלן אין קודלעס איבער די אויסגערונדיקטע אַקסלען און צוגעגעבן דעם בלייכן פּנים מיט די אונטערגעשלאָגענע אויגן אַן אומהיימלעכן געשפּענסטיקן אויסזען.

מיט שטילע טריט איז צירל אַריַין אין דער גרויסער שטוב. דער גאַז איז געווען אַראָפּגעדרייט אויף אַ קליין גרינלעך פּיַערל, וואָס מ׳האָט פאַרגעסן אויסצולעשן און ס׳האָט דערמאָנט אין אַ יאָרצײַט. ווי דורך אַ נעפּל, וואָס נעמט זיך אויסקלאָרן, האָט דאָס אויג אירס אַרומגענומען די גאַנצע אומאָרדענונג מיט די צערוקטע שטולן בײַ די טישן מיט די אומגעקערטע ליידיקע בירפלעשער, מיט די קלאָשן און טעלער מיט פאַרטריקנטע שריים פון דער נעכטיקער מלווה־מלכה. די אַלטמאָדישע שענק מיטן קרעדענץ האָבן זיך געטונקלט בײַ די ווענט מיט אַ גרינלעך־ברוינלעכן אָפּגלאַנץ פונעם גאַזלאָמפּ איבערן גרויסן טיש.

אַרויף־צו בײַ דער טיר, וואָס פירט דורכן קאָרידאָרל אין קיך, איז משה מעט געלעגן אַן אָפּגעדעקטער מיט יִנגלשער שוואַרצבאַוואַקסנקייט, וואָס האָט לאָקערנדיק אַפּערגעקוקט פון דער אָפּגעוואָרפענער קאָלדרע, אָפּגעקאָפּעט פון זיך אין אומרויִקן שלאָף. אויף די שפּיץ פינגער איז צירל צוגעגאַנגען צום שטיפּ־ברודערס בעטל און זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַל. ס׳האָט זיך דערטראָגן אַ שאָרך פון דער אַנדערער שלאָפשטוב. דער שטיפטאַטע הייבט זיך שוין אויף צו דער אַר־בעט. אַ צעפּאַטלטע האָט צירל אָנגעכאַפּט אַ שפּיץ קאָלדרע און צוגעדעקט דאָס שלאָפנדיקע יִנגל. משה מעט האָט זיך איבערגעוועקט מיט אַ פאַרצאַפּל פון דער צעשויבערטער געשטאַלט וואָס האָט זיך גיך דערוועַטערט מיט שאָרכלאָזע טריט אין דער טיף פונעם צימער. מיט האַסטיקע באַוועגונגען האָט צירל גענומען ברענגען די שטוב אין אָרדענונג. הינטער איר האָט זיך אין צעשווומענע קאַנ־טורן געצייכנט אַ צעוואָקסענער שאָטן וואָס האָט טונקל אַ פלאַטער געטון איבער די געלבלעכע ווענט. שאָטנס פון צעקרומטע בענקלעך און שטולן האָבן זיך פאַר־הויבן איבערן סופיט. דער ווײַבערישער טיש — דער שמאָלער פלאַט מיט די סטאַלוגעס־געשטעלן — איז פאַרשווינדן פון שטוב. זי האָט אָפּגערוימט יעדן זכר, צירל, פון דער נעכטיקער צוגעאײַלטער פרי־צײַטיקער שימחה, וואָס האָט

זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט — ס׳זאָל קיין שום זאַך נישט זײַן צו דערקענען, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געווען געשען.

פונקט ווי זי האָט זיך נעכטן אויפדערנאַכט אַזוי שטאַרק איבערגענומען מיט דער חרפּהדיקער חוזק־סצענע און באַליידיקטער אייגנליבע, אַזוי האָט זי איצט געפּילט אַ דערלײַכטערונג, ווי איינער וואָס וואַרפט פון זיך אַראָפּ אַ שווערע משׂא. זי האָט מער נישט געוואָלט וויסן פון אים, פון דעם אויך־מיר אַ חתן, אויף אַזוי ווײַט, אַז ווען משה מעט מיט וועלוול מאַגיד האָבן זיך צוגעשטעלט צום פּוילישן מיליטער, איז זי אַליין נישט געגאַנגען און פאַרארבעט אַזוי, אַז אויך די מאַמע אירע מיט ביילקען זאָלן נישט גיין צום „זבאָרני־פּונקט״, פון וואַנען מ׳האָט די מאָביליזירטע געפירט צו דער באַן, זי זאָל זיך נישט דאַרפן טרעפן מיט איר געוועזענעם חתן־דנן, וואָס איז געוואָרן משה מעטס בעסטער חבר.

זי איז געווען אַן אַמביטנע און אימפּעטיקע, די שטיפשוועסטער משה מעטס. ס׳איז געווען אַ מורא מיט איר אָנצוהייבן. זי האָט זיך געקאָנט אײַנבאָדן אין יענעם אויף נישט אויסצוקריפן זיך אַ גאַנץ לעבן פון איר. ווען זי איז געווען גוט, וואָלט זי די נשמה פון זיך אַוועקגעגעבן פון געטרײַשאַפט. זי האָט עס אָבער אויך געפאָדערט פון יענעם. אַ פולשטענדיקע קעגנזײַטיקע איבערגעגעבנקייט פוןביידע צדדים, אָן פּשרות, אָן סליחה־ומחילה: אַזוי בין איך און אַזוי וויל איך פון דיר, און ווער ס׳באַשטייט נישט — האָט אַ ברירה. זי איז זייער אַ טשעקאַווע מויד געווען, נישט פון די דורכשניטלעכע, די שטיפשוועסטער זײַנע. ער וואָלט זי איצט שטאַרק געוואָלט זען, צירלען, ווי זי זעט אויס. צי זי האָט זיך עפּעס אַ סך געענדערט פאַר דער צײַט וואָס ער איז געווען אויפן פראָנט. צי זי איז נאָך אַזוי שלאַנק און שיקאָוונע, אַזוי צוציִענדיק. זי האָט נישט געלאָזט זײַן גלײַכגילטיק צו זיך, געפאָדערט אויפמערק פון אַלעמען אַרום איר, געמאָנט אינ־טערעס צו איר פּערזאָן, כאָטש זי איז נישט געווען באַשאָנקען מיט קיין באַ־זונדערער אָנזעעוודיקייט, זי זאָל זיך אויסצייכענען מיט עפּעס אַנדערשדיקס פון אַזאַ שטייגער מיידלעך ווי זי.

דאָס פּנים אירס האָט נישט געקאָנט אַזוי צוציִען צו זיך און פאַראינטרי־גירן ווי ביילקעס שיינע פּנימל, וואָס איז געווען אַרויסרופעריש און זיך אויס־געטיילט אומעטום. די גענוג־רעגולערע שטריכן אירע האָבן אין ערשטן אויגנ־בליק נישט איבעריק אַרויסדערציילט פון דער כאַראַקטערפולקייט פון אַ מויד אַ ברען וואָס וועט ווי אַ פרילינגבוים צעשיטן אַרום זיך די בליטן אויף אַלע זײַטן, אָן חשבון און באַרעכנטקייט. פאַרקערט, אינעם עטוואָס שאַרפן בליק פון די טיפע מאַנדל־אויגן און אינעם נישט־ווייכלעכן אויסבייג פון די מוילווינקלען און אַרום דעם פולן נעזל, וואָס האָט ווי געבלאָזן פון זיך, איז געלעגן אַ נישט־צוגע־לאָזנקייט צו זיך און נישט־נאָכגיביקייט, וואָס האָט אָפּגענומען בײַם מאַנצפּאַר־

שוין דעם חשק פון פרווון זיך דערנענטערן צו איר מיט יינגלערישער לײַכטזיני־קייט, ווי צו יעדן מיידל אין דעם עלטער.

פון דער נאָענט אָבער האָט געשטראַלט פון איר מיט אַזאַ ווײַבלעכער רחבות, מיט אַזאַ צוזאָגנדיקייט, וואָס איז געווען בכוח צו פּאַרגיטיקן און באַ־צאָלן צען מאָל אַזוי פיל פאַר די אַלע ביטערנישן און פאַרביטערונגען, וואָס דער דינער שניט פון אירע ליפּן האָט נישט געמאַכט קיין סוד דערפון און באַלד אויפן אָרט געזאָגט, אַז דאָס גוטע און באַגערנדיקע, וואָס קומט־אָן לײַכט, איז נישט אַזוי זיס אויפן גומען, ווי דאָס וואָס קומט־אָן שווער און ביטער, נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען און ניסיונות.

דאָס העלע לײַב אירס האָט ער געקענט פון דער נאָענט, משה מעט. אירע קײַלעכיקע עפּלפאָרמיקע בריסטן זענען געווען קוועליק און יאָדערדיק — אַ צו־זאָג אויף אַ גוטער יינגמאַמעדיקייט. אַ סך פאַרגעניגן האָט אים פאַרשאַפט זײַן יעדער צוריר צו זיי מיט זײַנע ריינע קלאָרע הענט אין יענע לאַנגפאַרגאַנגענע יינגלשע נעכט אין דער היים, אָט די הענט זײַנע, די צעשעקעטע און באַאָדערטע האָבן באַרירט איר הייס יינגמיידליש לײַב.

ער האָט באַקוקט זײַנע הענט, משה מעט, פון אַלע זײַטן. אין בלאָלעך־גראָען שײַן פון ערב טאָג־אויסברוך האָבן זיי זיך געשוואַרצט מיט שטיקער פאַרטרוקנ־טע בלאָטע און גלאַנציקער פאַרצויגנקייט פון שוואַרצפאַרגליווערט בלוט צווישן די פינגער. אין דער קלויסטער־טיפעניש דאָ אויפן אַלטשטאָט, ווו ער איז אײַ־בערגעקומען די קילע נאַכט, האָט אויף אים אַ ווייע־געטון מיט ווײַסל־ריח און שליימיק פוילעכץ. ער האָט אויפגעשוידערט מיטן גאַנצן קערפּער. ווי אַ נאַסער הונט, וואָס טרייסלט פון זיך אָפּ די וואַסער־טראָפּנס, אַזוי האָט ער געפּרווט אָפּטרייסלען פון זיך די זיסע מחשבותן, וואָס האָבן זיך געלאַשטשעט צו אים, געטוליעט און נישט געוואָלט אָפּטרעטן. יאָ, מיט אָט די הענט האָט ער באַרירט אַ קלאָר צעבליט מיידל־לײַב וואָס האָט געגאַרט זײַנע לאַשטשערײַען און געוואַרט אויף זיי מיט אומגעדולד אין די נעכט.

איצט געהער זי דאָך אים בכלל שוין גאָרנישט אָן. נישט דער טאַטע זײַנער לעבט און נישט די מאַמע אירע איז דאָ אויף דער וועלט.ביידע זענען שוין אויפן עולם־האמת. זי איז אים שוין נישט בלויז נישט קיין שטיפשוועסטער, נאָר אַפילו נישט אויף אַזוי פיל וויפל אַ ווײַטע קרובה איז. — זי איז אים אַ ווילד־פרעמדע, ווי יעדער איינער אין גאַס. אָבער נישט ווי יעדער. דאָך אַ נאָענטע. ס'איז אַן אַנדערע נאָענטקייט, נישט קיין מישפּחהדיקע. אַ לײַבלעכע נאָענטקייט וואָס הערט נישט אויף צו וואַרעמען; אַן אָפענע, אַ פאַרהיימישטע, וואָס האָט נישט מער קיין שום פאַרבאָרגנקייט און סודות, וואָס זאָלן קאָנען אָפּטיילן, פאַרשטעלן און מאַכן פאַרגעסן; אַזאַ, וואָס פאַרבלײַבט רייצנדיק, צוציִענדיק ביז

אויפצאַפּל בײַם בלויזן אַרויסרוף פון דער געשטאַלט אין זיכרון, בײַם דערמאָנען זיך אין איר און זי זען פאַר זיך אַ לעבעדיקע.

זי האָט שטענדיק אין אים אַרויסגערופן עפּעס אַ נאָגנדיקן אומרו, אַן אויפֿרודערונג אין בלוט, כאָטש זי איז געווען אַרום אים טאָג־טעגלעך, שטענדיק פאַרן אויג. ווען ער טרעפט זי אַזוי בײַטאָג אין גאַס, צירלען... ער וואָלט אַפילו נישט צוגעגאַנגען צו איר. זיך נישט געמאַכט זען. ער וואָלט אַריבער אויפן אַנדערן טראָטואַר זיך נישט אַנצוטרעפן מיט איר בליק. אין אַזאַ הולך ווי ער איז, אין דאָזיקן פאַרבלאָטיקטן אויסגעריכטן שינעל... ער וואָלט זיך פאַר איר באַגראָבן פון חרפה. און אפשר וואָלט זי אַליין זיך נישט געמאַכט אים דערקענען. אויף צירלען וואָלט מען עס געקאָנט גלייבן. אַז זי האָט געהאַט אין זיך קוראַזש צו שיקן דעם חתן גלײַך נאָך די תנאים צו אַלדע טײַוול, וואָלט זי מיט אים אויך נישט געווען געמאַכט קיין גרויסע צערעמאָניעס. סוף־כל־סוף געהערט זי אים גאָרנישט אָן. און ער קאָן צו איר גאָרנישט האָבן. יעדער האָט אַ רעכט צו לעבן זײַן לעבן אַזוי ווי ער פאַרשטייט און ווי זײַן געוויסן זאָגט אים.

ווען זי וואָלט אַפילו געווען פאַרליבט אין אים, וואָלט זי אים אויך געווען אויסגעמיטן אַצינד אין דאָזיקן מעמד זײַנעם. פרויען האָבן ליב מע זאָל זיך פאַר זיי ברענגען פאַר אַ קרבן, מע זאָל פאַר זיי גיין אין פײַער אַרײַן, און נישט זיי — פאַר יענעם. ווי קאָן ער בכלל טראַכטן וועגן איר אין אַזאַ לאַגע. זי וואָלט זיך פשוט אָפּגעקערט פון אים מיט עקל... ער וואָלט עס איר צומאָל נישט גענומען פאַר אומגוט. ווען זי ווייסט, אַז דאָס איז ער, אָט דער וואָס ליגט דאָ אַ צונויפֿגעקאָרטשעטער בײַ דער קלויסטערוואַנט, ווי אַ היימלאָזער הונט, ערגער ווי אַ קופּע שמאַטעס, ער, משה מעט, דאָס צאַרטע און ציטערדיקע יינגל... זי וואָלט געלאָפן ווו די אויגן וואָלטן זי געוועזן געטראָגן... ער געהערט דאָך צום אָפּפאַל... אַ מענטש אַ שמאַטע. מע לאָזט דאָך אים איבער קיין שוועל נישט אַריבער. ער האָט זיך נישט ווו אַהינצוטון... אַן איבעריקער מענטש אין דער וועלט פון די לעבעדיקע... אַ לעבעדיקער מת... מענטשן מײַדן אים אויס, רוקן זיך אָפּ פון אים, ווי פון עפּעס אַ געשפּענסט, אַ קרעאַטור... אַן אָפּשרעק געוואָרן פאַר מענטשן...

ווען ער זאָל זיך איצט אָנקוקן אין אַ שפּיגל און זען ווי ער זעט אויס, וואָלט ער זיכער נישט געקלערט קיין סך און געמאַכט אַ סוף צו אַלעם... ניין, דאָס נישט! ער וואָלט קיינמאָל נישט פעיִק געווען אויף אַזאַ זאַך. ער וואָלט עס קיינמאָל נישט געווען געטון... נישט דערפאַר ווײַל ער איז אַ פּחדן און האָט נישט קיין מוט צו טון אַ געוואַגטן שריט... דאָס זיכער נישט... נאָר פשוט צוליב דעם ווײַל ער וויל נישט אויפהערן זיין... וואָסער פּנים דער זײַן זאָל נישט האָבן... נאָכדעם איז מער גאָרנישטאַ... עקזיסטירט נישט מער קיין וועלט. מיטן מאָמענט פון פאַרשווינדן איז תיכף אַלץ איינס צי אַ וואָך, אַ חודש, צי טויזנט יאָר פון

אויפהערן זײַן. געװען און נישטאָ װי קיינמאָל נישט געװען. און ער װיל נישט ס׳זאָל אויפהערן די עקזיסטענץ... ער װיל נישט! ער װיל נישט!...

ער האָט זיך אַן אַדורכגעקילטער נאָך מער אײַנגעקאָרטשעט, זיך צונויפגע־דרייט אין אַ קוטשקע. ער האָט פֿאַררוקט איין האַנט אין דער צווייטער — פֿאַר־שטעקט אין די ברייטע אַרבל פֿונעם שינעל. אין די אויגן האָט געגליט אַ צע־פּיבערט פֿײַער. אַ נעפּלדיקע שווערקייט האָט געדריקט אויפֿן מוח, נישט קיין באַוועג צו טון מיטן קאָפּ. ערגעץ האָט זיך געטראָגן אַ ווײַט קוילערן פֿון באַנרע־דער, שאַרפֿע ווינטלעך זענען אָנגעלאָפֿן פֿון ווײַסלבערג, וואָס איז געלעגן אונטן אַראָפּ, מיט די שטיינערנע שטיגלעך אַראָפּצוגיין.

ס׳האָט פֿאַרשמעקט מיט פֿרישער פּרימאָרגנדיקער ווײַסל־לופֿט. אין גראָען שײַן האָבן גענומען אויפֿשײַנען שטיקער דרויסנדיקע ווענט מיט אײַנגעמויערטע שטיינער ווי די הויקערס. ס׳האָט זיך אויסגעשיילט די האַלברונדיקייט פֿון דער קלויסטערוואַנט מיט די שווערע טירן. ער האָט פֿאַרהויבן זײַן בליק אַרום זיך. איבער אים האָט ער דערזען הענגען דעם געקרייציקטן מיטן אויסגעווייקטן בערדל מיט די צענומענע הענט און פֿאַרלייגטע פֿיס. ער איז אַזוי געהאַנגען איבער זײַן צוקאָפּנס אַ גאַנצע נאַכט אין דער נישע־טיפֿקייט פֿון „הייליקן יאַן”, געוואַכט איבער אים און פֿאַרנומען זײַנע אַלע צעהיצטע מחשבות וואָס האָבן נישט אויפֿ־געהערט צו מאַטערן אין זײַן שלאָפֿלאָזיקייט. ער קוקט איצט אַראָפּ אויף אים מיט אַזאַ מיטלייד, מיט שטומען צער, ווי ער וואָלט אים, משה מעטן, געוועזן מיטגעפֿילט אין זײַן געפֿאַלנקייט און אויסוועגלאָזיקייט; אין זײַן אומבאַהאָלפֿנ־קייט אַקעגן דעם אָנקום פֿונעם נײַעם טאָג, וואָס דרינגט אַרײַן דאָ אינעם קלויס־טערגעסל אַלץ העלער און ליכטיקער, צוזאַמען מיטן פֿריִען גערודער פֿון די גראָע אַרבעטמענטשן, וואָס אײַלן פֿאַרבײַ צו פֿאַבריקן און וואַרשטאַטן, צו באַשעפֿטי־קונג, צו אַרבעט, צו שאַפֿונג און בוי.

די טורעמגלאָקן פֿון דער הייך איבער אים האָבן זיך פֿלוצלינג אַ צעוויג־געטון מיט אַ געהילך. דער קלויסטער פֿון הייליקן יאַן האָט זיך אויפֿגעוועקט פֿון דער בײַנאַכטיקער פֿאַרשלאָסענער שטומקייט. דאָס דומפּע געקלאַנג האָט זיך צעשיט אומעטיק און מאָנאָטאָן איבערן אויפֿגעוואַכטן קלויסטערגעסל און אָנ־געזאָגט דאָס אויפֿגיין פֿון אַ נײַעם באַגינען.

משה מעט האָט צונויפֿגענומען אַלע כּוחות און אויפֿגעשטאַנען מיט צע־ווייטיקטע גלידער. ווי אַ שאָטן האָט ער זיך געשאַרט בײַ דער וואַנט, זיך גענומען דערווײַטערן פֿון זײַן בײַנאַכטיקן שטיינערן געלעגער, פֿון די לאַרעמדיקע קלויס־טערשע גלאָקנקלאַנגען און אומגעבעטענעם שומר־חינם, וואָס האָט געוואַכט איבער אים אַ גאַנצע נאַכט.

## קאַפּיטל איינס

# אַז איינער טרינקט זיך...

ווײַט פֿונעם גרויסשטאָטישן געוויש און האַרמידער — אַראָפּצו צום רחבֿותדיק־אויסגעשפּרייטן ווײַסלברעג — שלענגלען זיך, פֿאַרפּלאָנטערן און פֿאַרקריכן איינס אין אַנדערן די ענגע שמאָלע געסלעך פֿון וואַרשעווער אַלט־שטאָט. לענג־אויס פֿון ביידע זײַטן פֿאַסיקלעך־טראָטואַרן שטופּן זיך צונויפֿגע־דרענגטע די אַרומגעשיילטע מויערלעך, ווי אַ כאָפּטע אָפּגעריסענע שלעפּערלעך, וואָס ווערן געהאַלטן הינטער אַן אומגעזעענעם באַריער. גענוג איין ווונק אַז אַלץ זאָל זיך הפֿקרדיק צעלויפֿן אין אַלע זײַטן, רײַסן און פֿליקן פֿון לעבעדיקן און טויטן, מאַכן פֿון אַלעם אַ וויסטן תּל. די געדיכט־באַשטעלטע הײַזער שטאַפּלען זיך נידעריק־געזעצטע אויף אַראָפּ מיט שיפּע רויטע שינדלדעכער, מיט פֿינצ־טערע טויערלעך־לעכער, וואָס פֿירן אין טונקעלע הייפֿלעך, געלאַטעט פֿון אויבן מיט שטיקלעך און ברעקלעך הימל, פֿון וואַנען ס׳זופּט זיך אַראָפּ דער מוטנער ברודיקלעכער טאָגשײַן און דרינגט אַרײַן אין די טוכלע שטובן דורך די האַלבֿ־בלינדע פֿענצטערלעך מיט אייביק־פֿאַרהויכטע און פֿאַררויכטע שײַבלעך ווי פֿאַר־צויגענע בעלמעס.

די אומהיימלעכע בײַכיק־אָנגעשוואָלענע הײַזער מיט אַרויסשטאַרצנדיקע הויקערדיקע שטיינער, וואָס זענען אײַנגעמויערט אין די ווענט ביז אַרויף צו די פֿענצטער פֿון די הויכע פֿאַרטערן מיט קראַטן, וואַרפֿן־אָן אַ מרה־שחורה און אימה, מאַכן געדיכטער די שטיקנדיקע ענגשאַפֿט פֿון די מיטלאַלטערלעכע געסלעך־לאַבירינטן, וואָס פֿירן פֿון איין פֿינצטערניש אין דער צווייטער, ווי פֿאַרדומפּענע תּפֿיסה־קאָרידאָרן, וואָס קאָנען נאָר פֿירן צו אָפּגעשלאָסענע צעלעס און קאַרצער־קעלערן, אָבער נישט צום ליכט, צו דער פֿרײַ.

שטענדיק, ווען מע זאָל נישט אַרײַנפֿאַלן אַהער — אין מיטן טאָג צי קעגן נאַכטאָנקום — טרעפֿט מען דאָ אַן אָנגעגליטע לופֿט פֿון פֿאַר אָדער נאָך אַ געשלעג. די געסלעך ראָיען זיך פֿון מענטשן־געזעמלען פֿון כלערליי טיפּן און פֿאַרשוינען, פֿון טומלרייד, וואָס טראָגן זיך פֿון צעעפֿנטע פֿענצטער און צעפּראַל־

טע טירן, וואָס קאָנען זיך פונקט אַזוי אומגעריכט און גיך פאַרקלאַפּן און פאַר־העמערן און בלײַבן טויב צום ערגסטן וואָס זאָל נישט פאָרקומען אַרום זיי, ווען ס׳האָט נישט מיט זיי קיין נאָענטע און דירעקטע שײַכות.

אויף די שווערן וואַקסן פּלוצים אויס צעשויבערטע פּרויען אין צעכראָס־טעטע קורצע יאַקעס און האַלקעס ביז די קני, אין נישט־פאַרקנעפּלטע בלוזקעס, אַרויפגעכאַפּטע אויף גיך ווי בעת אַ שריפה. עס אַרט זיי נישט וואָס ס׳זעט זיך פאַרשײַט אַרויס שטיקער נאַקעט לײַב. ווי זיי אַליין זענען זייערע רייד — ברוטאַל־אָפּגעדעקטע, נאַקעטע און רויע, ציניש, אָן אַ ברעקל בושה און זשע־בירטקייט. זיי טענהן זיך אויס צווישן זיך מיט הייזעריקלעכע, שאַרפצעבייזערטע שטימען, דורכגעוואָרפן מיט שנײַדנדיקע קוויטשן און געלעכטערס, באַגלייט מיט איבערגעטריבענע האַסטיקע באַוועגונגען און זשעסטן, וואָס גיבן־איבער די בלו־טיקע פאַרלויפעניש פון די באַטייליקטע אין די געשלעגן, ליבע־סצענעס און פאַרראַטן.

די מענער קומען אַהיים שיכורע און צעבלוטיקטע — טייל מאָל ווי צע־שלאָגענע, אָן אַנדערש מאָל ווי די שלעגערס. זייערע רויע באַפעלערישע שטימען פאַלן ווי די האַמערס איבער די קעפּ פון די אונטערטעניקע פרויען, וואָס וואַגן זעלטן צו דערווידערן דער צודרינגלעכקייט פון די מענער זייערע. די אויבער־האַנט האָט דאָ דער אָקסישער אינסטינקט, וואָס גייט „נאָ לאָב״, מיטן אָנגע־שפּאַנטן שטערן פאָרויס, אַזוי ווי מיט הערנער. קיין שום כוח קאָן זיי נישט אָפּהאַלטן אין זייערע תאוות און לײַדנשאַפטן. אַז ס׳גיט זיך זיי נישט אײַן — טרעפן זיי טאַקע מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט, גיסט זיך בלוט. דער כוח־הדם לאָזט זיי נישט באַטראַכטן זאַכן אַרומנעמענדיק, ווי זיי קאָנען פאַקטיש זײַן ביז זייער לעצטער קאָנסעקווענץ, נאָר לויט דעם ווי זיי שטעלן זיך עס פאָר אַז אַזוי איז עס... לויט זייערע אייגענע אויספאַנטאַזירטע השערהס און פאַרשטעלונגען, וואָס זענען צומייכסט צעשפּילט און צעוואָרעמט פון די שאַרפע באַרוישונג־פּליסי־קייטן, וואָס זיי גיסן אין זיך אַרײַן און וואָס מישן זיך אויס מיטן האַסטיקן טונקעלן לויף פון זייערע אויפגערוישטע בלוטן.

די פּערספּעקטיוולאָזיקייט פון די פאַרדרענגטע צונויפגעפּרעסטע חושכדיקע היימען זייערע טרײַבט זיי אין דער פאַרנעפּלטער אָנגערויכערטער שענק אַרײַן, ווו אַלע חלומות ווערן נאָענט — מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, און די נישט־דערגרייכטע צילן און אַמביציעס ווערן דערפילט און פאַרווירקלעכט ווי לאַנג די גלעזלעך שטייען אויפן טיש. נישט פאַר ווילטאָג גיסט מען דאָ אַרײַן אין זיך די גלעזער בראָנפן. מיטן ביטערן טראָפּן וויל מען בלויז פאַרגיסן דעם וואָרעם, וואָס טאַטשעט אין האַרץ, אין האַרץ פון אַ מאַסע וואָס ראַנגלט זיך פון טאָג אויף טאָג — פאַר יעדן טאָג לעבן.

אָפּטמאָל טרעפט, אַז ס׳פאַרבלאָנדזשעט דאָ אַהער אַ פרעמדער פון אויבן, פון דער צעבאַלעוועטער שטאָט. ער פּלאָנטערט זיך אין אַרײַנגעצויגענער אינעם פאַרכישופטן לאַבירינט פון די געסלעך און ליקן, זוכט אַ וועג אויף אַרויסצוקריגן זיך פון דער נעץ־געדיכטעניש, וואָס פאַרציט זיך אָבער אַרום אים אַלץ מער און מער; ער קומט אַזוי אין אומזיכערער אַרײַן אין אַזאַ קרום געדרייט שיף געסל, וואָס איז פאַרשטאָפּט ביז אַרויף מיט די צעבויגענע און צעלאָמטע, זקניש־געהויקערטע פינצטערלעכע מויערלעך, וואָס שליסן זיך צונויף אויף אַהינטער נאָך יעדן טראָט. און פּלוצלינג גיט זיך פאַר אים אין עפן־אויף אַ ליכטיקע פאַרביקע פּאַנאָראַמע מיט אַ רויטצעשמאָלצענער זון אויפן האָריזאָנט און אַ גרינלעך־בלאָען פּאַס הימל, ווײַסל און לאַנקע, וואָס פאַרבלענדט דאָס אויג, פילט־אָן מיט אויפגעקוואָלטער פרייד און אַנטציקונג פון דער אומגעריכטער אַנטפּלעקונג גראָד דאָרט, ווו ס׳איז געוועזן צום ווינציקסטן זיך צו ריכטן דערויף, ווו אַלץ אַרום האָט עדות געזאָגט אויפן פונקט־פאַרקערטן, אויפן קאַפּויערדיקן.

די גאַנצע ברעגלאָזע מרה־שחורה ווערט אויסגערונען. יעדער שאָטן פון אומרו פאַרשווינדט. די אַרומיקע טרויערפולע מעלאַנכאָלישע דערדריקטקייט, וואָס האָט געשוועבט אויפן געמיט, טײַעט־אויף מיט נחתדיקער לײַטערונג, וואָס זי האָט דערפילט איר מיסיע, דערפירט דעם בלאָנדזשענדיקן צום ציל און איז אַליין שוין מער נישט נייטיק צום רומל. די פינצטערניש, וואָס פירט צום ליכט, קאָן ווערן טײַערער און ליבער ווי דאָס גרעסטע ליכט אויב ס׳פירט נישט אויף אַרויף — אויף די שליאַכן פון דער שיינקייט און גרויסמענטשלעכקייט, נאָר פאַרקערט — צו די תהומען פון דער חשכות און געפאַלנקייט.

דער געוועזענער פוילישער פראָנטזעלנער, דאָס בחורל פון דער געדיכטער יידישער אָרעמשאַפט, וואָס האָט זיך דאָ נישט לאַנג געטראָגן אײַנשטעלעריש אַן אומדערשראָקענער אויף די שלאַכטפעלדער פאַר פוילנס אומאָפּהענגיקייט און זעלבשטענדיקייט — איז איצט אַרומגעקראָכן אינעם האַרבסטיקן פרימאָרגן — אַן אויסגעלײַטערטער נאָכן בײַנאַכטיקן רעגן — ווי אַ געשלאָגענער הונט איבער די אויפגעוואַכטע געסלעך פון דער וואַרשעווער פעריפעריע. אויף טריט און שריט האָבן אים באַגעגנט בליקן פון פאַראַכטונג און פאַרדאַכט. יעדע טיר, וואָס האָט זיך געעפנט פרײַנדלעך אין עפן, האָט זיך גלײַך מיט רוגזה פאַרהאַקט אונטער זײַן נאָז. אויף איין אָרט האָט מען זיך אויף אים שיער נישט געוואָרפן מיט די פויסטן. מ׳האָט אים אָנגענומען פאַר אַן אויסקוקער, פאַר אַזעלכן וואָס ווערט געשיקט פון גנבים־באַנדעס אויסצושפּירן אַ וווינונג צו קאָנען באַגנבענען אומגעשטערט. ער האָט זיך געפינען אויף אַ גאַניק פון אַן ערשטן שטאָק. פון אַלע זײַטן אַרום זענען געווען געגלאָזטע טירן פאַרצויגן מיט פאַרביקע פורהענגלעך. ער איז צו צו איין טיר, צו אַ צווייטער און נישט געוואָגט אָנצונעמען די קלאַמ־

קע. אויף אַ שוועל האָט זיך באַוויזן אַ יונגע פרוי מיט אַ בילדשיין מאַריע־פּנימל. זי האָט געווישט אַ טעלער מיטן פאַרהויבענעם ברעג פונעם פאַרטעכל, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך. ווי נאָר זי האָט אַ קוק געטון אויף אים האָט זיך דאָס ברייטע שמייכעלע אויף צו געפעלן אָפּגעטון פון איר פּנים... זי האָט גענומען פּיסקלען אויף אים מיט אַ מענה־לשון:

— וואָס שפּערסטו דאָ אַרום, לאַכודרע, איבער פרעמדע וווינונגען? טראָג זיך אָפּ פון דאַנען, פּאַראַזיט איינער! אַ געזונטער מאַנצפּאַרשוין און ס׳זאָל נישט וועלן גיין אַרבעטן. נאָר גיב זיי, האַלט זיי אין איין געבן... אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ זעלנערישן מונדיר, מע זאָל האָבן אויף עס מיטלייד, און דאָס גייט אַרום זשעבערעווען איבער די הײַזער. שוין אויס מילחמה. מ׳עט ענק ווײַזן וואָס ס׳הייסט אַרומדרייען זיך הפקר, פּוסט און פּאַס און לעבן פון יענעמס פּראַצע... אַלע וועט עך גיין אין קרימינאַל אַרײַן...

באַלד האָט זיך געעפנט אַ צווייטע טיר פון אַנטקעגן. אַ וואָנסיקער קריסט אין אַ שלאָפראָק מיט אַ ווײַס אײַנגעזייפט פּנים און פינצטערן שניט פון די שמאָלע אויגן איז אַרויס מיט דער בלאַנקער בריטווע אין האַנט. ער איז מיט האַמעטנע טריט צו צום אומבאַקאַנטן זעלנער און געפאָכעט דראָענדיק מיטן גאָלמעסער פאַר די אויגן:

— דו שטשערוווע איינע!... אין דײַן הינטישער מאַמען אַרײַן! שוין לאָמיך דיך זען אויף דער אַנדערער זײַט, פּשיאַקרעוו, לאַזשיקי!... שלעפּערס אַזעלכע!...

און ווען דער מונדירטער — אַ פאַרלוירענער און שטאַמלענדיקער, קוים זיך האַלטנדיק אויף די פיס פון אָפּגעשוואַכטקייט — האָט זיך אויסגעדרייט צום גיין, האָט אים יענער געגעבן אַ קאָפּ נאָך מיטן פוס, אַז ער איז מיט איין צי געפלויגן פון אַלע שטיגן.

די זידלערײַען האָבן אים נאָכבאַגלייט ביז אויף דער גאַס אַרויס. דאָס קליינוואַרג, וואָס האָט זיך געשפּילט אויפן מיטן ברוק, האָט מער נישט באַדאַרפן. די יונגע גאַסן־לאָבוזעס דאָ האָבן נאָר אויסגעקוקט אַזאַ געלעגנהייט. די שקצימלעך און שיקסלעך האָבן אים גענומען נאָכצופּן שטיינדלעך פון די שנעלהעלצלעך און גומעלעך. זיי זענען אים באַפאַלן פון אַלע זײַטן. ער האָט זיך קוים געקאָנט אָפּטשעפּען פון זיי, פון די געמיינע בענקאַרטעס.

צו וועמען איז ער דאָ געגאַנגען, משה מעט? בײַ וועמען האָט ער דאָ געקלערט צו געפינען הילף? עפּעס האָט זיך אים געפּלאָנטערט אין קאָפּ, ווען ער איז צוריקגעגאַנגען פון ווײַסלבערגג, ווו ער האָט זיך אַרומגעוואַשן ס׳פּנים מיט פרישׁ קאַלט ווײַסל־וואַסער, אַז דאָ ערגעץ אויפן וואָנסקי־דונאַי דאַרף זיך געפינען דאָס בלאָע דירהלע פונעם פּוילישן פאַרבער, פראַנטשישעק ריבאַקעוויטש, וואָס

האָט אים געהאַט אַהײמפאַרבעטן צו זיך אויף נאַכטמאָל און ער איז שוין גע־בליבן בײַ אים נעכטיקן אויסגעבעט אויף דער פּאָדלאָגע.

ס׳איז געװען נישט לאַנג פאַרן גײן אויפן פראָנט. פראַנעקן האָט די מיליטערישע קאָמיסיע באַפרײַט. ער איז געװען קראַנק אויף די לונגען, געשפּיגן מיט בלוט. ער האָט געקריגן אַ נאָטע אין מיליטער־ביכל: „ער טויג נישט צו מיליטער־דינסט״. און אַהײמגעגאַנגען אַ באַפרײַטער צו װײַב און קינד. איז אַז מע װערט באַפרײַט פון מיליטער און מע פאַרשפּאָרט צו גײן אויפן פראָנט דאַרף מען דאָך מאַכן אַ כוסה, אויסטרינקען װי ס׳קער צו זײַן. האָבן זײ טאַקע דעמאָלט גאָר אַ סך געטרונקען. ער האָט געהערט װי דורך אַ נעפּל, װי דער מאַן האָט געזאָגט צו דער פרוי, אַז ס׳איז אים אַ שאָד דאָס ייִנגל, דער משה מעט, ער טרינקט צופיל. ער װעט זיך שוין נישט קאָנען אָפּגעװײנען, דער בחור. די פרוי האָט אַ שװײַגנדיקע דערלאַנגט דאָס עסן צום טיש. נאָר מיטהאַלטן האָט זי נישט געװאָלט. דאָס קינד אירס איז געלעגן אין װיגעלע לעבן בעט און זיך געריסן מיט קולי־קולות. זי האָט עס גאָרנישט געקאָנט אײַננעמען. ס׳איז געלעגן אַ גלאַנציק צעצונדענס פון מאָזלען. דער שײַן פון דער לאָמפּ איז געװען פאַרשטעלט מיט אַ טונקעלער גאָזע, און דאָ בײַם טיש איז געזעסן דער טאַטע מיט זײַנס אַ פרײַנטל און איבערגעדרייט אַ כוסה נאָך אַ כוסה... און אַז מע דאַרף פאַרן קינד אויף אַ רפואה, הייסט ער זי גײן אַרבעטן, װעט זי האָבן אויף אַלעם, אַפילו אויף מעדי־צינען, װאָס ס׳איז אַזוי גוט װי אַרויסגעװאָרפן געלט.

ער האָט נישט געקאָנט הערן, פראַנעק, װי ס׳קינד װײנט, און אויפגעשטאַ־נען פון טיש אַן אונטערגעהויבענער פון די גװאַלטן. מיט װאַקלדיקע טריט איז ער צוגעגאַנגען צום גראַמאָפאָן מיט דער בלאָער געקאַרבטער טרובע, אַרויפגע־לייגט אַ פּלאַט און אַרויפגעטראָפן מיטן שטיפט אויפן סאַמע מיט. ס׳האָט אַ ריטשע־געטון אַ כריפּעדיקע הושאַ־שושאַ־מוזיק װאָס האָט פאַרהילכט די שטוב. דאָס קינד האָט זיך אַן איבערגעשראָקנס נאָך מער צעװײנט. די יונגע מאַמע איז אויפגעשפּרונגען פון בעט, װו זי איז געזעסן בײַם קינד, און אַ שלעפּ־געטון דעם מאַן פאַרן אַרבל. דער בלאָנדער יונג האָט זיך געטון אַ װאַקל אין דער זײַט פון װיגל און שיִער נישט אַרויפגעפאַלן אויפן קינד. זי האָט אים געגעבן אַ כאַפּ־אַן פאַרן אַקסל מיט אַ ציִ צו זיך און אים אַרויפגעװאַליעט אויפן בעט מיטפאַלנדיק צוזאַמען מיט אים. ער האָט זיך געגעבן אַ הייב און מיט דער גאַנצער שװערקייט זיך אַראָפּגעגליטשט אויף דער פּאָדלאָגע.

משה מעט האָט איר געהאָלפן אַרויפציִען דעם מאַן אויפן בעט אַרויף. זי האָט געהאַט װײַסע הענט און העלבלאָע אויגן װי דער מאַן אירער. זי האָט פון אים אַראָפּגעצויגן די שיך מיט די הויזן. דער בלאָנדער שייגעץ מיטן צעשױ־בערטן קאָפּ האָר האָט עפּעס געמרוטשעט אומפאַרשטענדלעכע רייד און אַרײַנ־

געפֿאַלן אין אַ טיפֿן כראָפּען. זי האָט זיך איינגעהילט אינעם פּיזשאַמעלע, וואָס האָט זיך געהאַט צעעפֿנט, און זיך צוריקגעזעצט צום קינד. נאָך אַ ווײַל האָט זי זיך אָנגערופֿן צום גאַסט, וואָס האָט זיך געפֿילט אומבאַקוועם פֿון דער גאַנצער סצענע צווישן מאַן און ווײַב און געשטאַנען ווי צום אַוועקגיין:

— שטערט זיך נישט, פּאַניע. מײַן מזל איז שוין אַזאַ. פֿאַרפֿאַלן, כ׳וועל שוין בײַ אים אָפּפֿינצטערן די פּאָר יאָר ביז ער וועט אַוועקזיך כאַפּניען. אָדער איך וועל פֿריִער אויסציִען בײַ אים די קאָפּיטעס... טוט זיך אויס און לייגט זיך... ווו וועט דער פּאַן איצט גיין?... ס׳איז שוין אַזוי שפּעט...

זי איז אויפֿגעשטאַנען און צו צום ווינקל, ווו ס׳איז געלעגן דער שעניק מיטן קישעלע, און זיך אַראָפּגעבויגן אויף די קני, ווי צו אַ מאָדליטווע, אָנגעשפּאַרט אָן געלעגער. זי האָט אויסגעשפּרייט דאָס ווײַסע לײַלעך, וואָס איז געלעגן אויף דער שטול דערלעבן און אויסגעגלעט עס אין אַלע זײַטן.

אויף דער וואַנט איבערן אויסגעבעטן געלעגער האָט זיך אינעם הענגזייגער מיט די שווערע נאָכהענגענדיקע געוויכטער געעפֿנט אַ טירעלע. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ ברוינע קוקאַווקע וואָס האָט אויסגעצוויטשערט צוועלף.

# ק אַ פּ י ט ל  צ װ ײ

# אַ פאַרשפּילט לעבן

אינעם נאַפטלאַמפּ מיטן געלגעקאַרבטן גלעזל אויף אַ גרינלעכן מאַר־מאָר־פּיעדעסטאַל, וואָס איז געשטאַנען אויפן טישל לעבן פּענצטער איבערגע־צויגן מיט אַ טיפּבלאָען גאַזע־אַבאַזשורל, האָט דאָס פײַערצינגל גענומען צוויקן און צאַפּלען, זיך אײַנגעקאָרטשעט און געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. פונעם בלעכענעם קאַפּעץ־מײַלכל הינטערן פאַרקאָפּטשעטן גלעזל האָט דאָס בלײַכרויטע פלעמל אויפגעצישעט העל, אויפגעשטיגן ווײַס און זיך צוריק אַרײַנגעכאַפּט אינעם קאַפּעצל און געבליבן זיצן אַ צאַפּלדיקס אין אַ האַלב־לבנהלע איבערן קנויט.

דער בלאָנדער פראַנעק איז געלעגן צעלייגט מיט צענומענע הענט און פיס איבערן גאַנצן בעט און געכראָפּעט שווער, אַסטמאַטיש, מיט אַ קורצן אָטעם, וואָס האָט זיך געבלעזלט און פאַרהאַקט, זיך דורכגעריסן און ווידער אויפגע־כריפּעט הויך און כאָרכלדיק.

משה מעט איז געשטאַנען אַ באַרוישטער פון שיכרות מיט אַ שווערקייט אין קאָפּ. ער האָט אַרײַנגעגאָסן אין זיך כמעט אַזוי פיל וויפל פראַנעק און יענעם האָט עס אַוועקגעלייגט ווי אַ קלאָץ, פאַרכאַמערט מיט אַ באַטרונקענעם זינען. ער, משה מעט, ווייסט אַלצדינג אויף קלאָר וואָס ס׳טוט זיך אַרום אים. בײַ יענעם האָט שוין דער בראָנפן באַוויזן צו פאַרסמען דאָס בלוט מיט די געהירן. נאָכן איבערדרייען עטלעכע גלעזלעך הערט ער אויף צו וויסן וואָס ס׳טוט זיך מיט אים, ווער ס׳האָט אים געהאַט. ער פאַרלירט איבער זיך די קאָנטראָל און קאָן אָפּטון די גרעסטע נאַרישקייט אויך. משה מעט נישט. ער גיט זיך נישט נאָך. איבער אים האָט דערווײַל אַ קנאַפּע שליטה די ביטערע משקה. זי איז נישט בכוח צו פאַרטינקלען זײַן געדאַנק. אָט האַלט ער איין האַנט אָנגעשפּאַרט אָן קינדס בעטעלע מיט די הילצערנע האַלברייפלעך און באַוועגט עס קוים־קוים הין און הער, רעגלמעסיק, נישט צו־האַסטיק אויף אַ זײַט... הייסט עס, אַז ער קאָן אײַנהאַלטן די גלײַכגעוויכט. אָבער דאָס טוט ער מיט דער גרעסטער אָנגע־שפּאַנטקייט פון אַלע חושים, ווי איינער וואָס גייט אויף אַ דראָט. ער וויל ווײַזן

דער פּאַני לושע, דעם בלאָנדן ווײַבל, פּראַנעקס, אַז אים שאַדט נישט דער בראָנפן. וויפל ער זאָל נישט טרינקען וועט ער נישט פאַרלירן דעם קאָפּ, נישט ווי איר מאַן. דער וואָס קאָן זיך האַלטן — מעג טרינקען. און זי דאַרף נישט האָבן אויף אים קיין פּאַראיבל. ער איז דאָ גאָט די נשמה שולדיק. ער קאָן סײַ ווי דאָ גאָר־נישט העלפן. מיט אים צי אָן אים וועט פּראַנעק אַזוי אויך טרינקען און כסדר זײַן אונטערן גלעזל. ס׳קאָן אים שוין גאָרנישט העלפן. ער איז אַ פאַרפאַלענער, אַ פאַרשפּילטער.

דאָס קליינע מיידעלע, וואָס איז געלעגן אַ ראָזיק־צעגליטס אין וויגעלע, האָט פון גרויס היץ אַראָפּגעקאָפּעט פון זיך דאָס קאָלדריקל. דאָס ווײַסע העמדל איז געווען אַרויפגעשאַרצט הויך איבערן בײַכל אַרויף און אָפּגעדעקט דעם פײַער־דיק־צעגליטן אויסשיט פון די מאָזלען אויפן גאַנצן קערפּערל.

די געדיכטע רויטע פּינטעלעך און פלעקלעך האָבן געמיגניעט אויפן פאַר־פלאַמטן פּנימל, הענטלעך און פיסלעך ביז אַרויף איבערן רונדן בײַכל. זי האָט זיך אַזוי לאַנג אָנגעוויינט, די קליינטשיקע, אַז זי איז אײַנגעשלאָפן אָן אײַנגע־מאַטערטע מיט אַ פעסטן שלאָף.

פּראַנעקס ווײַב, וואָס האָט משה מעטן אויסגעבעט דאָס געלעגער אויף דער ערד אין ווינקל לעבן טישל, האָט איבערגעבויגענערהייט אויף אַלע פיר אויסגע־דרייט דעם קאָפּ אין זײַן זײַט און אים שווײַגנדיק אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר אומע־טיקע בלאָע אויגן פון אונטערן האַלבפאַרשאָטנטן פּנים אַפער, ווי זי וואָלט נישט געוווסט וועמען מער צו באַדויערן — זיך צי אים.

משה מעט האָט זיך אָנגעטראָפן מיט איר צערפּולן הייסן בליק. אַ היץ האָט אים אַ שלאָג־געטון צום קאָפּ. אירע אויגן האָבן עפּעס געמאָנט בײַ אים, אַליין נישט ווויסנדיק וואָס... ס׳האָט פון זיי אַרויסגעקוקט דער טיפבאַהאַלטענער סוד, וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געשטיקט אין זיך, פון לאַנג נישט געזעטיקטע נעכט, פון פּרוויזשער נישט־באַפרידיקייט, וואָס הערט נישט אויף נאָכאַנאַנד צו נוטשען און מאַטערן.

זייערע באַגעגנטע בליקן, וואָס האָבן זיך אין ערשטן אויגנבליק פאַרשטאַ־נען, זענען פונאַנדערגעשיידטע געפאַלן אין צוויי באַזונדערע זײַטן, ווי אין חרטה פון אָן אומבאַוווסט־באַפאַלענעם שרעקגעפיל, אָבער בלויז אויף אַ קורצער ווײַל. באַלד האָבן זיך זייערע הייסע בליקן ווידער באַהאַפּטן... זי האָט געקוקט אויף אים פאָרשנדיק, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט איבערצײַגן, צי מע קאָן זיך אים אָנ־געטרויען, און נאָך אַ ווײַל זיך אָנגערופן מיט אַ צוגעדישעטער, קוים־שעפּטשע־דיקער וואַרעמער שטים:

— זאָל זיך דער פּאַן אויסטוען. די לאָמפּ גייט־אויס. ס׳איז מער נישטאָ קיין נאַפּט. אויף דער שטול ליגט די פּיזשאַמע. ס׳איז מײַן מאַנס. טוט זי אָן.

און זיך אײַנהערנדיק אין דער אַרומיקער שטילקייט האָט זי צוגעגעבן אַ קנײַענדיקע אויפן ברעג שעניק:

— איר זעגט אין גאַנצן אַנדערע... בײַ אײַך האָבן פרויען אַ גאָלדן לעבן. אײַעריקע קאָנען שאַנעווען אַ פרוי. איר לאָזט זיי נישט אַראָפּבייגן, זיך אָנ־שטרענגען צופיל. איר העלפט זיי אין אַלעם... אונדזערע, פּאַניע קאַכאַני, זענען נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי. פון קליינערהייט אָן כלאָיען זיי, וואַקסן פּיִאַקעס, שלאָגן די ווײַבער און יאָגן זיך נאָך אַ ליאַדע ספּודניצע... לויפן צו גאַסנפרויען און דאָס אייגענע ווײַב ווערט בײַ זיי אויסגעריסן. זי ווייסט נישט פון קיין טאָג, פון קיין נאַכט. האָרעוועט ווי אַן אייזל, רײַבט די טעפּ, וואַשט די פּאָדלאָגעס, ברעכט זיך דעם קאַרק איבער באַליעס וועש, און מע וועט איר אַפילו קיין שיינעם דאַנק נישט זאָגן דערפאַר. וואָס בין איך דען בײַ אים — מער ווי אַ דינסט? איך האָב עפּעס אַ סך מישטיינס־געזאָגט פון זײַן אַרבעט? ער ברענגט דען מיר עפּעס אַהיים? אַלץ וואָס ער פאַרדינט לאָזט ער איבער בײַ קראָוטשיקן אין שענק. קומט טויט־שיכור און פאַלט אַוועק אויפן פּנים ווי אַ סנאָפּ, אָט אַזוי ווי הײַנט. דער פּאַן האָט דאָך געזען... איך בין שוין צוגעוווינט דערצו. ס'אָרט מיך שוין נישט. כ'וועל נישט זאָגן. מיר האָבן זיך ליב געהאַט. אָבער הײַנט גייט ער מיך ווייניק וואָס אָן. וואָס פאַר אַ מאַן, פּראָשען פּאַנאַ, איז ער עס מיר? איך בין דאָך נאָך אַזאַ יונגע פרוי... וואָס האָב איך פון אים?... גאָרנישט. אַ פאַר־שפּילט לעבן... די בעסטע יאָרן... ווען נישט דאָס קינד וואָלט איך שוין לאַנג פון אים אַוועק... אין אַ קלאַשטאָר וואָלט איך געגאַנגען... ווו די אויגן וואָלטן געטראָגן... איך בין שוין נישט פעיִק צו גאָרנישט... ער האָט אין מיר אַלץ דער־הרגעט...

ס'האָט זי געשטיקט אין קעל. זי האָט פאַרגראָבן דאָס פּנים אין די הענט און אַריינגעהעשעט אין זיי דאָס גאַנצע פאַרביטערטע לעבן אירס. מיט צע־טרייסלטע אַקסלען פון אַרויסגעפּלאַצטן געוויין האָט זי זיך אַראָפּגעזעצט אויפן שעניק מיט איין פוס פאַרלייגט אונטער זיך.

דאָס בלאָע צאַנקענדיקע פלעמל אין לאָמפּ איז פאַרשווינדן. אַ ווײַס רויכל האָט זיך דין געצויגן מיט אַ סמאַל פונעם זשאַריקן קנויט אַרויף צום העלדזל פונעם נאַפטגלעזל און זיך געשטיקט דאָרט אין דער הייסער גלעזלדיקער ענג־שאַפט.

דאָס שווערע כראָפּען, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם געשטרעקטן יונג אויפן בעט אין דער גאַנצער לענג, האָט געזעגט די שטילקייט פון דער מיטנאַכטיקער שטוב.

די צוויי וואַכע יונגע מענטשן האָבן פאַרהאַלטן דעם אָטעם. דורכן פענצטער

האָט זיך זײַטיק געבראָכן דער בלייכער פאַס לבנה־שײַן און געפאַלן אין דער קרום איבער טיש און פאָדלאָגע.

די צוויי סילועטן אויף דער וואַנט איבערן ווײַס־אויסגעבעטן געלעגער האָבן זיך לאַנגזאַם דערנענטערט איינער צום צווייטן, זיך געוויגט און געפלאַטערט דאָ אַהין, דאָ אַהער. דער אויסגעצויגענער לאַנגער שאָטן האָט געגעבן אַ טונקעלן שוועב איבערן נידעריקן, אַראָפּגעזעצטן, וואָס האָט זיך האַסטיק אָפּגערוקט פאַר־טײַעט אין ווינקל, צונויפגעדרייט אין אַ קנויל. נאָך אַ העפטיקן אַרומפלאַטערן איבער וואַנט און סופיט זענען זיך ביידע שאָטנס צונויפגעפאַלן אינאיינעם, זיך באַהאָפטן פאַרהויבענע און זיך צונויפגעגאָסן אַרונטערגעזונקענע. דאָס שאָטנ־שפּיל איז געווען אויס.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט ווי די שאָטנס זענען אַראָפּפאַרשווינדן פון דער וואַנט. די שטילקייט איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן. זי האָט געפּלאַצט ווי אַן אייערשאָלעכץ, פון וואַנען די פליסיקייט נעמט רונען פון אַלע זייטן אָן אָפּהאַלט. אין וויגל האָט זיך צעוויינט דאָס קינד, זיך גענומען רײַסן און מאַכן גוואַלטן ווי פון אויפגערודערטע יסורים. גענומען קאָפּען מיט די פיסלעך און זיך וואַרפן פון איין זײַט אויף דער צווייטער ווי אין קאָנוולסיע.

לושע איז אויפגעשפּרונגען פון דער ערד ווי אַ געביסענע פון אַ שלאַנג. זי איז צוגעפאַלן אַ שוועראָפּענדיקע צום וויגל. זי האָט געכאַפּט דאָס צודעקל פונעם קינדס צופוסנס און מיט אַ רוגזה, וואָס האָט צעציטערט אירע העלע הענט, אײַנגעוויקלט דערין דאָס קינד, גענומען שאָקלען דאָס וויגעלע אויף די האַלב־רייפלעך מיט אַזאַ האַסט און אימפּעט, אַז די קליינטשיקע איז שיִער נישט אַרויס־געפאַלן פונעם בעטעלע.

פונעם אימפּעטיקן וויגן האָט זיך דאָס וויינענדיקע קינד פאַרקײַכט. די מאַמע האָט עס געגעבן אַ כאַפּ אויף די הענט, גענומען עס שאָקלען און פּעטש־לען איבערן פּלייצקעלע, איבער די זײַטעלעך ביז ס׳האָט אויסגעשריגן פון דער פאַרבלויקייט און אויסגעבראָכן אין אַ פרישן געוויין.

לושע איז שוין נישט אָפּגעטרעטן פונעם קינד. אַליין אַ צעוויגטע און צע־שויבערטע איז זי געבליבן זיצן איבערן קינדס בעטעלע, וואָס זי האָט עס גע־קאַטשעט אויף די הילצערנע האַלברייפלעך אַהין און צוריק.

אין דרויסן האָט גענומען שאַרען אויף טאָג.

## קאפיטל דריי

# זונטיק אויפן „מקום"

דער בלייכער שווינדזוכטיקער צומאַרגנס אינדערפרי האָט אָפּגעווישט יעדן שפּור פון די ביינאַכטיקע שאָטנס, וואָס האָבן פאַרעטעריש אַרומגעפיבערט איבער די נידעריקע ווענטלעך פון דער ענגער פּוילישער שטוב אויפן וואָנסקי־דונאַי. די בלאָ־געמאַלעוועטע ווענט האָבן זיך אויסגעשיילט פון דער מוטנער גראָקייט פון ערב טאָג — הימלריינע און ליכטיקע, באַוואָרפענע מיט איינצלנע פּעדעם זילבערשטראַלן, וואָס האָבן ווי בלייכע קינדערלעך אַ יאָג געטון שטיפעריש איבער דער קלאָרער בלאָקייט פון די ווענט און סופיט און באַלד זיך אַראָפּגעזעצט — מיד און שוואַך — לעבן דער טיר.

משה מעט איז אויפגעשטאַנען דער ערשטער. אַן אומרויִק און אומאָנגענעם געפיל, וואָס איז עקשנותדיק געקראָכן צו אים מיט פאָרווורפן און טענות, האָט אים נישט געלאָזט איינליגן אויפן געלעגער. וואָס מער ער האָט עס אָפּגעטריבן פון זיך, אַלץ מער איז עס צו אים צוגעשטאַנען. ער מוז וואָס גיכער אַוועק פון דער שטוב. נישטאָ דאָ קיין אָרט פאַר אים. ער איז דאָ אַן איבעריקער, זיך אַריינגעריסן אַהער אַ נישט־בייטיקער. ער קאָן דאָ בלויז פאַרערגערן און נישט לינדערן. ער האָט דאָ נישט וואָס צו טון. ס'קאָן זיך ענדיקן שלעכט נישט בלויז פאַר אים... און ער וועט עס זיין דער גורם. אַלץ איז אים דאָ פרעמד. נישט זיין וועלט. אַ פרעמדע וועלט, וואָס האָט אים אַריינגענאַרט צו זיך און שפּינט איבער אים אַ נעץ — אויף נישט אַרויסצוקריגן זיך מער. די גאַנצע צוגעלאָזנקייט און גאַסטפריינדלעכקייט פון דער שטילער ליידנדיקער שטוב קאָן אין איין רגע פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פלאַם פון רציחה און שינאה, וואָס זאָל דראָען מיט איינפאַלונג פון אַלץ און אַלעמען אין די דאָזיקע אונטערגעמינעוועטע דלת־אמות פון אַ באַשיידן פאַמיליע־לעבן- וואָס רוקט זיך לאַנגזאַם און אומפאַרמיידיק צום ראַנד.

יאָ, גלייך נאָכן פרישטיק וועט ער זיך אָפּטראָגן פון דאַנען. ער וועט שוין געפינען עפּעס אַן אויסרייד, וואָס זאָל נישט באַליידיקן די באַלעבאַטים און נישט אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט אויף אים פאַר זיין וועלן אַנטלויפן.

אַ שלאַבעריקער מיט אַ רויש אין קאָפּ און איבלדיק־ביטערן טעם אין מויל נאָך דער אויסניכטערונג, וואָס איז נאָך ערגער פונעם טונקעלן שיכרות־רויש אין די צעהיצטע בלוטן, האָט זיך משה מעט גענומען באַוועגן אין ווינקל אויף דער ערד ווי אין אַ געדיכטן קלעפּיקן נעפּל.

אַלע אין דער שטוב זענען נאָך געשלאָפן. דאָס פאַרפרישטשעטע פּנימל פונעם קראַנקן מיידעלע האָט אַרויסגעראָזט פונעם בעטעלע אַרויס דערשוויצט מיט גרויסע טראָפּנס שווייס אויפן שטערן און ברייטן נעזל. די נאַכט, זעט אויס, איז געווען דער קריזיס. איצט, נאָכן דורכשוויצן זיך, וועט שוין גיין צום בעסערן.

פראַנעק איז געלעגן פון איין זײַט בעט מיטן שטערן אָנגעדריקט אָן דער וואַנט, און לושע — פון דער אַנדערער — אויפן סאַמע ראַנד אין אַ האַלבליגנדיקער פּאָזע, מיטן קאָפּ אויפן הויכן קישן און מיט די פיס אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד.

משה מעט איז אויף די שפּיץ פינגער — נישט אויפצוּוועקן קיינעם — צוגעגאַנגען צום בעטעלע זען וואָס ס׳קינד מאַכט. ער איז אַ ווײַל געשטאַנען נישט דעצידירט לעבן וויגעלע און בעט. ער האָט געפירט מיטן בליק דאָ איבערן מאַן, דאָ איבער דער פרוי און אים פאַרהאַלטן אויף די אָפּגעדעקטע רונדע קני פון די עטוואָס־צענומענע פיס אירע וואָס האָבן אַראָפּגעהאַנגען פון בעט.

ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו דער ערד און לײַכט נישט צום פילן פאַרהויבן לושעס פיס — באַרוועסע און קלאָרע — אויפן ראַנד פון בעט אַרויף. זיך אויסגלײַכנדיק פון איבערן בעט האָט זיך מיט אים די גאַנצע שטוב מיט אַמאָל אַ וויג געטון כאַדאַראַם. פראַנעק האָט זיך גענומען באַוועגן אין בעט. זיך האַסטיק אָפּגעקערט פון דער וואַנט מיט אַ פּרווו זיך אויפצוזעצן און צוריקגעפאַלן מיטן קאָפּ אָן קישן. ס׳איז געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז משה מעט האָט נישט באַוויזן תיכף אָפּצושפּרינגען פון אָרט. ער איז געווען ווי צעחושט און זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין חשבון, צי פראַנעק האָט אים געזען שטיין איבערגעבויגן איבער לושען, צי שוין אַן אָפּגעקערטן פון בעט.

אין דער שטוב האָט זיך אָפּגעזעצט אַ זויערע דעמפּיקייט פון ווילגאַטש און מענטשלעכן שווייס. זיך אָנהאַלטנדיק בײַ די שטולאַנלענס האָט זיך משה מעט דערקליבן צום פענצטער. געעפנט דעם לופטשיק און אַרויסגערוקט דעם צעהיצטן קאָפּ אין דרויסן אַרויס זיך אויפצופרישן.

צוזאַמען מיטן שאַרפן האַרבסטיקן ווײַסלווינט, וואָס האָט אויף אים אַ יאָגגעטון פון אונטן אַרויף, האָבן זיך מיט אַמאָל אַ שאָט געטון איבער זײַן קאָפּ — פון אויבן אַראָפּ — שווערע צעברומטע קלאַנגען פון די צעוויגטע גלאָקן אין די טורעמלעך פון די פילבאַשטעלטע קלויסטערס אויפן „מקום״. פײַערלעך און פרום האָבן זיי זיך אַרונטערגעקאָלערט פון די טורעמדיקע הייכן און שפּיצן. דאָס זונ־

טיקדיקע געקלונגערײַ האָט אַרײַנגעדרונגען אין אַלע ווינקעלעך פון „מקום" און אויפגעוועקט די נידעריקע צונויפגעדרענגטע הײַזער — פון די סוטערינעס ביז די ביידעמשטיבלעך.

די שמאָלע שיפֿע געסלעך מיט די אויפגעבלויטע טראָטואַרלעך, ווי די קינ־דזשאַלן, זענען פֿאַרפֿולט געוואָרן מיטן טומל פון די צעגלאָקטע בימבאַמס און גלינגלאַנס. צום ערשט לאַנגזאַם און פויל און וואָס ווײַטער — אַלץ שטאַרקער, אַלץ מעכטיקער און מיטרײַסנדיקער, ווי זיי וואָלטן גערופֿן אויף שטורעם און טרעוואָגע.

אָן אויפהער, נאָכאַנאַנד און צודרינגלעך האָבן זיי געוועקט דעם פרומען „מקום" צו די ווײַרעכדיקע און חלבנע מאָדליטוועס; דערמאָנט אַז דער זונטיק־דיקער אָפּרוטאָג איז געגעבן געוואָרן אויף צו גיין אין די קלויסטערס אַרײַן, וואָס פּוסטעווען אַ גאַנצע וואָך און הײַנט שטייען זיי מיט אויפגעפּראַלטע טירן — גרייט אַרײַנצונעמען אין זיך אַלע פרומע און גלייביקע, אויסהערן זייערע תּפילה־דיקע שעפּטשערײַען, זייערע פֿאַרלאַנגען און נויטן, און אַנטקעגנקומען מיט דעם וואָס דער קלויסטער באַזיצט אין גרויסע סכומים וואָס קאָסט אים גאָרנישט — מיט טרייסט און האָפֿענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן אין אַ שיינער גערעכטער וועלט, און דערווײַל, ביז די ישועה וועט קומען — דאַרף מען זיך באַגענוגענען מיט דעם וואָס מ'האָט: דאָס אײַנגעגעסענע פֿאַרחושכטע לעבן, וואָס איז דער־עסן און שלאָגט צו דער גאַל מיט זײַן איינטאָניקייט, קמצנות און אויסוועג־לאָזיקייט וואָס מאַכט דעם מענטש גראָ און אַלט פֿאַר דער צײַט.

פון די טונקעלע טוכלע טויערלעך אַרויס, וואָס צעעפֿענען זיך מיט אַ זשאַ־ווערדיקן סקריפּ, האָבן זיך באַוויזן די קליינע גויקעלעך מיט די אַקוראַטנע אויס־געפּרעסטע ווײַסע קעלנערלעך מיט זאַמבקעס וואָס קוקן אַרויס פון די שוואַרצע און ברוינע טוכענע זשאַקעטן. זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט, איבערגעצויגענע מיט ווײַסע הענטשקעלעך, געלע וואַקסענע ליכט און קליינע גאָלדגעליישטע מאָד־ליטעווניקעס אין לעדערנעם אײַנבאַנד.

באַלד נאָך זיי זענען אַרויסגעקומען די מענער, גראָ־באַוואָנסעטע, מיט צע־אַקערטע פּנימער און קאַרקן, ווי די קאַרניעס פון הונדערטיעריקע ביימער. פון זייערע קרעמפּע קנאָכיקע אַקסלען הענגען נאָכלעסיק־לויז אַראָפּ די טאַנדייטנע קאָרטענע פּאַלטנס פון אַלטמאָדישן שניט. פון די קעפּ שײַנען אַראָפּ די ביליקע קראַטענע מאַטשעיוווקעס און העלע געניטשעוועטע קאַפּעלושן, אײַנגעהאַנדלטע אויפן וואָליער מאַרק, אויפן קאַרצעלאַק און אין די אַלטוואַרג־בוידן אויף דער אַלטער וואָלעווע.

פון אַלע זײַטן שטראָמט דאָס יונגוואַרג אין קלויסטער אַרײַן. די פּאַניענ־קעלעך און יונגע ווײַבעלעך טראָגן קורצע, דרײַפּערטלדיקע זשאַקעטלעך, פון וואַ־

נען ס׳זעען זיך אַרויס די העלע פּילפּאַרביקע קליידער אין פאַלדן. זיי גייען באַ־האָנגען מיט קאָלירטע בײַטשלעך קרעלן, בלישטשענדיקע אוירינגלעך און ציגײַ־נערישע רינגען — פון פאַלש גאָלד, פאַלש זילבער, פאַלשע ברילאַנטלעך — אויף אָפּצוגאַרן יענעמס אויג און נאָך מער — דעם אייגענעם בידנעם ווײַבערישן חלום זיך צו צירן מיט וואָס מער רײַכן גלאַנץ, צו זײַן באַהאָנגען מיט בראָשקעלעך, בראַנזאָלעטלעך, בלעכלעך און שמאָכטעס, וואָס זאָלן אַראָפּשוויטשען פון זיי מיט רייַץ, און אַליין זיך צו שפּיגלען דערין ווי אין אַ שפּיגל.

פונעם גאַנצן באַרג פאַלשן צירונג, וואָס די אַלטשטאָטישע פרויען טראָגן אויף זיך — אַרויסרופעניש און צוציִענדיק — טיילט זיך באַזונדער אויס דאָס געגילדטע צלמל מיטן מאַטקע־באָסקע־פּלעטל וואָס פאַרנעמט בײַ זיי דעם אויבן־אָן. דאָס פרומע קרייצל קוקט אַראָפּ פונעם האַלדז אי רייצנדיק אי שטרענג, ווי אַ צוים, אַ שליסל, וואָס אָן אים איז יעדער צוטריט צו זיי, צו זייער לײַב, וואָס איז אַזוי רייציק ווי דאָס צירונג — פאַרשטעלט און פאַרלייגט.

די פּוילישע יונגען פונעם „מקום“, וואָס ווילן זיך אויספּײַנערן פאַר זיי, פירן די פאַניענקעלעך „פּאָדפּאַכע“ — אײַנגעשלאָסן אָרעם אין אָרעם... די אײַנ־געצויגענע „ווטשענטע“ מאַנטלען ליגן אויף די הויכע זאַמד־שקצים לאַלקעדיק־אויסגעפּאַסט ווי צום פּלאַצן. זייערע זונאָפּגעברענטע העלדזער זענען אײַנגע־פרעסט אין די שטײַפע קראַגנס, פאַרצויגן מיט די שרײַענדיקע רויט־גרין־געל־גע־שטרייפטע בינדעס, צעפלויגענע אויף אַלע זײַטן פונעם אָנגעלאָפענעם ווײַסל־ווינט.

זיי גייען שטאָלצע און זיכערע מיט אַ פאַרהויבענעם קאָפּ געאָרעמט מיט די פאַננעס איבערן גאַס. זיי האָבן דעם שליסל צום פרומען קאַטוילישן האַרץ פון דער פּוילישער פרוי, צו איר שיינקייט און תאווהדיק לײַב, וואָס איז אַזוי עבודה־זרהדיק צוזאָגנדיק, און דער ליבע־גענוס בײַ זיי — אַזאַ נאַקעט־קערפּערלעכער — אָן מענטשלעך פון פאַלשער בושה, אָנעם קאַפּטאַן פון לײַדנשאַפטלעכער גע־צווימטקייט וואָס פּענטעט גייסט און גוף ביז קרענקלעכקייט.

די דאָזיקע נישט־ייִדישע, אומקרעמפּירטע, חומרדיקע ליבע האָט משה מעטן שטענדיק געריצט און נאָך מער געשראָקן אויס מורא פאַר די ביטערע פאָלגן אירע פון גיכע אַנטוישונגען, נאָך וועלכע דער מענטש ווערט אויסגעליידיקט ביזן דנאָ פון דער נשמה. נאָך דער הוילער קערפּערלעכער ליבע בלײַבט גאָרנישט, אָפּט מאָל אַפילו אַ נאָכטעם ביז איבל, און דער ליבע־הונגער בלײַבט סײַ ווי אַ מאָנענדיקער, אַ נישט־געשטילטער. און ער, משה מעט, זוכט דויערנדיקס אין דער ליבע, נשמהדיקס, וואָס זאָל אָנצינדן — נישט קיין גיהנום־פײַער, נישט קיין שריפה, נאָר אַ ליכטשײַן, אַ נר־תמיד; ליבע וואָס זאָל דערהייבן, וואָס זאָל לײַכטן,

באַלײַכטן דעם טונקעלן לאַבירינט פון לעבן און זײַנע סודות און נישט אַראָפּ־ציִען אין תהום אַרײַן, אין די דומפּע קעלערן פון דערנידעריקונג און געפאַלנקייט.

די יידישע ליבע איז אפשר נישט קיין געזונטע, אַ געהעמטע און קרענקלעך־צעבענקטע, אַ ווייבענדיקע, שוואַכע, אַ געפּרענגטע אין רייפן, אָבער אַ ריינע, אַ דערהויבנדיקע, אַ שטאַרקע אין גייסט, וואָס גיט דעם מענטש מער, אַ סך מער ווי דאָס באַגרענעצטע ערדישע גליק, כאָטש קיין בעסערס דערפון, פון אַלע תענוגי־עולם איז נאָך דערווײַל נישט אויסגעטראַכט געוואָרן. די יידישע ליבע גיט דעם מענטש פליגל, זיך צו טראָגן איבערן לעבן ווי דער פויגל איבער די הימלען.

ער האָט זיך שטענדיק אויסגעהיט, משה מעט, געזוכט צו אַנטלויפן פון די אויסגעשטעלטע, לויערנדיקע נעצן פול מיט טונקעלע צוזאָגן און ביליקע פאַר־געניגנס, וואָס צערודערן דאָס בלוט פונעם בלויזן געדאַנק וועגן די לײַדנשאַפט־לעכע פלאַמיקע גלוסטן, וואָס דערוואַרטן אים מיט הפקרדיק־געשטרעקטע אָרעמס, נאָר ווו צו אַנטלויפן דערפון איז נישט געווען. ס׳האָט געצויגן ווי מיט צוואַנגען. ער האָט זיך געפינען אין אַ קלעם פון אומגעזעענע מעכטיקע לאַפּעס. נישטאָ קיין אַנטרונען פון זיי. דער יצר־הרע איז שטאַרקער פון אים און באַהערשט אים זײַן ווילן. ער האָט נישט זעלטן שפּעטער באַדויערט זײַנע שוואַכע מינוטן און זיך געגעבן דאָס וואָרט צו זײַן שטאַרק, זיך באַהערשן, און ער דערמאָנט זיך נישט, אַז ער זאָל ווען ס׳איז האָבן געהאַט כוח בײַצושטיין דעם ניסיון... כאָטש די חרטה איז אַלע מאָל געקומען באַגלייט פון עינויים, פון פּײַן־גרייזשעניש האָט עס אים אויך ווײַטער נישט געקאָנט אָפּהאַלטן און אוודאי נישט לײַטערן פון די זינד, און ווי אַ פאַרשולדיקטער, וואָס קאָן נישט קריגן קיין תיקון, האָט עס אים געשטויסן צו נאָך גרעסערע עבירות...

ווען משה מעט האָט זיך אָפּגעקערט — אַן אַדורכגעקעלטערטער — פון פענצטער, האָט דאָס קינד אין בעטעלע זיך שוין געהאָט אויפגעכאַפּט פון שלאָף. דאָס מיידעלע האָט געקוקט אויף אים מיט העלבלאָע אויסגעלײַטערטע אייגע־לעך, וואָס האָבן אַרויסגעשמייכלט צו אים פונעם באַמאָזלטן פּנימל. לושע איז שוין געווען פאַרפּאָרעט אין קיך. זי האָט געגרייט פרישטיק. פראַנעק האָט זיך שוין אויך אויפגעהויבן און אַרויפגעצויגן אויף זיך די זונטיקדיקע הויזן. אַ שווײַגנדיקער האָט ער אים אָנגעקוקט, משה מעטן, מיט אַ פאָרשנדיקן בליק פון איינעם וואָס איז פול מיט פאַרדאַכט. ער האָט גענומען דאָס האַנטעך פון דער טיר אַראָפּ און מיט צעוויגטע פאַרשלאָפענע טריט זיך געגאַנגען וואַשן.

ק אַ פּ י ט ל פ י ר

# געסט אין שטיבל אויפן וואַנסקי־דונאַי

צו די ריבאַקעוויטשעס אויפן וואַנסקי־דונאַי זענען דעם זונטיק געקומען געסט — ביידע יינגערע ברידער פראַנעקס פונעם סאַלעץ אויף פּאָווישלע: דער ברייטפּלייציקער וואַצעק מיט די שאַרפקאַנטיקע קינבאַקן און שמאָלע אויגן פון מאָנגאָלישן שניט, מיט אַ מויל גרויסע בלאַנקע ציין און מוסקוליק־געפּרעגטע הענט, וואָס קאָנען בייגן אײַזן, און דער יינגסטער — שימאָן — מיט אַ קאָפּ לאַנגע בלאָנדע האָר, ווי אַ פּאָלקע, מיידליש פאַרקעמט אויף אַרויף מיט אַ שרונט בײַ דער זײַט, מיט אַ לענגלעכער גלײַכגעשניצטער גריכישער נאָז און נאָענט־געזעצטע טיפבלאָע אויגן. מיטן ראָזלעך־צאַרטן פּנים און שלאַנקער פיגור האָט ער געכאַפּט דעם אָנבליק פון עלטסטן ברודער זײַנעם, פראַנעקן. נאָר ער, שימאָן, איז געווען אַ סך פרישער און צוציִענדיקער פון יענעם. בלויז די מוטנע פאַר־גאַסנקייט אין די אויגן מיט די בלוטאָדערלעך אויף די העלע ווײַסלען האָבן אויס־געזאָגט דעם סוד פון זײַן פריִע אָפּגעלעבטקייט, און געשראָקן די שיקסלעך, וואָס האָבן אַרום אים געפלאַטערט, ווי די פליגן אַרום אַ פײַער — אי ס׳ציִט צו אי מע קאָן זיך לײַכט אָפּזענגען די פליגעלעך בײַ אַ מינדסטן אומפאַרזיכטיקן צו־נאָענטן באַריר.

ער איז געווען שיין ווי אַפּאָלאָ און אַרומגעגאַנגען מיט אַ מיאוסער קרענק וואָס ער האָט פאַראיבעריקט פון זײַן געטלעכער שיינקייט. די מיידלעך פון דער ווײַסל־געגנט, אַרום פּאָווישלע, זענען פאַרליבט נאָך אים נאָכגעלאָפן און אויס־גענוצט זײַן נישט־איבערקלײַבערישקייט און אומדערפאַרנקייט אין לעבן. ווען ער האָט זיך געכאַפּט איז שוין געווען צו שפּעט. ער האָט שוין געמוזט אָנקומען צו די דאָקטוירים פון „סאַן לאַזאַר״ און לויפן נאָך נאָדלען אין ווענערישן שפּי־טאָל. און שפּעטער האָט ער שוין אין גאַנצן פאַרנאַכלעסיקט די קוראַציע.

אַזוי שיין ווי ער איז געווען, פול מיט אומשולדיקן חן און רייץ, אַזוי פאַר־דאַרבן איז ער געווען — אַ קאַליע־געמאַכטע נשמה. און אין טרינקען האָט ער איבערגעשטיגן דעם עלטסטן ברודער, פראַנעק, וואָס האָט נאָך קיין איין געוועט נישט פאַרשפּילט אויף די היימישע הוליאַנקעס אין די חגא־טעג אויפן „מקום״.

פונקט ווי דער מיטלסטער, וואַצעק, איז פון דער נאַטור אויס געווען אַ תמימותדיקער, צוריקגעהאַלטענער, באַשיידן־אויסגערעכנט, מיט אַ געצוימטקייט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט שעמעוודיקייט, אויס מורא פאַר אַ צו־שטאַרקן אויסברוך פון די ליידנשאַפטן; זיך שטענדיק גערויטלט אַ פאַרלוירענער אין אַנבליק פון פרויִשער דרייסטקייט; נישט געקאָנט גראָב פאָרקומען קיין פרוי, און גענומען די מיידלעך, וואָס זענען אים געפעלן, בלויז מיט זיין אויסערלעכן אויסזען, מיט דער בראָנדזענער אַטלעטישער פיגור זיינער, וואָס האָט באַלד פון פאָרויס אויסגעשלאָסן יעדן געדאַנק פון דערווידערונג, — אַזוי איז שימאָן געווען אין זיין גאַנצן אויפפירן זיך און באַנעמונג צום שיינעם מין פונקט דער היפוך פון וואַצעקן — חוצפהדיק, שוויצעריש, אַקעגנשרייענדיק, ברוטאַל־אַגרייפעריש און ציניש־לייכטזיניק, אומפאַרשעמט, — וואָס קאָן אי אָפשטויסן אַ פרוי ביז פילן אַן עקל, אי לאָקן מיט דער גרענעצלאָזער סעקסועלער הפקרות און אויסגעלאַסנקייט פון שטורמיש־צעשפילטע בלוטן.

ביי אים איז די פרוי צו עפּעס אַנדערש נישט באַשאַפן געוואָרן ווי נאָר צו זיין בלויז ווייב, זעטיקן אַ מאַן סעקסועל, זיך איבערגעבן אים צו יעדער צייט, ווען ער וועט זי מיט איין האַנט אַ נעם־טון פאַר דער טאַליע און זי אַוועקפירן אין פאַרק אויף אַ באַנק, אויפן פעלד הינטערן שטאָט, אויפן צמענטאַזש אין פאַוואַנזעק, אין אַ פינצטערן טויער, ביי אַ וואַנט אין אַ הינטערגעסל, צי אין אַן אָפענעם הויפישן בית־כסא — אַ צויגיק־ווילנלאָזע און הכנעהדיק־אויספּאָלגעווערדיקע, — אויב זי וויל נישט אַהיימגיין אַ צעשלאָגענע און צעקיילטע ביז בלוט מיט שוואַרצע לאַמוווקעס אונטער די אויגן.

ביידע ברידער — פאַרברעכערס — האָבן געאַרבעט צומיינסט אין ייִדישע פאַרבערייען, וואָס האָבן זיך געפינען אין מיטלשטאָט, אין דער געדיכטעניש פון ייִדישן קוואַרטאַל. זיי האָבן זיך געחברט מיט ייִדישע ייִנגלעך און ביי יעדער געלעגנהייט זיך אָנגענומען פאַר די ייִדן. כאָטש זיי האָבן געהאַלטן, אַז די ייִדישע פאַבריקאַנטן זענען פונקט אַזעלכע אויסנוצערס ווי די אייגענע, די כושעשטשיאַנסקע פירמעס, דאָך האָבן זיי בעסער געוואָלט אויסגענוצט ווערן דורך ייִדן, איידער אַרויסגעוואָרפן צו ווערן דורך די פּאָלאַקן, און זיי זענען גיכער געגאַנגען אַרבעטן אין ייִדישע פאַרבערייען, ווו די דיסציפלין איז נישט געווען אַזאַ שטרענגע און אומבייגזאַמע, אַז פאַר אַ ליאַדע וואָס האָט מען געזען די טיר פון דער אַנדערער זייט.

ביי די ייִדן קאָן אַן אַרבעטער גיכער כאַפּן אַ זייטיקן גילדן טרינקגעלט, זיך דערלויבן אויף כלערליי בריקערייען און פאַרוועלענישן, ווי כאַפּן אַן איבעריקן טרונק בראָנפן מיטאָגצייט, זיך טשעפּען צו די פּאַניענקעס אין הויף, פאַרפאַלן ווערן ווו צווישן די סקלאַדעס און שאָפעס און קאַפּויערקומען מיט אַן אומשולדיק

מינעלע פון אַ כומיקל, וואָס זאָל בײַ אַלעמען אַרויסרופן אַ געלעכטער הינטער די פלייצעס פונעם ייִדישן מײַנסטער, אָדער פאַבריק־אויפזעער. בײַ אַ נישט־ייִדישן באַלעבאָס וואָלט אַזאַ אַרבעטער געפלויגן פון דער אַרבעט אָן אַ גראָשן געלט אַנטשעדיקונג.

בלויז אַ ייִד קאָן אײַנגיין אויף פּשרות און קוקן אויף אַלע שווײַנערײַען דורך די פינגער, זעען און שווײַגן, פאַרבײַגיין און פאַרקוקן, פאַרשטיין, אַז אַן אַר־בעטער איז נישט קיין געקויפטער קנעכט, נישט זײַן לײַב־אייגנטום און נישט קיין שרײַפל אין דער פּראָדוציר־מאַשין, נאָר אַ מענטש, אַ געדונגענער אויף דער שעה צי אויפן טאָג; אַז דאָס געלט, וואָס ער צאָלט, איז נישט פאַרן אַרבעטער, נאָר פאַר זײַן אַרבעט, פאַר זײַן פּראַצע, פאַר דער פּראָדוקציע וואָס ער גיט אַרויס, און דער מענטש ווי אַזאַ בלייבט פרײַ און רעספּעקטירט, אומאָפּהענגיק פון זײַנע שוואַכקייטן און קאַפּריזן.

ביידע ברידער זענען געקומען צו פראַנעקן אין שטוב אַרײַן אויפגעלייגטע, פריילעך־טומלדיקע, אויסגעסטראַיעט־זונטיקדיק, אויסגעפּיאַקעוועט ווי אויף אַ „שלוב" — מיט אַ רויז אין לאַץ און אַרויסשטאַרצנדיקע ווײַסע מאַנזשעטן פון די צו־קורצע אַרבל אַפּער. זיי האָבן געבערענגט מיט זיך דעם דעמפּיקן געלוואַק־סענעם וויירעכדיקן קלויסטער־ריח, געמישט מיט דער שאַרפער ביטערניש פון וודקע און ביליקער מאַכאָרקע.

זיי האָבן פראַנעקן געטראָפן שטיין אונטערן קראַן אין אָפּגעגראָדזשעטן ווינקל, וואָס איז געווען פאַרצויגן מיט אַ פורהענגל אויף רינגעלעך, אָנגעטשע־פּעטע אויפן לײַסטל וואָס האָט זיך געהאַלטן איינגעפּוגעוועט אין ביידע זײַטן ווענט.

דאָס קלאָרע העלבלאָגעבלימטע פורהענגל איז געווען אָפּגערוקט אויף דער העלפט. אַ האַלבנאַקעטער איז פראַנעק געשטאַנען מיט דער עטוואָס רונדיקער פּלייצע איבערגעבויגן איבערן זלעוו. ער האָט געלאָזט כליאָפּען אויף זיך דאָס קאַלטע קראַנוואַסער אויפן קאָפּ, איבערן קאַרק, אײַנרײַבנדיק מיט די העלהאָריקע הענט דעם בלאָנדן שויבער און דאָס פּנים — אויף אויפצופרישן, זיך אויסטשו־כען פון דער נעכטיקער באַטרונקענקייט און אויפשוידערנדיקן איבל, וואָס איז אים פּלוצים באַפאַלן ביז פאַרלירן דעם לעצטן פאָדעם פונעם וואַכיקן זינען און פאַרזונקען באַוווסטלאָז אין אַ קלעפּיק־שוואַרצער פאַרגעסנקייט.

די ברידער פראַנעקס האָבן זיך דערפרייט אַרומגעכאַפּט מיט משה מעטן, אים באַגריסט מיט אַ „יאַק שעמאַש, בראַכו" י, און מיט אַ גוטברודערישן קלאַפּ אין פּלייצע אים געגעבן אַ ציי צו זיך, אָנשלאָגנדיק זיך אַקסל אין אַקסל.

[1] וואָס מאַכסטו, ברודער?

פראַנעק האָט אַרויסגעשטעקט אַ נאַסן צעשויבערטן קאָפּ גלײַך פון אונטערן קראַן אַפּער. די טראָפּנס וואַסער האָבן אַראָפּגעקאַפּעט אויף דער ערד. אַן אײַנגעבויגענער האָט ער אַרײַנגעשריגן צום ווײַב אין קיך אַרײַן, זי זאָל בעטן די געסט זיצן, און גלײַך זיך געכאַפּט, אַז ער קאָן עס אַליין טון, זיך געווענדט צו זיי:

— שאַדאַיטשע, כלאָפּצי! זיצט, וואַרפט אַראָפּ פון זיך די מאַנטלען. איך וואַרט, מע זאָל אײַך בעטן?

מיט אַ מאַטער שטים האָט לושע אַרײַנגערעדט פון קיך, געווענדט אי צום מאַן אי צו די געסט:

— כ׳קום באַלד אַרײַן, אין אַ מינוט, איין רגע.

— זאָל זיך די שוועגערין נישט פאַטיגירן — האָט שימאָן זיך אָנגערופן צוגייענדיק צו דער קיכטיר — אונדז דאַרף מען נישט בעטן. מיר טרעפן אַליין צו ווו מע דאַרף און נאָך מער — ווו מע דאַרף נישט.

— שוין, הייבסט שוין אָן דײַנע שטיק? — האָט וואַצעק אים אַ צי־געטון פאַרן אַרבל — ביסט דאָך נישט אַציגנד אויפן „דעפּטאַק״ י מיט דײַנע מיידעלעך.

— נישט אַזוי, פּשיאַטשעלו, — האָט זיך שימאָן אָפּגעקערט פון קיך און שוין גערעדט איצט צו משה מעטן — וואָס זאָגסטו, משה, נישט אַזוי?

— וואָס דאַרף איך זאָגן — האָט משה מעט נישט גערן אָפּגעענטפערט — דו זאָגסט דאָך אַליין... — און אַ פּאַרזאָרגטער, וואָס ער וועט איצט נישט קאָנען אַזוי גיך פאַרלאָזן די שטוב, צוגעגעבן מיט אַ האַלב מויל:

— איר זענט טאַקע געקומען דאָ זיצן? איר וואָלט בעסער געגאַנגען אין קאָשטשאָל אַרײַן וואָלט איר מער מיצווה געטון.

— מיר האָבן גענוג, אַז מיר געבן בלויז אַ שמעק צום קלויסטער — האָט וואַצעק דער ערשטער זיך געפּרוווט פאַרענטפערן.

— אין קאָשטשאָל דאַרף מען טאַקע גיין — האָט שימאָן צוגעגעבן מיט זײַן סאַרקאַסטיש שמייכעלע — נאָר זאָלן גיין די, וואָס האַלטן, אַז וואָס זיי זאָלן נישט טון — זינדיקן זיי. אָטאָ מיר — האָט ער אָנגעוויזן אויף זיך און אויפן ברודער דערנעבן — מיר זינדיקן נישט, פאַרקערט, מיר טוען בלויז גוטס. גוט פאַר זיך און גוט פאַר יענעם... פאַרשפּאָרן מיר צו גיין צום גלח אויף מחילה... אַז מירן אָפּזינדיקן, וועלן מיר דעמאָלט גיין זיך מיתוודה זײַן...

לושע איז אַרײַנגעקומען פון קיך אין לײַכטן פּיזשאַמעלע מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל און נישט־אויפגעקעמטן קאָפּ. אויפן העלן אויסגעבלייכטן פּנים האָט געשפּילט אַ קוים־מערקנדיק שמייכעלע. זי האָט זיך באַגריסט מיט די געסט, דערלאַנגט וואַצעקן אַ פעסטן האַנטדרוק, און פון שימאָנען גלײַך צוריקגעצויגן

1 הילצערנער פּאָדיום. פּראָוויזאָרישער טאַנצפּלאַץ אונטערן פרײַען הימל

די האַנט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, ס׳זאָל זיך נישט עפּעס אומאָנגענעמס צו־קלעפּן צו איר:

— אַנטשולדיקט זייער... אַזאַ אומאָרדענונג דאָ אין שטוב. ס׳קינד איז מיר קראַנק. ס׳האָט מאַזלען. כ׳האָב געמיינט די נאַכט אַז ס׳רוקט זיך אַוועק... אָט־אָט וואָלט שוין געווען נאָך איר... אַזוי שלעכט האָט זי געהאַלטן, די קליינע. איצט איז איר שוין אַ ביסל בעסער. זי שפּילט זיך שוין... די היץ איז איר שוין אַראָפּגעפאַלן...

זי איז געשטאַנען אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו משה מעטן. מיט איין האַנט האָט זי זיך געהאַלטן אין איין צונויפנעמען די האָר אויפן קאָפּ אויף אַרויף, און מיט דער אַנדערער זיך צוגעהאַלטן די צונויפגעצויגענע צוויי קלאַפּעס פון דער פּידזשאַמע, פון וואַנען ס׳האָט זיך אַרויסגעזען אַ גענוג טיפער דעקאָלט.

לושע איז צוגעגאַנגען צום קינדס בעטעלע איבערלייגן דאָס קינד באַגלייט פון די מענערשע בליקן, וואָס האָבן מיט נייגער נאָכגעפאָלגט איר יעדן באַוועג און בייג אַרום אָפּגעדעקטן קינד אין וויגל.

זיי האָבן געזען ווי זי וויקלט אָפּ פונעם קינד דאָס דורכגעווייקטע ווינדעלע, פּאַרשיט מיט טאַלק־פּודער צווישן די ראָזיק־פּאַרפּלאָמטע פאַרהויבענע פּיסלעך, איבערן בייכל און פּלייצקעלע... און נאָכן געשיקטן איינוויקלען דאָס קינד אין פרישן ווינדעלע האָט זי אַ פאַרהייב־געטון דעם בליק און זיך אָנגעטראָפן מיט די גאַפּיענדיקע מענערשע אויגן, וואָס האָבן זיך האַסטיק אָפּגעקערט פאַרשעמטע — דורכגענומען פון איר קוק פול מיט פאַראַכטונג און שפּאָט.

פון וואַש־אַלקערל איז אַרויסגעקומען פראַנעק אַ גלאַטראַזירטער און פאַר־קעמטער, מיטן האַנטעכל אויף די אַקסלען, און זעענדיק משה מעטן שטיין מיטן קאַפּעלושל אין דער האַנט, אַזוי ווי צום געזעגענען זיך, אים צוגערוקט אַ שטול.

— זיך, משה, וואָס גאַפּיעסטו זיך? וועסט אין ערגעץ נישט גיין. מיט אונדז דאָ וועסטו בלייבן, שקאָדאַ גאַדאַטש, נישטאָ וואָס צו רעדן.

— פּעווניע, פאַרשטייט זיך, — האָט וואַצעק צוגעהאָלפן — וואָס מיינסטו מיט זיך? מיר וועלן קומען און דו וועסט זיך אויפהייבן און אַוועקגיין?

— לאָזט צורו, יינגלעך, — האָט משה מעט געפּרוווט מזל זיך אַרויס־צודרייען פון זיי — איך מוז זיין אין דער היים. אין שטוב ביי מיר ווערט מען איבערקלערן, פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַ גאַנצער נאַכט. מע וועט דאָך מיך לויפן זוכן אין די קאָמיסאַריאַטן... ניין, איך מוז גיין. אַן אַנדער מאָל ענדער. ס׳וועלן נישט פעלן קיין געלעגנהייטן.

— וועסט אין ערגעץ נישט גיין — האָט פראַנעק זיך אויסגעבונדן דעם העלרויטן קראַוואַט אין שפּיגעלע, נישט אומקערנדיק דעם קאָפּ צו משה מעטן —

דו מאַך נישט דײַנע קונצן, פאַרשטייסט, מיר קענען זיך דערזיף. מ'עט דיך נישט לאָזן אַוועקגיין.

— וואָס דאַרפסטו זיך בעטן בײַ אים — האָט שימאָן אויסגעשטרעקט אַ האַנט אין דער לופטן צו משה מעטס זײַט — שטעל אַרויף אַ פלעשל בראָנפן אויפן טיש — וועט ער זיך שוין בעטן בײַ ד י ר.

פראַנעק איז צוגעגאַנגען צום שענקל, געעפנט דאָס טירל און געוויזן אַז ס'איז אינעווייניק אין גאַנצן ליידיק.

— וואָס זשע האָסטו באַלד נישט געזאָגט — האָט זיך וואַצעק געכאַפּט צו דער קעשענע און דערלאַנגט שימאָנען אַ זילבערנעם פינפער־זלאָטע — נאַ, ברענג אַרויף אַ פלאַש בראָנפן, נישט קיין לורע, ווי דו ביסט געוווינט.

— איך ווייס אַליין וואָס איך האָב צו נעמען — האָט שימאָן אַרויפגעכאַפּט אויף זיך די יעשאַנקע [1] און זיך געלאָזט צו דער טיר מיט אַ ווונק צו משה מעטן, אַז מע וועט נאָך הײַנט גוט פאַרברענגען.

משה מעט האָט געזען, אַז ס'וועט אים דאָ גאָרנישט העלפן; ער וועט זיך שוין נישט אַרויסדרייען פון זיי. ער מוז בלײַבן און מיטהאַלטן מיט די געסט. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם קאַפּעלוש אויפן בעט, ווו ס'איז געלעגן וואַצעקס מאַנטל, און זיך אויסגעמיטן מיט לושעס בליק בײַם צוריקגיין צו דער שטול.

אויפן טיש איז אויסגעוואַקסן אַ ליטערדיקע פלאַש בראָנפן מיט פרישן קעלבאַס.

---

[1] האַרבסט־מאַנטל

קאַפּיטל פינף

# אין אַ פרעמדער וועלט

משה מעט האָט געפילט אַ מאָדנעם ווילן און חשק צו זײַן נאָענט פאַר־בונדן מיט דעם אַלעם וואָס רינגלט אים אַרום און איז אומדערגרייכיק ווײַט פון אים. ער האָט זיך רעכט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דאָזיקן נאָגעניש און אומרו. ס׳איז נישט אויפגעקומען אין אים דאָס געפיל צוליבן וועלן אַנטלויפן פון זיך, צו דערווײַטערן זיך פון אייגענעם לעבן. אין די דלת־אמות פון זײַן וועלט האָט ער געפינען געגנוג שיינקייט און פאַרכישופנדיקס, וואָס זאָל אים האַלטן פאַרקניפּט מיט טויזנט פעדעם און זײַן בכוח צו שטילן און פאַרשפּילן דעם הונגער פון זײַנע גלוסטעניש און פיבערן אין די חלומותפולע נעכט אויפן בחורישן געלעגער.

דער גרויסער נייגער פון אַן אַכצניאָריקן האָט אים געשטויסן צו דער־קענען דאָס אַרומיקע לעבן וואָס ברייטער און טיפער. ער האָט נישט געפילט קיין דירעקטע סכנה וואָס זאָל לויערן אויף אים פון ערגעץ. האָט עס אים דעריבער נאָך מער געצויגן דורכצונישטערן דעם פרעמדן אַרום. ווי ס׳זאָל זיך אַמאָל נישט מאַכן — זאָל ער וויסן דורך וואַנען און ווו צו אַנטרונען. דאָס דאָזיקע אומקלאָרע טונקעלע אַנגן האָט אים געשטופּט אין אַלע פינצטערע לעכער. ער האָט אומע־טום געוואָלט אַרײַנדרינגען, אין אַלע פאַרבאָרגענע קעמערלעך און שאָטנדיקע ווינקעלעך. געוואָלט אָפּשיילן די קאָרע, ווי האַרט זי זאָל נישט זײַן, אַבי זיך צו דערשלאָגן צום קערן — אַלץ איינס צי ער וועט זײַן זיס אָדער טערפּקע־ביטער אויפן גומען.

פון שטענדיק אָן האָט אים דאָ די פרעמדע וועלט אי געלאָקט אי געשראָקן. וואָס שטאַרקער ס׳איז געווען דער פּחד פאַר דער אומזיכערער אַנדערשדיקייט, אַלץ מער איז געוואַקסן אין אים דער דראַנג און חשק אַריבערצוטרעטן די שוועל פון דער אויסטערלישערווירקלעכקייט. זי האָט אים דערמאָנט אין אַ הייל וואָס אַדורכגייענדיק די פינצטערניש אירער קאָן זיך אַמאָל געבן אַן עפן־אויף אַ נײַע אומבאַקאַנטע ליכטיקע וועלט.

ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען די מחיצה צווישן זיי און אים וואָלט מיט אַמאָל געגעבן אַזאַ פאַל אײַן. אַלע גרענעצן וואָלטן פאַרווישט געוואָרן און ס׳וואָלט זיך אײַנגעשטעלט איין סדר פאַר אַלע גלײַך. מע וואָלט אים דעמאָלט אַזוי נישט „געגעסן" מיט די אויגן. ס׳ווערט אומאָנגענעם קאַלט פון די בליקן וואָס שפּיזן אים דורך. פון אַלע זײַטן קוקט מען אויף אים. ער איז אַלעמען גרויס אין די אויגן. גלײַך ווי אין דער גאַנצער שפּאַרעניש דאָ וואָלט ער אַליין געווען דער איינציקער שולדיקער, דער וואָס שאַפט מיט זיך דאָס שטופּעניש, די ענגשאַפט.

די פּוילישע חברים זײַנע, וואָס גייען דאָ לעבן אים, זעען עס נישט און פילן עס נישט. זיי באַמערקן עס אין גאַנצן נישט און ער ווייסט זיי נישט זאָגן אויך. זיי ווילן עס באַלד אָפּפּטרן מיט אַ „ס׳דאַכט זיך דיר אויס" און אַ ייִדישן „גאַי שוין גאַי". אינעם פּילפאַרביקן אויסגעמיש פון די רוישיק־פאַרפּאַקטע געסלעך האָבן זיך טומלדיק געפּלאָנטערט די דריי „בראַטשקעס"[1] ריבאַקעוויטש מיטן שווײַגנדיקן משה מעט בײַם זײַט — זאַט־אָנגעגעסענע און באַטרונקענע נאָכן פּעטן מיטאָג מיט די סכאַבאָווע קאָטלעטן און כלערליי פּאָטראַוועס וואָס לושע האָט געהאַלטן אין איין דערלאַנגען נאָך און נאָך אַז זיי האָבן נישט באַוויזן צו זען ווי דער פרימאָרגן איז אַוועק מיטן גאַנצן ערשטן האַלבן טאָג צוזאַמען.

אין זייער בגילופנדיקייט האָבן זיי זיך יעדער מאָל אָנגעשלאָגן אָן אַן אַנדערן דורכגייער. דאָ זיך אָנגעקלאַפּט אָן אַ מאַן מיט פאַרשפּיצטע פּריצישע וואָנסעס און פאַרריסענער נאָז, דאָ זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פּאַניושע מיט אַ ברייטן הוט און האַנטשו ביז צום עלנבויגן, וואָס מע זעט עס דאָ נאָר אין די חגא־טעג, ווען די „בעסערע געסט" פון צענטער שטאָט לאָזן זיך אַראָפּ אַהער, זיך פאַרווײַלן אין אַן עכט פּוילישער אומגעבונג, וואָס דערמאָנט אין די אַלטע ריטערלעכע צײַטן אינעם זעלבשטענדיקן קעניגלעכן פּוילן.

נאָך יעדן צופעליקן אַרויספאַל אויף אַזאַ „העכט" האָבן זיי זיך העפלעך אַנטשולדיקט מיט אַן איבערגעטריבענעם צי דעם קאַפּעלוש און טיפן נייג אין דרײַען צו דער ערד זיך שיִער נישט אויסציִענדיק אויף אַלע פיר. אין דאָזיקן ברייטן זשעסט פון פּוילישער העפלעכקייט איז געלעגן מער בײַסיקער חוזק און ביטול, ווי דרך־ארץ פאַרן שטאָטישן פּאַן, וואָס האָט באַוויליגט זיך אַראָפּצולאָזן צום פּראָסטן „נאַראָד"[2] צו באַשיינען מיט זיך זייער יום־טוב, ווי זיי וואָלטן אים מיט זייער בײַזײַן געווען געטון די גרעסטע טובה.

ווען אַזאַ איינער האָט זיך אָפּגעשטעלט זען ווער ס׳האָט אים פאַרטשעפּעט — האָט זיך משה מעט גלײַך געגעבן אַ רוק אָפּ אין אַ זײַט. דער דאַמעס פאַרשפּיצטן געבייזער און דעם הערס שפּיזיקע בליקן און בריִענדיקע שטעכווערטער

---

[1] ברידער

[2] המון, פאָלק

זאָלן נישט אַמאָל פאַלן אויף זײַן ייִדישן קאָפּ. ס׳וואָלט זיך זיכער נישט געווען געענדיקט אַזוי גלאַטיק אַזאַ אומשולדיקער פאַרטשעפּע פון אַ פּאָלאַק מיט אַ ייִד, ווי צווישן אַ פּאָלאַק מיט אַ פּאָלאַק. ער האָט געוווּסט, משה מעט, אַז זיי, צווישן זיך, וועלן זיך קיין איבעריק שלעכטס נישט טון איינער דעם אַנדערן. אײן ראָב וועט דער צווייטער נישט אויסדזשאָבען קיין אויג.

אין דער חברותא פון די פּוילישע פאַרברעכער יונגען האָט ער זיך געפילט אַזוי אייגענער, אַ היימישער און זיך פאַרהאַלטן אַזוי ווי זיי — פרײַ און צעבאַלעוועט. ער האָט זיך באַמיט נישט אָפּצושטיין פון זיי אין קיין שום זאַך. נישט אויס מורא צו ווערן אויסגעלאַכט. דאָס נישט. נאָר פּשוט צו ווײַזן אַז ער איז געקנעטן פון זעלבן טייג וואָס זיי און מיט זײַן אויפפירן זיך — באַשטעטיקן דעם דאָזיקן אמת. אַז ער איז טאַקע „אַן אייגן ייִנגל״.

ער האָט זיך געקלאַמערט, משה מעט, אין זייער פאַרדאָרבנקייט און געפאַלנקייט אונטערצושטרײַכן אַז ער געפינט זיך אויף דער זעלבער מאָראַלישער הויך וואָס זיי און אַז די אומצופרידנקייט פון לעבן האָט אים אויך נישט געשאָנעוועט. פּונקט ווי זיי מוז ער אויך פאַרטרונקען דעם וואָרעם וואָס הערט נישט אויף צו טאַטשען און נאָגן... דאָס שטענדיקע גריזשעניש מיטן באַדויערן די פאַרלוירענע טעג און יאָרן צווישן די נאַסע ווענט פון די פאַרברעכער וואָס ציִען אויס דעם מאַרך פון די ביינער, און עס סטײַעט נישט צומאָל דערפון צו קאָנען פירן אַ לײַטיש מענטשלעך לעבן. מע גייט שטענדיק אַרום געענגט אין אַ גראַשן. מע פאַרגינט זיך רעכט נישט דעם ביסן אין מויל.

דער עיקר אָבער וויל ער זיי ווײַזן אַז די כלומרשטע שפלדיקייט און הכנעה־דיקייט, וואָס דאַרף אים זײַן אייגן ווי אַ ייִד, איז אַ פּוסטע אײַנרעדעניש, אַ ביזווילִיקע ווּיסטע פאַנטאַזיע פון בילבול־אויסטראַכטער. אַז מע זאָל וועלן גוט זוכן קאָן מען עס געפינען נישט ווינציקער בײַ די זייעריקע, אויב מע זאָל עס וועלן זען ווי אַ רויטער פאָדעם, אַ כאַראַקטער־שטריך נישט פון אַן איינצלנעם, צי אַפילו פון אַ גרופּע, אַ שיכט, אַ קלאַס, נאָר פון אַ פאָלק אין גאַנצן גענומען, ווי זײַנס אַן אייגנשאַפט.

אַזוי זענען זיי גאַנצע צעלייגערס, די פּאָלאַקן — חוצפּהדיק און פאַררײַסן קעגן שוואַכערן פון זיך. ווי נאָר זיי ווערן אָבער געשטראָפט און פאַלן אַרונטער אונטער אַ פרעמדן שטיוול, ווערן באַהערשט פון אַ צווייטער מלוכה — אַזוי ווערן זיי נידעריקער ווי גראָז און שטילער ווי וואַסער. לעקן זיך אונטער און קריכן אונטער די נעגל. ווײַזן אַרויס די זעלבע שוואַכע זײַט וואָס יעדער אונטערגעאָרדנטער און באַזיגטער צד.

ער שטייט נישט אָפּ מיט גאָרנישט, משה מעט, ווען ער געפינט זיך אין זייער געזעלשאַפט. ער טרינקט מיט זיי גלאָז נאָך גלאָז און פלאַש נאָך פלאַש

— נישט צו געבן זיי די געלעגנהייט צו זאָגן אַז אַ ייִד קאָן נישט טרינקען, און אַז ער קאָן נישט טרינקען, קאָן ער נישט זײַן קיין חבר, און אַז ער קאָן נישט זײַן קיין חבר — וואָס זשע פּאַר אַ געמיינזאַמס קאָן נאָך זײַן צווישן זיי? טויג ער צו גאָרנישט און מעג גיין צו אַלדע־טײַוול.

צומיינסט אָבער האָט ער זיך געטוליעט צו זיי צוליב אַ סך אַ טיפערער סיבה, וואָס ער האָט שטענדיק פאַרשטופּט אין אַ ווינקל, נישט געוואָלט זיך מודה זײַן דערין און נישט געווען בכוח עס צו פאַרלייקענען. בײַם גאַנצן פאַרצויגענעם הײַטל פון אויסגעגלײַכטקייט האָט טיף אין אים גענורטעוועט אַ בענקשאַפט, אַ נאָגענדיק געפיל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט קינאה, אַ געפיל פון פעסטער ערדישקייט אונטער די פיס, פילן אייגענעם באָדן, אומגעוואַקלטן, זיכערן — פרײַ פון ספקות און קאָמפּלעקסן, וואָס זאָל נישט זײַן „מײַנס און נישט מײַנס", טרעטן אויף אַן ערד, וואָס זאָל זיך נישט אויסדאַכטן דורך אײַנרעדעניש, נאָר זאָל טאַקע זײַן אמתע היימערד, צו וויסן אַז מ'איז מיט לײַב און לעבן פאַרוואָרצלט אין איר, און וואָס פאַרע ווינטן ס'זאָלן נישט בלאָזן וועלן זיי דעם בוים נישט קאָנען אויסרײַסן מיטן וואָרצל. ער וועט שטענדיק בלײַבן אין זײַן פאַרוואָרצלט־קייט אַ טייל פון דער אַרומיקער לאַנדשאַפט — אויף קיין מאָל זי נישט צו ענדערן — אייביק ווי דער הימל איבער אים און ווי די ערד אונטער אים. ער האָט געוואָלט פילן דעם וווּנדערלעכן טעם פון „אונדזער אַלעמענס וועלט", נישט ווי אַ שותפות מיט וועמען, נאָר ווי אַ באַשטאַנדטייל פון לעבן, וואָס געהערט טאַקע אונדז און איז אַ טייל פון אונדז — אונדזער היים.

ק א פ י ט ל   ז ע ק ס

# וווּהין פירן די גנעסלעך פון אַלטשטאָט?

היים! ס׳אַראַ גרויס און זיס געפיל מוז דאָס זײַן! נישטאָ, דאַכט זיך, נאָך אַזאַ זאַך וואָס זאָל זײַן בכוח צו געבן פליגל אויף צו קאָנען אַ שוועב טון מיט אַ מעכטיקן פלי. נישט אומזיסט איז די „זשעטשפּאָספּאָליטאָ״[1] סימבאָליזירט דורך אַן אָדלער מיט צענומענע פליגל. ווי וויל מוז זײַן דעם מענטש וואָס פילט אַז אַלץ וואָס קומט־פאָר איבערן גאַנצן לאַנד, אַלע פאַבריקן וואָס רויכערן זיך און קלאַפּן מיט די מאָטאָרן טאָג און נאַכט, אַלע צוגן מיט די מעכטיקע לאָקאָמאָטיוון וואָס לויפן אין די מרחקים, די שיפן איבער ימען און די שטאָלענע פייגל וואָס פאַררוישן די רוימען, די פעלדער און וועלדער און די קאָכיקע שטעט — אַז אָט דאָס אַלץ גייט אים אָן צוגלײַך מיט אַלעמען; אַז ער האָט מיט אַלע גלײַך אַ חלק אין אָט דעם באַוועג פון די רעדער פון דער גיגאַנטישער פײַער־מרכבה ביז די קלענסטע שרײַפלעך און געריגגלטע קייטן; אַז ער איז מיט אַלע זײַנע חושים און בלוטפעדעם פון האַרץ און מוח פאַרוועבט און פאַרבונדן מיטן ראַשיקן גאַנג פון דער געשיכטע פון לאַנד.

מיט אַלע פיבערן זײַנע וויל ער מיטמאַכן דעם דאָזיקן אויפגייענדיקן מאַרש, צונויפגיסן זיך מיט די טריט פון די אַלע גייערס. ער האָט אַלע רעכט דערצו, אויף אָט דער ערד און אויפן דאָזיקן לעבן. יעדער שטיין אין גאַס קאָן עס באַשטעטיקן. די וואַרשעווער שטיינער קענען אים פון די ערשטע קינדערישע טריט אָן וואָס ער האָט געשטעלט אויף זיי, געפּאַלן אויף זיי און זיך געלערנט גיין אויף זיי. און אַז מע וועט דאַרפן וועט ער זײַן בלוט פאַרגיסן פאַר זיי, מיט לײַב און לעבן זיי פאַרטיידיקן, נישט ערגער ווי די פוילישע יינגלעך, די חברים זײַנע, וואָס גייען דאָ לעבן אים בײַ זײַן זײַט. אפשר נאָך מער פון זיי. ער האָט ליב די ערד. זי איז אים אײַנגעבאַקן אין האַרץ. און אַז אַן ערד איז אַ מאָגערע און האַרטע, נו, האָט מען זי נישט ליב?

---

1 „זשעטשפּאָספּאָליטאַ פּאָלסקאַ״, נאָמען פון דער פוילישער מלוכה

אָבער וווהין פירן זיי אים דאָ, די פאַרבעריונגען, מיט די געדרייטע שיפּע געסלעך? מע קאָן זיך עפּעס גאָרנישט אַרויסקריגן פון דאַנען, ווי אין אַ פאַר־כּישופטן קרײַז פּלאָנטערן זיי זיך מיט אים אין די געסלעך־לאַבירינטן — געסל־אײַן, געסל־אויס. דער פּחד פון עפּעס אומגעריכטס, דראָענדיקס האָט קיל אַ פלאַטער געטון הינטער זײַנע פּלייצעס. ער האָט נישט געפרעגט, נישט געזאָגט קיין וואָרט, בכדי נישט אַרויסצוווײַזן זײַן צעטראָגנקייט און אומצוטרוי, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט און גענומען פּענטען זײַנע טריט.

ער האָט נישט געפילט, משה מעט, ווי ער ווערט געשטויסן פון אַלע זײַטן גלײַך ער וואָלט געטראָגן געוואָרן אויף צעשטורעמטע כוואַליעס. שימאָן האָט אין גיין אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זײַן אַקסל. געווינקען מיט אַן אייגל צו די פאַרבײַגייענדיקע פּאַניענקעס וואָס האָבן געבלאָזן פון זיך ווי די שטאָלצע פּאַ־ווען. ער האָט זיי צוגעוואָרפן „טשולע״ [1] ווערטער און לופטקושן, און אַז זיי האָבן אים אַרויסגעשטעקט אַ צונג האָט ער אַ שלײַדער געטון ווי אַ שטיין:

— אַ רוח אין זייער מאַמען אַרײַן, שטשערוועס!...

און אַ שפּײַ־טוענדיק פאַר זיך מיט אַ „טפו פּשאַקרעוו!״ אָנגעוויזן משה מעטן מיטן אויסגעשטרעקטן ווײַזפינגער אין זייער זײַט:

— אונדזערע מיידן זענען די ערגסטע וואָס איך קען... און אַז זיי ווערן אין כּעס, ברודער, איז בעסער צו האָבן צו טון מיטן טײַוול ווי מיט אָט די שיינע מלאכימלעך.

וואַצעק און פראַנעק זענען געגאַנגען הינטער זיי צעוויגטע, צעכראַסטעטע. ס׳האָט געווייעט פון זיי מיט געצוימטן שלעגערישן הפקר פון טונקעלע פאַר־שוינען וואָס שלאָנדערן זיך אַרום אויפן ווײַסלברעג און קוקן נאָר אויס אַ גינס־טיק ווינטעלע וואָס זאָל פונאַנדערבלאָזן די זעגלען פון זייערע לײַדנשאַפטן און אינסטינקטן, און זיי געבן אַ טראָג און אַ ריס, אַז ס׳זאָל מיטשלעפּן אַלץ און אַלעמען, דעם גאַנצן טונקעלן געמויזעכץ, די צעהודערטע שיף בײַם ווײַסלברעג — די וואַרשעווער אַלטשטאָט.

— עך, בראַכו [2], — האָט פראַנעק געטון אַ טראָט אויף צוריק, — גלוסט זיך מיר הײַנט אַ צענעם־טון די הענט... אָט דאָ, זעסט, — האָט ער וואַצעקן אַ ווײַז געטון די אָפענע דלאָניעס, — די הענט סוועגדזשען מיר אַז די כאָליערע נעמט עס... „זיי״ איז גוט — האָט ער מיטן פאַרהייבן דעם קאָפּ געוויזן אויף משה מעטס פּלייצע — זיי האָבן קאַלט בלוט... בלוט פון אַ פיש. זיי גייען דאָ אַרום אויף אונדזער ערד, ווי יענער העלד בײַ זשול ווערן, וואָס דרייט זיך אַרום אויפן רוקן פון אַ וואָלפיש און מיינט אַז ס׳איז אַן אינדזל. זיי ווייסן נישט. אַז

1 געפּילפּולע

2 ברודער.

ס'איז געגנוג איין באַוועג מיטן עק, ס'זאָל זיך אַלץ געבן אַ טונק־אונטער... ס'זאָל אַלץ גיין צו גרונט.

— און וואָס מע האָט צו זיי — האָט וואַצעק אַ בייג געטון דעם קאָפּ אין אַ זײַט — הייב איך נישט אָן צו וויסן.

— איך ווייס יאָ... זיי זענען נישט שולדיק, אָט דאָס וואָס דו הערסט. שול־דיק זענען די פּרויען... דאָס גאַנצע שלעכטס קומט פון זיי... אָט איז ער דאָך אַן אייגן יינגל, משה מעט, יאָ, אַ גאַש בראָט, אַן פאַראורטיילן. אָבער הייס אים נאָר חתונה־האָבן מיט אַן אונדזעריקער, וועסטו באַלד זען זײַן מינע, גלײַך ווי די רויטע פלאַכטע וואָלט אַ פלאַטער געטון פאַר די אויגן פונעם אָקס, אַזוי צערייצט וואָלט ער געוואָרן. ער וואָלט זיך אָפּגעטרייסלט דערפון, ווי מע וואָלט אויף אים אַרויפגעגאָסן אַ קובל קאַלט וואַסער. זיי האַלטן זיך אָפּגעזונדערט, איזאָלירט, פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער... נישט־צוטריטלעך... דו האָסט געזען ווי ער האָט געוואָלט ציִען ווען עץ זענט אַרײַנגעקומען, דו און שימאָן.

— ווייס איך וואָס — האָט וואַציק דערווידערט — אָבער ער איז דאָך גע־בליבן, געבליבן און מיטגעהאַלטן... ווי אַן אייגענער...

— אַ ברירה האָט ער געהאַט... אָט גיב אַ קוק...

מיט אַ גוטברודערישן קלאַפּ אין פּלייצע האָט פראַנעק אַ רוף געטון משה מעטן, ער זאָל זיך אויסדרייען, און קוקנדיק אים גלײַך אין די אויגן אַ זאָג גע־טון מיט אַ דורכדרינגענדיקן בליק:

— הער, משה, דו וואָלסט זיך פאַרליבט אין אונדזערס אַ מיידל? קווענקל זיך נישט, זאָג גלײַך אויפן אָרט, ענטפער, איין וואָרט: יאָ צי ניין?

משה מעט איז געבליבן צעטומלט פונעם אומגעריכטן פרעג. ער איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן ווי אַרומגעכאַפּט פון אַ פלאַם. פאַר זײַנע אויגן האָט אַ שוועב געטון לושעס פּנים מיט די מאַנענדיקע בליקן, ער האָט דערפילט דעם ברי פון איר הייס לײַב, וואָס האָט זיך געגעבן אַ קנויל אײַן אין אים, ווי זי וואָלט געזוכט בײַ אים אַ רעטונג. אינעם פאַרטונקלעניש, וואָס האָט אים אַרומ־געכאַפּט, האָט דורכגעבליצט אַ געדאַנק, אַז דאָס האָבן זיי אים אַרויסגעפירט דאָ אַהער זיך אָפּצורעכענען מיט אים פאַר דער פאַרגאַנגענער נאַכט...

— נו, רעד אַ וואָרט, סוקין־סין! מע רעדט דאָך צו דיר, יאָ צי ניין?

משה מעט איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער מיט אַן אויסגעקרומט נאַריש שמייכעלע און פאַרצווײַפלטן בליק וואָס ער האָט געפירט פון איינעם אויפן אַנ־דערן, און ווי אַ פאַרמישפּטער אַרויסגעשטאַמלט:

— יעי באָגו, יינגלעך... נישט איך... איך בין נישט שולדיק... מײַן געוויסן איז ריין... כ'שווער אײַך... אַז עץ ווילט — שלאָגט!... שלאָגט!... — האָט ער

זיך מיט בײדע הענט געקלאַפּט אין ברוסט — איך װעל צו אײַך גאָרנישט האָבן... איר זענט סײַ װי מײַנע בעסטע פּשיאַטשעלעס...

— װאָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צו אים? — האָט שימאָן זיך אַרײַנ־געמישט נישט־קאָנענדיק צוזען די קאָמעדיע, און אַרויסגעהאָלפן משה מעטן מיט אַן ענטפער — איך ענטפער פאַר אים: יאָ און ניין. פלירטעװען יאָ — חתונה־האָבן — ניין! איר האָט פאַרשטאַנען? איך קען אים בעסער פון אײַך, אָט װאָס, בראַטשעַ!

בײדע בראַטשקעס, פראַנעק און װאַצעק, האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכ־טער. ס'האָט זײ פאַרװײַלט משה מעטס צעטומלטקײט און אומזיסטע שרעק, װאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ לעמעלע: אַ ייִד בלײַבט אַ ייִד. ער זאָל אַפילו אַרויפציִען אויף זיך אַ פעל פון אַ חיה װעט ער בלײַבן אַ „װײכע מירל". זײ האָבן עס אים נישט געזאָגט. נאָר אים אַ ציִ געטון צו זיך, מיט אײן שלעפּ אים צוגעדריקט צו זיך:

— אוי, איך האָב נישט קײן זײַטן פון לאַכן — האָט פראַנעק אַרויפגעהויכט אויף אים די רייד — דו האָסט טאַקע געמײנט אַז מע גײט דיך שלאָגן דער־פאַר?... נאַרישקײטן.

— איך װײס? — האָט משה מעט פאַרשעמט געשמײכלט און נישט גע־קאָנט קוקן פראַנעקן גלײַך אין די אויגן אַרײַן — בײַ אײַך שפּילט אַ ראָלע... אָט קושט מען זיך אין די פּיסקעלעך אַרײַן און אָט קײַלט מען זיך װי די חזירים...

— ביסט אַן אײגן ייִנגל! — האָט אים װאַצעק אַ קלאַפּ געטון איבערן קאַפּעלוש װאָס האָט זיך אַראָפּגעזעצט משה מעטן טיף איבערן שטערן — פאַר פאַרדראָס, װאָס ער האָט זיך אַזױ פחדנותדיק פאַרלוירן, װי אַ נעבעכל — שרעק זיך נישט, װײַל איך בין אַלײן אין שרעק, האַ?...

— ביסט ריזעדיק, משה! — האָט פראַנעק אַ ריס געטון װאַצעקס האַנט פון משה מעטס קאָפּ — אַ װױלער יונג ביסטו און אַ קאָמישער דערצו — אַ שרעק! גײ שלאָג — ס'איז דען דאָ װעמען צו שלאָגן? קום, אָט איז אַ קנײפּע... װעמיר אַרײַנגײן... איך שטעל...

— און איך צאָל! — האָט װאַצעק צוגעגעבן און זיך גלײַך געכאַפּט צו דער קעשענע גלײַך װי מע װאָלט שוין באַדאַרפן צאָלן.

— אָט דאָס, פאַרשטײ איך, איז אַן ענין — האָט שימאָן אַ נעם געטון משה מעטן אונטערן אָרעם און זיך געלאָזט מיט אים צו דער באַגלאָזטער טיר װאָס איז געװען פאַרהויכט פון יענער זײַט שױבן אַזױ װי אין אַ באָד.

אַלע פיר האָבן זיך מיט הײַטערן טומל גענומען אַרײַנפּאַקן אין דער אָנגע־רויכערטער שענק.

קאַפּיטל זיבן

# „אונטערן גאָלדענעם האָן"

ביי קראַווטשיקן אין דער אַנגערויכערטער אַלטשטאָטישער שענק „אונ־טערן גאָלדענעם האָן" איז אין די זונטיקס און חגא־טעג נישט מעגלעך קיין שפּיל־קע אַרייַנצוּוואַרפן. אַלע טישלעך זענען באַזעצט ביז איין פּלאַץ. אין דער פולגע־פאַקטקייט פונעם באַר מיט די אַרויסשטאַרצנדיקע ווייַסגעקאַלכטע בעלקעס, וואָס גיבן אים צו אַן אויסזען פון אַ פאַרוואָרפענער קרעטשמע אויף אָפּגעלעגענע דאָרפישע וועגן, איז דער פאַרקאָפּטשעטער סופיט נאָך נידעריקער ווי אַלע מאָל. קראַווטשיק דרייט זיך אַרום אין ווייַסן פאַרטעך ווי אַ פעלטשער. גייט יעדעס מאָל צו מיטן איידעלן גענגעלע צו אַן אַנדער טישל געוואָר ווערן צי די געסט ווערן גוט באַדינט, צי ס׳פעלט נישט עפּעס, צי ס׳עסן שמעקט באַטעמט, צי דער קעלנער האָט שוין אָנגענומען די באַשטעלונג. מיט אַ דיסקרעט ליבלעך שמיי־כעלע אויפן קרענקלעך־בלייכן פּנים בעט ער גיטיקס האָבן אַ קליין ביסעלע גע־דולד, אַ גרויסע פרעקווענץ הייַנט, אַ סך מענטשן, נאָך אַ ווייַל און דער קעלנער וועט דערלאַנגען צום טיש.

אַ גאַנצע וואָך זענען די טירן פונעם רעסטאָראַן אָפן פאַר אַלעמען אָן אונ־טערשיד, ווער ס׳זאָל נישט זייַן. די יידישע שכנים פון די געסלעך קומען דאָ אויסטרינקען אַ קלעזל מיט די קריסטלעכע האַנדלאַזשעס און באַלמעלאָכעס. אויך אַליין כאַפּן זיי זיך אַרייַן אויף אַ שנאַפּס, אַ קופּלע ביר, פאַרבייַסן מיט אַ פּלעצל און אַ זויער אוגערקעלע. זיי הערן געדולדיק אויס קראַווטשיקס מאָדנע, כמעט אומפאַרשטענדלעכע רייד וועגן סדר־העולם, רעליגיעזע אָנשויונגען, גאָטהייט און פאַרנונפט — אָט אַזוי שטייענדיקערהייט, אָנגעשפּאַרט בייַם בופעט, מיט אַי־בעררייַסן פון לויפן באַגעגענען און אַרויסבאַגלייטן אַ גאַסט. ער רעדט מיט זיי וועגן הימלישע זאַכן און לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון אַלץ אַרום, וואָס ס׳טוט זיך אין זאַל בייַ די טישלעך. בייַם אַוועקגיין פאַרגעסן זיי נישט צוצוגעבן הויך אויפן קול, — ס׳פאַרשלאָפענע ווייַב בייַ דער קאַסע זאָל אויך הערן, — אַז ס׳וואָלט אים גיכער געפּאַסט צו זייַן אַ פּראָפעסאָר אויף אַ קאַטעדרע אין אוני־ווערזיטעט, אָדער אַ פּרעדיקער אויף אַן אַמבאָנע, איידער שטיין דאָ הינטערן

בופעט און מאַרנעווען די צײַט אויף גאָרנישט, זיך פאַרנעמען מיט נאַרישקייטן, מיט גיסן פון פלעשל אין גלעזל און צעלייגן פּאַטראַוועס אויף טעלערלעך.

אין די מיטנוואָך־טעג, אין די מיטאָג־שעהען, ווערט דער באַר „אונטערן גאָלדענעם האָן״ פאַרוואַנדלט אין אַ ביליקער סטודענטן־קיך. דער זאַל ווערט דאַ פאַרפולט מיט אַ מאָדנעם עולם, אין אויסגעוואַקסענע אַנצוגלעך מיט צו קורצע אַרבל, אין אָפּגעטראָגענע קליידלעך מיט אָפּגעבלאַקעוועטע קאָלירן, אָפּגעשאָסענע פון דער זון פון עטלעכע זומערן. דער לאָקאַל ווערט אין דער צײַט דער טרעפפונקט פון דער אָרעמער אומפאַרמעגלעכער אינטעליגענץ. די סטודענטן און סטודענטקעלעך פון דער „וושעכניצע״ עסן דאָ מיטאָג און פאַרבײַסן מיט הייסע דיסקוסיעס בײַ די טישלעך. זיי קומען אַהער גרופּעסווײַז, די פרײַע צוהערער פון דער פּוילישער הויכשול. די צעקנייטשטע פּירשפּיציקע אַמאַראַנט־ווײַסע היטעלעך מיט די שוואַרצגלאַנציקע לעדערנע דאַשקעס האַלטן זיי פאַרשטעקט צווישן די ביכער אונטערן אָרעם. פון ווי ווײַט, פון די פאַרוואָרפנסטע קוואַרטאַלן אויף די פּעריפעריעס קומען זיי דאָ אַהער, די אומפאַרמעגלעכע פּוילישע יינגלעך און מיידלעך, וואָס ווילן פאַר יעדן פּרײַז דורכזעצן דעם שטודיום און זיך דערשלאָגן צו עפּעס אין לעבן.

זיי ווייסן אַז אין ערגעץ ווען זיי פאַר אַזוי ביליק נישט אָפּעסן צו דער זעט ווי בײַם „פּראָפעסאָר פון זויערקרויט״, ווי זיי האָבן אים גערופן אונטער די אויגן, דעם נישט־דערגאַנגענעם דאָקטאָר־פילאָזאָף לעאָפּאָלדאָ קראַוושיק. ס'איז אים פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס זײַן פאַררעכנט צווישן דער קאַטעגאָריע פון „אייביקע סטודענטן״. ס'האָט אים קיינמאָל נישט באַפרידיקט די באַגרענעצטקייט פון די פאַרטראָגן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר צו־איבערפלאַכלעכע, נישט קיין גרינטלעכע. ער האָט שטענדיק אַליין געפאָרשט און געגנישטערט. זיך אַוועקגעלאָזט אויף ווײַטע וויסנשאַפטלעכע שליאַכן. נישט זעלטן געטון אַ שוועב אין די הייכן און נאָך אָפטער געבלאָנדזשעט נישט קאָנענדיק דערגיין צו קיין טאָלק.

מיט איינמאָל האָט ער זיך אויפגעהערט ווײַזן אין די סטודענטישע קרײַזן. זײַן מאָגערע שלאַנקע פיגור איז פאַרשוווּנדן פון דער „סטזשעכאַ אַקאַדעמיצקאַ״, פון דער פּוילישער סטודענטן־היים אויף גרויעצקע־גאַס לעבן אָכאָטע. ער האָט געהערט צום „זאַזשאָנד״ [1] און געווען אַ מיטגליד פונעם „בראַטסטוואָ רוזשאַנצאָווע״ [2], נישט פאַרפעלט קיין מעסע אין קאָשטשאָל. און פּלוצים איבערגעריסן מיט אַלעם. ער איז אַרויסגעשווימען שפּעטער אין אַן אַנדער פעל, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלנעם רעסטאָראַטאָר אויף אַלטשטאָט, מיט אַן אַנגאָרע־קאַץ בײַ דער טיר, מיט קעלנערס בײַ די טישלעך און מיט אַ דאַרער אויסגעטרוקנטער

---

[1] פאַרוואַלטונג

[2] קאַטוילישער אָרדן

פּרוי אין ברילן אויפן הויכן בענקעלע בײַ דער קאַסע פון וואַנען זי האָט זיך נישט אָוועקגערוקט אויף קיין מינוט.

דער פּאַן קראַווטשיק איז גוט געווען צו די סטודענטן ווי אַן אייגענער פּאַ־טער. ער האָט זיי באַהאַנדלט ווי די פּרינצן. יעדן איינעם פון זיי געהאַט אויפן אויג, ס׳זאָל קיינעם חלילה נישט געשען קיין עוולה. ער האָט אויפגעפּאַסט, מע זאָל זיי געבן שפּאָרע פּאָרציעס אויף די פּלאַכע רעסטאָראַן־טעלער, זיי זאָלן נישט אַוועקגיין פון אים קיין הונגעריקע.

פּונקט ווי ער האָט זיך באַרעמהאַרציק געזאָרגט פאַר די סטודענטן אַזוי האָט ער אויך אָנגעהויבן אַרויסווײַזן באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו די סתם קליענטן און אַפילו צופעליקע געסט, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן אָפטע באַ־זוכער פונעם באַר. ביסלעכווײַז האָט די פירמע „דער גאָלדענער האָן״ געקריגן אַ שם מיט זײַן גוט עסן און סאָלידער באַהאַנדלונג ווײַט אַריבער דעם „מקום״.

כאָטש אַלע ווייסן אַז ס׳איז דאָ שטענדיק געפּאַקט און אויף צו קריגן אַ טישל מוז מען שטיין און וואַרטן — ציט עס דאָך אַהער אין דעם געמיטלעכן באַר אין דער אָפּגעלעגענער האַלבפּינצטערער געגנט. איבערהויפּט אין אַזאַ טאָג ווי הײַנט הערט די טיר נישט אויף צו רוען קיין מינוט. בײַ די פּולבאַזעצטע טיש־לעך קאָכט זיך דאָ ווי אויף אַן אמתן יאַריד.

דער פּאַפּיראָסן־רויך און די פּאַרע פון די געזײַערטע פּוילישע געקעכצן אויסגעמישט מיט די הייסע מענטשלעכע אָטעמס שטיקן דאָ אין דער לופט. דער געדיכטער וואַרעמער נעפּל צעקריכט זיך איבער די פאַרשוויצטע ווענט מיט די יאַגדבילדער, פאַרהויכן דעם טונקעלן וואַלד מיט די באַוואָנסעטע יעגער אין די הויכע שטיוול און גרינע קאַפּעלושלעך מיט אַ פעדער פון אַ ווילדער קאַטשקע פאַרשטעקט אין דער קרום, מיט די ברוינגעפלעקטע יאַגדהונט מיט אַרויסגע־שטעקטע לאַנגע צינגער — גרייט צו וואַרפן זיך אין פרישן געיעג.

בײַ די טישלעך איז געזעסן אַ געמישטער קריסטלעכער עולם, אַ צעכראַס־טעטער, צעלייגט אויף די שטולן. מיטליעריקע מענער אין שטײַפע גאָרסן און ווײַסע מאַנקעטן. פרויען אין פאַרביקע קליידער טיף אויסדעקאָלטירטע. די פּנימער צעפלאַמט. די אויגן פאַרגאָסן און אין טומל פון צעפלאָנטערטע רייד און פאַר־שײַטע געלעכטערס האָט זיך אַרומגעדרייט דער פּאַן קראַווטשיק אין ווײַסן פאַר־טעך אַ הילפלאָזער און פאַרצווייפלטער, וואָס ער קאָן נישט אַלעמען צופרידנ־שטעלן ווי ס׳קער צו זײַן.

אין דער געעפנטער נידעריקער טיר האָט זיך מיט אַן אײַנגעבויגענעם קאָפּ אַרײַנגעשטעלט משה מעט מיט דער קאָמפּאַניע. אינעם רעש און נעפּל האָט קיי־נער נישט געלייגט קיין אַכט אויף די אַרײַנגעקומענע, כאָטש צווישן זיי האָט זיך געפינען איינער מיט אַ טיפּיש־ייִדיש פּנים, נאָר נישט ייִדיש לויט דער קליידונג.

אין אַזאַ עכט־פּוילישער געזעלשאַפט וועט קיינעם נישט איינפאַלן צו פאַרדעכ־טיקן וועמען אין זיין פּוילישקייט. ס'איז קלאָר פון זיך אַליין אַז אַ ייד וועט דאָ איצט נישט וואַגן אַריבערצוטרעטן די שוועל. די דאָזיקע זעלבסטפאַרשטענדלעכ־קייט פאַרשפּאָרט די טרחה פון פאָרשן און זוכן מיט די אויגן, ווי געוויינטלעך, יידישע פּנימער ביי די טישלעך צו קענען אַראָפּבעטן אָן צערעמאָניעס פון פּלאַץ און פאַרגעמען זיין אָרט, ווייל אַ פּאָלאַק איז בילכער און אים קומט פאַרהאַנט אומעטום מכל־שכן נאָך אין זיינע אייגענע דלת־אמות, אין אַ פּוילישן קרייז.

שימאָן האָט זיך היימיש פלינק דורכגעקריגן דורך די ערשטע רייען טיש־לעך, געכאַפּט אַ בליק דאָ און דאָרט און זיך אומגעקערט מיטן ליידיקן:

— נישטאָ קיין פרייַ אָרט ווו צו זיצן.

פון פאַרלעגנהייט האָט זיך פראַנעק געגעבן אַ קראַץ אין דער פּאַטילניצע און פאַר איין וועגס אַ שיב געטון דעם קאַפּעלוש אויפן שטערן אַראָפּ און אים געלאָזט אַזוי זיצן אויפן קאָפּ מיטן אַרונטערגעלאָזטן ראַנד איבער די אויגן.

בלית־ברירה האָט זיך דער פּירלינג גענומען צוקריגן צום בופעט, וואָס איז געווען געדיכט באַקלעפּט מיט קונים צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געזען געניגע פאַרדעכטיקע פאַרשוינען.

משה מעט האָט עפּעס נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק זיך דורכצוקריגן מיט די יידישע עלנבויגנס זיינע דורכן דאָזיקן גויישן געזעמל, וואָס שטופּט זיך און שפּאַרט צום בופעט ווי אַ מוטנע טונקעלע כוואַליע צום ברעג. ער איז גע־בליבן שטיין אַן אָפּהענטיקער אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע, זיך געדרייט אין אַלע זייטן און אַרויסגעקומען מיט דער פּלייצע צו אַ טישל באַזעצט פון דריי מענער מיט איין פרוי. זיינע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט אינעם נעפּל, געזוכט אַן אָנ־שפּאַר אין וואָס צו פאַרהאַטשען דעם בליק, ער זאָל זיך נישט אָנטרעפן מיט די אַרומזיצנדיקע ביי די טישלעך.

ביי אַ זייטנטישל זענען געזעסן צוויי טראַמווייאַזשעס מיטן סירענע־צייכן אויפן אַרבל און געשונדן דאָס פלייש פון די ביינער פון פאַרברוינטע געבראָטענע חזיר־פּיסלעך. עטלעכע קאָלעיאַזשעס, מיט די מעשענע העמערלעך פאַרלייגט אין אַ קרייץ אויף די הויכע קלאַפּעס פון די באַנמונדירן, האָבן געשניטן שטיקער קעלבאַס אויף די פולע טעלער פעטן קרויט מיט צוגעברוינטע קאָסקעלעך גריוון. אין די גלעזער און קופלעס אויף די טישלעך אַרום האָט זיך ווייספאַרשוימט געגאָלדיקט דער ביר, וואָס מ'האָט געגאָסן פון די טונקעלע פלעשער מיט די געלע עטיקעטן פון האַבערבוש און שיילע.

עטלעכע מוליאַרעס מיט צעשעקעטע הענט פון נישט־געלאָשענעם קאַלך, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַרום די ראַנדן נעגל, האָבן זיך דורכגעקריגן אַהער פון בופעט מיט דער פלאַש בראָנפן אין האַנט. אַרויסגעשאָסן דאָס קאָרקל מיט אַ קלאַפּ פון

באַדעם פלאַש אין דער האַנטפלאַך און געגאָסן די משקה אין די גלעזער אַרײַן. איבערגעדרייט מיט איינמאָל און פאַרביסן מיט ביליקן שוואַרצן קאַשאַנקע־ווורשט פון געזעצט בלוט מיט קאַשע.

נישט װײַט פון פאַרפאַקטן בופעט איז געזעסן אַ גרופּע מאַטראָסן מיט אויסגעלייגטע קאַנטיקע בלאָע קעלנער אַרומבאַזיימט מיט װײַסער טאַשמע. זיי האָבן געהאַלטן אַרומגענומען בײַ דער טאַליע שטאַרק־געשמינקטע פרויען, וואָס זענען געזעסן נאָענט צוגערוקט מיט די שטולן צו די אָפּגעברוינטע שיפלײַט מיט אויסטאַטויִרטע אַנקערס און דורכגעשטאָכענע הערצער מיט פײַלן — אויף די הענט מיט די פאַרשאַרצטע אַרבל.

די קעלנער אויף יענער זײַט בופעטטיש זענען אַרומגעלאָפן צעיאַכמעטע און פאַרשמײַעטע פון קיכפענצטערל צו די אויסגעשטרעקטע הענט, צום בירקראַן און צו די פולמיסיקס מיט קאַלטן צובײַס. מ׳האָט געריסן פון די הענט. גענומען איין פּאַרציע און שוין געבעטן אַ צווייטע. עפּעס אַנדערש. מ׳איז געשטאַנען מיט די פולע טעלער אין די הענט, געריסן מיט די ציין שטיקער געבראָטן שעפּסנפלייש, חזיר־שניצלען מיט ברוינבלאָע ביינער מיט בלוטזאַפט אין דרויסן. געבראָטענע זײַטלעך פון יונגע חזירלעך מיט פאַרברוינטע ריפּנביינדלעך, וואָס האָבן געקנאַקט אונטער די ציין. די גאַנצע פּרעסאַרניע, וואָס איז געווען פאַרכאַפּט פון תאוותדיקער הנאה פון שטאָפּן דעם חומר, אָנפילן די קישקע אָן אַ דנאָ, האָט דעם צעטומלטן משה מעט דערמאָנט אין עפּעס אַ משונהדיקער סעקטע עבודה־זרהניקעס, וואָס לייגן אַרײַן זייערע אַלע חושים אין עסן אַרײַן. מאַכן אָפּהענגיק דעם גאַנצן זין פון זייער זײַן בלויז פון טעלער. זיי לעבן בכדי צו עסן. זייער אני־מאמין איז דער פרעס און דער זויף. די סלינע איז אים געקומען אין מויל אַרײַן. ער האָט זי געשלונגען און געקײַט. אומבאַוווסטזיניק פאַר זיך אַליין האָט ער גענומען מאַכן מיטן קין, באַוועגן די „שטשענקע" און זיך באַלעקן מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פול מויל מיט עסן און נישט ער קאָן עס צעקײַען און נישט אַראָפּשלינגען. ער האָט זיך דערמיט געווערגט און געשטיקט ווי אַ הונט מיט אַ ביין, אַז אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַשלאָגן איבערן גאַנצן לײַב.

## קאַפּיטל אַכט

# אַ מענטש אָן אַדרעס

פונעם טומלדיקן געשפּאַר מיט די פאַרנעפּלטע גערעדערײַען, וואָס האָבן באַגלייט דאָס עסן, דאָס קײַען און גריזשען, איז אַרויסגעשווומען אַ מאָדנער פּאַרשוין, אַן איבערגעוואַקסענער „יעגאָמאָשטש“[1] מיט אַ טייגיק־צעיוירן בלייך אַרעסטאַנטיש פּנים. אונטער די צעפּאַטלטע קודלעס מאַטע האָר האָבן אַפּערגעגלאַנצט אַ פּאָר אויפגעריסענע שטאַרע אויגן־גאַלעס, וואָס זענען אין אַ רגע פאַרצווייפלונג געבליבן אַזוי פאַרגליווערט־שטוינענדיק און שפּיגלען אָפּ אַ שײַן פון אומבאַוווסטער שרעק. איבער דער רעכטער באַק איז פונעם מויל ביז אַרויף צום אויער געלאָפן אַ קרומער מילך־רויטער שראַם, וואָס האָט געמאַכט לאַכנדיק די העלפט פּנים מיט אַ שטום אומאויפהערנדיק געלעכטער. די האַלבּ־רונדע טיפע חוזק־קנייטשן פון ביידע זײַטן אויסגעקרומטן מויל זענען זיך צונויפגעגאַנגען מיט וואָס־אַמאָל קלענערע קרײַזן־קנייטשעלעך און זיך געכוואַליעט אין אַ שפּאָטיקן גרימאַס ביז איבער די אויגן אַריבער. אַ כסדר־לאַכנדיקער סאַטיר איז ער געשטאַנען אויף די צעטשאַפּעטע פיס, ווי ער וואָלט אַריבערגעלאַכט דעם גאַנצן זאַל פּרעסערס מיטן אומזיניקן ציללאָזן האַרמידער.

לויטן גלאַנץ פון די אויגן האָט מען אים געקאָנט געבן אַ יאָר דרײַסיק און לויטן אײַנגעפאַלענעם מויל מיט די טיפצעאַקערטע קאַרבן — ווײַט אַריבער די פופציק. ער האָט געטראָגן אויף זיך אַ צעפליקטן פּאַלטן אָן אַ קאָליר, אָן איין קנאָפּ, אַרומגענומען מיט אַ רימען, ס׳זאָל נישט אַרויספאַלן דאָס אַלץ וואָס ער טראָגט אָנגעפּאַקט אין פולן בוזעם.

ער איז אומגעריכט, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסן פאַר משה מעטן פלאַפּלענדיק הויך אויפן קול עפּעס טענות געווענדט אי צו זיך אי צו די

1. טיפּ

אַלע אַרום בײַ די טישלעך. קיינער האָט אים אָבער נישט געהערט. מ׳האָט אים אָנגעקוקט צום ערשט פאַרווונדערט, צעשמייכלט. אין אַ ווײַל איז דער שמייכל פאַרשווינדן און ס׳איז געבליבן די בלויזע שטוינונג.

די אַרומיקע בײַ די טישלעך האָבן אַליין אויך גערעדט הויך, מיט געהער־כערטע שטימען, זיך פאַרשריגן איינער דעם צווייטן, ווי די טויבע און באַגלייט יעדן ביס און שלונג מיט איבערקערן ס׳גלעזל, וואָס איז באַלד צוריק פאַרפולט געוואָרן — גרייט צום פרישן איבערדרייען עס גלײַך אין קעל אַראָפּ.

דער אויסטערלישער טיפּ איז געשטאַנען מיטן ליידיקן גלאָז אין דער באַ־אָדערטער האַנט — גרייט ס׳זאָל עס עמעצער אָנפילן מיט בראָנפן. און אַזוי ווי קיינער אַרום האָט זיך נישט געאײַלט אים אַרײַנצוגיסן אַ קאָפּ, האָט ער אַ רעזיגנירטער אַרויפגעלייגט זײַן שווערע האַריקע לאַפּע אויף משה מעטס אַקסל, אַ שאָקל געטון מיטן אויסגעבויגענעם קאָפּ משה מעטן גלײַך אין פּנים אַרײַן:

— אַ פּאַסקודנע וועלט הײַנט געוואָרן, סוואָלאָטשעס. יעדער טראַכט נאָר פאַר זיך. וואָס פאַר אַ לעבן איז עס, פּשאַקרעוו! אַן אָפּגעלעבט לעבן. אַ געוועזן לעבן פון געוועזענע מענטשן. די פרײַ זאָל מיר אַזוי דינען. דו מיינסט, בראַטשע, אַז דאָס לעבן זיי הײַנט דאָ אַלע. אַ טעות. דאָס האָבן זיי נעכטן געלעבט, נעכטן, אַמאָל, מיט יאָרן צוריק. אַ נישט־געשטויגענע וועלט, די וואָס דו זעסט... וואָס שטייען מיר דאָ, אין מיטן דורכגאַנג. מיר שטערן די הערשאַפט בײַם טישל. קום דאָ, אין דער זײַט... אָט אַזוי. דו קוקסט אויף זיי, האַ? אַלץ אָפּגעשפּילטע, גע־קינטשעטע. דאָס חזרן זיי איבער די נעכטיקע שפּיל, נאַרעלע. נישט בלויז זיי. איך אויך, און דו, אַלע. הינטישע זין... גיב אַ פּאַל — וועט מען טרעטן אויף דיר, באַ... אַ שאָד אַ וואָרט. רעדסט צו זיי ווי צו דער וואַנט. ווער הערט דיך ווער, אַז דו ביסט אַליין אַ געוועזענער מענטש. אַ מענטש אָן אַן אַדרעס. וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַזאַ איינער. אַ שפּײַ, נישט מער. איך האָב געהאַט אַן אַדרעס אַמאָל. דו גלייבסט נישט, האַ? נאַ, זע, אָט איז עס, דאָס מעלדונקאָווע צעטל. אָט האָסטו עס. מײַן לעצטער אַדרעס. דאָ האָב איך געוווינט. פון דאַנען האָט מען מיך אַרויסגעפירט געשלאָסן אין קייטעלעך. נאַ, לייען: וואָס שטייט דאָ? קאַזשימיעזש טשעשלאַק. דאָס בין איך. אָן אַ פּראָפעסיע. אַ ליגן! אַ שוואַרצאַר־בעטער בײַם מאַגיסטראַט. געגראָבן קאַנאַלן. בײַ דער קאַנאַליזאַציע. געאַרבעט אויפן טאָג. לייען ווײַטער: פּאַדוואַל נומער אַכצן. מיעשקאַניע זעקס. אָט דאָס איז דער אַדרעס. דאָ האָט איך געוווינט. אויפן דריטן שטאָק. אַ פּאַציאַטע מיט אַ קליין פענצטערל אין דער הייך. אין סאַמע מיט סופיט. כ׳האָב געהאַט אַ ווײַב. שיין ווי אַ גוטער חלום. אַ געמאָלענע לאַלקע. זי האָט געהאַט אַ לײַב ריין ווי אַ גאָלד. כ׳האָב זי געטראָפן מיט כינטשיקן, דעם סטרוזש פון אַנדערן הויף. מייגסט עפּעס אַ שיינער יונג? ווי!... מיאוס ווי די נאַכט. ער האָט געהאַט שמאָלע איי־

געלעך, האָט מען אים גערופֿן כינטשיק. אָט דעם פּאַרזעעניש האָט זי זיך אָפּגעגעבן. קוק נישט אַזוי אויף מיר. כ׳האָב אַזוי נישט אויסגעזען. אַ ביסל אַנדערש. אַפֿילו קיין שטיקל בילד נישט געבליבן, אין דער מאַמען אַרײַן. ס׳אַ גאַנצע געשיכטע. כ׳האָב זיי געטראָפֿן אין בעט. ער איז געווען איבערגעשראָקן אויף טויט. כ׳האָב אים געגעבן אַ כמאַל איז ער געפֿלויגן צו דער וואַנט... ער איז געווען פֿלינק ווי אַ קאַץ. ווען כ׳האָב זי גענומען שטיקן האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ מעסער. כ׳האָב געגעבן אַ דריי־אויס דעם קאָפּ און ער איז מיר פֿאַרפֿאָרן מיטן מעסער אין פּנים אַרײַן. ס׳האָט אַ טריסקע געטון בלוט איבערן מויל, איבער די אויגן. כ׳האָב זיך אין גאַנצן באַגאָסן מיט יוכע. ער האָט באַוויזן צו אַנטלויפֿן, דער סוקין־סין. כ׳בין אָפּגעזעסן דעם „וויראָק" [1] אין שעראַדז. אַ שווערע תּפֿיסה דאָרט. אַן אַלטע. פֿון ניקאָלײַס צײַטן. בײַ אַ וואַסער. ווילגאָטש. די פֿײַכטקייט עסט זיך אײַן אין די בײַנער. שוין בײַם סאַמע סוף גענאָסן פֿון דער אַמנעסטיע. נו, און וואָס, בראַטקו, איז מיר געבליבן? גאָרנישט. כ׳בין געבליבן אָן אַן אַדרעס. דאָס אַלץ. כ׳בין געוואָרן אַ שמאַטע. וואָס בין איך הײַנט? אַ נאַכטפֿויגל. אַ הונט. הפֿקר.. אָן אַן אַדרעס, פּאַניע, איז נישטאָ וואָס צו טון אויף דער וועלט. ערגעץ דאַרף מען געהערן. בײַם לעבן, נאָכן לעבן — אַלץ איינס. אַ ווינקל, אַ שטיקל „קאָנט", אַ לאָך, נאָר דײַנס, דײַן אייגנס... האָסט אַ היים, אַ שטוב, אַ נומער פֿון אַ הויז, פֿון אַ טיר, אַ וואַרעם בעט, אַ קישן צוקאָפּנס, אַ ווײַב בײַ דער זײַט, יאָ? טאָ לעב! זײַ צופֿרידן. וואָס דאַרפֿסטו מער? פֿון אַלעם איבעריקן לאַך זיך אויס. מאַך איר נישט דעם טויט. זײַ נישט חושד אויף טריט און שריט. דערגיי איר נישט די יאָרן. פֿרעג זי נישט אויס יעדעס מאָל ווי אַן אויספֿאָרש־ריכטער: ווו זי איז געווען, וואָס זי האָט געטון? קוק דורך די פֿינגער, אָט אַזוי. פֿאָלג מיך. וועסטו פֿאַרשפּאָרן חרטה צו האָבן און זיך עסן לעבעדיקערהייט פֿון געוויסנביסן, נישט געפֿינען קיין רו מער אין לעבן. מיך זאָלסטו פֿאָלגן, דו הערסט. איך ווייס בעסער פֿון דיר. מיך פֿרעג. איך וועל דיר זאָגן. כ׳בין שוין אַלץ דורכגעגאַנגען. קאַלטס און וואַרעמס. כ׳בין שוין אַן אויסגעשטראָכענער. אין די מאַגיסטראַצקע ביכער עקזיסטיר איך נישט מער. „וויביל" [2]. אַוועק. נישטאָ מער אַזעלכער. זוך דעם ווינט אין פֿעלד. אַזוי איז דאָס לעבן. וועסט גאָרנישט מאַכן. איין מאָל אויסגעמעקט איז פֿאַרפֿאַלן. מע וועט דיך מער איבער קיין שוועל נישט לאָזן. אַזאַ פּאַסקודנע וועלט איז עס!

דעם שלעפֿערס רייד, וואָס זענען געפֿאַלן פֿונעם בלאָ־פֿאַרפֿינעטן מויל, ווי פֿון אַ הוילקייט אַרויס, האָבן זיך געבולבעט און געקרײַזט ווי לעבעדיקע צאַפּלדיקע שלענגעלעך, זיך צונויפֿגעקרײַזט מיט די חוזק־קנייטשעלעך אַרום מויל און

---

[1] פּסק־דין, אורטייל

[2] זיך אַרויסגעצויגן

זיך געגומען פאַרגרעסערן אין משה מעטס אויגן אין גיכלויפנדיקע רעדער, וואָס האָבן זיך אײַנגעדרייט איינס אין צווייטן, אָן אויפהער, אַלץ גרעסער און גרע־סער, ווי די קרײַזן אויף אַ שטייענדיק וואַסער.

דורכן פאַרשווימענעם אומהיימלעך־לאַכנדיקן פּנים פון דער צעוואַקסענער קרעאַטור, וואָס האָט זיך נאָכאַנאַנד דערוויטערט און דערנענטערט און ווידער צוריקגעטרעטן, האָט פאַר משה מעטס פאַרנעפּלטן בליק מיט אַמאָל אַ שווינדל געטון שימאָנס העלבלאָנדער קאָפּ. ער האָט געזען ווי דער יונג האָט איבער אַלע־מענס קעפּ אויסגעשטרעקט די האַנט צום קעלנער, און יענער האָט אים מיט אַ ווונק דערלאַנגט אַ פלאַש בראַנפן. עמעצער אַנדערש האָט אים געוואָלט אַרויס־שלאָגן די פלאַש פון האַנט. אַ צווייטע האַנט האָט אונטערגעכאַפּט די פלאַש אײַנקלאַמערנדיק זי מיט קרעמפּע פינגער ווי מיט צוואַנגען. אַנדערע צוויי פּאָר הענט האָבן מיט כּוח אָפּגעריסן די פאַרקראַמפּטע האַנט און באַפרײַט די פלאַש וואָס איז איבערגעגאַנגען צו שימאָנען אין די הענט אַרײַן.

מיט דער דעראָבערטער פלאַש בלאָנפן האָבן זיך אַלע דרײַ ברידער גענומען אַרומקוקן, זוכן מיט די אויגן איבערן זאַל, צו זען ווו משה מעט איז אַהינגעקומען.

## קאַפּיטל נײַן

# געוועט צווישן פּאַלאַצן

אין דער שענק איז געוואָרן אַלץ פולער און היימלעכער. צווישן די מאַטראָסן האָט עמעצער אַ הפקרן זינג געטון פון ווײַטע ימען, גענומען אַ צו־היכן טאָן און באַלד אָפּגעהאַקט. די געמאַלעוועטע פרויען האָבן זיך צעלאַכט און מיטן גאַנצן גוף זיך געטוליעט אין די מאַרינאַזשעס. בײַ די טישלעך האָט זיך ווער צעשריגן פון דער טיפעניש אַרויס. אַ ריטשע געטון ווי אַ חיה אין וואַלד ווען זי לאָזט זיך אויף רויב.

פריש־אַרײַנגעקומענע געסט האָבן זיך געשטעלט בײַ די טישלעך הינטער שטולן — גרייט צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ ווען יענע וועלן זיך אויפהייבן. דער בראָנפן האָט זיך שוין איצט געגאָסן סתם אַזוי, אָן חשבון — אין גלעזל און לעבן גלעזל, איבער די טעלער עסן און אויפן טישטעך אַרויף. יעדער ריר און באַוועג איז געקומען שלאַבעריק־האַסטיק און אומגעלומפּערט, לויטן ראַש־צעפּענטעטן געלויף פון די צערוישטע בלוטן. די טישלעך מיט די געסט האָבן זיך געוויגט הין און הער פאַרן פאַרנעפּלטן בליק. אין דער מוטנער צעוויגטקייט האָט דאָס אויג אין דער זעלבער צײַט אויפגעכאַפּט יעדע זאַך שאַרף און בולט, ווי געזען דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז. די גאַנצע שענק, האָט זיך געדאַכט, טראָגט זיך ער־געץ־ווו אין ווײַטקייטן אַ צעהוידעטע ווי אַ שיף אויף צעשטורעמטע כוואַליעס.

בײַם טישל, ווו משה מעט איז פריִער געשטאַנען, איידער דער משונהדיקער פאַרשוין האָט אים אַוועקגעשלעפּט אין אַ זײַט, האָט איינער פון די דרײַ מענער, מיט אַ גלאַט־פאַרקעמטן גלאַנציקן קאָפּ לאַנגע האָר, זיך אָנגעטראָפן מיט משה מעטס בליק, און נישט־אַראָפּנעמענדיק פון אים קיין אויג זיך אָנגערופן צו די איבעריקע בײַם טישל מיט אַ הייזעריקלעך געלעכטערל:

— גיטס נאָר אַ קוק ווו „דאָס" פּאַקט זיך אַלץ? — האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט אין דער לופטן אין דער ריכטונג פון משה מעטן — אין אַלע ענגע

לעכער שטופן זיי זיך, די „גודלײַעס" [1]. דאָ איז אַזוי ענג, אַז קיין אייגענער האָט זיך נישט ווו אַהינצוטון, דאַרפן מיר נאָך האָבן „זיי" פּאַר אַ צולאָג. די זשידקעס זענען דאָך אַזוי חוצפּהדיק, אַז זיי ווייסן שוין אַליין נישט אויף וואָס צו גיין — אויפן קאָפּ צי אויף די פיס. אמתע „נאַכאַלן" [2], אומפאַרשעמטע ברואים דאָס זענען!

— וואָס פאַלט דיר עפּעס אײַן, קאַלעגעלע! ווו האָסטו דאָ יידן? — האָט דער אַנדערער מיט אַ פאַרשפּיצטער רויטער נאָז און שפּיציקע מויזן־אייגעלעך געכאַפּט אַ זײַטיקן בליק אַהין — ביסט זיך טועה, ס׳איז אַן אונדזעריקער, אַ פּויליש יינגל.

— שיינע צײַטן, בראַטשע, וואָס איך וועל זיך שוין טועה זײַן — האָט דאָס גלאַנציק־אָפּגעצויגענע קעפּל זיך צוגעבויגן — אַ מײַל פון דער ווײַטנס וועל איך דערקענען אַ ייד, צווישן טויזנט וועל איך דיר זאָגן ווער ס׳איז אַ זייע־ריקער. איך דאַרף זיי נישט קוקן אין פּנים אַרײַן. לויט דער פּלייצע דערקען איך אַ ייד.

— דאָס מאָל, פּשיאַטשעלו, האָסטו געטראָפן ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַרײַן, — האָט זיך אַרײַנגעמישט דער דריטער, מיט אַ פּלאַטשיקער נאָז און טעמפּער גאָמבע, וואָס איז געווען פאַררעדט מיט דער דאַמע, — איך האָב שוין פריִער געטראַכט וועגן דעם, ווען ער איז דאָ געשטאַנען מיטן קרימינעלן, און איך זאָג אײַך אַז ס׳איז נישט קיין ייד. ער פאַרהאַלט זיך צו פרײַ אַז ער זאָל זײַן אַ ייד.

— איך זאָג דאָך אויך אַזוי — איז די שפּיציקע נאָז געוואָרן אויסגעצוי־גענער — איך געב מײַן קאָפּ אויב ס׳איז אַ ייד, ס׳איז אַן אייגן יינגל.

— שוין, איר האָט שוין אַלע אָפּגערעדט? — איז דעם גלאַנציקן קעפּל אַרויסגעטרעטן אַ שווייס אויפן שטערן — אין וויפל געוועט איר זיך אַז איך בין גערעכט און נישט איר?

— לאָמיר זיך טאַקע געוועטן! — האָבן זיך די שפּיציקע אייגעלעך צע־פינטלט — געמאַכט.

— אַז וועטן זיך זאָל זײַן געוועט! — האָט די קורצגעהאַקטע גאָמבע פּאַ־טאַקעוועט קוקנדיק אויף דער יונגער דאַמע — וואָס זאָגט די פּאַני, נישט אַזוי?

— וואָס גייען זיי מיך דאָרט אָן, — איז די שיכּורלעך־פאַררויטלטע מויד מיטן ניאָבקעלע אויפן שטערן נאָך רויטער געוואָרן, זעענדיק אַז ס׳גרייט זיך אויף אַ סקאַנדאַלעכל אינעם היימישן באַר ווו זי איז אַן אָפּטע אײַנגייערין —

1 זידלוואָרט אויף יידן

2 כוח־גייער.

זאָלן זיי זיך אַליין שלאָגן קאָפּ אין וואַנט, יאָ אַ ייִד, נישט קיין ייִד... פּאָלגט מיך, ייִנגלעך, לאָזט זיי „קאַנטעם״ [1].

— דאָ גייט דאָך אין אַ געוועט — האָט דער גלאַנציקער קאָפּ אַ וואָרף געטון מיט דער טשופּרינע אויף אַרויף, נישט־קוקנדיק אינעם מיידלס זײַט — איך שטעל אַ פלאַש „ווודקע״, אַ גאַנצע „ליטרוווקע״ [2]. וואָס איז דאָ צו רעדן, איך צאָל!

אַלע דרײַ זענען אויפגעשטאַנען פון די ערטער און אָנגעשפּאַרט די אויס־געבויגענע שטול־אָנלענען אָן טישל, אַ סימן אַז די פּלעצער זענען פאַרנומען. זיי האָבן העפלעך איבערגעבעטן די יונגע דאַמע וואָס איז געבליבן זיצן אַן אומ־רויִקע, אין גרויס פאַרלעגנהייט, מיטביידע הענט פאַרלייגט אויפן האַנטבייטל. מיט צעפלאָנטערטע טריט האָבן זיך די יונגען גענומען דורכקריגן צווישן די פולבאַזעצטע טישלעך.

דער אַלטער שלעפּער האָט געהאַלטן אין איין אַרײַנרעדן אין משה מעטן, געזוכט אים צו געווינען פאַר אַ שותּף צו זײַן עלנטקייט און איינזאַמקייט:

— אָט אַזוי זעען מיר אויס, ייִנגל, מיט אונדזער גאַנצער גלאָריע. דו דאַרפסט נישט פּרווון גיין מיט דעם וועג. קוק מיך אָן — האָט דאָס לאַכעדיקע פּנים געקוקט אויף משה מעטן מיט אַן ענדלאָז־טרויעריקן בליק — אַזוי וועסטו אויסזען אויב דו וועסט מיך נישט הערן. האָסט אַ ווײַב — גיי צום ווײַב, אַ קינד — גיי צו דײַן קינד, האָסט נישט קיינעם — קום מיט מיר. אין צווייען איז שטענדיק גרינגער. אַפילו גיין צום טויט איז בעסער אין צווייען. דאָ וועסטו גאָרנישט געפינען. קוק זיך אַרום, זע: געפאַלנקייט, שיכּרות, זנות, סיפיליס! ווײַבער און בראָנפן, בראָנפן און גאַסנפּרויען. אָט־וואָס!... די גלחים פּרעדיקן פון די אַמבאָנעס, הייסן פרום זײַן, מורא האָבן פאַרן האַר גאָט ווי פאַרן טויט. זײַן געהאָרכזאַם... און אַלע זענען מיר זינדיק, אַלע אָן אויסנאַם, איך, דו, ער, זי, אַלע, — ס׳גאַנצע פאָלק, ס׳גאַנצע לאַנד, גאַנץ פּוילן, אַלע פּאָלאַקן. הער מיך, נישטאָ קיין גוטע פּאָלאַקן, פּונקט ווי ס׳זענען נישטאָ קיין גוטע פרויען... די פּאָ־לאַקן, ברודער...

דאָס גלאַנציקע קעפּל האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַלטנס אַקסל און אים אַ טרייסל געטון:

— וואָס? ס׳געפעלן דיר נישט די פּאָלאַקן? און דו אַליין? וואָס ביסטו? — נישט קיין פּאָלאַק?

די חוזק־קבייטשעלעך אויפן אַלטנס פּנים האָבן גענומען לויפן אויף און אָפּ, ווי אַן אויפגערודערט וואַסער. ער האָט זיך ווי אָפּגעטרייסלט פון יענעמס בליק:

1 לאָזט עס לויפן
2 ליטער בראָנפן

— נאָך ווי אַ פּאַלאַק! אַ פּאַלאַק, אַן אמתער פּאַלאַק!

דאָס גלאַנציקע קעפּל האָט מיט חוצפּה אָנגענומען דעם צוואָקסענעם פאַר־שוין מיט ביידע הענט פאַר די קלאַפּעס — גרייט זיי צו געבן אַ צי־אַראָפּ ביז צו דער פּאָלע און מיטרײַסן אַ האַלבן פאָלטן:

— אַ פּאַלאַק ביסטו? אַזוי רעדט אַ פּאַלאַק ווענן פּאַלאַקן? טאָ וואָס זאָל שוין אָט דער זאָגן — האָט ער אַ וואָרף געטון מיט דער טשופּרינע אין משה מעטס זײַט — דער איז אויך אַ פּאַלאַק, האַ? — האָט ער אַלץ נישט אָפּגע־לאָזט די צוויי קלאַפּעס, אָנדריקנדיק מיט די פויסטן אָן יענעמס האַרצבערעטל ווי אָן אַן אָנשפּאַר.

דער הײמלאָזער האָט זיך גאָרנישט געמאַכט דערפון און זיך געלאָזט אַזוי פון יענעם האַלטן פאַר די קלאַפּעס:

— אַלע זענען מיר פּאַלאַקן! — האָט ער נישט געלייגט קיין אַכט דערויף, וואָס יענער האַלט אים צו, און זיך אײַנגעבויגן צו משה מעטן און אים שטום אַרײַנגעלאַכט אין פּנים אַרײַן — פּאַלאַקן פון משהס גלויבן זענען אויך פּאַלאַקן, אַזעלכע ווי מיר אַלע, נישט אַזוי, ייִנגל?

דער צעגלאַנצטער קאָפּ האָט עס אָנגענומען פאַר אמתן חוזק און אָפּלאָזנדיק דעם אַלטן זיך אויסגעדרייט אין משה מעטס זײַט.

משה מעטן איז קאַלט געוואָרן אין אַלע אבֿרים. נישט אַזוי פון דער אַרויס־רופערישקייט פון די אַרומשטייענדיקע, ווי פון עם אַלטנס צעגלאָצטע אויגן פול שרעק, פון זײַן שטום־לאַכנדיק פּנים מיט די אויפגעכוואַליעטע חוזק־קנייטשעלעך, וואָס האָבן זיך געטומען רינצלען אין אַ מאָדנעם גרימאַס, ווי אייבער וואָס טרעפט זיך פּלוצים אָן פּנים־אל־פּנים מיטן מלאך־המוות. משה מעט האָט דרייסט אַ פאַרהייב געטון דעם קאָפּ און זיך אָנבאַגעגנט מיט די אויסגעשפּיצטע אייגעלעך פון עם לאַנגנאָזיקן, מיטן אײַזיקן בליק פון עם ברייט־אַקסלדיקן מיט דער טעמפּער גאָמבע און פאַראַכטנדיקן קוק פון עם גלאַנציקן קאָפּ מיט די לאַנגע האָר. זיי האָבן זיך אַלע געגעבן אַ פאַרמיש פאַר זײַן בליק אין איין מאָנסטעריעזע גע־שטאַלט. די אונטערשטע ליפּ זײַנע האָט זיך נאָך מער אַרויסגערוקט. ער האָט געפילט די אומפאַרמײַדלעכקייט פון דער סכנה וואָס ווייעט אויף אים פון אַלע זײַטן און געשטעלט אויף דער לעצטער קאָרט:

— איך בין נישט קיין פּאַלאַק. כ׳האָב נישט וואָס צו זאָגן קיין ליגן. כ׳בין אַ ייִד! און אַז אַ ייִד איז וואָס? כ׳האָב אײַך עפּעס געטון שלעכטס? איר האָט עפּעס צו מיר? יאָ? טאָ קומט אַרויס אין דרויסן וועמיר זיך שלאָגן. האָנאַראָווע. איינער קעגן איינעם. און נישט אַלע אויף איינעם ווי די הינט.

דער מיט דער טעמפּער מאָרדע האָט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט אַוועקגע־שטופּט דעם מיט דער צעפלויגענער טשופּרינע און מיט אָקסישער טעמפּקייט

זיך פּאַמעלעך דערנענטערט מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ האַרט צו משה מעטן שיִער נישט אָנרירנדיק זיך שטערן אָן שטערן.

אַ צעפּלאָמטער, וואָס ער האָט פאַרשפּילט דעם געוועט צום גלאַנציקן קעפּל, האָט זיך די טעמפּע גאָמבע צוריקגעצויגן אויף אַ שפּאַן און איַינגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסלען, ווי אַ חיה פאַרן אויפשפּרונג — גרייט אַ וואָרף צו טון זיך אויפן קרבן מיט דער גאַנצער קראַפט און דערדריקנדיקער שווערקייט, אַוועקצולייגן אים מיט איין קלאַפּ.

די אויסגעסטראָיעטע פּאַניענקע בײַם טישל האָט זיך גענומען הייבן פון אָרט, ווי זי וואָלט געזעסן אויף הייסע קוילן, און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ אין דער זײַט פון אַרומבאַשטעלטן בופעט. זי האָט זיך אָנגעטראָפן מיט מוטנע פאַרגאָסענע אויגן פון חושכדיקע מענטשעלעך, וואָס ערגעץ־ווו געהערן זיי צו די דערנידעריקטע און באַעוולטע און דאָ ווילן זיי שפּילן די ראָל מעשה־באַלעבאָס, ווילן האָבן צו זאָגן באַדײַ איבערן אייגענעם מיסטקאַסטן, אַבי הערשן. אין זייערע צעשפּילטע בליקן האָט אויפגעגלאַנצט דאָס פײַערל פון פאַרשטייענדיקן נאָענטן זיג פון שטאַרקן איבערן שוואַכן, וואָס זיי באַטראַכטן עס אויך פאַר זייער ניצחון, כאָטש אַליין שוואַכע און געבויגענע קעגן אַנדערע שטאַרקערע פון זיי, און שטעלן מיט זיך פאָר סײַ דאָ סײַ דאָרט נישט מער ווי סטאַטיסטן פון אַן אומהיימלעך נאַריש שפּיל.

## ק אַ פּ י ט ל  צ ע ן

# אַ פּאַטשאָנטעק אויף דער פּולער וואָך

דער באַר „אונטערן גאָלדענעם האָן" האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון דער שיכּרותדיקער זינקעניש. די פאַרנעפּלטע צעהיצטע בליקן האָבן זיך גענומען וועגדן אַרויפצו אין דער פאַרשווימענער ווײַט, נאָך דער טיר אַרויף, גלײַך ווי ס׳וואָלט זיך איצט אין יענעם ווינקל באַדאַרפט אָנהייבן עפּעס אַן אַרטיסטישער פּראָגראַם מיט אַטראַקציעס און סורפּריזן.

אָנשטאָט זיך צו געבן אַ וואָרף אויף יענעם האָט זיך די קאַנטיקע גאָמבע צעוויגט פון אַן אָנפּלייצנדיקן רויש און מיש אין קאָפּ, קוים אײַנשטייענדיק אויפן אָרט. דאָס פאַרגאַווערטע מויל זײַנס האָט אַרויסגעכריפּעט משה מעטן גלײַך אין פּנים אַרײַן ביטער־איבלדיקע ווערטער פאַרמיש מיטן שאַרפזויערן ריח פון די געדושעטע מאכלים און געטראַנקען:

— דו פאַרשמאָלצענער גודלײַ! ציבעלע־פּרעסער איינער! ווי אַזוי רעדסטו צו אַ פּאָלאַק?

משה מעטן איז ס׳בלוט געקומען אין פּנים אַרײַן. ער האָט זיך שוין נישט איין מאָל געקײַלט מיט שקצים אויפן וווינע־פּלאַץ, אונטער דער בריק, אין פּראַגער וועלדל, זיך געשלאָגן מיט ריזיקע צאַבאַנעס, יונגען וואָס זענען געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי ער. פון קיינעם זיך נישט געלאָזט באַליידיקן, און מיט אַ זעלבסט־זיכערער רויִקייט פון איינעם וואָס איז גרייט אויף אַלעם, אָן אַ ציטער אין דער שטים צוריקגעענטפערט:

— צו אַ פּאָלאַק רעד איך שטענדיק ווי צו אַן אייגענעם.

— ווי צו אַן אייגענעם, זאָגסטו, שטשערוואָ!

— נאָר נישט שטשערוואָ. פאַרגעסט נישט, איר רעדט צו אַ פּוילישן זעל־נער, און נישט צו קיין שטשערוועם.

— און אַז יאָ, וואָסטו מיר טון? שלאָגן? פון ווען אָן, פאַרכול איינער, זענט איר עס אייגענע אויף אונדזער ערד?

— פון ווען אָן? פון ערשטן טראָפּן בלוט וואָס אונדזער עלטער־עלטער־

זיידע בערעק יאָסעלעוויטש האָט פאַרגאָסן אויף דער דאָזיקער ערד און אַלע זיי־דעס פאַר אים, אויב דער פאַן וויל אַזוי שטאַרק וויסן.

— אָט דאָס איז יידישע חוצפה! — האָט זיך די שטאַרע גאָמבע אַ קער געטון צו די טישלעך — וואָס זאָגט איר, פאַנאָוויע, צום דאָזיקן העלד אונדזערן... איר האָט כאָטש געהערט? זײַן ערד! פוילן איז זײַנס! מיר דאַרפן זיך אָפּטראָגן פון דאַנען און איבערלאָזן אונדזער פוילן פאַר זיי, פאַר די יידעלעך, ס׳קומט זיי בירושה...

— דאָס האָב איך נישט געזאָגט, נישט אמת! — האָט משה מעט נישט אויפגעהערט איבערחזרן — דאָס האָב איך נישט געזאָגט, אַ ליגן.

— איך זאָג ליגן?! פאַלאַקן זאָגן ליגן?! איך בין אַ ליגנער?

פון די טישלעך אַרום האָבן גענומען פאַלן „האַסלעס"[1] און אויסגעשרייען פון אומגעדולדיקע אונטערשפּילער:

— גיט אים אין פּיסק אַרײַן!

— צעמאַלעווע אים ס׳פּנים!

— אין די ציין גיב אים, ער זאָל זיך באַגיסן מיט דער רויטער יוכע!

— דערהרגענען אים! אָוועקלייגן אַ טויטן!

מיט די צעיושעטע שיכורע אויסרופן פון זאַל האָט האַסטיקער גענומען שטײַגן די רוגזה, וואָס האָט זיך אַ פאַרשוימטע איבערגעגאָסן איבער די ברעגן:

— נאַ, אָט האַסטו, סוקין־סין!

מיטן גאַנצן כוח האָט די קורצגעהאַקטע געמבע אַ זעץ־געטון מיטן אָנגע־שפּאַנטן שטערן משה מעטן אונטערן קין און נאָכגעשיקט אַן אײַזערנע פויסט צווישן די אויגן.

פונעם האַסטיקן קלאַפּ האָט משה מעט געטון אַ פאַל אויף צוריק און זיך אָנ־געשלאָגן מיט אַ טעמפּן הילך אָן וואַנט. ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אַן אײַנ־געקאָרטשעטער ווי פון אינערלעכע קראַמפּן און גלײַך אויפגעשפּרונגען און אַ שאָט געטון פלינק געצילטע קלעפּ איבערן האַרטן טעמפּן פּנים וואָס איז געווען איין שטיק צונטער.

דער אָפּגעריסענער פאַרשווין האָט זיך מיט אַ לאַכנדיקער מאַסקע גענומען אַרײַנפּאַקן מיט זײַן צעוואַקסענעם גוף צווישן ביידע נישט צו וויסן פון וועמענס צד ער איז — צי צו פאַרטיידיקן דעם ייד, צי נישט צו דערלאָזן צום געשלעג.

די אַנדערע צוויי שקצים, וואָס האָבן נאָר אויסגעקוקט דעם ערשטן קלאַפּ, האָבן ווי אויף אַ סיגנאַל מיט חוצפה און קוראַזש געגעבן אַ שאַר אַוועק דעם שלעפּער אָן אַ זײַט און אימפּעטיק זיך אַ וואָרף געטון צו הילף דעם פשיאַטשעל

[1] צייכנס

זייערן, וואָס האָט זיך געוואַקלט אויף די שיכורע פּיס אַ צעחושטער פֿון די אומ־געריכטע קלעפּ, וואָס זענען געפֿאַלן אויף אים פֿון געניטע הענט — ווייטיקלעך און ברײַענדיק ווי שטיקער פֿײַער.

דעם שלעפּערס פּנים האָט זיך נאָך מער צעלאַכט מיטן שווידערלעכן שטו־מען געלעכטער. אין די צעגלאָצטע אויגן איז אויפֿגעגאַנגען אַן אומהיימלעכער אָפּגלאַנץ פֿון אַ פֿאַרגליווערטער שרעק. ער האָט אויסגעדרייט זײַן וועקסיק־בלייך פּנים מיט די לאַכנדיקע קנייטשן פֿון אַ טראַגישן לץ צו די געמיטלעכע זיצערס בײַ די טישלעך און מיט אַ גראָבער הוילער שטים אַ רעווע געטון איבערן זאַל:

— פּאַנאָוויע, מע דערהרגעט אַ מענטש! לאָזט נישט שלאָגן! ראַטעוועט! שטייט נישט! מענטשן!...

פֿון זײַן לאַכנדיק פּנים איז נישט געווען צו פֿאַרשטיין וועמען מע דאַרף פֿאַרטיידיקן און וועמען — צוריקשלאָגן. טייל זענען אויפֿגעשטאַנען פֿון די ער־טער און נישט אָפּגעטרעטן פֿון די טישלעך אויף קיין שפּאַן. אַנדערע זענען גע־בליבן זיצן גלײַכגילטיק ווי נישט זיי מיינט מען, און אַנקוקנדיק דעם היימלאָזנס לאַכנדיקן פּנים אַנגעהויבן מיטלאַכן ווי פֿון אַ געלונגענעם שפּאַס.

אין דער סומאַטאָכע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין זאַל, זענען פֿון די זײַטנ־טישלעך, ווו ס'האָבן געטרונקען די קאַלעיאַזשעס און טראַמווײַ־אַרבעטער, אויפֿ־געשפּרונגען עטלעכע מענער אין אָפּגעטראָגענע מלבושים. זיי האָבן זיך אַרויס־געריסן פֿון די ווײַבער, וואָס האָבן זיי צוגעהאַלטן פֿאַר די אָרעמס און היסטעריש געשריגן, אַז זיי וועלן נישט לאָזן גיין מאַכן אַוואַנטורעס, סקאַנדאַלעווען איבער גאָרנישט מיט נישט.

צווישן די אַלע נײַגעריקע, וואָס האָבן גענומען לויפֿן זען וואָס ס'טוט זיך, האָבן זיך ווי צעפּלאָשעטע גרויסע פֿייגל, געריסן פֿאָרויס מיט צענומענע הענט די דרײַ בראַטשקעס. שימאָן האָט געהאַלטן פֿאַרהויבן די פֿלאַש בראַנפֿן — גרייט אַראָפּצולאָזן אויפֿן ערשטן בעסטן וואָס וועט זיך אים שטעלן אין וועג.

זיי האָבן פֿאַרשטאַנען אַז ס'איז אַוודאי עפּעס געשען מיט משה מעטן, און מיט די עלנבויגנס זיך דורכגעריסן צווישן די טישלעך מיט די אָרומשטייענדיקע גאַפֿעס נישט הערנדיק די געבייזערס פֿון אַלע זײַטן, אַז מע דאַרף אַכטיק געבן, נישט קריכן איבער די קעפּ, אַזוי ווי בהמות.

נישט ווײַט פֿון דער טיר האָט זיך אַ צעיושעטער קנויל מענטשן מיט צע־שויבערטע טשופּרינעס און צעפּלויגענע קראַוואַטן, אַן די מאַרינאַרקעס, זיך קעגנ־זײַטיק באַוואָרפֿן מיט קלעפּ, פֿויסטן און קעפּקעס באַגלייט מיט זידלערײַען, קללות און געשרייען.

אין סאַמע מיטן פֿון צעפּענטעטן געשלעג האָט זיך משה מעט געראַנגלט

מיטן דאַרן יונג מיטן לאַנגן שויבער. צוויי ביינערדיקע הענט האָבן געטרייסלט מיט משה מעטן אין אַלע זײַטן און אים נישט געלאָזט זיך ווערן קעגן די קלעפּ וואָס זענען געפאַלן אין זײַן זײַט.

אין גרעסטן טייל זענען איצט די פויסטן געזונקען אינעם איבערגעוואַקסע־נעם פאַרשוין וואָס האָט מיט זײַן גוף געשיצט דעם געשלאָגענעם אַרײַנכאַפּנדיק די אַלע קלעפּ וואָס זענען געווען געצילט אין משה מעטן.

די דרײַ בראַטשקעס האָבן געאַרבעט מיט די עלנבויגנס, געפּרוווט אַרויס־קריגן משה מעטן פונעם צעיושעטן קרענצל, און זאָלן זיך די איבעריקע מימתן צום טויט. ס׳איז שוין סײַ ווי נישט מעגלעך געווען צו דערגיין קיין טאָלק ווער־וועמען עס שלאָגט און צוליב וואָס מע קײַלט זיך דאָ... די קלעפּ זענען שוין איצט געפאַלן אויף בלינד, אָט אַזוי ווי די שטיקער פלאַמען פון אַ ברענענדיק הויז... ס׳איז שוין אַפילו נישט מעגלעך עפּעס וואָס צו ראַטעווען פון דער שריפה.

— וואָס טוט זיך דאָ פאַר אַ בייזעל, צו אַלדע כאַלערעס! — האָט וואַצעק אַ געשריי געטון זיך צוצוגעבן קוראַזש בײַם פונאַנדערנעמען די הענט.

דעם היימלאָזנס הפקרות צו זײַן אייגענעם קערפּער, וואָס לאָזט אין זיך פאַלן די קלעפּ פון אַלע זײַטן, האָט זיך גלײַך אָנגענומען בײַ די דרײַ ברידער. וואַצעק האָט גענומען אָפּשלײַדערן די שלעגערס איינעם נאָכן אַנדערן. אָנגעכאַפּט מיט אַ האַנט פאַרן קאַרק און מיט אַ קאָפּע אין הינטן אַרײַן אַ יאָג געטון צו די טישלעך. ווי פאַרהיפּנאָטיזירטע זענען יענע צוריקגעפאַלן צו אים, ווי זיי וואָלטן געווען פון גומע, זיך צוגעקלעפּט ווי אַ קלעק, אָנהענגענדיק זיך מיט אַ פּאָר שווע־רע הענט, וואָס האָבן ווי שטיינער אַראָפּגעצויגן צו דער ערד — די אַנדערע זאָלן אים קאָנען שלאָגן אומגעשטערט, אָן אַ ווידערשטאַנד.

פראַנעק האָט געלאָזט אין גאַנג די לאַנגע פיס, געקאָפּעט אין בויך אַרײַן די צוריקגעפאַלענע אין זײַן זײַט, איינעם, אַ צווייטן. ער האָט געפּרוווט אָפּרײַסן די צוטשעפּענישן וואָס האָבן זיך געקלאַמערט אין וואַצעקן און איצט זיך שוין אויך גענומען קלאַמערן אין אים.

מיט דער פאַרהויבענער פלאַש אין האַנט האָט זיך שימאָן אַ וואָרף געטון מיטן גאַנצן גוף איבער אַלעמענס קעפּ, ווי אַ שווימער אין וואַסער אַרײַן, און מיטן גאַנצן כוח אַראָפּגעלאָזט די פלאַש אויפן קאָפּ פון דאַרן יונג מיטן שויבער וואָס האָט נישט אויפגעהערט טרייסלען משה מעטן, ווי ער וואָלט גע־וואָלט אַרויסשאָקלען דאָס גאַנצע אינגעווייד פון אים.

פונעם הילכיקן געקלאַנג פון צעבראָכן גלאָז און פליוכע פון וואַרעם בלוט, וואָס האָט אַ פלייץ געטון אין רויטע פלעקן פאַר די אויגן, האָט זיך די צעוואַל־גערטע מאַסע געגעבן אַ צעוויג רעכטס און לינקס מיט אַ גערודערײַ פון די באַענט־שטייענדיקע טישלעך, וואָס האָבן זיך איבערגעקערט מיט די שטולן איך איינעם.

די פֿאַרקנוילטע גופים זענען מיט אימפּעט אַרויפֿגעפֿאַלן אויפֿן אַרײַנגאַנג, וואָס האָט זיך ראַשיק אויפֿגעפּראַלט מיט ביידע האַלבע גלעזערנע טירן אין דרויסן אַרויס מיט אַ געבראַזג פֿון די אַרויסגעזעצטע שויבן, וואָס האָבן געקנאַקט אונטער די טריט פֿון די שלעגערס זיך פּלאָנטערנדיק ווײַטער אינעם פינצטערן געסל מיטן טעמפּן הילך פֿון פֿאַלנדיקע האַרטע קלעפּ פֿון ביינערדיקע פויסטן.

אין באַר „אונטערן גאָלדענעם האָן" איז נאָך געשטאַנען דער טשאַדיקער רויש און טומל, ווי אויף אַ וואָקזאַל נאָכן פֿאַרבײַלויפֿן פֿון אַ שנעלצוג מיט טראַסק און האַרמידער. דער צוג קוילערט זיך שוין ערגעץ ווײַט און דאָ איז נאָך די לופֿט פֿול מיט פֿאַרטייבנדיקן גערויש.

דער אייגנטימער פֿון דער שענק, דער אויסגעבלייכטער קראַוושיק איז איצט געווען אָן אַ טראָפּן בלוט אין די באַקן, אין גאַנצן גערונצלט, גלײַך ווי אַ קעלט וואָלט אַרומגעיאָגט אין זײַן בלוט. ער איז געשטאַנען פֿאַרנט פֿאַרן בופֿעט מיט דער פּלייצע אָנגעשפּאַרט אָן אָפּגעליידיקטן בופֿעטטיש פֿאַרלייגט ביידע הענט אויף דער ברוסט און מיט אַ קרענקלעך טרויעריק פֿאַרלוירן שמייכעלע גע־שאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ צו די איבערגעבליבענע געסט, ווי איינער זאָגט:

— אָט האָסטו דיר אַ פּאַטשאָנטעק אויף דער פּולער וואָך, טפֿו זאָל עס ווערן!...

קאַפּיטל עלף

# אין פינצטערן געסל

איבערן פינצטערלעכן אויסגעבויגענעם געסל, וואָס פירט שיף־אַרויף צום העלבאַלויכטענעם אַלטשטאָטישן מאַרק, האָט צווישן די אויסגעסטראַיעטע שפּאַצירערס קיל אַדורכגעפלאָטערט, ווי אַן ערשטער האַרבסטווינט, אַ שעפּטשע־רײַ פון מויל צו מויל:

— מע שלאָגט פּאַלאַקן!

— ווער שלאָגט?

— ייִדן, ייִדן שלאָגן!

— מע דאַרף זיך נישט לאָזן פון זיי!

— פאַרטרײַבן זיי ווי די הינט!

איבערן געסל איז געוואָרן אַ שוואַרץ געלויפערײַ צום פאַרפּלאָנטערטן קנויל, וואָס האָט זיך געוואָרפן ווי אין קאָנווולסיעס — פון טראָטואַר צום וואַנט און פון וואַנט אויפן מיטן ברוק. די מאַסע האָט זיך שלאָגנדיק באַוועגט פאָרויס — אַלץ נענטער צום מאַרק־פּלאַץ. ווי צעברויזטע כוואַליעס אין אַ פאַרפלייצונג האָבן די שלעגערס מיטגעריסן אַלץ וואָס ס׳איז זיי געקומען אין וועג.

פון די אויבערשטע צוויי רייען שטאָקן זענען פון די קליינע פענצטערלעך געפאַלן קרומע פאַסן געל־גרינלעכער מוטנער שײַן און שיטער באַלויכטן צעשוי־בערטע און צעכראַסטעטע פיגורן — צופאַלנדיקע און אָפּשפּרינגענדיקע, וואָס האָבן זיך ווידער צונויפגעשטויסן מיט אַ הויל געזבענקערײַ פון האַמערדיקע פויסטן איבער שאַרבנס און ברוסטקאַסטנס, ריפּנביינער, האַרץ און לונגען — באַגלייט פון זידלווערטער, ברוטאַל־נאַקעטע אויסגעשרייען און קרעכצנדיקע „יעזוס־מאַריעס“, וואָס זענען דאָ פאַרזונקען געוואָרן אין דער שמאָלער ענגשאַפט פונעם בײַנאַכטיקן געסל.

מיטן איבערטראָגן זיך פונעם געשלעג אין דער אָפענער גאַס אַרײַן האָט עס גלײַך גענומען צוצי׳ען צו זיך די טונקל־פאַרדעכטיקטע שאָטנס וואָס ווידמענען זיך דאָ אין די נעכט. טירן און טויערלעך האָבן זיך געעפנט און פאַרקלאַפּט. שוואַרצע לעדערנע דאַשקעס האָבן אויפגעגלאַנצט ווי די קינדזשאַלן. פינצטערע פאַרשווינען מיט אַראָפּגעלאָזטע מאַטשעיוווקעס איבער די אויגן האָבן זיך צוגע־לאָנטשעט צום שוואַרצן געזעמל. צעפלאַשעטע נאַכטמיידלעך מיטן פאַרביקן דע־רעלע אויפן קאָפּ, וואָס דרייען זיך מיט אַ קאָקעטיש געגגל פאַר די שאָטנדיקע טויערלעך, זענען מיטגעשלעפּט געוואָרן פון נײַגער צוזאַמען מיטן הפקר־צעבאַ־

לעװעטן יונגװאַרג פון גאַס, װאָס זעט זיך אין די חלומות פאַרמישט אין בלוטי־קע נקמה־אַמפּערנישן צוליב פאַרראַטענע ליבעס, געלט און אַמביציעס. און צו־טרעטנדיק בלויז פונאַנדערצורײַסן דעם און יענעם, אַליין אַרײַן אין דער פּאַסיע פון „איך װעל אײַך װײַזן!" — נאָכן באַקומען דעם ערשטן צופעליק־פאַרפאָרע־נעם אומשולדיקן קלאַפּ.

אינעם העפטיקן געראַנגל איז דער צװואַקסענער פאַרשוין געגעבן אַ גיי־אויף מיט דער לאַכנדיקער מאַסקע און צעשראָקענע אויגן פאַר משה מעטס פאַר־נעפּלטן בליק און באַלד װידער אַרונטערגעטױכט געװאָרן אינעם בהלהדיקן גע־שלעג און געװאַלגער צװישן דער הפקר־צעבראָזטער טונקעלער מאַסע.

אויפן אָרט פונעם לאַנגהאָריקן דאָרן יונג, װאָס איז — נאָכן באַקומען די פּלאַש אין קאָפּ אַרײַן — מיטגעשלעפּט געװאָרן אין דרויסן אַרויס אַ באַגאָסענער מיט בלוט און געבליבן ליגן װי אַן אונטערגעבראָכענער אין רינשטאָק — איז איצט פאַר משה מעטן אויסגעװאַקסן דער לאַנגנאָזיקער מיט די שפּיציקע אייגע־לעך. אַ צערייצטער פון ריח פונעם קלעפּיקן בלוט האָט ער — אומפאַלנדיק און אויפשטייענדיק — געהאַקט מיט די צעפאַכטעטע אָפענע קנאָכיקע הענט װי מיט ברעטער איבער משה מעטס פּנים, צוריקבאַקומענדיק געפויסטעטע קלעפּ איבער קאָפּ און זײַטן. װיפל ער האָט אַלץ נישט געקריגן צוריק, האָט ער אויף קיין פאַל נישט געװאָלט אָפּטרעטן פונעם קרבן.

נאָכן באַקומען אַ װאַל־אַרײַן אין האַרץ האָט ער זיך אַן אײַנגעבויגענער פאַר־מאָסטן מיטן פוס משה מעטן אין בויך אַרײַן. אין דער רגע האָט אים שימאָן אָנ־געכאַפּט הינטנאָרום פאַרן אַנדערן פוס. דער יונג האָט געגעבן אַ גיי מיטן קאָפּ אָן דער ערד, מיטשלעפּנדיק משה מעטן, אין װעמען ער האָט זיך אָנגעכאַפּט װי אַ טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי. שימאָן האָט זיך מיט צערייצטן אַפּעטיט אַ װאָרף געטון אויפן דאָרן יונג און אַליין גלײַך אָנגעגריפן געװאָרן פון דער קאַנטיקער געמבע װאָס איז צעבלוט געװען איבערן גאַנצן פּרצוף.

אינעם פאַרפלאָכטענעם געראַנגל פון די פיר גופים אין מיטן פונעם קנויל איז משה מעטס פוס געבליבן פאַרקלעמט אינעם דאָרן יונגס פיס װי אין אײַזער־נע קלעשטשעס. אַן אײַנגעקלעמטער אויף די שטיינער אינעם אָמפּערנדיקן גע־װאַלגער האָט פאַר משה מעטס אויג װידער אַ בליץ געטון דער גלאַנצנדיקער שניט פון די צעשראָקענע אויגן פונעם צעלאַכטן פּנים אַרויס. דער צװואַקסענער פאַרשוין איז איצט געװען אָן דעם לעדערנעם רימען װאָס האָט געהאַט אַרומגע־בומען זײַן פאַלטן בײַ דער טאַליע. בייזע קלאַפּעס האָבן זיך געבאַמבלט אָפּגע־ריסענע ביז דער העלפט. פונעם האַלב־אויסגעטרעטענעם אַרבל האָט זיך געזען אַ נאַקעטער אַקסל־שטשאָק געלװאַקסיק װי בײַ אַ מת.

אַן אומגעלומפּערטער האָט ער זיך מיט אַ ראַזמאַך אַרײַנגעקריגן צװישן

דעם קנױליקן באַרג מענטשן און פֿאַרשטעלט מיט זיך דעם אײַנגעקלעמטן משה מעט װאָס ער האָט אים בשום־אופֿן נישט געקאָנט אַרױספּלאָנטערן פֿונעם אַמפּערנדיקן אָנגעװאַלגער אױפֿן ברוק.

בײַם ראַנד פֿונעם מענטשנקנױל האָט זיך פֿראַנעק אַרױסגעקריגן פֿון צװײ באַװאָנצטע יונגען אין קראַטענע הױזן מיט הױכע שטיװעלעך. זײ האָבן זיך פֿאַרמאָסטן אים צוצופּלאַטשען צו דער װאַנט און דורך פֿראַנעקס אונטערגעשטעלט פּיסל אַרױפֿגעפֿאַלן אױף זיך, אָנשלאָגנדיק מיט די פֿױסטן אין דער װאַנט.

אַ באַפֿרײַטער האָט זיך פֿראַנעק אַ ריס געטון אין שימאָנס זײַט. דער לאַנגבאָזיקער האָט געהאַלטן פֿאַרפּלאָנטערט זײַן האַנט פֿינגער אין שימאָנס טשופּרינע, געצױגן אים פֿאַרן קאָפּ האָר צו די שטײנער אַראָפּ, האַלטנדיק גלײַכצײַטיק אײַנגעשלאָסן משה מעטן אין דער אײַזערנער פּיס־קלעם.

איבערגעבױגענערהײט האָט פֿראַנעק אַ פֿרײַכנדיקער אַ פּליק געגעבן מיטן פּוס דעם יונג אונטערן בױך, אַלײן זיך אױסציִענדיק אױף אַלע פֿיר אױף די ליגנדיקע פֿון אַן אומגעריכטן זעץ װאָס ער האָט געקריגן הינטנאַרום אין קאָפּ.

דער לאַנגנאָזיקער יונג האָט אַרױסגעלאָזט אַ פּאָנפּעדיקן „אָ, ראַני באָסקע!“. זײַן האַנט פֿינגער האָט זיך געעפֿנט און באַפֿרײַט שימאָנס טשופּרינע און אײַנקאָרטשענדיק זיך פֿון װײטיק לױז געלאָזט משה מעטס פֿאַרקלעמטן פּוס.

אַ צעװאַקלטער איז שימאָן צוגעפֿאַלן צו דער טעמפּער גאָמבע, װאָס האָט מיט די קני צוגעדריקט משה מעטס ברוסטקאַסטן און מיט די אײַנגעשפּאַרטע הענט זיך געװאָלט דערקריגן צום האַלדז פֿונעם ליגעדיקן. ער האָט זיך געגעבן זײַטיק אַ שלאָג־אָן, שימאָן, אָן יענעמס שולטער. די גאָמבע האָט זיך מיט אַ װאַקל אַרונטערגעגליטשט פֿון משה מעטן. שימאָן מיט פֿראַנעק האָבן משה מעטן אױפֿגעהױבן פֿון דער ערד. ער איז געװען שװער װי אַ קלאָץ. מיט אַלע כּוחות האָבן זײ אים געשלעפּט מיט זיך צום שװאַרצן געזעמל װאָס האָט זיך צונױפֿגעקנױלט אַרום װאַצעקן. מ׳האָט אים דאָרט געשלאָגן מיט די הענט און מיטן קאָפּ אױף בלינד. װאַצעק האָט שױן געלאָזט פֿאַלן אױף זיך די טעמפּע קלעפּ, אָן װידערשטאַנד, װײַל ס׳איז אין אים נאָר אַרײַן. אַרײַנרײַסנדיק זיך אינעם װירבלקרײַז האָבן זײ זיך אָנגעשטױסן אױפֿן מגושמדיקן פֿאַרשװין, אַ צוריקגעפֿאַלענעם מיט אַן אױסגעקרומט מױל אױפֿן אױפֿגעלאָפּענעם פּנים און נאַקעטע צװײ הענט, װי די שטשאַפּעס האָלץ, װאָס האָבן אַרונטערגעהאָנגען װי איבעריקע פֿונעם אַרומגעפּליקטן פֿאַלטן שױן אָן בײדע אַרבל.

אומגעריכט האָט שנײַדיק אַ בלענד געטון אַ העלער געלער גאַזשײַן פֿון צװיקנדיקע גאַס־לאַמטערנס בײַ די זײַטן װענט. די פֿאַרפּלאָנטערטע צעיושעטע מאַסע האָט זיך אַרױסגעקײַקלט פֿונעם ענגן פֿינצטערן געסל, װי אַ מוטנע רעװנדיקע כװאַליע, און אַרױס אױפֿן אָפֿענעם ברײטן בײַנאַכטיקן אַלטשטאָטישן מאַרק.

קאַפּיטל צוואַנציק

# אויף מעסערשטעד און מיטן אַלטשטאַטמאַרק

די שוויַיגנדיקע, געהויקערטע טויערלעך אויפֿן אַלטשטאָטמאַרק — אַרומגעשטעלט פֿון אַלע זיַיטן אין אַ גלײַכן פּירעק ווי אַ פּירקאַנטיקער קאַסטן — זענען שוין נישט איין מאָל געווען עדות פֿון אויסטערלישע סצענעס וואָס האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט אין די נעכט אונטערן פֿריַיען הימל.

די אַלטיטשקע צונויפֿגעדרענגטע צווייִשטאָקיקע היַיזער — נידעריק און שמאָל מיט צוויי־דריַי פֿענצטערלעך אין דער ברייט — האָבן זיך אין אַזעלכע שוואַרצצערודערטע נעכט נאָך מער איַינגעקאָרטשעט, זיך צונויפֿגעטוליעט פֿאַר־טיַיעטע און צוגעקוקט שטום געשפּאַנט צו דער צעקאָכטער רציחה, צום זודיקן צעשפּריצטן כעס און בלוטיקע געראַנגלען אויף די קאַלטע שטיינער; איינגעזאַפּט אין זיך די הילפֿרופֿן און קרעכצן וואָס האָבן זיך דערקיַיקלט צו זיי און געבליבן אַזוי ליגן ביַים ראַנד אַנטשטומט, דורך קיינעם פֿון דרויסן נישט דערהערט, אויסער די היימישע באַוווינער פֿון די מקומשע געסלעך, וואָס האָבן געקאָנט אין זיך איַינהאַלטן דאָס שוויַיגן פּונקט ווי די מויערן און שטיינער.

אויך איצט האָבן די ביַינאַכטיקע אַלטשטאָטישע ווענט געגלאָצט מיט די צוויי רייען פֿענצטערלעך אויפֿן צעווילדעוועטן מענטשנקנויל, וואָס האָט זיך ווי אַ צעשמאָלצענע לאַווע קאָכעדיק בליַי אַריַינגעגאָסן אַהער מיט אַ פֿיַיערדיקער היץ אין דער אָוונטיקער געמיטלעכקייט פֿון פֿאַרליבטע פּאָרלעך, אַראָפּגעקומענע שטאָטגעסט און היימישן מקום־עולם און אין איין מינוט פֿאַרוואַנדלט דעם רויִקן שפּאַצירפּלאַץ אין אַן אַרענע פֿון צעפּענטענע אינסטינקטן און פֿונאַנדערגעלאָזענע שלוזן פֿון טונקעלן שלעגערישן שיגעון.

אויפֿן פֿריַיען אָפּענעם מאַרק האָט זיך וואָס אַמאָל מער גענומען פֿאַרשטאַרקן דער האָגל קלעפּ. מ׳האָט שוין נישט געפֿרעגט וואָס ס׳איז געשען, ווער ס׳זענען די שולדיקע און צוליב וואָס ס׳איז אַנטשטאַנען דאָס געשלעג. מ׳איז שוין נישט צוגעשטאַנען לעשן די שריפֿה, לאָקאַליזירן דאָס פֿיַיער. מ׳האָט זיך שוין געוואָרפֿן

שלאָגן מיטגעריסן פון פריילעכן הפקר פון „הוראַ אויפן יידן!" ווי בעת צירק־קאַמפן — לײַכט און פלינק, מיט איין פּאַרפּויסטע האַנט זיך צו שיצן די אויגן און מיט דער צווייטער דערלאַנגען אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ, מיט אַן אונטער־שפּרונג פאָרויס און אַ טענצל אונטער אויף צוריק. ווער ס'האָט געקריגן מער צו־געלייגט — אויף דעמס זײַט זענען געווען די פרישצוגעקומענע. זיי האָבן נישט געקאָנט צוזען ווי די שוואַכערע כאַפּן אַרײַן אַזעלכע כמאַלעס און לאַטעס. האָבן זיי זיך אַנגענומען זייער קריוודע. אויס רחמנות צו די געשלאָגענע האָבן זיי גע־נומען שלאָגן מכות־רצח די שלעגערס, די שטאַרקע.

די פרויען זייערע זענען אַרומגעלאָפן — נערוועזיש־אויפגערעגטע און אומבאַ־האָלפענע — אַרום זיי ווי פלאַטערלעך אַרום אַ פײַער און געגוואַלדעוועט מיט וויינענדיקע שטימען, געשאָטן מיט קללות און אָנגעכאַפּט פרעמדע מאַנצבילן פאַר דער פאָלע, פאַרן אַרבל, מיינענדיק אַז ס'זענען זייערע מענער. יעדעס מאָל איז אַן אַנדערער קאַפּעלוש געפלויגן אין דער לופטן און אונטערגעכאַפּט געוואָרן דורך אַן אַנדערער פרוי. טייל פרויען האָבן געהאַלטן די מענער־מאַנטלען, מאַרי־נאַרקעס און סוועטערס אַנגעהאַנגען אויף די הענט, ווי די הענדלערס אויף אַ מאַרק, און נאָכגעפאָלגט מיטן בליק נאָך יעדן קלאַפּ וואָס זייערע „יִנגלעך" דער־לאַנגען און כאַפּן אַרײַן, צוגעבנדיק היץ און פאַרע מיט זייערע אויסגעשרייען:

— שלאָג אים, קײַל אים, לאָז זיך נישט!

אויסגעפוצטע חתנים מיט שטײַפע קראַגנס האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייערע אויסגעפּיאָקעוועטע געשמינקטע כלות און זיך אַרײַנגעפלאָכטן מיט פרישע גע־זונטע פויסטן, זיך אויסגעמישט מיט פאַרבלוטיקטע פּנימער און פרײַכנדיקע פאַר־שוימטע מײַלער פול מיט וואַרעם קלעפּיק בלוט, ווי בײַ די שאָף אין שעכטהויז נאָכן קוילענען זיי.

אין דער בלוטיקער מהומה האָט זיך שימאָן געראַנגלט מיט די ערשטע צוויי יונגעץ, וואָס האָבן אין דער קנײַפּע פאַרטשעפּעט משה מעטן און אַרויסגערופן דאָס געשלעג. שימאָן האָט זיי נישט צוגעלאָזט נאָענט צום ברודער מיט משה מעטן, וואָס האָבן אונטער טעמפּע קלעפּ געשלעפּט און געריסן וואַצעקן מיט זיך. אַ פאַרביסענער האָט וואַצעק זיך נישט געלאָזט אַרויסרייסן פונעם שלעגע־רישן קרײַז. ער האָט געשריגן אַז ער וועט זיך נישט לאָזן שלאָגן פון די לאַטקעס און געקריגן געוואָליעט וויפל ס'איז נאָר אַרײַן.

די צעיושעטע גאַסניונגען, די שלעגערס פון מקום, מיט די אַרויסגעבאַלושע־טע אויגן און צעפּלעטשטע נעז, וואָס האָבן פון היימלעכקייט וועגן „צוגעלייגט אַ האַנט", האָבן דערפילט אין צעשלאָגענעם וואַצעקן שוין אַ ווידערשטאַנדלאָזן און נישט געוואָלט אַרויסלאָזן דעם פעטן ביסן פון גיין אויפן זיכער.

אומגעריכט איז קאַפּויער געקומען דער אַרומגעפליקטער פאַרשוין מיטן

אויסגעקרומטן מויל און אויפגעריסענע אויגן פול מיט גרענעצלאָזן פחד, און גע־וואַגטקייט אין די גרויסע ברייטע הענט. וואָס האָבן געגומען רײַסן שטיקער פון די „אַכליאַפּעס״ [1].

פראַנעק מיט משה מעט האָבן איצט לײַכטער געקאָנט אַרונטערדרייען וואַ־צעקן די הענט, זיך אַרויסצוקריגן מיט אים אויף אַזאַ אופן פון דער קלעם. צוגיפּ־געדריקטע אין דרײַען האָבן זיי זיך געגומען רוקן אויף היגטערוואַלעכץ. פּאַר משה מעטס אויגן האָט פלוצים אַ שווינדל געטון אַ בלאַנקער בלישטש פון קאַלטן שטאָל, וואָס האָט אַ בלענד געטון אין דער זײַט פונעם אָפּגעריסענעם פאַרשויק. מיט איין שפּרונג האָט משה מעט אַ זעץ געטון מיטן גאַנצן כוח איבערן גע־שטרעקטן האַנטביין און אַרויסגעשלאָגן ס׳מעסער וואָס איז געפאַלן אויף די שטיי־נער מיט אַ הילכיקן קלונג.

עטלעכע יונגען זענען האַסטיק צוגעפאַלן אונטערצוכאַפּן דאָס מעסער. דער שאַרפער שטאָלענער קלאַנג האָט ווי אַ סיגנאַל אויפגעטרייסלט דעם צעגליטן אַרום.

באַלד האָט אַ צווייט מעסער אויפגעבליצט האַרט פאַר משה מעטס פּנים. נאָך איידער ער האָט זיך באַוויזן צו אָריענטירן אין וועלכער זײַט אָפּצובייגן דעם קאָפּ איז ווי דורך אַ נס די סכנה אָפּגעווענדט געוואָרן פון אים אין אַן אויגנבליק. אין דער האַריקער לאַפּע פונעם צעוואַקסענעם פאַרשוין איז געווען פאַרדריקט אַן אויסגעבויגענער קינדזשאַל. פיבערדיק ווינטיק האָט אויפגעפלאַטערט אַ קעגנזײַ־טיק געפּעכטס — בלאַנק און שאַרף ווי אַ פּראָסטיקער באַגין.

דאָס מעסערדיקע געפּעכטערײַ האָט זיך איצט צעפלאַקערט אַרום דעם מגושמדיקן פאַרשוין, וואָס האָט אַ צעפּאָכעטער מיט ביידע הענט ווי מיט צע־פליקטע זעגלען — געגעבן אַ גיי מיטן אַרויסגעריסענעם קינדזשאַל אַנגעבויגע־נערהייט דאָ אויף איין זײַט, דאָ אויף דער צווייטער, ווי אַ טרינקענדיקע שיף מיטן אויסגעבויגענעם מאַסטבוים אין שטורעמדיקן געוויטער.

אינעם געטערעט און געקײַקל האָבן זיך געריסן די ווײַבערישע קוויטשערײַען. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק צווישן די פרויען, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אויך די זײַטיקע צושויער. די ווײַבער האָבן פאַרבראָכן די הענט, זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ אַרײַן און פאַרטייבט די לופט מיט זייערע יאָמערדיקע גוואַלטן:

— וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס?

— מע שלאָגט זיך מיט מעסערס!

— מעסערשטעכערס זענען דאָ!

— דאָ וועלן זײַן קרבנות! ראַטעוועטס!

[1] מגושמס, שטיקער גולמס.

די פּאַרצווייפלטע „באַבשטילן“ [1] האָבן זיך מיט געפּילדער אַ וואָרף געטון אינעם פאַרפלאָכטענעם קנויל געשטרעקטע קנאָכנהענט און גענומען אַרויסציִען — יעדע איר תכשיט — מיט אַ „טי דראַגיו טי!“ [2] שטופּנדיק דעם צעשויבערטן יונג מיטן צעפלויגענעם קראַוואַט אויף פאָרויס פאַר זיך מיט ביידע הענט אויף די פּלייצעס, ער זאָל זיך מער נישט אומקוקן צומאָל אויף צוריק.

בײַם העפטיקן אַרײַנמיש פון די איבערגעשראָקענע װײַבער, װאָס האָבן דערפילנדיק די נאָענטע טויט־סכּנה זיך געלאָזט אין פּײַער אַרײַן ראַטעווען זייערע ברויטגעבערס, האָט זיך דער בלוטיקער פּלאָנטער, ווי פון זיך אַליין, גענומען אויפלייזן באַגרייפנדיק אַז ער איז דערגאַנגען צום ראַנד פון תהום. די צעיושעטקייט האָט זיך מיט אַמאָל — אַ באַזיניקטע — אָנגעהויבן אײַנשטילן, צוריקציִען, ווי די מוטנע וואַסערן נאָך אַ פאַרפלייצונג, וואָס נעמען האַסטיק אָפּפאַלן און טרעטן צוריק אַרײַן אין זייער גבול. די געדיכטע מענטשנשוואַרצקייט איז געוואָרן שיטערער, און דער פּלאַץ — אָפּגעליידיקטער. אַלץ איז זיך תיכף צעקראָכן ווי שפּינוועבס. מ׳האָט זיך גענומען גיך אָפּטראָגן אויס מורא נישט געכאַפּט צו ווערן פאַר אַ מיטבאַשולדיקטן אין דער „בלוטיקער שחיטה“.

אין מיטן אַלטשטאָטמאַרק זענען אין גאַלן שײַן געבליבן צונויפגעקאָרטשעטע און אויסגעצויגענע, קרעכצנדיקע און באַוווסטלאָזע מיט פאַרבלוטיקטע צורות און צעטרײַבערטע מלבושים, מיט אויסגעפליקטע אַרבל און נאָכהענגענדיקע מאַנקעטן.

צווישן די צעקײַלטע גופים איז מיט אַן אויסגעדרייטער האַריקער האַנט און צעגלאָצטע אַפּלען געלעגן געשטרעקט מיטן קאָפּ מאַכטלאָז אַרונטער צום רינשטאָק די צעוואַקסענע פיגור פון געהיימנישפולן הימלאָזן שלעפּער מיטן האַלבלאַכנדיקן פּנים אויסגעקרומט אין אַ טויט־גרימאַסע וואָס האָט געמאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. פונעם אויסגעקרומטן מויל מיטן שניט האָט זיך געצויגן אַ דין שנירל בלוט אַראָפּ צום האַלדז.

אין דער שטילקייט פון די פאַרשטשעמעטע שווײַגנדיקע הײַזער אַרום אָפּגעליידיקטן פּלאַץ האָט זיך געהערט דער לאַנג־אויסגעצויגענער געוואָי פונעם פאַליציישן „בלאָען קעטשל“, וואָס האָט זיך נאָך געפינען אויבן אין שטאָט און זיך פּײַל פון בויגן גענומען אַרונטערלאָזן אינעם געדרענג פון די געסלעך.

אין שוואַרצן רינג פון די אײַזערנע קייטן אין מיטן אַלטשטאָטמאַרק האָט די בראָנדזענע סירענע־פיגור — האַלבפיש האַלבפרוי מיט פאַרשײַטע אָפּגעדעקטע בריסטן און צעלאָזענע האָר — געקוקט מיט קײַלעכיקע טיפע אויגן אויפן

[1] װײַבער, באַבעס

[2] דו געמיינער יונג!

בייזן ווונדער און געציילט די צעמזיקטע און צענהרגטע, וואָס וואַלגערן זיך בײַ איר צופוסנס, גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך עס געווען געשלאָגן צוליב איר, איבער איר שיינקייט און פרווישקייט, וואָס ס'איז כדאַי צו שטרעקן דערפאַר ס'לעבן אַפילו ווען די נידעריקע העלפט אירע איז אַ פישישע מיט אַ שטײַפן פיש־עק פאַר־בויגן אויף אַרויף. אָט ליגן זיי פאַר איר, ווי אַ לעבעדיקע באַשטעטיקונג, אַז דאָס זענען זיי בישט אַנדערש נאָר אירע אייגענע קרבנות — געפאַלן פאַר איר האָנאָר, געלייגט דעם קאָפּ פאַרן ווײַבערישן כבוד וואָס זאָגט מער גאָרנישט צו און קאָן מער גאָרנישט געבן — אַ פּרוכטלאָזער קרבן דער עקרהדיקער פרוי.

## קאַפּיטל דרייצן

# אין טונקעלן פאַרכישופטן קרייז

אויפן אַלטשטאַטישן פלאַץ מיט די צונויפגערוקטע מויערלעך, ווי אַלטע אַראָפּגעזונקענע מצבות, איז אַרײַנגעטרעטן אַ גליווערנדיקע טויטע רו. מיט אַמאָל איז דאָ געוואָרן שטיל ווי אין אַ קבר. אין די זײַטן, בײַ די ראָגן האָבן זיך געשוואַרצט קופּקעלעך מענטשן, ווי אַרום אַ הויז פון וואַנען מ'האָט אַרויסגעפירט אַ מת. זיי זענען געשטאַנען אומבאַהאָלפענע, דערדריקטע. דאָ און דאָרט האָט ווער נאָך פון זיי אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט ווי אַ שפּענדל אין טליִענדיקן זשאַר, אַז ס'פײַער זאָל זיך נאָך אַזוי גיך נישט פאַרלעשן. נאָר ס'איז שוין איצט געווען נאָך אַלעם. די פוריע פון די מענטשלעכע לײַדנשאַפטן איז שוין געווען געצוימט, צוריק אײַנגעשטילט. שטומע און פאַרשלאָסענע אין זיך זענען זיך די מענטשן צעגאַנגען, פאַרשווינדן אין די טויערלעך.

אין דער שפּעטנאַכטיקער טונקלעניש האָבן זיך אַלע פיר, משה מעט און פראַנעק מיט זײַנעביידע בראַטשקעס גיך גענומען אָפּטראָגן פונעם „רינעק“ [1]. זיי האָבן זיך אַרײַנגעדרייט אין ערשטן־בעסטן זײַטנגעסל און צעקײַלטע, צעבײַלטע זיך קוים דערקליבן צום וואָנסקי־דונאַי.

שוין נישט ווײַט פון טויער, ווו פראַנעק וווינט האָט זיך משה מעט געכאַפּט אַז דאָס גייען זיי אַלע צוריק אַרויף אינעם ענגן דירהלע מיטן קראַנקן מיידעלע, וואָס ליגט אויף מאָזלען, און אויסגעהונגערטן בלאָנדן ווײַבל וואָס לעבט נישט מיטן מאַן כאָטש זיי שלאָפן ביידע אין איין בעט. זי איז אים גרייט צו פאַרראַטן, פראַנעקן, מיט וועמען ס'זאָל נישט זײַן, די לושע, אַפילו מיט אים, אַ „נישט־גלוביקן“... ווי זי האָט אים אָנגערופן. וואָס האָט זי אַזוינס געזען אין אים? — זי איז צו אים צוגעפאַלן ווי צו הייס ברויט... ער קאָן נאָך איצט האָבן אַ נאָכשפּיל נאָך דער גאַנצער „חתונה“ אויפן מאַרק. נאָך דערצו אַז די צוויי ברידער

---

[1] מאַרק

פראַנעקס גייען אויך מיט... ער וואָלט נישט געשווירן אַז זי האָט עסקים, לושע, מיטן ייִנגסטן ברודער זײַנעם, מיט שימאָנען. עפּעס קוקט ער אויף איר מיט אַזעלכע דורכדרינגענדיקע הייסע אויגן. זיי זאָגן אויס סודותדיקע אינטימקייטן. און אפשר דאַכט זיך אים בלויז אויס, משה מעטן. ס׳בעסטע וועט זײַן זיך אָפּצו־טראָגן באַצײַטנס, אַרויסרײַסן זיך פון דאָזיקן טונקעלן פאַרכישופטן קרײַז.

ער איז פּלוצים געבליבן שטיין ווי צום גרעזעגענען זיך:

— איך גיי נישט ווײַטער — האָט משה מעטע אַ זאָג געטון מיט אַן אײַנ־געשפּאַרטקייט פון אַן אייזל, וואָס שטעלט זיך מיט אַמאָל אָפּ בײַ אַ וואַסערל, נישט צו שטעלן מער קיין טראָט.

אַלע דרײַ האָבן אים אָנגעקוקט דערשטוינטע:

— וואָס ביסטו משוגע געוואָרן, משה? — האָט פראַנעק אים אַרויפגעלייגט אַ שווערע האַנט אויפן אַקסל — דו ווילסט, זע איך, נאָך נעכטיקן די נאַכט אין דער „קאַזע", נישט אַנדערש.

— און אונדז אַלע אַרײַנשלעפּן אין אַן אומגליק — האָט זיך שימאָן צוגע־רוקט האַרט צו משה מעטן ווי אַ בלינדער וואָס גייט גלײַך אַרויף אויף יענעם — דאָרט ליגט אַ „טרופּ" [1], אפשר צוויי צי דרײַ געהרגעטע... ווער ווייסט זיי, די „נאַזשאָווניקעס" [2], וואָס זיי האָבן דאָרט אָנגעמאַכט פאַר אַ „ראַבאַן" [3]... ווילסטו זיך אויך אַרײַנדרייען אין אַזאַ „נאַס" שטיקל אַרבעט?... מער פעלט דיר נישט...

— אָבער... — איז משה מעטע באַשטאַנען אויף זײַנס און זיך נישט גע־רירט פון אָרט.

— וואָס אָבער? — האָט אים פראַנעק געגעבן אַ שטויס מיטן אַקסל — אַן אָבער... מעגסט פאַרגעסן... מ׳עט דיך איצט נישט לאָזן אַליין...

— נו, קום! גיי! — האָט וואַצעק אים אָנגענומען פאַרן אָרעם — זיך אַוועק־געשטעלט אין מיטן דערינען... איך האַלט זיך קוים אויף די פיס... היידאַ!...

זיי האָבן זיך אַלע אַרײַנגעפּאַקט אינעם פינצטערן הויז־אַרײַנגאַנג און פאַר־מאַכט הינטער זיך די שווערע הויזטיר אָן אַ קלאַמקע. פראַנעק האָט אין דער פינצ־טער דערטאַפּט אינעם שמאָלן קאָרידאָרל די הינטערטיר פונעם שפּײַזקרעמל און אַרײַנגערעדט צום געוועלביאַזש, ער זאָל אים אַרויסגעבן צוויי פלאַשן ביר. נאָך דאָס איינע מאָל. ער איז נישט אַליין. ער האָט געסט. מער וועט ער אים נישט שטערן בײַנאַכט. זאָל ער אים נישט אָפּזאָגן.

---

1 מת

2 מעסערשטעכערס

3 סקאַנדאַל, אַוואַנטורע

פונעם געוועלבל איז נישט געקומען קיין ענטפער. קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. פוןביידע זײַטן טיר איז געווען אַן אײַנגעהאַלטענע שטילקייט.

— ער שלאָפט שוין אַוודאי — האָט שימאָן אַרײַנגעוואָרפן.

— ווי שלאָפט ער? ער מאַכט זיך נישט הערן, — האָט פראַנעק נישט גע־וואָלט אָפּטרעטן, — ווער ס'קען אים נישט, דעם אַלטן... ער זיצט אַצינד בײַם טיש בײַ אַ ליכטל און שאָקלט זיך איבער זײַנע „הייליקע ביכער", דער געוועל־ביאַזש.

פראַנעק האָט גענומען פעסטער קלאַפּן און רײַסן פאַר דער קלאַמקע:

— פּאַניע אַוורומטשו, איר הערט? טוט אַ טובה... צוויי פלעשער ביר, נישט מער...

פון יענער זײַט טיר האָט זיך דערטראָגן אַ רודערן. ס'האָט זיך געהערט אַ ווײַבערישער מורמל:

— וווס עסטע מאַכן מיט אים, מיט דעם עשוו... געב אים די צוויי פלעשאָ און זאָל ער זאָך וואַרגן מיט זיי...

— געזען אַן אַנשיקעניש — האָט פאַרשטיקט געענטפערט אַ גראָב מענער־קול — אַ גוטע קרענק וואָלטאָך עים געגעבן, דעם זויפער... אַ חוצפּה דאָס האָט!... אַפילו מיטן דער נאַכט קאָן מען נישט האָבן קיין רו פון זיי... זיי יאָווען זיך ווי די שדים נאָך חצות... אַזוי ווי צו להכעיס...

— נו, שוין, אַברהמטשע, מאַך נישט דו ווידער קיין טענה מיט אים. עסט דאָך עים נישט פּטור ווערן אַנדערש... געב אים שוין און זאָל ער גיין אין זײַן רו אַרײַן.

פון געוועלבל הינטער דער טיר האָט זיך געהערט אַ טשאַפּען מיט לויזע שטעקשיך איבערן דיל. אַ האַנט האָט זיך גענומען פּאָרען בײַ שליסלען, ריגלען און טירקייטלעך. אין דער עטוואָס אָפּגעשפּאַרטער טיר, וואָס איז געבליבן פאַר־לייגט אויפן לויזן קייטל, האָט זיך אין רויטלעכן שײַן פון אַ ליכטל געזען אַ ייִד מיט אַ ווײַסער באָרד און פּיאות מיט אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ. פון אָפענעם כאַ־לאַטל האָט זיך אַרויסגעזען אַ גרויסער טלית־קטן מיט שוואַרצע פּאַסן אין דער ברייט און לאַנגע נאָכהענגענדיקע גראָבגעדרייטע ציצות. דער שפּײַזקרעמער האָט אַרויסגעשטעקט אַ באַוואַקסענע האַנט מיט אַ פלאַש ביר און באַלד נאָך איינע:

— דאָ האָט איר, פּאַניע ריבאַקעוויטש, און גייט געזונטערהייט.

— פאַרגעסט נישט, פּאַניע אַוורומטשע, אַרײַנצושרײַבן אין קאָנטעבוך.

— זײַט רויק, פּאַניע פראַנקו, כ'וועל שוין פאַרשרײַבן... אַ גוטע נאַכט.

און אין דער האַלבאָפענער טיר צוגעגעבן זיך אויסדרייענדיק צו דער שטוב:

— נאַ, זע, געב אַ קיק! אַ יהודי איז דאָך אויך דאָ מיט זיי, אַ מישלנודיקער...

— מיסתמא אַזאַ שוואַרץ לײַט ווי זיי — איז געקומען אַן ענטפער פון אַ באָביש ציינלאָז מויל.

די טיר האָט זיך פאַרקלאַפּט מיט אַ דרייען פון שליסלען, אַ פאַרלייגן פון קייטעלעך און אַ זשאַווערדיק פאַררוקן פון רוקערס, ריגלען און ריגעלעך.

אין דער קלעפּיקער פינצטערניש פונעם הויז־קאָרידאָרל האָט זיך די „טשוואָר־קע"[1] געדראַפּעט ווי שיכור אַרויף מיט די שמאָלע קרומגעדרייטע שטיגן, וואָס האָבן פון אַלטקייט אונטערגעסקריפּעט אונטער די פיס און זיך לײַכט נאָכגע־געבן די שווערע טריט, נאָר זיך אײַנצוברעכן מיט אַ געקראַך. עפּעס אַזוי פיל טרעפּ איז געווען צו גיין, ווי ס׳וואָלט געהאַלטן אין איין צוקומען נאָך און נאָך. ענדלעך זענען זיי געבליבן שטיין פאַר דער נידעריקער טיר פונעם פּאַציאָטע־שטיבל מיטן אַנטקעגנדיקן לענגלעך־שוואַרצן פלעק, ווי אַ שטייעדיקע טרומנע, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פונעם אָפּענעם בוידעם אויפן אָרט פון אַ טיר. און דער העלבלייכער פּאַס שײַן צופוסנס האָט דערמאָנט אין אַ מת, אַרויסגעגליטשט פונעם לאַנגן קאַסטן, און גרייכט אַן אויסגעצויגענער ביזן שמאָלן הויזפענצ־טערל, וואָס ווערט נישט מיד צו גלאָצן צום שפּעטנאַכטיקן הימל מיט דער אַרויס־געקראָכענער פולער לבנה, ווי אַ גרויס שטאַר בעלמע־אויג, וואָס קוקט גלײַכ־גילטיק — קאַלט און שטום — אויף אַלץ דאָ אין דעם הויז, אויף דער גאַנצער שלאָפנדיקער וועלט.

---

[1] דער פּירלינג

## קאַפּיטל פערצן

# אַ פרוי מיט זיך אַליין

ווען זי איז געבליבן אַליין אין שטוב, לושע, נאָכן אַוועקגיין אין גאַס אַרײַן פונעם מאַן מיט די פּשיאַטשעלעס זײַנע מיט טומל און ברייטקייט, פאַר־האַקנדיק די טיר נאָך זיך מיט אַ טראַמאַסק, וואָס האָט איבערגעוועקט דאָס קינד, — האָט זי שטייענדיק בײַם בעטעלע זיך אַרומגעזוען, אַז זי האָט שלעכט געטון, וואָס זי האָט זיי נישט אָפּגערעדט צו בלײַבן. אַ סך בעסער וואָלט געווען ווען זי שטעלט זיך אַנטקעגן און לאָזט זיי נישט גיין. אויב זיי ווילן דווקא, זאָל פּראַ־בעק מיט די שוואָגערס אירע גיין באַזונדער, און משה מעט — אָדער שפּעטער, נאָך זיי, אָדער פריִער, אַלץ איינס, אַבי נישט מיט זיי צוזאַמען בחברותא.

צוליב אים, דעם נישט־גלויביקן, קאָנען זיי נאָך אויך אָפּשנײַדן אַן עוולה. די פּוילישע יינגלעך האָבן פײַנט די וואָס שטעלן זיך אײַן פאַר יידן נאָך מער ווי דעם ייִד אַליין. ס'איז געווען איין שוועבעלע אַז ס'זאָל אויפרײַסן אַ גאַנצער פּאַס פּולווער, און איין ייִד — אַז אַ גאַנצע גאַס קריסטן־ברידער זאָלן זיך רײַסן פאַר די קעפּ. שוין נישט איין מאָל געווען פאַלן, ווען אָרנטלעכע פּאָלאַקן האָבן זיך אָנגענומען פאַר זייערס אַ חבר אַ ייִדן, זיך געשלאָגן צוליב אים אויף מעסערס, און כמעט אַלע מאָל האָט דאָס קעטשל פון דער „פּאָגאָטאָוויע" ־ אַוועקגעפירט איינעם אָדער צוויי אייגענע, און דער ייִד איז אַרויס גאַנץ, מיט גאַנצע ביינער, ווי די מעסערס וואָלטן נישט געהאַט קיין שליטה איבער אים, נישט געקאָנט גרייכן זײַן לײַב.

מיטן לאַנגזאַמען רוקן זיך פון די ווײַזערס אויפן געשניצטן הענגזייגער מיט די שווערע נאָכהענגענדיקע אײַזערנע געוויכטער, ווי די שישקעס, איז בײַ לושען געשטיגן דער אומרו מיט די בייזע פאָרגעפילן. יעדעס מאָל, ווען דאָס קליינע טירעלע אויבן איבערן ציפערבלאַט האָט זיך געעפנט און דאָס קוקאַווקעלע האָט הויך אויסגעקוקעט די שעה, האָט זיך לושען געדאַכט ווי עס וואָלט איר אָנגע־זאָגט אַ בייזע בשורה. ס'האָט זי אין גאַנצן אויפגערודערט. עפּעס ווי דאָס פייגעלע וואָלט איר געווען געוואָרנט:

---

[1] גיכע הילף

— קוק־גוט! קוק־גוט! אַן אומגליק קומט! קוק־גוט!

לושע איז צו איר צוגעלאָפן פאַרמאַכן ס׳מויל דער קוקאַווקע. נאָר ביי דער סאַמע נאָז האָט דאָס חוצפהדיקע ברעקל באַוויזן זיך צוריק אַריינצוכאַפּן און פאַרהאַקן נאָך זיך דאָס טירעלע. אָט אַזוי ווי מע רייצט זיך מיט עמעצן און מע מאַכט אים אַ בעע! אויך דאָס האָט לושע אָנגענומען פאַר אַ שלעכטן סימן, אַז ס׳וועט די נאַכט געשען עפּעס מיט דער „באַנדע״, און זי קאָן דאָ גאָרנישט העלפן דערצו. אַלץ מוז אַזוי גיין ווי ס׳גייט. דער מענטש בלייבט אויסגעשטעלט צום נאַר און מוז צוקוקן דאָס גרייטע...

צו וואָס זי האָט זיך נישט צוגערירט האָט איר אַלץ געגומען פאַלן פון די הענט. דאָס קוואָרטירל נאַפּט, וואָס זי האָט געבאָרגט ביי אַ שכנטע פון אַ שטאָק נידעריקער, האָט זי ביים אַריינגיסן אין נאַפּטלעמפּל מער פאַרגאָסן אויף דער פאָדלאָגע ווי אינעם גלעזערנעם ביינקעלע אַריין. ביים וועלן פאַרלייגן דאָס אַבאַ־זשורל האָט זי שיִער נישט איבערגעדרייט די לאָמפּ. די גאַנצע שטוב וואָלט גע־קאָנט אַוועק מיטן פייער, ס׳גאַנצע הויז... זי האָט שוין דעם אַבאַזשור געלאָזט אַזוי ליגן אויפן טישל. איז אַן דער „האַלקע״. אַזוי לייכט עס נאָך העלער, ליכ־טיקער... אַ דענערווירטע האָט זי זיך גענומען אויסטון און זיך געלייגט אין בעט אַריין.

מיט ביידע הענט האָט זיך לושע אָנגענומען פאַר די בריסטן אירע און נאָך אַמאָל איבערגעלעבט אין געדאַנק די הייסע אויפצאַפּלען פון דער פריִערדיקער נאַכט אויפן אויסגעבעטן געלעגער אויף דער ערד דאָרט אין ווינקל. ווי האָט זיך צו איר גענומען אַזאַ דרייסטקייט? וואָס וואָלט זי געטון, ווען יענער איז אַ באַ־רימער, אַ קלאַפּער און פּלאַפּלט צומאָרגנס אויס פאַרן מאַן, אָדער אַפילו פאַר די ברידער זיינע, פּראַנעקס, אַז זי איז געקראָכן צו אים אין מיטן דער נאַכט, זיך אָפּגעגעבן אַ פרעמדן מאַנצפּאַרשוין, אָט ווי די ביליקסטע אויסגעלאַסענע פרוי אין גאַס. זי וואָלט שוין פאַרשפּאַרט גיין צום גלח נאָך פאַרגעבונג. ער וואָלט איר צעקאַטעוועט אַ לייב, פּראַנעק, אַז זי וואָלט זיך שוין געמעגט געזע־גענען מיט דער עלטערבאָבען צו האָבן ווען ס׳איז צו טון מיט פרעמדע מענער.

זי רעדט שוין נישט דערפון וואָס ער וואָלט זי געוווען געשלאָגן מכות־רצח. פאַרדינטע קלעפּ טוען נישט אַזוי שטאַרק וויי. דער מאַן אירער מאַלטרעטירט זי אַזוי אויך געגוג, ווי ער וואָלט געווען דער ערגסטער גאַסניונג. אָבער ווי האָט זי — אַ פרומע קאַטאָליטשקע — געקאָנט פּועלן ביי זיך צו לאָזן אויף הפקר איר לייב. זי וואָס פאַרפּעלט נישט קיין זונטיק אין קלויסטער און ווייסט אַז ס׳איז אַ שווערע זינד צו האָבן צו טון מיט אַ נישט־גלויביקן... זי ווייסט אַליין נישט וואָס ס׳האָט זיך מיט איר געטון יענע נאַכט. דער קאָפּ האָט זיך איר פאַרדרייט. אַנדערש האָט זי נישט געקאָנט. דאָס צעקאָכטע בלוט האָט עס אין איר געאַרבעט

מעשים. זי האָט אַלע צוימען, וואָס האָבן זיך איר געשטעלט אין וועג, געמוזט דורכבײַסן, אָפּגעשלײַדערן אָן אַ זײַט, אומוואַלגערן און דערגרייכן צום ציל. און זי באַדויערט עס נישט אויך. זי וואָלט גרייט געווען אויך איצט זיך אָפּצוגעבן אַזוי ווי זי שטייט און גייט. זי האָט דאָך אַ גאַנץ לעבן געבענקט נאָך דער דאָזיקער אַנדערשקייט, נאָך די דאָזיקע צערטלעכקייטן. אָט אַזוי האָט זי זיך פאַרגעשטעלט דאַרף אויסזען די ליבע פון אַ מאַן — פול מיט לאַשטשערײַען און פּיעשטשאָטעס. ער איז דאָך אַזוי אַנדערש, דאָס יינגל, אַנדערש פון די אַלע אַרומיקע מענער וואָס זי קען. נישטאָ בײַ אים די האַמעטנעקייט און שאָרסטיקייט. די נאַקעטע ברוטאַלקייט פון אומגעלומפּערטן וואַרפן זיך אויפן קרבן מיט בלינדער צערייצטקייט פון חיהשע צעפּענטעטע אינסטינקטן וואָס רופן אַרויס אַ שוים פאַרן מויל. זי ווייסט נישט ווי בײַ אַנדערע פרויען, נאָר בײַ איר דערוועקט עס בלויז אַן עקל, נישט מער; אַן אָפּשטויסנדיקייט וואָס נעמט בײַ איר אָפּ דעם אַפּעטיט צו אַלע פאַרגעניגנס, צום גאַנצן לעבן.

ווי אויסגעבענקט איז זי נאָך דער וואַרעמער צאַרטקייט פון אַ גלעט! נאָך אַ ליבלעכן אַרומנעם, נאָכן פליסטער פון זיסע אַנטציקנדיקע רייד, וואָס זאָלן נישט אויפהערן אויסלויבן אירע געטאָקטע גלידער, די פרויִשע מעלות אירע מיט וואָס זי איז באַשאָנקען, אַז אַלע אַנדערע פרויען זענען זי אַזוי מקנא דערמיט, וואָס מענערשע בליקן קאָנען זיך נישט אָפּרײַסן פון איר, פון איר בלענדנדיק לײַב.

ביז איצט איז אָבער אַלץ געטון געוואָרן אַז זי זאָל זיך אַליין פאַרמיאוסט ווערן אין אירע אייגענע אויגן. די שמוציקע רייד וועגן איר פרויִש לײַב האָבן זיך געגאָסן אויף איר ווי פּאָמיעס. מ'האָט זי געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלײַך. זי ווייסט אַז זי האָט אַ גלאַטע הויט ווי אַ סאַמעט. אירע בריסטן זענען שיין געפאָרעמט נאָך אויסצוקושן זיי. דער שיינער אויסגערונדיקטער בויך איז פעסט מוסקולירט און דאָס נאָפּל־בעכערל פאַרטיפט און רייצנדיק ווי בײַ אַ צעעפנטער בלום. וואָס קומט אָבער אַרויס פון דעם אַלעם? פון וואַנען זאָל דער אָקס וויסן, אַז מיט זײַנע פיס צעטרעט ער דאָס צאַרטע דורכזיכטיקע גראָז אין פעלד, די פאַרביקע פעלדבלימלעך וואָס זענען אויפגעגאַנגען דופטיקע, איידעלע און לויטערע?... זי מוז יעדן טאָג אַראָפּשלינגען אַ פאָרציע זידלווערטער, גראָבע רייד, וואָס באַליידיקן אין איר די פרוי, דעם מענטש, דערנידעריקן זי און מאַכן פון איר אַ וויעכעטש, אַ בעזעם אויסצוקערן די שטוב.

ווען נישט דאָס קינד, וואָלט זי קיין מינוט נישט געקלערט און אַוועק פון דאָזיקן געמויזעכץ, אַוועק ווו די אויגן וואָלטן זי געטראָגן. זי וואָלט געגאַנגען מיט אים, מיטן נישט־גלויביקן, וווהין ער וואָלט זי נאָר געפירט, אין עק וועלט, הינטער די הרי־חושך, ווו דער טײַוול זאָגט אַ גוטע־נאַכט. בײַ אים וואָלט

זי אויפגעלעבט. וואָס גייט איר אָן זײַן גלויבן. ייִד־שמיד. דער עיקר איז דער מענטש. זי וואָלט בײַ אים אויפגעריכט געוואָרן. ער וואָלט זי געהאַלטן ווי אַ פּרינצעסין. זי וואָלט צוריקגעקריגן איר ווערט. די יאָרן וואָלטן נישט אַוועקגע־גאַנגען מיט גאָרנישט, מיט קורטשען זיך בײַנאַכט אין בעט אַ צוגעטוליעטע צום קישן. זי וואָלט נישט געווען אַזוי פיל געליטן ווי אַ פרוי. זי וואָלט גענאָסן פון ליבשאַפט און צערטלעכקייט — מענטשלעך, ווירדיק. דער געניוס וואָלט געווען זיס, שיין און תענוגדיק. זי וואָלט דערפילט דעם טעם פון גליק, פון העכסטן גליק וואָס קאָן נאָר געבן און איז פאַר איר אַזוי אומדערגרייכיק, הימלווײַט און פרעמד.

די באַעוולטקייט פון לעבן האָט איצט געדריקט אויף איר ווייטיקדיק שאַרף ווי אַן אומגערעכטער שווערער פּסק־דין אויף אַ פאַרמישפּטן — ריקזיכטלאָז און אויסוועגלאָז, ווי ס'ויאָלט זיך געעפנט פאַר איר אַ תהום. נאָך איידער מע וועט זיך באַווײַזן אַרומצוקוקן וועט דאָס טײַערסטע, וואָס אַ פרוי פאַרמאָגט — די פרוילעכע יוגנטלעכקייט — זײַן הינטער איר, בלויז אויף צוריקצוקוקן אַ פאַר־בענקטע, מער נישט. זי האָט אַלע מעגלעכקייטן, ווי יעדע געראָטענע פרוי, צו זײַן גליקלעך, צו קאָנען געניסן פונעם קאַרגן ביסל יונגע יאָרן, און איז געשטראָפט מיט אַזאַ ביטער מזל זיך צו שאַרן אַ פאַרשעמטע, אַ באַליידיקטע און דערנידע־ריקטע בײַם וואַנט, בײַם פאַרקאַן פון לעבן, ווי אַן אויסגעשפּיגענע, אַן איבעריקע ערגעץ בײַ אַ פּלויט.

אַ פאַרביטערטע און מידע פון אויסוואַרטן און זיך נישט דערוואַרטן איז זי אַ פאַרנורעטע מיטן פּנים אין קישן אַרײַנגענומען געוואָרן אין די באַרעמהאַרצי־קע אומגעזעענע אָרעמס פון דערלייזערישן שלאָף.

זי האָט נישט געהערט די טריט פון דרויסן וואָס האָבן זיך געהויבן איבער די שטיגן און זיך דערנענטערט אַרויפצו צום אויבערשטן שטאָק. ס'האָט זי אויפ־געוועקט אַ קלאַפּן אין טיר וואָס האָט זיך צונויפגעשלאָגן מיטן קלאַפּן פון איר האַרץ. איר פאַרנעפּלטער בליק האָט זיך פאַרהאַטשעט אין זייגער. דער קליינער שעהען־ווײַזער האָט שוין ווײַט־אַראָפּ געהאַט אַריבערגעטרעטן דעם אויבערשטן מיטלסטן ציפער און דער גרויסער איז אים פאָרויס פאַרלאָפן דעם וועג פון מיטן נאַכט.

ק אַ פּ י ט ל פֿ ו פֿ צ ן

# אין פּאַציאַטע־שטיבל נאָך האַלבער נאַכט

לושע האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ זעץ־אויף אין בעט, זיך פֿאַפֿראַ־ווערט דאָס אָרעמבענדל פֿון לײַנענעם העמדל מיטן אויסגעריבענעם האַפֿט, וואָס איז איר אין שלאָף אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אַקסל און אָפּגעדעקט אַ ראָזלעך־קלאָרע לענגלעך־געפֿאָרעמטע ברוסט ווי אַ רײַפֿע זאַפֿטיקע באַרנע. זי האָט אַראָפּגע־שטעלט די פֿיס פֿון בעט מיט אַ צי־אַרויף פֿאָרגנט דאָס העמד העכער צום האַלדז און אַ פֿאַרשלאָפֿענע מיט צעפּלאָנטערטע באָרוועסע טריט איז זי ווי צוגעפֿאַלן צו דער טיר.

ווי אַ בלינדע האָט זי געטומען גראַבלען בײַם קלאַפּשלאָס מיט ביידע הענט און געזוכט דעם שליסל וואָס איז אַרויסגעפֿאַלן אויף דער ערד בײַם האַסטיקן פֿאַרקלאַפּן די טיר. נאָך אַ לאַנגן פֿאָרען זיך מיטן שליסל האָט זיך צום סוף דאָס ציִנגל פֿון קלאַפּשלאָס נאָכגעגעבן און די טיר האָט זיך געעפֿנט מיט אַ שאַרפֿן סקריפּ.

זי איז געווען אין ווײַסן נאַכטהעמד, וואָס האָט זי געמאַכט רײַצנדיק אַזוי ווי יעדע פֿרוי אין ווײַסן. די העלע צעלאָזענע האָר אַרום בלייכן פּנים האָבן אָפּ־געשלאָגן מיט אַ קופּערנעם גלאַנץ פֿונעם רויטלעכן נאַפֿטלעמפּל אָנעם אַבאַזשורל וואָס איז אַזוי געבליבן ליגן דערלעבן אויפֿן טישל.

ווען זי האָט באַמערקט, אַז פֿראַנעק איז נישט אַליין, האָט זי געגעבן אַ לויף־אַרײַן צוריק אין בעט אַרײַן מיט אַ בלענדיקן פֿלאַטער פֿון לײַב און העמד. נישט פֿרעגנדיק גאָרנישט האָט זי זיך אויסגעדרייט צום קינדס בעטעלע און שנעל אַרי־בערגעצויגן אויף זיך די קאָלדרע איבערן קאָפּ אַריבער.

זיי האָבן זיך געגעבן אַ שיט אַרײַן, די יונגען, ווי אין אַ קאַזאַרמע, מיט־ברענגענדיק דעם צעכראַסטעטן נאַכטיקן הפקר פֿון גאַס. מיט זייער אַרײַנקומען האָבן זיי פֿאַרפֿולט מיט זיך און מיט זייערע לאַנגע שאָטנס דאָס פֿול־אָנגעשטעל־טע צימער מיטן נידעריקן שיפּן סופֿיט וואָס איז זיי געלעגן אויפֿן קאָפּ.

פֿראַנעק האָט אָנגעגאָסן דאָס ביר אין די גלעזער און שטייענדיקערהייט האָבן זיי אַן אַ וואָרט אויסגעליידיקט ביידע פֿלעשער, געשטילט דעם ברענענדיקן דאָרשט און געקילט די פֿאַרפֿאַדזשקעטע צעבלוטיקטע מײַלער. פֿראַנעק איז אַוועק אין קיך אַרײַן אויסזוכן עפּעס צוצובײַסן כאָטש אַלע דרײַ האָבן געזאָגט אַז זיי קאָנען גאָרנישט נעמען אין מויל אַרײַן.

ביידע בראַטשקעס מיט משה מעטן האָבן זיך מיט צעשלאָגענע זײַטן און צע־ווייטיקטע גלידער אַנידערגעוואַליעט אין אָנטועכץ אויפן קאַץ וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט נאָך פון אײַנדערפרי.

פראַנעק האָט זיך נאָך לאַנג געפּאָרעט אינעם קיכל, געעפנט און פאַרמאַכט סקריפּענדיקע טירלעך פון קרעדענצל און קיכשענקל, געזופט עפּעס פון אַ טעפּל און צוגעגריזשעט אַ פאַרדאַרט שטיקל ברויט.

משה מעט האָט איצט דערפילט דעם טעמפּן ווייטיק פון די אונטערגעהאַקטע זײַטן. אַ שווערקייט, ווי אַ הונדערטפּודיקע משא, האָט אים געהאַלטן צוגעדריקט צום האַרטן ברעג פונעם שותּפותדיקן געלעגער. עפּעס ווי אַלץ אין אים, די גאַנ־צע אײַנגעווייד וואָלט געווען אונטערגעריסן. ער האָט זיך געדרייט פון איין זײַט אויף דער צווייטער, נישט געקאָנט אײַנליגן פונעם ציִענדיקן ווייטיק אין די גלי־דער. ער האָט באַוווּנדערט די יונגען וואָס זענען געלעגן לעבן אים בײַ דער זײַט, וואַצעק מיט שימאָן. זיי האָבן הויך געכראָפּעט. וואַצעקס פעסטער קין האָט איצט אַרויסגעשטאַרצט שאַרף און קנאָכיק, בולטער ווי אַלע מאָל, ווי געשניצט פון האָלץ. און שימאָנס בלייך לענגלעך פּנימל מיט די געשלאָסענע אויגן האָט מיט דער יונג־אײדלקייט און אויסגעצערטקייט דערמאָנט אַ פּנים פון איינעם פון די הייליקע וואָס מע זעט אין די נישעס פאַרן קלויסטער „יאַנאַ באָזשעגאָ". ביידע ברידער זענען געשלאָפן געשמאַק ווי נאָך אַ הייסן שוויצבאָד.

ס'איז נאָך געווען גוט פינצטער אין דרויסן, ווען די פּוילישע פאַרבעריונ־גען האָבן געמאַכט טאָג אינעם דושנעם פאַציאַטע־שטיבל מיטן שיפן סופיט, וואָס האָט געצווינגען כּסדר צו גיין מיטן קאָפּ נישט צו הויך פאַרהויבן, מע זאָל זיך נישט אָנשלאָגן אָן בעליק. אין שמאָלן פענצטערל האָט ערשט קוים גענומען בלאָען. דער ערשטער איז אויפגעשטאַנען שימאָן — אַ פרישער, אַן אויסגערוטער, ווי ס'וואָלט גאָרנישט געווען געשען מיט אים נעכטן בײַנאַכט. אויף די שפּיץ פינגער האָט ער זיך צוגעשאַרט צום אָפּגעגראַדזשעטן וואַשווינקל מיטן קראַן. באַלד נאָך אים האָט זיך אויפגעהויבן וואַצעק. ער האָט זיך גענומען שטרעקן און ציִען, זיך אויסקנאַקן די ביינער, און ווען ער איז זיך געגאַנגען וואַשן האָט זיך ערשט פראַנטשישעק אַרויסגעשאַרט פאַרזיכטיק פון בעט, נישט איבערצוּוועקן דאָס ווײַב, וואָס איז נאָך אַלץ אַזוי געלעגן אין אַ קוטשקע אײַנגעדרייט און איבערגעדעקט.

ער האָט זיך אויך אַזוי ווי די ברידער גיך אַרומגעוואַשן, איינס־צוויי געגעבן אַ פאַרקעם די טשופּרינע אין אַ שטייעדיקער ניאָבע מיט אַ שרונט בײַ דער זײַט און אַ כאַפּ געטון אויף זיך דאָס רעקל, די ברידער זאָלן נישט דאַרפן וואַרטן אויף אים. אין גאַנצן ווי פאַרגעסן אין משה מעטן האָבן זיך אַלע דרײַ געלאָזט אײַליק צום אַרויסגאַנג. שוין שטייענדיק אין דער אָפענער טיר האָט פראַנטשישעק גע־

וואָרפן אַ זײַטיקן בליק צום ווײַב אין בעט און פון דאָרט אים אַ פּיר געטון צום שלאָפנדיקן משה מעט אויף דער ערד. מיט אויפגעלאָפענע און צעקנייטשטע פּנימער און אונטערגעשלאָגענע אויגן זענען אַלע דרײַ אַוועק צו דער אַרבעט.

משה מעטן האָט זיך דאָס אַלץ אויסגעוויזן ווי ס׳וואָלט געשען אין חלום און נישט אויף דער וואָר. ער איז געלעגן אַ פריטשמעלעטער, האַלב וואַך, האַלב אין שלאָף, מיט געשלאָסענע אויגן. זיי האָבן געהיצט און געבריט ווי הייסער פּריסעק־זאַמד. ס׳איז אים געווען שווער זיי צו עפענען. ער האָט מער געפילט ווי געזען דאָס אַלץ וואָס געשעט אַרום אים, ווי ער וואָלט זיך געווען געפינען אין עפּעס אַ הייסן נעפּל — אָן אַן אויסגאַנג.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, אַ רײַב געטון די אויגן און זיי קוים געעפנט, איז שוין קיינס פון זיי נישט געווען אין שטוב. די דרײַ מענער זענען שוין געהאַט אַוועק. דער קלאַפּ מיט דער טיר נאָך זייער אַרויסגיין האָט עס אים אויפגעוועקט. ער איז געלעגן אַליין אויפן אויסגעשפּרייטן געלעגער, און נישט געקאָנט פאַרשטיין סאַר אַן אײַזערנע גבורה דאָס האָט עס די חברה. ערשט נעכטן האָט מען אין זיי אַרײַנגעהאַקט ווי אין קרויט אַרײַן און הײַנט באַלד אין דער פרי איז מען שוין אויפגעשטאַנען אויסגעטשוכעטע און ווי קיין מאָל גאָרנישט געלאָפן צו דער אַרבעט. אויף זײַן איין קלאַפּ, וואָס ער האָט געקריגן, האָבן זיי אַרײַנגעכאַפּט פינף. דער משונהדיקער פאַרשווין מיטן צעקראַוואַטשעטן פּנים איז געווען זײַן גואל, נישט קיין אַנדערער ווי נאָר אליהו הנביא. ווען נישט דער הײמלאָזער, דער שלעפּער מיטן פולן אָנגעפּאַקטן בוזעם וואָלט ער שוין איצט געלעגן אין שפּיטאָל, צי גאָר אין רינשטאָק מיט אַ מעסער אין דער זײַט. ער האָט אַזוי אויך געקריגן גוט צוגעלייגט. ער קאָן זיך רעכט נישט רירן פון אָרט. אַ בלײַערנע שווערקייט ציט אים אין אַלע אברים, און אין די אויערן זשומט און רוישט, אַז ס׳לעכערט אים אַזש דעם מוח. בעסער וואָלט ער זיך שוין מער נישט געווען אויפגעכאַפּט. ער וואָלט אײַנגעשלאָפן אויף שטענדיק און פאַרשפּאָרט אומזיסט צו לײַדן אויף דער פאַרשאָלטענער זינדיקער וועלט. נאָר אַז ער איז שוין אויף און לעבט ווידער פאַרשאַפּט עס אים נישט ווינציקער הנאה ווי נאָכן אַרויסגיין גאַנץ און טרוקן פונעם נעכטיקן נאַסן געשלעג אויף מעסערס אין מיטן אַלטשטאָטמאַרק נאָך האַלבער נאַכט.

ק אַ פּ י ט ל   ז ע כ צ ן

# די אומגעזעענע מעכטיקע וואַנט

אינעם נעבעכדיקן מעמד פון אַ געשלאָגענעם הונט האָט ער דאָך גע־פילט אַ דערלײַכטערונג, משה מעט, ווי פון אַ קיל אויפפרישנדיק ווינטעלע וואָס קומט אין אַ פאַרנאַכט נאָך אַ פאַרנעם הייסן טאָג. ס'האָט אים הנאה געטון פונעם געדאַנק אַז שקצים האָבן זיך אָנגענומען פאַר אים. זיי האָבן אים נישט געלאָזט טון קיין עוולה, זיך געשלאָגן צוליב אַ ייִדיש ייִנגל. זיי זענען געגאַנגען צוליב אים אויף מעסערס. ווער פון זײַנע ייִדישע חברים וואָלט זיך אַזוי אײַנגעשטעלט איינער פאַרן צווייטן? זיי וואָלטן אַלע געמאַכט פּליטה און דעם לעצטן געלאָזט אויפן חסד פון די שלעגערס. אויסער ווען ס'וואָלט נישט געווען ווו צו אַנטלויפן. דעמאָלט וואָלטן זיי זיך געשלאָגן ווי די מזיקים. זיי וואָלטן נישט אָפּגעטרעטן און פאַרטיידיקט איינער דעם אַנדערן ביז זיי וואָלטן נישט פאַריאָגט די איבער־פאַלערס זיי זאָלן מער נישט דערוועגן צו ווײַזן זייער פּרצוף אויף אַ ייִדישער גאַס.

פון שטענדיק אָן אַזוי, ווי לאַנג ער געדענקט זיך, האָט ער נישט געהאַט קיין טבע זיך צו שרעקן פאַר זײַנס גלײַכן, אָפּצוטרעטן. בײַ יעדער סכנה, וואָס האָט זיך אים געשטעלט אין וועג, האָט ער זיך גלײַך געזאָגט צו זײַן צוגעגרייט אויפן ערגסטן: טויט אָדער רויט. זײַנע הענט ליגן אויך נישט אין קימפּעט. ער האָט דעם זעלבן שאַנס וואָס יענער אַרויסצוגיין דער זיגער. אַפילו פאַר אַ הפקר־יונג אַ שיכור, וואָס מיינט אַז די גאַס איז זײַן, וועט ער נישט אָפּטרעטן אויף קיין טריט. ער האָט איין מאָל אַפילו אָנגעלערנט אויף דער גויִשער פּרעטע־גאַס איי־נעם אַ שיכור אַ כוליגאַן. דער טראָטואַר איז דאָרט אַ שמאָלער און יעדער ייִד, וואָס איז פאַרבײַגעגאַנגען, האָט זיך דער שיכור אָן אים אָנגעשטויסן און ש'ער נישט אומגעוואָרפן פון די פיס. ער האָט נישט געקאָנט צוקוקן, משה מעט, ווי אַלע רוקן זיך אַזוי פּחדנותדיק אָפּ פאַר אים, פאַרן דאָזיקן חוצפּהניק, דעם גרויסן פריץ, און ס'זאָל זיך דאָס געפינען כאָטש איינער וואָס זאָל אים געבן צוריק. קיינער נישט. איז ער אים דרײַסט אַנטקעגנגעגאַנגען, דעם שיכורעץ און זיך אָב־

געשלאָגן אַן אים אַקסל אַן אַקסל מיט אַזאַ קראַפט, אַז יענער איז אַרויפגעפאַלן אויף אַ לאַמטערן־סלופּ און געבליבן ווי צוגעקלעפּט.

ער זעט איצט, משה מעט, אַז צווישן קריסטן זענען אויך פאַראַן פונקט אַזעלכע לײַטישע יינגלעך ווי בײַ יידן. אָרנטלעכע מענטשן, וואָס זעען אינעם ייד זײַנס גלײַכן — אַ מענטש. אַן אונטערשיד צי איינער טראָגט אַ טלית־קטן, אָדער אַ צלם. מע קאָן טראָגן אַ קרייץ פאָרנט אויפן האַלדז, און אונטן אין כאַ־ליעווע — אַ מעסער. בײַ יידן, אַז איינער טראָגט אַ לאַנגע קאַפּאָטע, צי בלויז אַ יידיש היטעלע, וועט מען שוין קיין שפּרונגמעסער בײַ אים נישט געפינען אַפילו אויף קיין רפואה. אַ קנײַפּערל אויף אָפּצושיילן אַ רעטעכל — יאָ, אָבער ווײַטער נישט. אַנדערע וועלן אפשר זען דערין אַ חיסרון, מאַנגל אין זעלבסטפאַרטיידי־קונג; אַ מענטש דאַרף זײַן ווידערשטאַנד־פעיִק אין יעדן פאַל, ווי ס׳זאָל זיך נישט מאַכן... אָבער פאַרפאַלן. דאָס שלאָגן זיך ליגט נישט בײַ יידן אין בלוט. ער קאָן ווײַט פון לא תרצח נישט אַוועק, ווי פרײַדענקעריש און פאַרלייקענעריש ער זאָל נישט זײַן וועט ער קיין מאָל נישט באַרעכטיקן קיין רציחה, שוין אָפּגע־רעדט פון גלאָריפיצירן מערדערײַ אין וואָסער נאָמען ס׳זאָל נישט זײַן.

ער האָט זיך באַטאַפּט מיט די הענט דאָס פּנים זײַנס וואָס איז געווען אין גאַנצן פאַרשוואָלן ביז די אויגן. ווו ער האָט זיך נישט צוגערירט איז געווען אַ בײַל. דער גאַנצער קאָפּ מיטן שטערן איז פול געווען מיט גולעס ווי די פּענכערס. ווען ער קאָן דאָ בלײַבן עטלעכע טעג וואָלט ער געווען אַ געהאָלפענער, אַ גע־ראַטעוועטער. ער ווייסט אַליין אַז דאָס איז נישט מעגלעך. ס׳האָט נישט דעם מינדסטן זין דאָ צו בלײַבן. פראַנעק טאָר אים דאָ נישט טרעפן ווען ער וועט קומען פון דער פאַרבערײַ. זײַן געביין טאָר זיך דאָ מער נישט געפינען. ער מוז זיך אָפּטראָגן ווי צום גיכסטן. אָבער ווו? ווו טוט מען זיך אַהין? אין שטוב אַרײַן קאָן ער זיך נישט ווײַזן מיט אַזאַ פּנים. דער טאַטע וואָלט אים גלײַך גע־וויזן דעם דרך, תיכף־ומיד: — איידער אַזוינס — וואָלט ער געזאָגט ווי זײַן שטייגער — איז שוין בעסער צו האָבן שטיינער. ער קען אים גוט, דאָס טאַטעלע. ער וואָלט באַלד אין אים, אינעם זון זײַנעם געזען אַ שונא, אַ פאַרברעכער, אַ כל־בוניק, וואָס וועט מאָרגן זיך גיין שמדן. כאַטש געם און זעץ זיך שוין שבעה נאָכן שיינעם זון, דעם בנאָק, דעם וואַזשנעם תכשיט.

ווי מאָדנע אַנדערש איז דאָס אַלץ בײַ די גויִים! סאַראַ פרײַ אויפגעבונדן לעבן ס׳איז בײַ זיי — אַן צוימען און צוימענגדלעך. זיי איז וואוּיל. זיי זענען פּטור צו טראַכטן פון די תרי״ג מיצוות, וואָס מע קאָן קיין מאָל נישט אויספירן און מע מוז בלײַבן אַן אייביקער בעל־חוב. זיי פאַרשפּאָרן צו פאַסטן תעניתים יעדן מאָנ־טיק און דאָנערשטיק. נישטאָ בײַ זיי קיין די־וועלט און יענע־וועלט. איין וועלט און מיט אָט דער איינער קאָנען זיי זיך רעכט נישט קיין עצה געבן. זיי ברויכן

זיך נישט, ווי די ייִדן, אַנגרייטן אויף יענער וועלט נאָך איידער זיי האָבן עפּעס אויף דער וועלט. זיי דאַרפן נישט האָבן קיין עול אויפן קאָפּ זיך צו פאַר־זאָרגן מיט עולם־הבא און אַוועקגעבן די בעסטע יאָרן אויף קנעלן אין קלויז, אויף זיצן יום־ולילה איבער דער גמרא.

וואָס פאַרא זאָרגלאָז לעבן פירן זיי, די פּאָלאַקן! אָן האַלטן רעכענונג פון דעם וואָס מע דאַרף טון און אָן מורא פון דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון פאַרן מלך מלכי המלכים... די פרומקייט ווי די הפקרות, די צניעות ווי די אויסגעלאַסנקייט, דאָס שלאָגן זיך ווי דאָס ליבן זיך — אַלץ איז בײַ זיי אַ טייל פונעם לעבן און דער מענטש קאָן זיך פירן לויט זײַן אייגענעם אײַנזען און פאַרשטאַנד — אָן מוזן און אַרויפצווינגעניש, אָן פּענטעס, אָן שטריק, אָן אַ דאָ־גיי־נישט און דאָ־שטיי־נישט. דער מענטש מוז נישט דווקא זײַן בלויז פרום, די סאַמע גוטסקייט און אויסדערוויילטקייט אַליין. דאָס שלעכטס איז פּונקט אַזוי פאַרשטענדלעך ווי דאָס גוטע. מע שטעלט אים נישט באַלד — פאַר יעדן מינדסטן אָפּווייך, פאַר יעדן קרומען שריט — מחוץ־למחנה. נישטאָ דאָרט ק'אַזאַ וואַנט, וואָס זאָל פאַר־באַנדערשיידן צווישן ריינס און אומריינס, דאָרט ווייסט מען נישט פון קיין מחיצה בין קודש לחול, אַז ס'זאָל זיך קיין מאָל און אין ערגעץ נישט טאָרן צונויפגיין. אַלץ פליסט דאָרט אַרויס פון איין קוואַל — פון לעבן, און שטאַמט אַרויס פון איין שטאַם — פונעם מענטשנס ווילן און באַוווסטזײַן, פּונקט ווי די פרוכט וואָס איז אַרויסגעקומען פונעם מאַנס דיך, ווי אַ טייל פונעם מאַן און טראָגט אין זיך זײַנע זיטן, נטיעות, זײַנע געוווינהייטן און שוואַכקייטן.

פּונקט ווי דאָס לעבן איז דאָרט אויך אַזוי נאָרמאַל דער טויט. בײַ יענע איז דער טויט נישט קיין באַבוק אָפּצושרעקן מיט אים גרויס און קליין. מע ליאַרעמט נישט אַזוי בײַ די קריסטן ווען אײנער שטאַרבט. מע נעמט זיך נישט צו־שטאַרק איבער אַפילו מיטן אייגענעם אומגליק און אַוודאי נישט מיט יענעמס צרות, ווי בײַ ייִדן. אַז ס'געשעט חלילה עפּעס שלעכטס רײַסן ייִדן גלײַך אײַן וועלטן. מע טוט כל־תחבולות־העולם נישט בלויז צו ראַטעווען אַ לעבן, נאָר צו דערהאַלטן אַ מענטש בײַם לעבן נאָך איין שעה לענגער. צווישן טויט און לעבן ליגט אַ תהום אַ גאַנצער, כאָטש די ייִדן האַלטן די־וועלט פאַר אַ בלויזן פּרוזדור, אַן אַדורכגאַנג־צימער, אַ קאָרידאָר אויף אַרײַנצוקומען אין די שיינע סאַלאָנען פון אייביקן לעבן. דערפאַר טאָקע וואָס מיר געפינען זיך דאָ צײַטווײַליק דאַרף מען זען דאָס לעבן אויף דער וועלט, ס'זאָל זײַן שלימותדיק, אָן אַ פּגם. נאָך אַזעלכע פאַר־ליבטע אין לעבן ווי ייִדן זענען — דאַרף מען זוכן מיט ליכט. די גויִים, פאַרקערט, פאַרהערלעכן דעם טויט, צירן אים אויס אין טרויעריקע צאַצקעס און טראָלדן. דעם מת פירט מען אָן אויסגעסטראָיעטן ווי אַ חתן צו דער חופּה — אין גלאַנ־צעדיקע קאַרעטעס, אין פײַערלעכע קאָטשן, ווי נישט אויף צום באַגראָבן. און צום

לעבן גראָד זענען זיי לעבלעך — נישט קאַלט, נישט וואַרעם. אַ מענטשלעך לעבן שפּילט בײַ זיי אַזוי נישט קיין ראָל. מע צערײַסט זיך נישט צופּיל דעם יאַשטשיק דערנאָך, גלײַך ווי דער מענטשן־מין וואָלט געווען ווי דאָס פּי וואָס מע ציילט פּער קאָפּ, אויפן שטיק. די טאַטעס גייט ווייניק־וואָס אָן ווי די זין פירן זיך אויף. די זין ווידער דאַרפן פאַר זיי נישט אָפּגעבן קיין ראַפּאָרטן ווו מ׳איז געווען און וואָס מ׳האָט געטון. דעם מענטשנס גורל ליגט בײַ זיך אין די הענט. ער איז פאַר זיך אַליין פאַראַנטוואָרטלעך. אַזוי ווי ער בעט זיך אַזוי שלאָפט ער. און בײַ ייִדן — מוז טאַקע איין ייִד ערוב זײַן פאַרן צווייטנס מעשים? מוזן טאַקע דעם זונס עבירות פאַלן אויפן קאָפּ פונעם טאַטן? מוז טאַקע זײַן טאַטע פילן די אחריות פאַר אים, משה מעטן?

דער גאַנצער זין פון זײַן זוכן אַזוי שטאַרק אָן אָנשפּאַר בײַ די גויִים איז אים איצט שוין קלאָר ווי אויף דער האַנט. ער זעט ערשט אַז ס׳זענען צוויי באַזונדערע וועלטן. וויפל ער זאָל זיך נישט פּרווון דראַפּען אויף דער וואַנט אַריבערצוגיין אויף יענער זײַט, וועט עס אים שטענדיק צוריק אַראָפּוואַרפן אויף ד ע ר זײַט. איז וואָס זשע סתם פּטרן צײַט און מי און איבעריקן אָנשטרענג? בעסער באַלד אָפּהאַקן. ער וועט נישט ווערן אַזוי ווי זיי, און זיי — אַוודאי נישט אַזוי ווי ער איז... כל־זמן צווישן ביידן וועט שטיין די אומגעזעענע מעכטיקע וואַנט, וואָס ווער־ווייס צי זי וועט ווען ס׳איז אַמאָל ווערן אומגעוואָרפן.

פונקט אַזוי איז אים אויך קלאָר געוואָרן, אַז ער מוז איבעררײַסן מיט דער לושע וואָס בויט פּלענער אויפן זאַמד פאַר אים מיט איר: אַז זי וועט גיין מיט אים וווינען, איבערלאָזן דאָס קינד בײַם מאַן און שפּעטער זיך רײַסן די האָר פון קאָפּ פאַר בענקשאַפט נאָכן פּיצלס. ער מוז מאַכן אַ סוף צום חברן זיך מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע און מיט דער דאָזיקער שטוב, וואָס האַלט אים דאָ ווי אַן אבן־טוב און ער קאָן אַזוי גרינג דאָ ווערן די איבעריקע משא, וואָס מע וואַרפט אין ים אַרײַן ווי נאָר די שיף נעמט טרינקען, אָדער אַפילו ווען דער שטורעם נעמט זי בלויז אין זײַנע הענט אַרײַן.

ער מוז וואָס גיכער עוקר זײַן פון דאַנען, כל־זמן ס׳איז נאָך דאָ צײַט. אָבער ווי אַזוי באַווײַזט מען אַזאַ בריהשאַפט אין דאָזיקן מעמד? אָט דאַכט זיך אים אַז ער האָט שוין אָפּגעשטופּט פון זיך די אומגעזעענע וואַנט און דער וועג איז אָפן, זיך צו לאָזן מיטן ברייטן שליאַך, צו זײַן וואָס ווײַטער פון דאַנען און ווי פון אונטער דער ערד וואַקסט צוריק אויס פאַר אים די פאַרשאָלטענע וואַנט — נישט צו קאָנען שטעלן קיין טראָט — נישט פאָרויס און נישט אויף צוריק, ווו אַלע בריקן זענען הינטער אים פאַרברענט.

## קאַפּיטל זיבעצן

# לושע איז משלח משה מעטן נוטערהייט

לושע האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער גראָער פּרימאַרגנדיקער שטוב אין בלאָען פּידזשאַמעלע מיט די ראָזע בלימעלעך — אַ נישט־אויסגעשלאָפענע מיט צעשויבערטע האָר. די נאָז איז בײַ איר געווען אויסגעצויגן, דאָס פּנים פאַר־זויערט — אַנגעכמורעט, בייז אויף דער גאַנצער וועלט. אַ שווײַגנדיקע מיט פאַר־ביסענע ליפּן האָט זי זיך געפּאָרעט בײַם קינד. זי האָט עס איבערגעלייגט, אײַנ־געפּודערט עס אונטער די הענטלעך, צווישן די פּיסלעך, וואָס האָבן שוין נישט אַזוי געפּײַערט. די רויטע פלעקן פון די מאָזלען זענען שוין ביסלעכווײַז אָפּגע־גאַנגען. זי האָט עס איבערגעדרייט מיטן בײַכעלע אַראָפּ, פאַרשאַרצט דאָס העמדל, געשיט דעם טאַלק אויפן פלייצקעלע און אײַנגעריבן דעם פּודער פוןביידע זײַטן, געשריגן זי זאָל נישט אַזוי ריטשען, די „מויד״, זי האָט די קליינע אײַנגענומען מיט אַ ביינערן שפּילצײַג און געגעבן צו עסן לעפּעלעכווײַז.

נאָכן אויפרוימען די שטוב האָט לושע אַרײַנגעברענגט פון קיך אַ טעצל מיט אַ גלאָז הייסע מילך און צוויי פרישע זעמל אָנגעשמירט גראָב מיט פּוטער. זי איז דערמיט צוגעקומען צו משה מעטן, געזוכט מיט די אויגן אַן אָרט דערויף נאָענט לעבן אים און עס אַראָפּגעשטעלט אויף דער שטול מיט פראַנעקס זונטיק־דיקן אָנצוג און משה מעטס אָנטועכץ אויפן אָנלען. זי האָט געמיינט, אַז ער שלאָפט נאָך, משה מעט, און אים אָנגענומען לײַכט פאַרן אַקסל:

— פאַניע משה, הייבט זיך אויף... נעמט, די מילך ווערט קאַלט.

זי האָט אַ קוק געגעבן אויף זײַן בלאָנבלאָ פאַרלאָפן פּנים און זיך אָנגע־כאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ:

— ווו זענט איר עס געווען נעכטן? איר זענט דאָך צעקײַלט ווי אַ חזיר! מיט וועמען האָט איר זיך אַזוי געשלאָגן? ס׳איז דאָך אַ שרעק צו קוקן אויף אײַך!

— זיי אויך אַזוי — האָט זיך משה מעט באַטאַפּט דאָס פּנים פאַרזיכטיק

ווי אַ בלינדער — ס׳איז גאָרנישט... ס׳עט איבערגיין... אַ טאָג־צוויי... גאַריש־קייטן.

לושע איז אַרײַנגעלאָפֿן אין קיך, זיך געפּאָרעט דאָרט בײַם שענקל, אָפּגעריסן אַ שטיק פֿון אַן אַלט העמד און אים געלייגט וואַרעמע קאָמפּרעסן צום פּנים, וואָס איז געווען אויפֿגעלאָפֿן ווי אַ באַרג, מיט בײלן אויפֿן גאַנצן קאָפּ. זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפֿן ברעג געלעגער זײַנעם, אים פֿאַרזיכטיק אַרומגעווישט מיט אַ נאַסער וואַטקע דאָס פֿאַרטרוקנטע בלוט אַרום מויל און נאָז מיט אַן איבערגע־בומענער פֿאַרזאָרגטקייט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אַ ברוגזן פֿאָרוואַרף:

— דאָס איז אומדערהערט... ייִנגלעריש... נישט ווי קיין דערוואַקסענער... אין גאַנצן אומבאַרעכנט...

משה מעט האָט זיך געפֿילט שולדיק קעגן איר, און מיט האַלבע ווערטער זיך געפּרוווט פֿאַרענטפֿערן, אַז ער האָט נעכטן בײַנאַכט נישט געוואָלט נאָך אַמאָל אַרויפֿגיין צו זיי. ער האָט געוווסט אַז זי וועט זיך פֿילן קרעמפּירט, ס׳וועט זי פֿאַרדריסן. ער פֿאַרשטייט עס אַליין. נאָר פֿראַנעק האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, דערצו זענען וואַצעק און שימאָן אויך צוגעשטאַנען — גיין און גיין, ווי וועט ער עס איצט קריכן אַזוי שפּעט... נאָר ער זאָל אַרויפֿגיין... איז ער געגאַנגען.

לושע האָט ביטער פֿאַרביסן אַ שמייכעלע. נישט אין דעם גייט עס איר. ער איז, זאָל ער מוחל זײַן, אַ נאַרעלע. דאָס גראָד אַרט איר נישט. מיט אים פֿילט זי זיך דאָ היימלעכער. זי איז בייז צוליב עפּעס אַנדערש. אַן ערגערע זאַך ווי דאָס וואָס ער האָט דאָ געגעכטיקט. זי האָט פֿאַרדראָס אויף אים צוליבן קריכן אין אַלע ענגע לעכער. ס׳איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער זונטיק בײַ זיי וואָס זאָל זיך נישט ענדיקן מיט קיין סקאַנדאַל. האָט ער נישט, פֿראַנעק, מיט וועמען זיך איבערצווווערטלען אין גאַס — קריגט ער זיך מיט איר, זידלט זי אין דער מאַמען אַרײַן און נאָך דעם לאָזט ער אויס דעם כעס צום געוועלביאַזש אונטן, צום אַלטן ייִדישן קרעמער וואָס איז גאָט די נשמה שולדיק. מיט עמעצן מוז ער זונטיק האָבן צו טון. האָט זי דאָס מאָל געמיינט, אַז אויב ער, משה מעט, וועט גיין מיט זיי, וועט זײַן אַנדערש. אַ נישט וואָלט זי זיי נישט געווען אַראָפּגעלאָזט אין איינעם. צום סוף זעט זי אַז ס׳איז איין כּפּרה. איינער איז נישט בעסער פֿון אַנדערן. ווי זאָגט מען עס: „וואַרט פּאַץ פּאַלאַצאַ, יאַק פּאַלאַץ פּאַצאַ“[1]. אַזוי ווי מ׳איז אַליין, אַזעלכע חברים האָט מען. זי וואַרפֿט אים, גאָט באַהיט, גאָרנישט פֿאָר. וואָס קאָן זי האָבן צו אים: „ס׳איז נישט מײַן פֿערד און וואָגן און ער וועט מיך נישט טראָגן“. ער איז איר גאָרנישט שולדיק. דאָס מזל אירס איז שוין אַזיס. מילא, וואָס די באַבעס רעדן אַלץ אויס. מ׳האָט איר געזאָגט אַז די ייִדישע יונגע־

[1] פּויליש שפּריכוואָרט: פּאַץ איז אַזוי ווערט דעם פּאַלאַץ ווי דער פּאַלאַץ — פּאַצן.

לײַט ווייסן ווי צו שאַנעווען אַ פרוי. צום סוף וואָס? זי בלײַבט דער נאַר. פון דער העלער הויט וועט זי קיינער נישט קומען אַרויסנעמען פון דאַנען, פון די כמורנע מויערן, פון דער ענגשאַפט אַרום וואָס שטיקט דעם האַלדז. זי וועט שוין דאָ אָפּפּטרן די פּאָר יאָר, אין דעם פּאַציאַטע־שטיבל דאָ אויף אַלטשטאָט, ווי אַלע באַבעס... אַזאַ שיינע וועלט וואָרט אין דרויסן, אַ ליכטיק פרײַ לעבן, און אַזוי נאָענט, נאָר מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, און וואָס האָט זי דערפון? ס'קומט איר כאָטש צו אַ בלעטל צום אָפּצאָס? איר ווערט גרינגער אויף אַ האָר? אַ נעכ־טיקער טאָג. זי איז עס אַליין אויך נישט ווערט אַז מע וויל אַזוי שטאַרק. אַ מענטש זאָל נישט האָבן קיין כוח אין זיך צו זאָגן איין מאָל פאַר אַלע מאָל: אַ סוף זאָל עס נעמען און געווגוגו!... פאַרענדיקן מיט אַלעם...

זי איז געזעסן לעבן אים אָנגעשפּאַרט אויף איין האַנט און נישט געפילט ווי משה מעט האַלט זײַן האַנט אויף אירער. די פאַרטערערטע אויגן אירע, וואָס זע־נען מיט אַמאָל פאַרפּולט געוואָרן ביזן ברעג, האָבן אומרויק געגומען באָכפּאָלגן נאָכן דערשראָקענעם מײַזל וואָס האָט זיך פאַרטײַעט אין ווינקל בײַ דער טיר. זי האָט לײַכט אויפגעשווידערט נישט צו וויסן צי פונעם מײַזלס שאָרכלאָזן באַוועג, צי פון משה מעטס צוריר צו איר לײַב. זי האָט דערפילט די וואַרעמקייט, וואָס האָט זיך איבערגעגאָסן פון משה מעטס האַנט און לײַכט זיך אַרויסבאַפרײַט פון זײַן אַרומנעם. איר ברוסט האָט זיך הויך באַוועגט פון איר שווערן אָטעמען. זי האָט אָפּגעקערט דעם טרערן־צעגלאַנצטן בליק פונעם ווינקל מיטן אײַנגעהאָרכטן מײַזל און טרויעריק געקוקט אויף משה מעטן אי מעלאַנכאָליש־באַדויערנדיק, אי סאַרקאַסטיש־אויפגעבנדיק, רעזיגנירט. איר שטים האָט איצט געקלונגען פרעמד און ווײַט, ווי נישט די זעלבע וואָס זיצט דאָ וואָלט עס געוועזן פאַרגעזעצט דעם האַרץ־אַראָפּרעד פון אַ פאַרוואָגלט־לײַדנדיקער צאַרטער נשמה — אָן שולד און אָן אַ תיקון.

ווי זי וואָלט אים נישט געוואָלט ווײַ־טון מיט אירע רייד האָט זי צוגעגעבן מיט אַ קוים־הערבאַר גופלאָז קול, רעכט נישט באַוועגנדיק מיט די ליפּן: זאָל עס אים נישט אָנגיין וואָס זי רעדט. צו זיך אַליין רעדט זי עס אַזוי. ער דאַרף אַפילו נישט טראַכטן וועגן איר. פּוסטע מעשיות. זי אַליין מעג זיך עס אויך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, די אַלע נאַרישקייטן. זי איז אַ מאַמע פון אַ קינד, אַ קינד וואָס דאַרף אַ מאַמע. און דער מאַן... וועט עפּעס וואָס... וואָלט ער זי פאַר די קודלעס צוריק־געשלעפּט אַהיים. ער וואָלט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום זאַך. אַזוי זע־נען זיי די מענער. ווי אַ הונט אויפן ביין ליגן זיי. אַליין נישט צו האָבן דערפון און קיין צווייטן נישט צולאָזן. ער האָט שוין נישט איין מאָל געדראָעט, אַז ער וועט זיך נעמען דאָס לעבן, זיך אַרײַנשיסן אַ קויל אין קאָפּ און אַ סוף. נאָר פרײַער מוז ער זי דערשיסן ווי אַ הונט. זאָל ער איר מוחל זײַן, משה מעט. זי איז אַ

נאַרישע באָבע, ווי אַלע דאָ אויף אַלטשטאָט. זאָל ער נישט טראַכטן וועגן איר קיין שלעכטס. זי וואַרפט זיך חלילה נישט אָן אויף קיינעם. זי פאַרלאַנגט פון אים גאָרנישט. ווען זי קאָן וואָלט זי מיט אים אַוועק אין עק וועלט. זי האָט צו אים דעם גרעסטן צוטרוי. נאָר איצט איז בעסער אַז זיי זאָלן זיך מער נישט טרעפן. זאָל זיך אים דאַכטן, אַז ס'איז גאָרנישט געווען צווישן זיי. אַז זיי זענען זיך ביידע ווילדפרעמדע. נאָר אין גאַנצן פאַרגעסן זאָל ער זי נישט. זי וועט אים אויך נישט פאַרגעסן איר גאַנץ לעבן. ווען ער וועט זײַן אין אַ צרה, זיך נייטיקן אין הילף, זאָל ער זי אויפזוכן, זאָל ער קומען צו זיי. זי וועט אים העלפן מיט וואָס זי וועט נאָר קאָנען, אים אויפנעמען ווי אַ ברודער, ווי אַן אייגענעם. אַ שאָד בלויז וואָס זי האָט אים פריִער נישט געקענט. אפשר וואָלט איר לעבן זיך געקערעוועט אויף אַן אַנדערן וועג. איצט איז שוין צו שפּעט. זי וועט שוין דאָ בלײַבן אין דער שטיקעניש, אין אָפּקומעניש. זי געהערט דעם „מקום". דאָ איז זי געבוירן געוואָרן, דאָ האָבן געוווינט אירע עלטערן און פון דאַנען האָט מען זיי אַרויסגעפירט אויפן צמענטאַזש אין פּאָוואָנזעק... אויך איר וועט מען פון דאַנען אַרויספירן, נאָר פאַר דער צײַט. זי וועט אַזוי לאַנג נישט אָנציִען ווי זיי. זי הערט שוין דאָס דומפּע קלינגען פון די קלויסטערס דאָ אויף אַלע ראָגן, וואָס וועלן זי פײַערלעך אַרויסבאַגלייטן פון אַלטשטאָט. געווען דאָ אַ פרוי, וואָס האָט זיך געצאַפּלט אין דער נעץ, געבענקט, געחלומט און אײַנגעגאַנגען, אַוועק און פאַרשווינדן. זי איז מער נישטאָ.

זי האָט זיך מיט אַ ראָזער האַנט אויסגעווישט די בלאָע טרער, וואָס האָט זיך אַרויסגעקײַקלט אַ ליכטיקע פון אויג איבער דער אונטערשטער וויִע אַריבער. מיט אַלע כוחות האָט זי זיך באַהערשט נישט אַרויסצוויינען און אײַנאָטעמענדיק טיף דעם זיפץ — פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ. זי האָט לאַנג געקוקט אויף אים און מיט אַן אויפגעפינקלטן קראַנקן שמייכל אין די אויגן אים אײַנגעדעקט מיט דער קאָלדרע ביז אַרויף צום האַלדז, אים אָנגענומען פאַר ביידע הענט, זיי געהאַלטן אַ ווײַל אין אירע און זיי אַרויפגעלייגט שלאַבעריקע אויף דער דעק, ווי מע ריכט צו אַ פגר צום פּאָגזשעב.

משה מעט האָט אויפגעשוידערט פונעם געדאַנק און לײַכט צוריקגעשמייכלט דורך די פאַרשוואָלענע אויגן, זיך רעכט נישט אָפּגעבנדיק קיין חשבון פון דעם וואָס זי איז אויסן געווען דערמיט און וואָס אַזוינס זי האָט געוואָלט פון אים.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער קליידערשאַנק, לושע, און גענומען אויף זיך דאָס שוואַרצע אָפּגעטראָגענע מענטעלע מיט די גרויסע קנעפּ און געזאָגט מיט אַ גע־ענדערטער קאַלטער שטים, אַז זי שפּרינגט אַראָפּ אין שפּײַזגעוועלבל עפּעס אַרויפברענגען צום מיטאָג, ער זאָל נישט פאַרגעסן אַכטיק געבן אויפן קינד און

זי נישט לאָזן צו שטאַרק זיך אַריבערבייגן, זי קאָן נאָך אַרויספאַלן פון בעטעלע, די קליינע.

ווען לושע האָט זיך שוין געפינען אויף דער אַנדערער זייט טיר און אירע טריט האָבן זיך פאַרנומען מיט די שטיגן אַראָפּ, איז משה מעט אויפגעשטאַנען פונעם געלעגער אויפן דיל, אַרויפגעצויגן אויף זיך דאָס אָנטועכץ, וואָס ער האָט אין מיטן דער נאַכט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך, ווי אַ שווערע לאַסט. ער האָט קוים געקאָנט רירן מיט אַ פוס. פאַרביסן די ליפּן פון שטעכיקן ווייטיק אין אַלע אברים, זיך אַרומגעוואַשן אויף דער גיך, געכאַפּט דעם קאָלנער מיטן קראַוואַט אין האַנט, געעפנט שטיל די טיר און ווי אַ גנב זיך אַרויסגעשאַרט פונעם פּאַציאַטע־שטיבל אין פּאָדערהויז אַריין.

ער האָט שווער געשטעלט אַ פוס אַראָפּ פון די שטיגן, געקראָכן פון שטיג צו שטיג, אָנגעשטרענגט. מיט ציִענדיקן ווייטיק איז ער אַרונטער און זיך דורכגעשלייכט דורכן קאָרידאָר אין גאַס אַריין, אַז לושע זאָל אים נישט אַמאָל באַמערקן אין דער אָפענער היטערטיר פונעם קלייטל, ווו אברהמטשע דער שפּייז־קרעמער איז געשטאַנען מיטן טוכענעם היטל און אַפּערקוקנדיקן קאַפּל אויפן קאָפּ — אַנטקעגן לושען — איבערן אָפענעם לאַנגן קאָנטעבוד און אַריינגעשריבן אַלץ וואָס לושע האָט גענומען אויף באָרג.

סוף פון באַנד איינס